נ. ב. מינקאָוו

# זעקס ייִדישע קריטיקער

אַלעקסאַנדער צעדערבוים, י. י. לערנער,
י. ת. ראַווניצקי, יואל ענטין,
בעל־מחשבות, ש. ניגער




ביי דער „געזעלשאַפט פאַר ייִדיש־וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס־איירעס 1954

IMPRESO EN LA ARGENTINA
PRINTED IN ARGENTINE


N. B. MINKOFF

# SEKS JIDISCHE KRITIKER

(Seis Críticos Judios)

Editorial "IDBUJ"
de la Asociación Pro Escuelas Laicas Israelitas
BUENOS AIRES 1954

# אינהאלט

בעל־מחשבות



ש. ניגער

# משכּיל, עסקן און שתדלן

עס טרעפט ניט איינמאָל, אַ מענטש ווערט אַ פּיאָנער און בשעתו וויים ער גאָרניט וועגן דעם. אַזאַ פּיאָנער קען בשעת מעשה גאָרניט האָבן אין זינען די זאַך גופא, וואָס האָט פאַר אים געשאַפן אַזאַ בכבודיק הים־טאָריש אָרט. ער קומט צו זײַן פּיאָנערן־אַרבעט מחמת גאָר אַן אַנדער מחשבה, אַן אַנדער כוונה. אַזוי איז עס געווען מיט אַלעקסאַנדער צע־דערבוים ווערן דער פּיאָנער אין אַ וויכטיקן צווײַג יידישער ליטעראַ־טור, — אין קריטיק.

צעדערבוים איז געווען אַ פּיאָנער אין מער ווי איין געביט. ביז הײַנטיקן טאָג האָט מען נאָך ניט אָפּגעשאַצט, ווי געהעריק ניט אים אַליין און ניט זײַן ממש הייליקע אַרבעט פאַרן כלל. און ניט אָפּגע־שאַצט האָט מען אָט־דעם אינטערעסאַנטן און אפשר וויכטיקסטן פּראַק־טיקער אין דער צווייטער העלפט פון לעצטן יאָרהונדערט מחמת דעם, וואָס אין אַ געוויסער מאָס איז ער געווען פּרימיטיוו. ווייניק צוגעגרייט, מיט קנאַפּער בילדונג האָט ער אין דער פּראַקטיק דורכגעפירט ענערגיש די חלומות און דעות פון דער השכלה. ער האָט משכּילישע טעאָריעס דערפירט צום סאַמע פּראַקטישן לאָגישן שלוס.

די פאָלקס־מאַסן האָט זיכער ווייניק־וואָס געאַרט צי צעדערבוים באַהערשט גרינטלעך די דרײַ שפּראַכן — העברעיִש, רוסיש און יידיש. ער האָט דאָך געפירט דעם העברעיִשן „המליץ", דעם רוסישן „וועסטניק רוסקיך יעווריעיוו" אָדער דעם „ראַזסוועט", דעם יידישן „קול מבשר" און שפּעטער „יודישעס פאָלקסבלאַט". אָט־די צײַטונגען האָט ער אַליין געשאַפן און רעדאַקטירט. ס'איז אָבער גרינג זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי עס האָבן געקוקט אויף דעם די בני־דור משכּילים. דער יידיש זײַנער האָט זיי, מן הסתם, ווייניק־וואָס געאַרט. אויף זײַן העברעיִש

האבן זיי זיכער מער מקפיד געווען. אבער זיין צעקאליעטשעטן רוסיש — דאס האבן זיי אים ניט געקענט מוחל זיין. זיכער האט זיי אויסגעזען קאמיש, ווי צעדערבוים שטעלט זיך מיט בקשות פאר דער העכסטער „נאטשאלסטווע", פאר די וויכטיקסטע רוסישע שרים, און טענהט זיך אויס מיט זיי אויף א צעבראכענעם רוסיש מיט א „מאוימדיק־לעכערלעכן" אקצענט.

אינטערעסאנט איז דער איינדרוק, וואס צעדערבוים האט געמאכט אויף דובנאוון, בעת „אין א הייסן זומער־טאג פון יאר 1881" איז דובנאוו אים געקומען באזוכן אויף ליטעיני פראספעקט, אין פעטערבורג:

„אן אלטער, אביסל א הויקערדיקער יידל האט מיך באגעגנט: דאס איז געווען יענער „צעדער", אר"ז (זיין ליטעראַרישער פסעוודאנים), וואס האט זיך מיר פארגעשטעלט אין מיינע קינדער־פאנטאזיעס, ווען איך האב געלייענט דעם „המליץ" עפעס ווי א שמשון הגיבור פון אונדזער ליטעראטור. אויף שלעכטן רוסיש (יידיש ריידן צווישן משכילים איז דאן געווען „שאקינג"), האט ער מיר אנגעהויבן דערציילן די גאנצע געשיכטע פון זיין ערשטער יידישער צייטונג „קול מבשר"... ער האט זיך באריממט, אז נאר ער האט געקאנט קריגן ביי דער רעגירונג א דערלויבעניש אויף א זשארגאנישער צייטונג, ווייל ער איז א שטיקל „קרוב למלכות", ער איז נאענט צו גרויסע תקיפים אין די מיניסטעריומס. אין פעטערבורג האט מען געוווּסט, אז צעדערבוים איז טאקע א מאכער אין די זאכן, ווייל ער קאן ארייננגיין צו די „גרויסע שררות" אויך פון דער הינטערטיר" (שמעון דובנאוו: „פון זשארגאן צו יידיש", ז"ז 10־11).

אין די אויגן פון זיינע בני־דור האט ער אויסגעזען זייער מאדנע. ער איז דאך געווען א ניט־געבעטענער שתדלן אין די הינטערטירן ביי די הויכע פענצטער און קאנצעלאריעס פון פארשיידענע מיניסטעריומס.

אויך זיין קעמפערישע נאטור האט ניט געקענט שאפן ארום זיך א גינסטיקע אטמאספער. דעריבער איז שווער געווען צו דערזען דעם טיפערן ווערט אין אט־דעם אומדערמידלעכן עסקן בצרכי ציבור.

וואס שייך פראקטישע אויפטוען איז שווער צו געפינען זיינס גלייכן. ער שאפט דעם „המליץ", דעם „קול מבשר", דעם „ראזסוועט",

„דאָס יודישעס פאָלקסבלאַט". ער רעדאַקטירט די דערמאָנטע בלעטער שרײַבט פאַר זיי. כל ימיו האָט ער צו טאָן מיט מלכות, מיט די צענזאָרן. אחוץ זײַנע פאַרשיידענע הכבדות, ווי א שריפטשטעלער, רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער, פאַרנעמט ער זיך אויך מיט כלל־אַרבעט. ווו נאָר א פילאַנטראָפּישע בילדונג־אַנשטאַלט, דאָרטן שפּרייט צעדערבוים אויס זײַן השגחה, דאָרטן גיט ער אוועק זײַנע כוחות. דער שתדלן צעדערבוים איז שטענדיק טרוד, פליט אויף דראָשקעס פון איין מיניסטעריום צום צווייטן, איז תמיד פאַרהאָוועט, פאַרשמאַיעט, באַלאָדן מיט טויזנטער זאָרגן פון כלערליי קהילות און יחידים, וואָס נייטיקן זיך אין הילף, אין השתדלות. זײַן ענערגיע איז ממש א פענאָמענאַלע. אָבער ניט דערפאַר איז ער וויכטיק.

זײַן איבערמענטשלעכע ענערגיע איז אויף א מאָדנעם אופן געוועזן געקניפּט און געבונדן מיט א היציקן טעמפּעראַמענט. דערצו נאָך — מיט א זעלטענעם חוש צו דערשנאָפּן וואָס איז וויכטיק, נייטיק און וואָס איז מעגלעך צו דערגרייכן יעדער מאָמענט.

עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס ער האָט אָנהייב 60־ער יאָרן אויסגעכלאַפּאָטשעט ביי נאַטשאַלסטווע דאָס רעכט אַרויסצוגעבן, און האָט טאַקע אַרויסגעגעבן א בלאַט אויף יודיש. ער האָט דערפילט, די צייט איז רײַף דערפאַר. קעגן זייער אייגענעם ווילן, וועלן די משכילים זיך מוזן באַנוצן מיט יודיש ווי מיט א געווער קעגן חסידיזם. אין תחום־המושב האָט זיך צווישן יודן דערוועקט א חשק צו וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער גרויסער, פרעמדער וועלט. די דײַטשישע אַרטיקלען מיט יודישע אותיות אין „המליץ" זיינען א ברכה לבטלה. דאָס האָט ער שנעל איינגעזען. איז ער פון זיי פּטור געוואָרן. און אין 42־טן נומער „המליץ" איז געוועזן בײַגעלייגט א הודעה, געשריבן אויף יודיש, וועגן דעם יודישן בלאַט „קול מבשר". וואָס איז שפּעטער אַרויס דעם 11־טן (23) אָקטאָבער 1862, ווי א בײַלאַגע צו דער עלטערער העברעישער שוועסטער.

ער האָט שטענדיק דערפילט וואָס איז ראוי־לזמן און וואָס איז נייטיק צו טאָן אין דער באַשטימטער רגע.

אָבער די אַלע גרויסע מעלות אַליין וואָלטן ניט געווען גענוג. וואָס האָט באַוויזן דעם דאָזיקן „האָרעפּאַשנעם" שריפטשטעלער און עסקן

זיך טומלען און רעשן אין אייביקער כלל־טועריי און אין אייביקע פּוב־ליציסטישע קאַמפּן? ער האָט שטענדיק געהאַט צו טאָן מיט שרײַבער און עסקנים, גבאים און גבירים, רבנים, רביים. אים האָט דערצו נעשטויסן גאָר אַן אַנדער זאַך: „דעם כלל ישראל לטובה צו ווירקן״ און „ערפּילן אונדזער פליכט געטרײַ״.

ער איז שטענדיק געווען גרייט פאַר הכנעה. ער האָט געוווּסט, אַז וועט אויסקומען אַריבערצוטראָגן קאַלטס און וואָרעמס, פאַרשוואַרצט ווערן, זיך מוסר נפש זײַן יעדער רגע, — אַבי „דעם כלל ישראל לטובה צו ווירקן״. זייער רירנדיק איז דער פאַל מיטן הספד בײַ קראַיעווסקיס לוויה. ש. ל. ציטראָן גיט עס איבער אין זײַנע דרײַ ליטעראַרי־שע דורות (ז״ז.98־99):

„צעדערבוים האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ער רעדט אַ פּאַרדאָר־בענעם רוסיש, און פונדעסטוועגן פלעגט דאָס אים ניט שטערן צו דר־שהנען און צו האַלטן רעדעס אין דער קעגנוואַרט פון די גרעסטע רו־סישע שריפטשטעלער, אויב ער האָט נאָר געגלויבט, אַז ס׳קען דערפון אַרויסקומען יידן אַ וועלכער ס׳איז נוצן. אַזוי האָט אַמאָל פּאַסירט, דאָס עס איז געשטאָרבן קראַיעווסקי, דער רעדאַקטאָר פונעם גרעסטן רוסישן טאָגבלאַט „גאָלאָס״, וועלכער איז אין זײַנע לעצטע יאָרן געווען אַ מליץ־יושר פאַר יידן. אויפן בית־עלמין האָבן קראַיעווסקין מספיד געווען די באַרימטסטע רוסישע ליטעראַטן. מיט אַמאָל האָט זיך אונטערגערוקט צעדערבוים אויך מיט אַ הספד. אַז איינער פון זײַנע נאָענטסטע באַקאַנ־טע האָט אים אין אַ צײַט אַרום אַ פרעג געטאָן, ווי שטעלט ער זיך דאָס אונטער מספיד צו זײַן קראַיעווסקין, בעת ס׳זײַנען דאָ אין פּעטערבורג אַנדערע יידן, וועלכע זיינען פיל גרעסערע רעדנער פון אים? — האָט אים צעדערבוים אויף דעם געענטפערט: מיר איז גאָר קיינמאָל ניט אײַנגעפאַלן צו זאָגן אַ הספד אויף קראַיעווסקין; אָבער גייענדיק צו דער־לוויה, איז צו מיר צוגעגאַנגען דער צענזאָר זוסמאַן און האָט מיך גע־פרעגט, צי וועט מען מצד די יידן אויסנוצן די געלעגנהייט אויסצודריקן דעם פאַרשטאָרבענעם זייער סימפּאַטיע און דאַנקבאַרקייט? האָב איך אים דערויף געענטפערט, אַז עס איז בײַ מיר קיין ספק ניט, דאָס ס׳וועט ריידן פּראָפעסאָר באַקשט, וועלכער איז דורך מײַן רעקאָמענדאַציע אויפ־

גענומען געוואָרן אַלס הויפּט־מיטאַרבעטער אין דער רעדאַקציע פון „גאָ־לאָס". באַקשט האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון דיידן, און דאָך איז צו מיר זוסמאַן צוגעשטאַנען „אַז איך מוז מספּיד זײַן קראַיעווסקין אין נאָ־מען פון רוסישן ייִדנטום, און איך האָב מיך ניט געקענט אַרויסדרייען און האָב געדרשנט ניט אַנהייבנדיק זיך צוצוגרייטן צו דעם".

שתדלנות, אַלט־פֿרענקישע שתדלנות, דערצו נאָך מיט אַ צעקאַ־ליעטשעט לשון־המדינה, איז ניט קיין זיסער ביסן. און צעדערבוימס שתדלנות־קולט, זײַן הכנעה, זײַן „העכסטע אונטערטעניקייט" דער „האָ־הער רעגירונג" האָט געהאַט אַ סיבה. ער האָט מערער ווי אַנדערע געזען, און שאַרפּער דערפֿילט, דעם פּראַקטישן ווערט פֿון שתדלנות. ער האָט גוט באַגריפֿן: די כלל־ישראל־נויטן קען מען לינדערן דורך דער חיי־שעה. ער האָט אײַנגעזען, אַז דאָס איז אַ נאַציאָנאַלער פֿאַקטאָר אין דעם פֿאָלקס־לעבן.

כדי דאָס אַלץ צו דערגרייכן האָט ער זיך געניִיטיקט אין אָפּענע טירן. און צעדערבוימס הייסער פּאַטריאָטיזם, זײַן גוואַלדיקע לאָיאַל־קייט, זײַן „טרײַ זײַן דעם קיסר" האָבן פֿאַר אים געעפֿנט אַלע טירע בײַם מלכות. און צעדערבוימס שתדלנות איז געוואָרן אַ שם־דבר.

צעדערבוים איז געווען ניט נאָר אַ פּאַטריאָט, נאָר אַ רוסיפֿיקאַטאָר. דאָס האָט זיך געוואָרצלט פֿון איין מקור: „דעם כלל ישראל לטובה צו ווירקן" און „ערפֿילן אונדזער פֿליכט געטרײַ". פֿון דעם זעלביקן מקור האָט אויך געשטאַמט די פּראָגראַם פֿון צעדערבוימס „קול מבשר". די דאָזיקע פּראָגראַם, לייענען מיר בײַ צינבערגן („ייִדישע וועלט", ווילנע 1913) איז „געווען געבויט אויף צוויי הויפּט־יסודות. וואָס פֿאַר זיי האָבן די משכילים פֿון די זעכציקער יאָרן ממש מרעיש עולם געווען: ראשית — רעפֿאָרמירן די קינדער־דערציִונג און געבן איר אַ מער אייראָפּעיִשן שניט, והשנית — למען השם רוסיש לערנען..." געווען איז עס אין דער אמתן — האָפֿן אויף רעפֿאָרמען אין ברייטן זינען פֿון וואָרט. און פֿון דער צווייטער זײַט — ייִדן זאָלן זײַן ווערט די ישועות ונחמות מיט וואָס מלכות וועט זיי דערמיט מזכה זײַן, דאַרפֿן זיי זײַן ווערט „דערהייכט צו ווערן". און דורך בילדונג וועלן זיי דאָס דער־גרייכן. דאָס איז געווען דער פֿעסטער בטחון סײַ פֿון די משכילים, סײַ

פון די ברייטע פאָלקס־שיכטן. צעדערבוים האָט עס, ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, איבערגעזעצט אין מעשים. פאַר אים איז דער וועג געווען אַ קלאָרער: שתדלנות און בילדונג. איין זאַך האָט געהאָלפן דער אַנדערער. אין שתדלנות האָט ער באַדאַרפט קענען „וויַזן, אַז מיר ווילן זיַין נוצלעכע און טריַיע רוסישע אונטערטאַנען". און מיטן פאָלק האָט ער געלערנט, אַז „נאָר דורך רוסיש קענען מיר געווינען די רעגירונג, דאָס רוסישע פאָלק, זיי זאָלן אונדז באַטראַכטן פאַר וואָרע לאַנדעס קינדער פון דער יידישער רעליגיע, וואָס נאָך דאַדורך קאָן אונדזער מזל דערהייכט ווערן". „קול מבשר", 1866, ז. 607 *).

ער האָט אָפט אויפגעוויזן די יידישע מאַסן זייער שפּלדיקן מצב מחמת זיי קענען ניט דאָס לשון המדינה. דערביַי לערנט ער זיי אויך שיינע זיטן, ווי צו שעצן די אייגענע מחברים.

עס איז כדאַי צו ברענגען בשלימות זיַין רעצענזיע איבער י. מ. ליפשיצעס ווערטערבוך. דאָרטן רעדט ער וועגן דעם באריכות (דאָרט, 1870, נומ. 11):

„ניט לאַנג איז אַרויסגעגאַנגען פון דרוק א. ש. שאדאוו אין זשיטאָמיר זייער אַ וויכטיק ווערק פאַר יידן אין רוסלאַנד, נעמלעך אַ רוסיש־יידיש ווערטערבוך פון י. מ. ליפשיץ אויס בערדיטשעוו.

„עס איז גאַנץ איבערפליסיק, דאַכט זיך, אַזאַ ווערק צו לויבן, יעדער ווייס ווי נייטיק דאָס איז פאַר יעדן יידן אַלט און יונג, זכרים און נקבות, גרויסע לײַט און פּראָסטער עולם, וועלט־מענטשן און אפילו בית־המדרשניקעס. ווער דאַרף הײַנטיקע צײַטן נישט פאַרשטיין רוסיש, ווער איז נאָך הײַנטיקע צײַטן אַזוי בלינד און פאַרנאַרט נישט צו פילן, אַז אָן דער לאַנדעסשפּראַכע קענען מיר זיך גאָר נישט רירן, מע זעט אויס ווי חוזק פאַר מענטשן, מע האָט אַ פּנים ווי אַ רוח ביַי נאַטשאַלסטוואָ און מע לײַדט טאַקע פּשוט אויף יעדן טריט ווו מע קערט זיך און וווּ מע ווענדט זיך. עפּעס גוט אַז אַ רוס פרעגט עפּעס אַ יידן און ער טעלעפּעט אויס די צונג און ווייסט אים ניט צו ענטפערן ווײַל ער פאַרשטייט ניט זיַין שאלה, אָדער ער ענטפערט אים גאָר קוידערוועלש?

*) דער אויסלייג אין אַלע ציטאַטן איז מאָדערניזירט.

וויפל היזיקות קומען דערפון אין געשעפטס־לעבן, אין דערווירטשאפט, אין געמיינדע־אנגעלעגנהייטן, אין שטאטישע זאכן וואס מע מוז זיך צונויפקומען מיט קריסטן. מאכט מען א פריגאוואר, שרייבט אן דער שרייבער וואס ער וויל, דער עולם כאפט איין ווארט איבער דעם צענטן, פיל שעמען זיך גאר אויסזאגן אז זיי האבן ניט פארשטאנען וואס מע האט זיי פארגעלייענט, אנדערע פרעגן, רעדט מען זיי איין אז גאט ווייסט וואס, לאזט זיך אויס מע האט אונטערגעשריבן א זאך קעגן דער אבטשעסטווא. דאס שטאמט נאר דערפון וואס יידן קענען ניט די לאנדעסשפראכע, און מאכנע וואס פלאפלען שוין אביסל רוסיש, האבן זיי נאר אזויפיל ווערטער וועלכע ווערן געברויכט אין זייער געשעפט, אין זייער צירקל און דאס ניט ריכטיק, קוים קומט ער אין אן אנדער געזעלשאפט אדער עס קומט צו רייד פון אנדערע געגנשטאנדן, ווער שמועסט מע לייענט עפעס געשריבענעס אדער געדרוקטס, איז קיינער ניט דא אין דער היים. — נאר עלטערע מענטשן קענען שוין ניט אין זייערע יארן גיין אין שולע און זיך אנידערזעצן לערנען כסדר רוסיש, עס איז ניט פאר זייער קאפ, פאר זייער צייט. דעריבער איז אויך ביז אהער שווער געווען דערוואקסענע מענטשן זיי זאלן כאטש עפעס פראקטיש לערנען.

„דאס האט ה' ליפשיץ איינגעזען און אזוי ווי ער קען גאנץ גוט דעם גייסט פון אונדזערע יידן און פארשטייט די שווערסטע וויסנשאפטלעכע פראגן צו ערקלערן גאנץ איינפאך און פראסט, ווי יעדער האט זיך איבערצייגט פון זיינע אויסגעצייכטע ארטיקלען אין „קול מבשר", האט ער דעריבער באטראכט ווי אזוי צו געפינען א מיטל ניצלעך צו זיין דערוואקסענע מענטשן זיך אויסצולערנען צו פארשטיין רוסיש און האט אויף זיך גענומען די שווערע ארבעט צו מאכן א „ר ו ס י ש ־ י י ד י ש ווערטערבוך" ווו יעדער מענטש וואס קען נאר לייענען רוסיש וועט קענען אפזוכן איטלעכס רוסישע ווארט נאך דער רוסישער „אזבוקא" כסדר מיט דער איבערזעצונג אויף פראסט יידיש און דערביי אלע טייטשן פון דעם רוסישן ווארט ווי עס ווערט געברויכט אין דער שפראך אזוי אז איצט דארף זיך נאר א ייד אדער א יידענע אויסלערנען רוסיש, וואס איז זייער גרינג אפילו פאר אלטע לייט און קוים מען לייענט זוכט

מען שוין אָפּ יעדעס וואָרט אין ווערטערבוך און מע פאַרשטייט וואָס עס שטייט אין ביכל אָדער אין אַ בריוול, אין אַ קאָנטראַקט, זאַפּיסקע, אין איין אַקט אָדער אַ פּריגאָוואָר וכדומה, כדי מע זאָל נים פאַרפּירט ווערן מאַנכע מאָל אין אַ צרה אַריין און דערנאָך ליַידן, ווי עס מאַכט זיך אָפּט.

„דאָס ווערטערבוך, וואָס ה' ליפשיץ איז דער ערשטער ביַי יידן אין דער שפּראַך, וועט געוויס פון אַלע קלאַסן גוט אויפגענומען ווערן, דאָס איז נים אַזאַ ספר וואָס זאָל קענען האָבן קעגנער; דאָס איז נים אַזאַ בוך וואָס זאָל האַלטן פאַר חסידים אָדער מחולק זיַין מיט זיי; עס קער זיך גאָרנים אָן מיט די פאַרשיידענע מיינונגען פון אונדזערע ברידער; דאָס איז פאַר אַלע גוט און ניצלעך, נים נאָר פאַר די וואָס קענען גאָר־נים קיין אַנדער לשון אויסער יידיש, נאָר אַפילו געבילדעטע קענען זיך אויך אָפּט דערמיט באַדינען אַז מע דאַרף עפּעס נאָכשלאָגן. יידיש איז דאָך די מוטער־שפּראַך כמעט פון אַלע אונדזערע רוסישע יידן, און אַ שווער וואָרט וואָס מע ערקלערט זיי אין דעם לשון קריכט יעדן בעסער אין קאָפּ אַריַין און מע באַגריַיפט און פאַרשטייט עס בעסער. מיט איין וואָרט, דאָס ווערטערבוך פאַרדינט פון אַלע אונדזערע יידן די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט.

„מיר צווייפלען דעריבער נים אַז אונדזערע ברידער וועלן וויסן צו שאַצן די מי פון ה' ליפשיץ און יעדער וועט קויפן דאָס ניצלעכע ווערק זיך לטובה און אויך צו באַלוינען דעם מחבר פאַר זיַין גרויסער מי, כדי עס זאָל זיך אים גלוסטן וויַיטער צו אַרבעטן און מאַכן אַ ווערטערבוך צוריק, דאָס הייסט יידיש־רוסיש, ווו יעדער וועט קענען געפינען די איבערזעצונג, פון יעדעס יידישע וואָרט אויף רוסיש.

„הלוואַי ה' ליפשיץ זאָל האָבן אַ צענטל פאַרדינסט וואָס באַקומט אַ מחבר פון אַ ווערטערבוך אין אַנדערע שפּראַכן, כאָטש פון יענע זיי־נען דאָ פיל און פון לאַנגע ציַיטן, דאָך קומען אַלע יאָר כמעט ניַיע אַרויס און אַלע מאַכן גלענצנדע געשעפטן. עס וואָלט שוין אַ יושר גע־ווען יידן זאָל אויך וויַיזן אַז זיי ווייסן צו שעצן די טירחה פון זייערע מחברים. מיט איינעם האָט ה' ליפשיץ מער האָפענונג וואָס זיַין ספר איז נים קיין מעשיות אָדער אַ ציַיטונג וואָס איינער קויפט און הונדערט זיינען יוצא מיט לייענען און איבערלייענען, אַ ווערטערבוך לויט מען

ניט און לייענט נישט איבער. דאס דארף יעדער האבן ביי דער האנט ווען ער האט נייטיק נאכצושלאגן.

„די אנצייגע איבער דעם ווערטערבוך געפינט יעדער אונטער די מודעות אין „קול מבשר".

ווי אלע משכילים, האט צעדערבוים געגלויבט אין דעם כוח פון בילדונג. דאס וועט אלץ מתקן זיין. בילדונג האט פריער פון אלץ גע־מיינט קענען די רוסישע שפראך גופא. פאר צעדערבוימען האט אבער עקזיסטירט נאך א פראבלעם, א גאר אומבאקוועמע פראבלעם: יידיש.

## באציונג צו יידיש

עס זיינען געווען עקסטרעמע משכילים, וואס האבן געהאלטן פון אסימילאציע. זיי האבן געקעמפט קעגן „דער שפראך פון די דינסטן". פאר זיי איז די פראבלעם יידיש, זשארגאן, לכתחילה ניט געווען קיין פראבלעם. ווידער, דער טיפ משכיל פון מענדעלעס שניט האט די פראבלעם געלייזט אויף א פאזיטיוון אופן. זיין וועג איז געווען — פון „העברעיש צו יידיש". און א יידישיסט פון י. מ. ליפשיצטעס שניט איז גאר דעמאלט געווען א יחיד במינו.

ס'איז אבער אויך געווען אין גאנצן אן אנדער טיפ משכיל. פון איין זייט האט ער געפריידיקט שפראכלעכע אסימילאציע. באמת האט ער פיינט געהאט יידיש. פון דער צווייטער זייט האט ער איינגעזען ווי וויכטיק עס איז דער זשארגאן. ביי אים איז דאס געווען א צייטווייליקער מיטל — פארשפרייטן בילדונג צווישן פאלק. און צו דעם דאזיקן טיפ משכיל האט געהערט צעדערבוים. אז מען מוז בילדן דאס פאלק אין רו־סיש, וועגן דעם האט גאר קיין רייד נישט געקענט זיין. אבער דער אוי־סערגעוויינלעך פראקטישער צעדערבוים האט דערביי באגריפן א וויכ־טיקן פרט: ס'איז דא אן עלעמענט, באזונדערס דער עלטערער, וואס קען זיך שוין ניט בילדן אין רוסיש, ער מוז אנקומען צו יידיש. און ערגעץ־ווו האט געטליעט אין צעדערבוימען א געדאנק: ס'איז ניטא קיין חילוק אין וואס פאר א שפראך מע פארשפרייט בילדונג, כל זמן מע פארשפרייט זי.

אין זײַן הערה צו י. מ. ליפשיצעס ארטיקל „די 4 קלאסן" („קול מבשר", 1862, נומ. 24) שרײַבט צעדערבוים:

„נאָ מעג שוין איצט לאכן ווער עס וויל, מיר ווייסן בײַ זיך, אז מיר זיינען אויף אַ זיכערן וועג צו אונזער ציל, אונדזערע ברידער אויף פשוט יידיש באַקאַנט צו מאכן מיט דער וועלט און וואָס עס טוט זיך אויף איר, זיי לערנען אורטיילן ריכטיק איבער זייערע פליכטן קעגן זייער רעליגיע, קעגן דעם קייסער און דער רעגירונג, קעגן דער מענטשלעכער געזעלשאפט בכלל און קעגן זייער נאציע באזונדער, אויך קעגן יעדן מענטש ווי גאָטס באַשעפעניש. דוכט זיך, אַז דאָס הייסט די אמתע בילדונג און עס איז גאָר לתכלית קיין חילוק ניט אויף וועלכע שפראכן דאָס איז געזאָגט געוואָרן, אַבי מען פאַרשטייט אונדז, און ווער שמועסט פאַר די וואָס קענען קיין אַנדערע און עס איז זיי אוממעגלעך בײַ זייערע יאָרן איין אַנדערע צו לערנען".

וועגן דעם זעלביקן ענין שרײַבט ער אין זײַן רעצענזיע וועגן מענ־דעלעס איבערזעצונג „דער לופט באַלאָן" (מענדעלע האָט ניט אָנגע־געבן זײַן נאָמען אויף דער איבערזעצונג). צעדערבוים טענהט זיך דאָרטן אוים מיט די, וואָס ווילן „דעם שעדלעכן זשאַרגאָן" תיכף פאַרבײַטן מיט רוסיש. ער איז מסכים, אַז „די וואָס האָבן נאָך צײַט און פעיקייט אַ שפּראַכע כאָטש פּראַקטיש צו ערלערנען, זיי זאָלן קודם כל קענען די לאַנדעסשפּראַכע ריידן און לייענען, פון דער ערשטער קוועלע צו געניסן; אַנדערע עלטערע און ווייניקער פעיקע וועלן ווייניקסטנס וויסן ווי נייטיק דאָס איז פאַר זייערע קינדער". אין דעם איז צווישן צעדער־בוימען און די עקסטרעמע אַסימילאַטאָרן ניטאָ קיין חילוקי דעות. ער גייט זיך אָבער פאַנאַנדער מיט זיי וועגן דעם וואָס איז פּראַקטישער. ער גלויבט ניט, ווי נאָר מ'וועט פּטור ווערן פון „שעדלעכן זשאַרגאָן" וועט מען זיך גלײַך „כאַפּן צו רוסיש". די וואָס נוצן „זשאַרגאָן" זענען אוים אין זײַנע אויגן ווי פּיצעלעך קינדער. זיי וואָס זיינען גאָר ניט מסוגל משיג צו זײַן וואָסער־עס ־איז בילדונג ד. ה. „זיך כאַפּן צו רו־סיש". דעריבער מוז מען זיך האַלטן מיטן זשאַרגאָן און אים אויסנוצן. דורך זשאַרגאָן גופא דאַרף מען באַפרייען אונדזער עולם פון שעדלעכע

השפּעות. מען דאַרף אַנטוויקלען אין זיי „געשמאַק", מיט דער הילף פון „געדאַנקען" און „וועלטלעכע פּראַקטישע אידייען".

צעדערבוים שרײַבט:

„די וואָס מיינען, אַז דער זשאַרגאָן איז שעדלעך און אַז מען וועט אים נאָר פאַרבײַטן, וועלן זיך יידן כאַפּן צו רוסיש, די זיינען שטאַרק אין טעות. זיי זיינען ווי איינער זאָל וועלן אַ קימפּעט־קינד, וואָס האָט נאָך געוויס קיין צאָן אין מויל, געוויינען עסן ביפשטעקס. ניין, גיט זיי פריער פּראָסט יידיש, נאָר אַ ריינע שפּראַכע, ניט קיין תחינה לשון, ניט איבערזעצונגען פון תהילים, וואָס האָט אַ טעם פון אַ קו קײַט אַ ליילעך, ניט אָפּגעשמאַקטע חסידישע נאַרישקייטן. לאָזן די ביכלעך זײַן אָנציענדע, און מיט געדאַנקען, מיט נײַע וועלטלעכע פּראַקטישע אידייען, דעמאָלט וועלן זיי קריגן געשמאַק, די אַלע אַלטע מורא מאַכנדיקע ספרים מיט די נײַע פּליטיש (פּלוטיש) חסידישע וועלן זיי נמאס ווערן".

נאָך בולטער האָט ער אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג מכוח יידיש אין זײַן ווענדונג „צו די אַבאָנענטן און לעזער" (דאָרט, 1869, נומ. 3). ער דערציילט דאָרט ווי אַזוי אים האָט זיך אײַנגעגעבן אָפּשרייען דעם אויבערצענזאָרס גזירה אָפּצושטעלן דעם „קול מבשר". מ׳האָט אים באַשולדיקט — ער פאַרהאַלט דעם פּראָצעס רוסיפיצירן יידן. ער דערהאַלט נאָך דעם „זשאַרגאָן", און פאַרוואַנדלט אים אין אַ ליטעראַטור־שפּראַך.

„פיל מי — שרײַבט ער דאָרט — האָט אונדז געקאָסט די העכסטע באַאַמטע און געלערנטע צו איבערצײַגן, אַז אין פּרינציפּ זיינען מיר מיט זיי אייניק, ווי דרינגענד נייטיק עס איז פאַר דעם לאַנד און פאַר יידן אַליין, זיי זאָלן זיך געוויינען צו ריידן די לאַנדעס־שפּראַכע. נאָר מיר גייען זיך אויסאַנאַנדער אין די מיטל, וואָס מען דאַרף געברויכן דיזעס געווינטשטע ציל צו ערגרייכן. נאָך איינזיכט פון טייל לײַכטזיניקע אונטער אונדז, וואָס נעמען אַ מאָס פון זיך, ווי שנעל זיי האָבן זיך אָנגעאייגנט די רוסישע שפּראַכע ווי אַ מוטער־שפּראַכע, קען מען אַ גאַנצע נאַציע אויך אין אַ קורצער צײַט אויסלערנען אַ נײַע שפּראַכע. מען דאַרף נאָר אַביסל שטרענגע מאַסנרעגלען געברויכן און דעם זשאַרגאָן אונטערדריקן, ווען מען וועט ניט לאָזן קיינע צײַטונגען אין אים

ערשיינען. די מיינונג איז אַלגעמיין בײַ דער רוסישער וועלט אָנגענומען געוואָרן. מיר זיינען דאַקעגן איבערצײַגט, אַז עס גיבט קיין אנדער מיטל נאָר דער זשאַרגאָן אַליין, וואָס קען זיך אַליין פאַרמיאוסן און באַווײַזן יעדן וויפל ער שאַדעט זיי אויף יעדן שריט. ער לעבט אַ סך הונדערטער יאָר אין פאָלק, האָט זײַן שטאַרקע אַלטע ווי נײַע ליטעראַטור אין אַלע צווײַגן, און 50 בויגן „קול מבשר" קענען זיי ניט באַרײַכערן און אויסגעפינען, דאַקעגן דורך בעסערע אידייען און ריינערן געשמאַק, וואָס ער ברענגט אַרײַן אין פאָלק, וועלן זיי ממילא אָן אומחן וואַרפן אויף די פאַראַלטעטע פאָראורטיילן און פאַלשע באַגריפן פון רעליגיע און וועלט, און דאָס וועט זיי פירן אַליין ווי ווײַט מעגלעך רוסיש צו פאַרשטיין און זייערע קינדער איינע רעגלמעסיקע ערציונג צו געבן אין דער לאַנדעסשפּראַכע".

אין די נאָרוואָס געבראַכטע ציטאַטן ווערט אַרויסגעזאָגט צעדערבוימס ריין־פּראַקטישער צוגאַנג צו ייִדיש. אָט דער ניכטערער חשבון איז, אגב, געווען דער חשבון בײַ כמעט דער גאַנצער אינטעליגענץ אין יענער צײַט.

מיט זײַן שאַרפן פּראַקטישן חוש האָט צעדערבוים אײַנגעזען, ווי ריכטיק, עס איז זײַן ניכטערער, אוטיליטאַרישער צוגאַנג. ער האָט זייער גוט פאַרשטאַנען פאַרוואָס מענדעלעס ערשט ווערק אין ייִדיש „דאָס קליינע מענטשעלע" האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם. ער האָט אויך גענוי געכאַפּט פאַרוואָס יצחק יואל לינעצקי איז צוליב דעם „פּוילישן יינגל" געוואָרן מפורסם. ער האָט גענוי פאַרשטאַנען ווי קרעפטיק „דער שעדלעכער זשאַרגאָן" איז. האָט דאָך איינער אַ קאָרעספּאָנדענט עזריאל הוזירער געשריבן אין „קול מבשר" (נומ. 29, 1866), וועגן דער גוואַלדיקער ווירקונג פונעם „קוידערוועלש", פונעם „זשאַרגאָן". און צעדערבוים האָט געוווסט, דאָס איז חל ניט נאָר אויף איין אָרט, נאָר אויף אַלע מקומות אין רוסלאַנד, וווּ נאָר דער „קול מבשר" דערגרייכט.

„די גרעסטע עזות־פּנימער" — שרײַבט דער דערמאָנטער קאָרעספּאָנדענט — „ציטערן אימת מות, אַז מען סטראַשעט זיי, מען וועט זיי באַשרײַבן אין „המליץ", אָדער נאָך ערגער, אין „קול מבשר"... דווקא דאָס קוידערוועלש, דער זשאַרגאָן, וואָס אונדזערע פּראָגרעסיסטן חלשן,

אַז זיי הערן מען רעדט דערפון, דווקא די קאַליקע טוט ווונדער, און די געשיכטע וועט ערשט שפּעטער וויסן ווי צו שעצן זײַן ווערט און זײַן ווירקונג".

נאָך זיבן יאָר „קול מבשר" האָט צעדערבוים שוין באַטראַכט דעם „זשאַרגאָן" ווי „אַ שליח מיוחד פון דער בילדונג". אַזוי דריקט ער זיך אויס אין דער דערינערונג וועגן זײַן יוגנט־פרײַנט דר. שלמה עטינגער („קול מבשר", 1869, נום. 23).

אחוץ דעם ריין־פּראַקטישן חשבון, איז בײַ צעדערבוימען געווען אויך אַן עמאָציאָנעלער צוגאַנג צום „זשאַרגאָן". אַזוי איז עס געווען בײַ אַ סך משכּילים. דער דאָזיקער צוגאַנג איז באמת אַ צווייענדיקער, אַ זיך סותרדיקער, גלײַך צוויי קעגנזעצלעכע געפילן וואָלטן „זיך גע־ריסן אין זײַן ברוסט". איין געפיל איז געווען פאַראַכטונג און אפילו שנאה צו דעם „גאַלאַמאַגע לשון". דאָס זעט מען אין זײַן ווענדונג „צו אונדזערע געערטע לעזער און לעזערינען". (דאָרט, נום. 48). און שרײַבן שרײַבט ער וועגן דעם נאָכדעם ווי ער האָט שוין ניט איינמאָל פריער מיט באַוווּנדערונג דערמאָנט יידישע מחברים, נאָכדעם ווי ער האָט במשך יאָרן אַוועקגעלייגט זײַנע כוחות, אַז עס זאָל זיך לאָזן „אין דער שפּראַכע אַלעס שרײַבן":

„געננוג — שרײַבט צעדערבוים — ווערן מיר פאַרשוואַרצט מיטן „המליץ", וואָס באַלוינט אויך נישט אונדזער מי, איז עס ווײַ־ניקסטנס איינע אַלטע שיינע שפּראַכע מיט אַ גערימטער ליטעראַ־טור. עס באַפרידיקט אָביסל דעם מענטשלעכן ערגייץ זיך מי צו גע־בן אין דער הייליקן שפּראַכע זיך אויסצייכענען, מען ערווערבט זיך אַ נאָמען צווישן יידן און קריסטן; אָביסל איז דערבײַ אַ פּיעטעטיש געפיל, צו אַרבעטן אין אונדזער רעליגיעזן שפּראַכע, וואָס אין איר ליגט אונדזער אוצר, אונדזער תורה, אונדזער אַלטע היסטאָריע, אונדזער שטאָלץ, אונדזער לעבנסגעשיכטע, אונדזער מאָראַל, אונ־דזערע איידלסטע געפילע" א. אַ. וו.

„אָבער — שרײַבט ווײַטער צעדערבוים — וואָס האָט פּאַראַ ווערט דער זשאַרגאָן זיינעטוועגן אַזויפיל איבערצוטראָגן? קיין לי־

טעראַרישן נאָמען ווילן מיר זיך קיינעמסוועג דורך אים ניט ער־וועבן, עס איז קיין גרויסער כבוד, אז מען קען שוין יאָ שרײַבן אין דעם גאַלאַמאַגע לשון, וואָס מיר אַליין האַלטן עס פאַר אַן אומגליק, וואָס די היסטאָרישע אומשטענדן האָבן עס געמאַכט עס זאָל באַ־שטיין הונדערטער יאָר בײַ ייִדן און אין פּוילישע פּראָווינצן, אַ לשון, וואָס האָט אונדז תמיד געשאַדט, באַזונדערס איצט; דאָס האָט אונדז צוגעצויגן פאַראַכטונג פון קריסטן און מיסטרויען גלײַך ווי כלי זמר לשון; עס האָט אונדז געהינדערט מיט דער וועלט זיך צו אַנטוויקלען און מיר ווינטשן פונעם גאַנצן האַרצן ייִדן זאָלן בעסער ריידן די לאַנדעסשפּראַכע און דעם עלנדן זשאַרגאָן גאַנץ פאַרלערנען. מיר האָבן שוין ניט איינמאָל בפירוש געזאָגט, אַז מיר געברויכן דאָס לשון, עס זאָל זיך אַליין אונטערגראָבן די עק־זיסטענץ".

און אַן אַנדער געפּיל צו דעם „עלנדן זשאַרגאָן" האָט געלעבט אין זײַן האַרצן, אַ געפּיל — אַ פונק פון פאַרבאָרגענער ליבשאַפט. אין זײַן הערה צו י. מ. ליפּשיצעס „די 4 קלאַסן" (דאָרט, 162, נומ. 24) שרײַבט ער:

„אחוץ דעם איז דאָס פּוסטע חלומות, וואָס טייל מיינען, עס וועט אַ מעגלעכקייט זײַן ייִדן זאָלן זיך אָפּגעוווינען פון ייִדיש. מיר האָבן שוין געזען אַז מלכים האָבן זיך פאַרלייגט שפּראַכן אויסצוראָטן און דאָס איז אוממעגלעך געוועזן. חיבא מען זאָל די 2 מיליאָן ייִדן אין אונדזער לאַנד צעטיילן עס זאָלן קיין צוויי ייִדן ניט צוזאַמען בלײַבן, און דאָס וועט ער ריידן ייִדיש מיט אַ גאַליציאַנער ייִד. זאָגט אײַך וואָס איר ווילט, די שפּראַכע שטייט דעם ייִדן צום האַרצן, און (אין) איר זאָגט ער אַ ווערטל, וואָס מען קען עס אין קיין אַנדערער נישט איבערזעצן". (אונטערגעשטראָכן פון מיר — נ. ב. מ.)

און וועגן דער ספּעציפישער אייגנאַרטיקייט פון ייִדיש דריקט ער זיך נאָכאַמאָל אויס, מיט אַ זיבן יאָר שפּעטער. ווען ער דערמאָנט גאָט־לאָבערם דער „בידנער ישראליק", בעת ער רעצענזירט דעם זעלביקן מחברס „דער סעים פון די חיות": „בעזאָנדערס מוזן מיר רימען זײַן

סאַטיריש געדיכט „דער בידנע ישראליק", וואָס פאַרדינט אין איין איי־ראָפּעיִשער שפּראַכע איבערזעצט צו ווערן. דאָך ווערט עס אין קיין שפּראַכע האָבן דעם טעם ווי אין ייִדיש" (אונטערגעשטראָכן פון מיר נ. ב. מ.).

ווי מיר זאָלן נישט וועלן טײַטשן צעדערבוימס באַציונג צו ייִדיש, איז איין זאַך קלאָר — בײַ אים, בײַ דעם אַרכי־פּאַרמיטלער, איז ייִדיש געווען ניט מער ווי אַ מיטל. דער עיקר איז בײַ אים געווען „צו דער־לאַנגען דעם ציל". און דער ציל איז געווען: פאַרבעסערן די לאַגע פון ייִדן. אויף דער הייסער מינוט האָט ער פּרובירט העלפן מיט שתדלנות. אָבער נאָך מער האָט מען געקענט העלפן דורך בילדונג. בילדונג איז דער עיקר. און אויב ער מוז בילדן דאָס פאָלק דורך „זשאַרגאָן", מוז ער אויך דעם „זשאַרגאָן" אויסבילדן. ער מוז אַרײַנטראָגן אין אים אַלץ, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן כדי „קריגן געשמאַק" און כדי ער זאָל קענען דערפילן זײַנע „בירגערלעכע פליכטע". דאָס דאַרף מען אויך נייטיק האָבן, כדי זיך קענען ווײַזן דערמיט אין „די הויכע פענצטער" בײַם מלכות.

דעריבער האָט דער אומגעהייער ענערגישער צעדערבוים אײַנגע־פירט אַן איינהייטלעכע אָרטאָגראַפיע, געזוכט צו שאַפן אַ „גערעגלטע" שפּראַך. ער האָט דער ערשטער אויפגעהויבן די פּראָבלעמען וועגן אָר־טאָגראַפיע, גראַמאַטיק, דיאַלעקטן. ער האָט געשאַפן דעם פּובליציסטישן און זשורנאַליסטישן נוסח, אַן שום טראַדיציע הינטער זיך. אַ וויכטיק קאַפּיטל אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז זײַן צוציען ייִדישע שריפט־שטעלער צו דער פּרעסע, וועקן נײַע טאַלאַנטן. צווישן די אַלע „נײַקייטן", וואָס ער האָט אײַנגעפירט, איז געווען אויך די אָפּטיילונג „ייִדישע ביב־ליאָגראַפיע". אומבאַהאָלפן זעט אויס די דאָזיקע אָפּטיילונג. אָבער, היסטאָריש גענומען, איז זי דער יסוד פון דער שפּעטערדיקער מאָדער־נער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק, אויב מע זאָל דערבײַ ניט רעכענען צעדערבוימס נעקראָלאָג וועגן ישראל אַקסענפעלדן („קול מבשר", נומ. 26, 1866).

ג. ב. מינקאוו

# רעצענזענט און קריטיקער

בײַם סוף פונעם אַרײַנפיר־אַרטיקל „יודישע ביבליאָגראַפיע", (דאָרט 1869, נומ. 22), דערקלערט צעדערבוים די פּראַקטישע סיבה, וואָס האָט אים געצוווּנגען זיך נעמען פאַר רעצענזיעס. זייער פּרימיטיוו זיינען די רעצענזיעס. אָבער אין תוך זיינען זיי דאָס, וואָס עס זוכט יעדע קריטיק — אָנווײַזן אויף ווערטן. ער האָט געוואָלט אָפּהיטן דעם לייענער פון די שעדלעכע ביכער, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין דער יודישער גאַס, צוגע־ווינען אים צו די ניצלעכע ביכער „פון טיכטיקע שרײַבער". „די ניט ניצלעכע ביכלעך" וועט ער אַפּילו ניט דערמאָנען. דאָס וועט זײַן אַ סימן פאַרן לייענער, „אַז אויף אַנדערע ביכלעך איז אַן עבירה געלט אויסצו־געבן".

די רעצענזיעס האָבן געהאַט אַן אוטיליטאַרישן צוועק, אָבער אַ פּרי־מיטיוון. אַזוי פּרימיטיוו איז זײַן הנחה: „אויב דאָס פּובליקום וועט אונדז האַלטן פאַר קאָמפּעטענט, וועט עס זיך שטויסן, אַז אויף אַנדערע ביכלעך איז אַן עבירה געלט אויסצוגעבן".

ער, צעדערבוים, הייסט עס, וועט באַשטימען וואָס פאַר אַ ביכלעך זיינען ניצלעך און וואָס פאַר אַ ביכלעך זיינען ניט ניצלעך. דאָס איינ־ציקע ווי אַזוי ער קען איבערצײַגן דעם עולם איז, — דער עולם זאָל אים „האַלטן פאַר קאָמפּעטענט". קיין אַנדערע מיטלען דאַרף ער ניט.

אין דער אמתן — האָט ער זיי ניט באַדאַרפט, נאָר ער האָט זיי אויך ניט געהאַט. ער האָט גאָר ניט געטראַכט וועגן זיי. ער איז אויך זיכער — ער האָט אַפּילו ניט געוווּסט וועגן דעם צי עס זײַנען כלל פאַראַן מיטלען אחוץ הוילער מבינות־זאָגעריי: גוט, שלעכט, ניצלעך, ניט ניצ־לעך, שיין, מיאוס וכו'.

פאַדערן פון אָט־דעם ראשון־הראשונים דיסציפּלינירטע קריטיק וואָלט געווען אַן אומרעכט. זײַן צוגאַנג איז געווען אַן אוטיליטאַרישער, נאָך די באַגריפן פון זײַן צײַט. אויך נאָך זײַן קולטור־מדרגה. ער האָט געהאַט זײַן בליק, זײַן פּראַקטישן חשבון ווי אויך זײַן אייגע־נע מסקנא, וואָס האָט אים געבראַכט צו שרײַבן רעצענזיעס. דאָס אַלץ

שפּיגלט זיך אָפּ אין דער באַלערנדיקער און אינטערעסאַנטער ערשטער אַרבעט, אין זײַן הקדמה צו יידישער קריטיק.

עס איז דעריבער וויכטיק צו ברענגען אָט־די הקדמה כמעט בשלימות:

„אונדזער פּראָסט יידישע (זשאַרגאָן) ליטעראַטור איז פון אַלע צײַטן זייער רײַך אין ספרים, זײַט אַ פּאָר הונדערט יאָר האָט מען פאַר דעם געמיינעם עולם, פאַר ווײַבער, געדרוקט תנ״ך, סי־דורים, דאָס טײַטש־חומש מיט לעגענדן און מדרשים, מוסר־ספרים, דינים, תחינות און בבא־מעשיות. דאָס איז תמיד געווען פאַר די מוכר־ספרים, פאַר פּאַקנטרעגער די קראַנסטע סחורה. עס איז זאָ־גאַר צו דעם לשון געווען אַן אייגענע שריפט — ווײַבעריש טײַטש, אָדער תחינה־כתב... זיי האָבן דער נידעריקן פאָלקס־קלאַסע און נקבות, וואָס פאַרשטייען ניט קיין לשון־קודש, געגעבן אַ באַגריף פון אונדזערע געבעטע, פון רעליגיע, פון דינים און מנהגים. נאָר וואָס פאַרא באַגריף? אים שטיינסגעזאָגט! עס האָט טאַקע דעם געמיינעם פאָלק איינגעפּלעמט ערפוכט פאַר גאָט, אנדאַכט בײַם דאַווענען, אָבער פאַרמישט מיט דעם גרעסטן אָבערגלויבן, מיט שרעקלעכע שטותים, מיט פורכטבאַרע שילדערונגען פונעם גיהנום און זינלעכע תענוגים אינעם גן־עדן; פון מלאכים, שדים, רוחות, ליצנים, דאַמאָוואָי, שרעטעלעך, מלאך המות, מיט דעם מלאך דומה, לילית, אַשמדאי וכדומה. זיי האָבן פאַרדאָרבן בײַם פאָלק דעם געשמאַק פאַר די אינהאַלטרײַכע געבעטע, די הייליקע שריפטן... דורך די אגדות, וואָס זיי האָבן אײַנגעוועבט אין די פּסוקים, האָט קיינער ניט געוווּסט, וואָס אין דער תורה שטייט, און די שווערמע־רישע פאַנטאַזיע איז גערייצט געוואָרן. ווער שמועסט די תחינות, וואָס די מחברים פון זיי זיינען געווען דומע גבאיטעם, פאַר די תחינות איז זיך גאָר חילשה־חלשות אָנגעגאַנגען. קיין אידעע, קיין זין, קיין ריינע ווערטער, פּשוט, אַ געשוועץ... זײַט אַ צײַט האָט אָנגעהויבן דער חסידיזמוס זיך באַדינען מיט דעם מיטל צו פאַר־ברייטן אונטער דעם פאָלק פאַנאַטישע שריפטן, ניסים פון די צדי־קים, איין ליגן גרעסער פון דעם אַנדערן. די דרוקער האָבן געמאַכט

דערפון אַ גאַנצע שפּעקולאַציע, מען דרוקט אָפּ צו 30.000 עקזעמ־פּליאַרן. אַזעלכע שמאַטעס אויף ביבולע פּאַפּיר און דער המון עם קויפט דאָס וואָלוול ווי הייסע פּלאָדן און דאָס האָט דעם פּינצטערן חסידיזמוס באַפעסטיקט אינעם פאָלק, מען האָט פּשוט ביי זיי אוועקגענומען דעם שכל צו אורטיילן איבער עפּעס מיט אייגענעם פאַרשטאַנד, מיט נאַטירלעכן געפיל. אַלע זייערע געדאַנקען זיינען איבערגעשפּאַנט פון דער וועלט, און אַלעס וואָס טוט זיך אויף איר, האָבן זיי גאָר קיין באַגריף ניט. מען מעג זיי פּירזאָגן אויפן הימל איז אַ יאַריד, וועלן זיי זיך מאַכן רייזע פּערטיק אַהין צו פאָרן.

„דער תכלית דערפון איז, נאַטירלעך, זייער שלעכט, אַזעלכע שריפטן הינדערן זיי צו האָבן ריינע בירגערלעכע געפילע צו זאָרגן פאַר זיך און זייערע קינדער (אונטערגעשטראָכן פון מיר, נ. ב. מ.) איין שטיקל מעלה מוז מען דעם שעדלעכן איינפלוס צושרייבן, דאָס פאָלק פילט אַ באַדערפעניש צו לייענען, עס אינטערעסירט זיך שוין פאַר ליטעראַטור — נאָר אויף אַלע וויסטע ווילדער געזאָגט, וואָס פאַר אַן עלנדע ליטעראַטור! דאָס האַרץ טוט נאָר וויי צו זען ווי דאָס פאַרפירט דאָס פּראָסטע פאָלק און פאַרדאַרבט זיין געשמאַק, זיין דענקונגס־אַרט.

„דאָס האָבן שוין מאַנכע געבילדעטע מענטשן איינגעזען און פלעגן פּרווון שרייבן אין דעם אייגענעם זשאַרגאָן ריינערע מעשיות, טעאַטערע, זאָגאַר ראָמאַנען, געדיכטע וכדומה. נאָר טייל האָבן עס געמאַכט פאַר אַ שפּאַס און האָבן גאָרנישט געדענקט אַזעלכע שריפטן אַרויסצוגעבן; טייל האָבן זיך פּשוט געשעמט, פּלוצים מחברים צו ווערן אין דעם אָרעמען זשאַרגאָן, וואָס עס איז צו ווינטשן ער זאָל גאָר פאַרגעסן ווערן פון אונדזערע רוסישע ברי־דער, אַזוי ווי ער עקזיסטירט שוין ניט אין דייטשלאַנד. טייל האָבן נאָר געפּייערט מען זאָל חלילה ניט אויסבילדן דעם שעדלעכן זשאַר־גאָן. די שרייבער אין דעם לשון האָבן נאָר געגילטן פאַר מאַרשאַ־לעקס. וועמען גלוסט זיך אַזאַ ראָלע צו שפּילן.

„מיר האָבן זיך די ערשטע געוואָגט אויפצוטרעטן מיט אַ

צײַטונג אין דעם זשאַרגאָן. אָנפאַנגס האָבן טייל אויס אונדז חוזק געמאַכט. טייל, וואָס האָבן געזוכט זיך אָן אונדז נוקם זײַן פאַר אַ ווונק אין אַן אַרטיקל, האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט פאַר רוסישע פּאַטריאָטן אונדז אָנצושוואַרצן בײַ נאַטשאַלסטווא, אַז מיר ווירקן קעגן איר ווונטש. די פּראַקסי האָט באַוויזן, אַז מיר האָבן זיך ניט טועה געווען אין חשבון, פיל פון אונדזערע קעגנער זיינען געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז דער „קול מבשר" איז זייער נוצלעך, ער האָט פיל געווירקט אויפן נאַראָד.

„דורך אונדזער צײַטונג האָבן די גוטע שרײַבער זיך אָנגעהויבן אַרויסצוווײַזן, נײַע האָבן זיך אָנגערעגט געפילט צו שרײַבן, און מיר האָבן זיך מי געגעבן דעם אומגערעגלטן זשאַרגאָן ווייניקסטנס אונטער אַ פּראַקטיש סיסטעם צו ברענגען און אַלע איינגעלויפענע אַרטיקל מיט איין אָרטאָגראַפיע צו דרוקן און אייראָפּעיִשער צו מאַכן. עס האָבן זיך אויך אַרויסגעוויזן ניצלעכע ביכלעך פון טיכטיקע מחברים אַלס פאָלקס־שריפטן. צום באַדויערן איז ווי געוויינטלעך אין דער וועלט, יעדעס גוטע האָט אויך זײַן שלעכטע זײַט. בײַ טייל איז דער זשאַרגאָן געוואָרן אַ שפּעקולאַציע, ווי פריער בײַ חסידישע ספרים. ווער עס וויל שרײַבט אָן אַ צוועק, נאָר געלט צו מאַכן. פאַר די דרוקער איז דאָס אויך אַ סחורה. ווייניק ליידעט מען הײַנט פון העברעיִשע מחברים, זײַנען נאָך אויפגעשטאַנען פּראָסט־ייִדישע ליטעראַרישע בעטלער. און מיר לײַדן נאָך ערגער דערבײַ. די מחברים שיקן אונדז אַרײַן די צוועקלאָזע חיבורים, פאַרלאַנגען באַלויבט צו ווערן, אַז ניט — ריידן זיי אויס אויף אונדזערע בלעטער אָסור לדבר. דער בעל־הבית קויפט זיך אָפּ מיט געלד. מיר זאָלן פאַרלירן די צײַט אָזעלכע ביכלעך צו לעזן, גלײַך מיר האָבן קיינע ניצלעכערע ליטעראַרישע שריפטן צו לייענען, און זאָלן נאָך שרײַבן קריטיקן.

„מיר האָבן דאָהער זיך פאַרנומען די ניט ניצלעכע ביכלעך גאָרניט צו געדענקען, אויס איבער די וואָס קומען אַרויס פון טיכטיקע שרײַבער ווי: ה"ה דר. עטינגער ע"ה, גאָטלאָבער, אַבראַמאָוויץ, בינשטאָק, דיק, גאָלדפאַדען, לינעצקי וכדומה. אויב דאָס

פובליקום וועט אונדז האלטן פאר קאמפעטענט, וועט עס זיך שטויסן, אז אויף אנדערע איז אן עבירה געלט אויסצוגעבן.

„דעם אנפאנג וועלן מיר מאכן מיט צוויי ביכלעך, וואס זיינען ערשט הי דערשינען."

נאכדעם קומען די פארצייכענונגען, „די קריטיקן", איבער די צוויי ביכלעך.

מע מוז צוגעבן, „דער אנפאנג" האט לחלוטין גארניט צו טאן מיט קריטיק. „דער אנפאנג" איז דאס, וואס מען רופט איצט אן: א נאטיץ וועגן א ביכל, און צעדערבוים האט עס טאקע אזוי אנגערופן: נאטיצן, „ביבליאגראפישע נאטיצן". איז כדאי זיי ציטירן אינגאנצן:

די יודענע, פארשיידענע געדיכטע און טעהאטער אין פראסט יודישן פון אברהם גאלדפאדען (דער מחבר פון „יודעלע").

„ה' גאלדפאדען איז שוין גענוג באקאנט דעם יודישן לעזענדן פובליקום. זיינע געדיכטע זיינען מייסטנס קלינגענד, פונעם פאלקס־לעבן געגריפן און זייער אונטערהאלטנד. אויך דאס טעהאטער „די מומע סאסיע" אין פראזע איז אויך שיין, דערביי פראכטפאל אפגעדרוקט מיט א ליטאגראפיש בילד פון א יודענע אויף דעם טיטל־בלאט. צו קריגן ביים מחבר אין הויזע קלינג, טרויצקי גאס".

פון אט דער נאטיץ דארף דער לייענער זיך ראשית אנשטויסן: דאס ביכל ווערט דאך דערמאנט אין „קול מבשר", איז עס א באוויז, אז דאס געהערט צו די „ניצלעכע" ביכלעך, וואס דורך זיי קען מען „קריגן געשמאק". והשנית — אויב דאס פובליקום האלט צעדערבוימען „פאר קאמפעטענט", וועט עס זיך דערוויסן אויך „אביסל קריטיק". און „די קריטיק" אין דער נאטיץ באשטייט פון צוויי זאצן. זיי האבן אין זיך ניט מער ווי סתם „מבינות־זאגעריי", אבער דאס זיינען געווען די ערשטע טריט אין יודישער קריטיק. די צוויי זאצן: 1) „זיינע (גאלדפאדענס) געדיכטע זיינען מייסטנס קלינגענד, פונעם פאלקס־לעבן געגריפן און זייער אונטערהאלטנד". און 2) „אויך דאס טעהאטער „די מומע סאסיע" אין פראזע איז אויך שיין..." דאס אלץ.

די צווייטע „קריטיקע" איז שוין מער „ביבליאָגראַפישע נאָטיץ" ווי די ערשטע. דאָס איינציקע מבינות, וואָס מען געפינט דאָרט, איז, אַז דאָס ביכל איז „אינטערעסאַנט פאַר יעדן ייִדן...". אָט איז די גאַנצע נאָטיץ:

„ראָטהשילד", אַ בעשרײַבונג פון'ם ערשטן מיסד פון'ם גרויסן הויז ר' מאיר אנשיל מיט אַלע זײַנע פינף זין, ביז דעם טוידט פון דעם לעצטן געשטאָרבענעם ר' יעקב מיט זײַן בילד (האָלצשניט) דרוק און פערלאַג פון ל. ניטצשע". „דאָס ביכל איז באַאַרבעט פון אַ דײַטש און איבערזעצט אויף יודיש! טײַטש (ייִדיש־טײַטש — נ. ב. מ.) מיט נקודות, שיין אָפּגעדרוקט. עס איז זייער אינטערעסאַנט פאַר יעדן ייִדן צו לעזן די ביאָגראַפיע פון דער גערימטן פאַמיליע אויף וועלכער מיר מעגן שטאָלץ זײַן און וועלכע ווירקט אַזוי ניצלעך פאַר אונדזער נאַציע סײַ מאָראַליש דורך זייער אײַנפלוס אויף די רעגירונגען, דורך זייער אָנזען אין די הייף, און מאַקע פשוט דורך זייער גרויסער צדקה. עס איז אויך אין דער צײַט, אַן אָנדענק צו לאָזן דעם גערימטן ר' יעקב ראָטהשילד, וואָס איז פאַרגאַנגענעם ווינטער געשטאָרבן אין פּאַריז און אַלע צײַטונגען האָבן מיט זײַנע נעקראָלאָגן געקלונגען, אַלע מלכים האָבן דער פרוי בײַלייד־בריווע געשיקט".

אחוץ דער זייער וויכטיקער הקדמה, זיינען די נאָרוואָס דערמאָנטע צוויי „ביבליאָגראַפישע נאָטיצן" געווען ניט מער ווי די ערשטע, אומבאַהאָלפענע טריט. אָבער פאַר דעם ווירקלעכן קריטישן אַרטיקל קען מען אָננעמען דאָס וואָס ער האָט געשריבן אין „קול מבשר" וועגן אַ. ב. גאָטלאָבערס „דער סעים פון די חיות". הגם אויך דאָ האַלט זיך אַלץ אויף הוילע מבינות־זאָגעריי, דערקלערט ער שוין דאָ גאַנצע פיר ענינים: 1) דעם אינהאַלט און וואָס דער מחבר, האָט געמיינט מיטן אינהאַלט; 2) וועגן דעם מחבר גופא און ווי נוציק ס'איז זײַן שרײַבן; 3) פאַרוואָס „דער סעים פון די חיות" איז אַ מײַסטערווערק; און 4) פאַרוואָס דאָס מײַסטערשטיק נעמט אוים בײַם פאָלק.

דעם אינהאַלט און דעם מחברס כוונה גיט ער איבער אַזוי:

„דאָ ווירד געשילדערט ווי די חיות קומען זיך צונויף אין וואַלד ווײילן אַ מלך, איטלעכע חיה שטופּט זיך צו דעם ערנאַמט. רעדט זיך אײַן אַליין און וויל דעם גאַנצן עולם אײַנרעדן, אַז נאָר זי איז פּעזק, זי איז דער מיוחס, זי פאַרדינט געווײלט צו זײַן. דאָס איז אַ סאַטירישע פאַרשטעלונג אין וועלכער עס קענען זיך אָפּ־שפּיגלען פיל ייִדישע אַסיפות, ווו איטלעכער סטאַרעט זיך צו ווערן גבאי, גלאַסנע, ראַטמאַן, סטאַראָסטאַ וכדומה אַנדערע ייִדי־שע התמנותין יעדער מיינט קיין העכערס און בעסערס אין יוחס (יחוס) און אין חכמה איז גאָר ניטאָ אין דער גאַנצער שטאָט. נאָר אין די רייד אַליין, ווו יעדער רעכנט אויס זײַנע מעלות קו־מען אַרויס, אַז ער מאַכט מיט זײַן נאַרישן שטאָלץ אויס זיך אַליין חוזק און שילדערט אַלע זײַנע חסרונות. יעדע חיה רימט זיך מיט דעם וואָס זי ניצט אין ייִדישן לעבן. דערוויַיל ווירד דאָ פאַרגע־שטעלט אַלע שטותים און פעלער אין די ייִדישע זיטן פאַרקליי־דעט קלאָמערשט אין מעלות... אפילו דער סוף גיט אַ גוטן פּיק און ווײַזט, אַז נאָך אַלעם זיינען די חיות פאַרט קליגער פון די מענטשן. בײַ ייִדן קומט דאָך טאַקע אויס על פּי רוב, באַטש מען קען אַלע פעלער פון די שטאָט־טוערס, פונדעסטוועגן קומען זיי שטענדיק אַרויס בײַ די וויבאָרעס פון אויבן, און בײַ די חיות האָט מען אַלע אָפּגעפּאַרטיקט און מען איז געבליבן בײַם לייב, וואָס איז אָנגענומען פאַר דעם שטאַרקסטן, קלוגסטן און שענסטן אונ־טער די חיות. ער ווייסט זיך אַ טאָן אָנצוגעבן און פאַרשטייט צו רעגירן, צו באַשיצן זײַן עולם.“

וועגן דעם מחבר רעדט ער אויך באַריכות. ער דערמאָנט אויך זײַן געדיכט „דער בידנע ישראליק“. ער רעדט וועגן דעם נוצן, וואָס דער מחבר ברענגט דעם פאָלק: „אַזעלכע אָנציענדע ביכלעך עפענען דעם פאָלק די אויגן“.

„דער מחבר“ — שרײַבט ווײַטער צעדערבוים — „און דאָס געדיכט דאַרפן אייגנטלעך קיין הסכמה. ה' גאָטלאָבער איז שוין מער פון דרײַסיק יאָר באַקאַנט פאַר אַ גרויסן דיכטער אין העב־

רעזשן (דורך זײַנע ווערקע וואָס ער האָט שוין פילע געדרוקט, געדיכטע און געלערנטע ספרים), אויך אַלס פֿאָלקס־דיכטער אין זשאַרגאָן. זײַנע לידער זינגט מען פון לאַנג אין גאַנץ פּוילן און דעם ספּעים האָבן פילע אָנגעשריבן (דער מחבר האָט אים פאַר דעם דרוקן פיל באַאַרבעט. פאַרמערט און פאַרבעסערט). נאָר אין יענער צײַט איז דעם מחבר ניט אָנגעשטאַנען צו דרוקן זײַנע לידער און געדיכטע, אַלס העברעישער מחבר פלוצים אַראָפּפאַלן אויף פּראָסט ייִדיש. ביז דער זשאַרגאָן איז אויפגערעכט געוואָרן דורך אַ גאַזעטע, דעמאָלט האָבן זיך פילע ערשט אומגעקוקט, אַז מיט דעם לשון קען מען פילווירקן, און די וועלט, אויך ה׳ גאָטלאָבער, זײַנען אויפמערקזאַם געוואָרן, וואָס פאַראַ ווירקונג זײַנע ייִדישע לידער האָבן אויף דער אויסבילדונג פונעם פאָלק און ווײַבער. דאָס האָט שוין באַמערקט איינער פון אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן (מיר ערינערן זיך ניט אין וועלכן נומער)... ה׳ גאָטלאָבער האָט נאָך דאָס פאַרדינט אין רוסלאַנד כמעט דער ערשטער, ווייניקסטנס דער פּאָפּולערסטער ייִדישער דיכטער צו זײַן. אָן אים האָבן זיך ערשט אַנדערע מקנא געווען און גענומען צום שרײַבן. באַזונדערס מוזן מיר רימען זײַן סאַטיריש געדיכט „דער בידנע ישראליק", וואָס פאַרדינט אין אַן אייראָפּעישע שפּראַכע איבערזעצט צו ווערן, דאָך וועט עס אין קיין שפּראַכע האָבן דעם טעם ווי אין ייִדישן. עס וואָלט אַ יושר געווען מע זאָל עס דרוקן און מיר גלויבן, אַז הײַנטיקע צײַטן דאַרף מען בײַם דרוקן, אויך קיין שוועריקייטן ניט מאַכן. — אין אינטערעסע דער פאָלקס־בילדונג עמפּפעלן מיר דעם „ספּעים" און ווינטשן עס זאָלן די געדרוקטע עקזעמפּלאַרן אין גיכעם פאַרקויפט ווערן. דאָס וואָלט אויפגעמונטערט דעם מחבר זײַנע איבעריקע געדיכטע און לידער אַרויסצוגעבן, אויך נײַע פאַרפאַסן און צו דרוקן. אַזעלכע אַנציענדע ביכליך עפענען דעם פאָלק די אויגן".

ווי מיר זעען האָט צעדערבוים געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן מכוח דעם אינהאַלט פונעם חיבור און מכוח דעם מחבר. וועגן דער פראַגע אָבער, פאַרוואָס איז דער „ספּעים" אַ מײַסטערווערק, — וועגן דעם האָט ער זיי־

ער װײניק װאָס צו זאָגן. די עטלעכע שורות, װאָס ער שרײַבט װעגן דעם, זײַנען ניט מער װי באַהױפּטונגען. דער לייענער דאַרף עס בלינד אָנ־נעמען אָן אַ פּאַרװאָס און אָן אַ פּאַרװען, אויב ער האַלט נאָר דעם קרי־טיקער „פֿאַר קאָמפּעטענט". און דאָס איז אַלץ װאָס ער קען זאָגן װעגן „סעים": „עס איז באמת אַ מײַסטערשטיק, זײער גײַסטרײַך, װיציק, סאַטיריש און באַלערנד פֿאַר דעם פֿאָלק". אחוץ אָט־דעם איינציקן זאַץ הױלע מבינות גיט ער װײַטער אָן עטלעכע זאַצן מבינות, הגם אין יע־נע זאַצן דערקלערט ער פֿאַרװאָס גאָטלאָבערס אַלגעמיינע װערק נעמען אױס בײַם עולם: „די אורזאַכע — שרײַבט צעדערבוים — פֿאַרװאָס ה' גאָטלאָבערס לידער און געדיכטע האָבן אַזױ נושא חן בײַם פֿאָלק און האָבן געװירקט, איז גאַנץ אײנפֿאַך — װײַל זײ זײַנען גענומען פֿון ייִדי־שן לעבן, עס ליגט אין זײ פּיקאַנטער װיץ אין ייִדישן געשמאַק. איטלעכן דאַכט זיך, ער דערקענט די קאַראַקטערע װאָס זײַנען דאָ געשילדערט. די שפּראַכע איז רײן ייִדיש, און די גראַמען קלינגען זײער שײן". און נאָך אַ זאַך איז פֿאַראַן, בײַם סוף אַרטיקל, בעת ער דערמאָנט ד״ר. שלמה עטינגערס „דעם לייבס טויט" און „די אסיפה": „יענע בײדע — שרײַבט צעדערבוים — זײַנען פֿיל קירצער פֿונעם „סעים", װאָס גײט װײַטער אַרײַן אין ייִדישע זיטן מיט אַלע זײערע געװױנהײטן". געמײנט האָט דאָ צעדערבוים, אַז דער „סעים" גײט טיפֿער אַרײַן... א. א. װ.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם פֿאָלקסטימלעך־באַרעדעװדיקן צעדערבוימען: „קריטיקירן" אײן זאַך און שפּעטער אײנגאַנצן איבער־גײן אױף אַ גאָר אַנדערער טעמע. אין זײַן „קריטיקע" װעגן גאָטלאָבערס „דער סעים פֿון די חיות" לאָזט ער זיך גאָר אַרײַן אין אַ שמועס װעגן ד״ר. שלמה עטינגערן און זײַנע עטלעכע װערק. דאָס פֿאַרנעמט כמעט אַזױ פֿיל פּלאַץ װי די אײגנטלעכע רעצענזיע װעגן גאָטלאָבערס „סעים". אַזױ איז אױך מיט דער רעצענזיע איבערן „לופֿט־באַלאָן". ער פֿאַרנעמט דאָרט דעם גרעסטן טײל אַרטיקל מיט אַ לעקציע װעגן דער ייִדישער שפּראַך. אגב, דאָס זעלביקע טוט ער אױך אין זײַנע פּובליציסטישע אַר־בעטן.

אַזױ װי ער האָט די רעצענזיע װעגן גאָטלאָבערס „סעים" פֿאַרענ־

דיקט מיט די ווערטער וועגן די „אָנציענדע ביכלעך", וואָס „עפּענען דעם פֿאָלק די אויגן", האָט ער עס געהאַלטן פֿאַר אַ פֿליכט צו דערמאָנען נאָך אַ מחבר פֿון „אָנציענדע" ווערק. און ער הייבט אָן צו ריידן וועגן עטינ־גערן. אויך דאָ גיט ער איבער דעם אינהאַלט פֿון עטינגערס עטלעכע ווערק און דעם שרײַבערס כוונה. און דאָס „קריטישע מבינות" גיט ער איבער בלויז אין געציילטע צופעליקע ווערטער: „איינע פֿון די אויס־געצייכנטע יידישע דיכטער"...; „די שמאַטעס" שטעלן מײַסטער־האַפט פֿאַר דעם אָפּגערופּענעם יחוס"...; דערבײַ איז פֿאָרגעשטעלט אויסגעצייכנט"...; „דער קיטל" איז זייער גוט", „דאָס לעכט" איז נאָך בעסער"; „די לעבהאַפטע שילדערונג איז אויסגעצייכנט אין עטינ־גערס „דאָס לעכט"; „הערלעך צוגעפּאַסט צו יידישע פֿאַרהעלטניסע". אָט־די צופעליקע ווערטער זיינען דער גאַנצער קריטישער באַגאַזש וואָס צעדערבוים ווײַזט אונדז אין דעם צוגאָב־טייל וועגן עטינגערן:

„מיר האַלטן עס פֿאַר אונדזער פֿליכט בײַ דער געלעגנהייט צו דערמאָנען איינעם פֿון די אויסגעצייכנסטע יידישע דיכטער, וואָס האָט נעבעך ניט דערלעבט צו זען דעם זשאַרגאָן אויפטרעטן פֿאַר אַ שליח מיוחד פֿון דער בילדונג, און זײַנע גײַסטעספּראָ־דוקטע ליגן ביז נון אין אַ ווינקל. מיר מיינען אונדזער יוגנט־פֿרײַנד דעם ד"ר ש. עטינגער אויס זאַמאָשטש, דער מחבר פֿון „סערקעלי" (אַ שאָד דאָס טעאַטער־שטיק, דאָס ערשטע אין זשאַרגאָן, איז בגניבה אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פּרײַסן פֿון אַ שפּעקולאַנט, אָן ערלויבנים פֿון די יורשים, ניט פֿונעם רעכטן אָריגינאַל, נאָר פֿון אַ פֿעלערהאַפֿטער קאָפּיע און פֿיל מיט גרײַזן, אַז מען קען פֿיל זאַצן גאָר נישט פֿערשטיין. מיר, וואָס האָבן דעם אָריגינאַל גוט געקענט, איז אונז ניט מעגלעך געווען עס צו דערקענען). פֿון אים איז געבליבן אַ גאַנצע זאַמלונג געדיכטע, אָריגינעלע און איבערזעצונגען; אונטער זיי ערינערן מיר זיך בעזונדערס: „וויטעלע די צנועה", אַ שילדערונג פֿון אַ פֿרומער נגידה, וואָס וויל גילטן פֿאַר אַ גבאיטע, בעל־צדקה, און גיט קיי־נעם ניט אַ גראָשן; פֿאַר יעדן האָט זי איין אַנדער תירוץ און

איבערהויפט שטעלט זי גאָר אויף אַ פּרינציפּ, אַז מען טוט גאָר אַן עבירה אַ נדבה צו געבן: אַז רבש"ע האָט געהייסן יענעם זײַן איין אָרעמאַן, וועד טאָר גייען געגן זײַן ליבן נאָמענס ווילן. „די שמאָטעס" שטעלן מײַסטערהאַפט פאָר דעם אָפּגערופענעם יחוס, ווי די שמאַטעס אין דער. בריקע קריגן זיך און איטליכע בלאָזט זיך מיט דעם וואָס זי איז אַמאָל געוועזן און פון וואָס פאַר אַ פאַבריק זי קומט אַרויס. ביז דער בעל־עגלה, שרײַט אויף זיי אָן און זאָגט זיי, אַז מען דאַרף זען צו וואָס זיי וועלן נוצן, וואָס פאַר אַ פּאַפּיר מען וועט פון זיי מאַכן און צו וואָס דאָס פּאַפּיר וועט פאַרווענדעט ווערן. ענדלעך „דאָס לעבט", דאָס איז נאָכגעמאַכט אויף דעם שטייגער פון שילער'ס גלאָקע. דאָס לעבט שפּילט בײַ יידן אויך אַזאַ ראָלע ווי דער גלאָק בײַ קריסטן בײַ אַלע געלעגנהייטן פון דער געבורט ביז צום טויט. דערבײַ איז פאַרגעשטעלט אויסגעצייכנט דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן מיט דער ערציהונג, דאָס געשעפטס און געמיינדע לעבן. אַזאַ געדיכט איז שוין געדרוקט אינעם ייִדישן „דער קיטל" אויך זייער גוט, נאָר „דאָס לעבט" איז נאָך בעסער. שוין דאַרום וואָס דער קיטל קומט ניט פאָר בײַ דער געבורט, ובכלל די לעבהאַפטע שילדערונג איז אויסגעצייכנט אין עטינגער'ס „דאָס לעבט". — עס איז אויך פון אים דאָ „דעם לייב'ס טויט", און „די אסיפה", יעדנפאַלס אַ הומאָריסטישע כאַראַקטער שילדערונג פון ייִדישע וויבאָרים. עס איז איינע נאָכמאַכונג פון איינער אַלטן פאַבל אין דײַטשישן, נאָר הערליך צוגעפּאַסט צו ייִדישע פערהעלטניסע. מיר ערינערן זיך נאָך איינע סטאַנציע ווי דאָס עזעל רעכנט אויס זײַן יחוס און דערפאַר קומט אים צו זײַן אַ מושל:

„אויף מײַן עלטער עלטער זיידע,
איז אברהם געריטן צו דער עקדה,
און דאָס ווייס איך אויך גאַנץ קלאָר,
אַז דאָס עזעל פון ר' פּנחס בן יאיר,
איז געווען מײַן פעטערס לײַבליכער מחותן כו'".

„יענעביידע זיינען פיל קורצער פונעם „סעים“, וואָס גייט אַרײַן אין ייִדישע זיטן מיט אַלע זייער געוווינהייטן.“

אין די ערשטע צוויי רעצענזיעס (איבער גאָלדפאַדענס „יודענע“ און דעם ביכל „ראָטהשילד“) זיינען ניט געווען קיין שום בולטע „כאַראַקטער־שטריכן“ פון אַ קריטיקער, אַ חוץ סתם אַ וואָרט מבינות, אָן שום גרונד. מיר האָבן דאָס יאָ געזען אין דעם אַרטיקל איבער גאָטלאָבערס „סעים“ און איבער עטינגערן. אין דער פריער־דערמאָנטער רעצענזיע וועגן י. מ. ליפשיצעס רוסיש־ייִדיש ווערטער־בוך, האָט צעדערבוים ניט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו שמועסן וועגן דעם וואָס עס איז „אָנציענד“. ער האָט געקענט דאָרטן ריידן בלויז וועגן דעם וואָס עס איז „באַלערנד“, „נוצלעך“.

דאָס וואָס איז ניט געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר צעדערבוימס ערשטע צוויי רעצענזיעס, פּינקטלעכער געזאָגט, נאָטיצן, איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַנע ווײַטערדיקע קריטיקן. ער גיט אין זיי איבער: 1) דעם אינהאַלט פון ווערק; 2) דעם שרײַבערס כוונה (און לעצטן ציל — „ברענגען ניצלעכקייט“ „דעם נאַראָד“); 3) וועגן דעם שרײַבער גופא; 4) סתם־מבינות און 5) זײַטיקע עקסקורסיעס, ווי למשל, ווען ער פאַררעדט זיך וועגן עטינגערן אין דער גאָטלאָבער רעצענזיע.

אין זײַן אַרטיקל וועגן מענדעלעס איבערזעצונג (אָן מענדעלעס נאָמען) פון זשיל ווערנס „דער לופטבאַלאָן“ (דאָרט, 1869, נומ. 25) קען מען שוין ווידער זען יענע „כאַראַקטעריסטישע שטריכן“, וואָס מיר זוכן ביי קריטיקער, אַפילו דעמלט ווען זיי זעען אויס נאַיִוו און אומבאַהאָלפן.

אין דער רעצענזיע איבערן „לופטבאַלאָן“, איז ער פאַרינטערעסירט צו דערקלערן, אַז „די געשיכטע און די שפּראַכע זיינען אַזוי אָנציענד און אַזוי באַלערנד“. „באַלערנד“ איז עס, ווײַל דער „אויפמערקזאַמער לעזער לערנט דערבײַ אויף דער אָנגענעמסטע אַרט די געאָגראַפישע לאַגע פון פיל לענדער אין אַפריקע, דעם פלוס־נילוס פון זײַן אורשפּרונג ווי ער פליסט פון די בערג, די מדבר סאַהאַראַ, די סטעפּעס, די ווילדע חיות, קראָקאָדילן, פייגל און די זיטן פון די גאַנץ אָדער האַלב ווילדע פעלקער, די נעגער און דעם שקלאַפן־האַנדל“. אַחוץ דעם זיינען „אַזעלכע שריפטן... אַם בעסטן געאייגנט דאָס פאָלק צו בילדן. און זיי

צו פארמיאוסן דעם געשמאק פאר פוסטע בבא־מעשות פון שדים און לצים און פאר איבערטריבענע אויסגעטראכטע ניסים פון גוטע יידן..." און די שפראך אליין „וועט זיי אויפמערקזאם מאכן ווי פארנאכלעסיקט דאס לשון איז ביי יידן"...

די הויפט־באווייזן פארוואס דאס ווערק „דער לופטבאלאן" איז „אנציעענד" זיינען: 1) „דער איבערזעצער... האט מייסטערהאפט אי־בערגעגאסן פון איין שפראכע אין דער אנדערער און דער אינהאלט האט דאדורך נישט פארלוירן אן (אין) געשמאק. מען קען שווערן עס איז אן עכט יידיש אריגינאל"; 2)„אין אזא עכט ריין יידיש איז די גאנצע מעשה באשריבן, אן שום געמיש פון דייטש, מיט אלע אין פאלק גע־ברויכטע אויסדריקע אין דעמזעלבן טאן, דאך ניט קיין לשון פון מארק־יידענעס"...; 3) „מיר האבן דאס ביכל ניט געקענט אוים דער האנט לייגן ביז מיר האבן עס געענדיקט און זיינען איבערצייגט, אז יעדער וואס וועט לעזן דאס ביכל וועט מודה זיין, אז מיר האבן רעכט"; 4) „אלע שילדע־רונגען זיינען אזוי לעבהאפט, אז די איבערנאטירלעכסטע עראייגנוניסע ערשיינען פאר ווארהייטן". נאך די פירושים פארוואס דער חיבור איז „אנציעענד און באלערנד" קומט א לעקציע וועגן ענין שפראך. אט אזוי גייט די גאנצע רעצענזיע:

„דער לופטבאלאן", א רייזע־בעשרייבונג פון דעם ענגלישן ד"ר סאמועל פערגיסאן וואס איז איבערגעפלויגן גאנץ אפריקע אין א לופטבאלאן און אלסדינג וואס עס האט זיך מיט אים פא־סירט אויף דעם וועג. זיטאמיר, בדפוס א. ש. שאדאוו. תרכ"ט.

„דאס איז צוואר איינע איבערזעטצונג, נאר דער איבערזע־טצער (מיר וויסן זאגאר ווער ער איז, נאר אז ער האט זיין נאמען ניט ארויסגעשריבן, קענען מיר אים ניט נענען) האט מייסטער־האפט איבערגעגאסן פון איין שפראכע אין דער אנדערן און דער אינהאלט האט דאדורך ניט פערלוירן אן (אין) געשמאק. מען קען שווערן עס איז איין עכט יידיש אריגינאל: אין אזא עכט ריין יידיש איז די גאנצע מעשה בעשריבן, אהן א שום געמיש פון דייטש, מיט אלע אין פאלק געברויכטע אויסדריקע אין דעמזעלבן

טאָן, דאָך ניט קיין לשון פון מאַרק־ייִדענעס, נאָר פון בעסערע לײַטישע מענטשן, פון פּראָסטע קליינע און וועלטלעכע ייִדן וואָס האָבן געלערנט אין אַ חדר און זײַנען געקומען צווישן לײַט. עס איז פּשוט אַ פאַרגעניגן צו לעזן. דערבײַ האָט ער געוועהלט איינע ערצעהלונג וואָס איז זייער אינטערעסאַנט, אַ שילדערונג ווי אַ ד״ר פערגיסאָן איין ענגלענדער האָט אונטערגענומען אַ רײַזע אויף אַ לופטבאַלאָן איבער אַפריקע, מיט אים זײַנען מיטגערײַזט אַ פרײַנד און אַ טרײַער דינער. די געשיכטע און די שפּראַכע זײַנען אַזוי אָנציענד און אַזוי באַלערנד, אַז מיר האָבן דאָס ביכל ניט געקענט אויס דער האַנד לייגן ביז מיר האָבן עס געענדיגט און זײַנען איבערצײַגט אַז יעדער וואָס וועט לעזן דאָס ביכל וועט מודה זײַן אַז מיר האָבן רעכט. אַלע שילדערונגען זײַנען אַזוי לעבהאַפט, אַז די איבערנאַטירלעכסטע עראייגניסע ערשינען פאַר וואַרהייטן.. דער אויפמערקזאַמע (ר) לעזער לערנט דערבײַ אויך דער אָנגענעמסטע אַרט די געאָגראַפישע לאַגע פון פיל לענדער אין אַפריקע, דעם פלוס־נילוס פון זײַן אורשפּרונג ווי ער פליסט פון דער בערג, די מדבר סאַהאַראַ, די סטעפּעס, די ווילדע חיות. קראָקאָדילן, פאָגל און די זיטן פון די גאַנץ אָדער האַלב ווילדע פעלקער, די נעגער און דעם שקלאַפן האַנדל.

„אָט אַזעלכע שריפטן זײַנען אַם בעסטן געאייגנט דאָס פאָלק צו בילדן. און זיי צו פערמיאוסן דעם געשמאַק פאַר פּוסטע בבא מעשות פון שדים און לייצים און פאַר איבערגעטריבענע אויסגע־טראַכטע נסים פון גוטע ייִדן. שוין די שפּראַכע אַליין, זאָבאַלד זיי וועלן זיך געוויינען צו איר, וועט זיי אויפמערקזאַם מאַכן ווי פאַרנאַכלעסיגט דאָס לשון איז בײַ ייִדן און זיי וועלן פילן אַז דער ייִד קען אַפילו קיין ייִדיש ניט ריידן, מכל שכל שרײַבן. וויפל איבעריקע ווערטער. מילא. בכן, וואָסזשע, נישמער, כלעבן, אַפילו, ווי זאָגט מען עפּעס, ווי הייסט עס וכדומה, וואָס קומט פאָר בײַם ייִדן צווישן צוויי ווערטער כאָטש עס קומט גאָרנישט צום גע־שפּרעך: הײַנט וויפל איבעריקע איינצלנע זילבן; נא הא, בע עעע, איי, אי, יאָ, ניין, און דערגלײַכן פיל, דאָס קומט דערפון וואָס דער

מוח פּליט, דאָס מויל מאָלט אָבער נאָך געביק און קען ניט אַזוי־
געשווינד אַרויסברענגען די געדאַנקען, נאָר ניט צו אונטערברעכן
און אָפּרוען זיך צווישן יעדעס וואָרט, פּילט מען דערוויַיל אויס
מיט ווערטער און זילבן וואָס קומען זיי אום איבערלייגט אין
מויל אַריַין. דאָס שטאַמט פון דער פאַרנאַכלעסיגטער ערציהונג,
וויַיל דער ייִד לערנט קיין שום שפּראַכע ניט רעגלמעסיק, פון
קינדוויַיז אויף הערט ער ריידן דעם מלמד און די כלי קודש אַליין
האַלב אונטער דער נאָז מיט פאַרגליַיזטע אויגן, ניט ריין ניט
ריכטיק, ניט לאָגיש, ניט שפּראַכמעסיק, אַזוי וואַקסט ער אויס.
זייער אָפט בעגעגנט מען ייִדישע אויטאָדידאַקטן (פּריוואַט־גע־
לערנטע) וואָס האָבן ניט די פעיִקייט עפּעס דיַיטלעך צו ערקלערן.
— די וואָס מיינען אַז דער זשאַרגאָן אַליין איז שעדלעך און אַז
מען וועט אים נאָר פאַרביטן, וועלן זיך ייִדן כאַפּן צו רוסיש, די
זיַינען שטאַרק אין טעות, זיי זיינען ווי איינער זאָל וועלן אַ קימ־
פּעט־קינד וואָס האָט נאָך געווים קיין צאָן אין מויל געוווינען עסן
ביפשטעקס. ניין, גיט זיי פריִער פּראָסט ייִדיש, נאָר אַ ריינע
שפּראַכע, ניט קיין תחינה־ לשון, ניט איבערזעצונגען פון תהלים
וואָס האָט אַ טעם ווי אַ קו קיַיט אַ ליַילעך, ניט אָפּגעשמאַקטע
חסידישע נאַרישקייטן, לאָזן די ביכלעך זיַין אָנציִענד און מיט
געדאַנקען, מיט נייַע וועלטלעכע פּראַקטישע אידעען דעמאָלט
וועלן זיי קריגן געשמאַק, די אַלע אַלטע מורא מאַכנדיקע ספרים
מיט די נייַע פּליטיש חסידישע וועלן זיי נמאס ווערן, דאָס וועט
אָנרעגן די וואָס האָבן נאָך ציַיט און פעיִקייט אַ שפּראַכע כאָטש
פּראַקטיש צו ערלערנען, זיי זאָלן קודם כל קענען די לאַנדסשפּראַ־
כע ריידן און לייענען, פון דער ערשטער קוועלע צו געניסן; אַנ־
דערע עלטערע און ווייניקער פעיִקע וועלן ווייניקסטנס וויסן ווי
נייטיק דאָס איז פאַר זייערע קינדער.

„די אידייע איז ניט ניַי, אַזוי האָבן געדענקט די ערשטע בעו־
לינער בשעת זיי האָבן אָנגעהויבן אין פאַבריקן יאַרהונדערט ייִדן
בילדן. בעזונדערס פערדינט ערוועהנט צו ווערן די מערקווירדיקע
משלי איבערזעצונג פון דעם בערימטן ר' מענדיל לעפין. עס וואָלט

אַ יושר געווען זי איבערצודרוקן און אויף דער אָרט תנ"ך און געבעטביכער איבערצוזעצן. די מיסיאָנערן האָבן עס געטאָן, נאָר די איבערזעצונג איז ניט גוט. דערמיט וועט ניט די זשאַרגאָן ליטעראַטור פערגרעסערט און פערשטאַרקט ווערן, פאַרקערט עס וועט איין אונגעהייערע מאַסע אַלטע טויזנט מאָל איבער געדריקטע ספרים גאָר אוים דער מאָדע קומען, און די נײַע פון געוויסנהאַפטע זאַכקענער וועלן נאָך מער וועקן אין זיי דאָס בעדירפניס אַ לעבעדיקע שפּראַכע צו לערנען".

אָט אין דער נאָרוואָס ציטירטער רעצענזיע איז פאַראַן אַ באַמערקונג, וואָס ווערט בולטער אַרויסגעזאָגט אין אַנדערע דרײַ רעצענזיעס. די באַמערקונג איז: „אַלע שילדערונגען זיינען אַזוי לעבהאַפט, אַז די איבערנאַטירלעכסטע עראייגניסע ערשײַנען פאַר וואַרהייטן". אויך אין די פּאַראַגראַפן וועגן עטינגערן באַמערקן מיר עס, הגם ניט אַזוי דײַטלעך: „דערבײַ איז פאָרגעשטעלט אויסגעצייכנט דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן". „אויסגעצייכנט פאָרשטעלן" האָט בײַ צעדערבוימען געמיינט — וואָרהאַפטיק פאָרשטעלן. זייער נאָענט צו די ווערטער „וואַרהייט" און וואָרהאַפטיק איז געווען בײַ צעדערבוימען דאָס וואָרט „נאַטירלעך". אַ ווערק דאַרף זײַן נאָך צעדערבוימען נאָך — וואָרהאַפטיק און נאַטירלעך.

אין זײַן אַרטיקל וועגן ישראל אַקסענפעלדן (דאָרט, נומער 26) כאַראַקטעריזירט ער אַקסענפעלדס שרײַבן אויף אַזאַ אופן:

„אַלע זײַנע שילדערונגען זיינען פונעם *לעבן געגריפן*, מייסטנס *אויף פּאַקטן באַגרינדעט*... אין זײַנע ביכלעך זעט מען *אַ שפּיגל פון אַלע ייִדישע אַנגעלעגנהייטן, אַלע קאַראַקטערע און געהיימניסע*". (אונטערגעשטראָכן פון מיר — נ. ב. מ.) ער גיט אויך איבער: „אַקסענפעלד האָט געשריבן אויסער טעאַטערע, אויך ראָמאַנען". וועגן די ראָמאַנען זאָגט ער: „זיי זיינען זייער אינטערעסאַנט". ער איז אָבער גלײַך מוסיף אַ זייער וויכטיקע כאַראַקטעריסטיק וועגן דעם פּרימיטיוווסטן רעאַליזם, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן, דהיינו: „די ראָמאַנען זיינען אינטערעסאַנט אי־

בערהויפּט פאַר די וואָס ווייסן די וואָרע געשיכטע, וועלכע האָט אים דעם שטאָף דערצו געגעבן".

אויך דאָ, ווו עס רעדט שוין דער רעאַליסט, אמת, דער זייער נאַ־ווער און פּרימיטיווער רעאַליסט, ווײַזט זיך דער זעלביקער מעטאָד ווי אין די פריִערדיקע גרעסערע אַרטיקלען: ער רעדט אַרום דעם שרײַבער אָדער דעם אינהאַלט פון ווערק, זאָגט אַרויס מבינות און רעדט וועגן דעם וואָס איז „באַלערנד" און „אַנציִענד":

„עס פאַרדינט בעזונדערס דערמאָנט צו ווערן די שריפטן פון ר' ישראל אַקסענפעלד ע"ה. עס זײַנען שוין זאָגאַר 3 טעאַטערע פון אים ערשינען: „דער ערשטע רעקרוט", „דאָס שטערנטיכל", „מאַן און ווײַב, שוועסטער און ברידער", און זײַנען פון מבינים גוט אויפגענומען געוואָרן, בעזונדערס דאָס צווייטע. נאָר עס זײַנען נאָך דאָ פיל וויכטיקע מאַנוסקריפּטן, אונטערן אַנדערן „דער בער־דיטשעווער יריד" וכדומה אויסגעצייכנטע טעאַטער־שטיקע פונעם יידישן לעבן געגריפן. ר' ישראל אַקסענפעלד איז געווען איין זייער ערפאַרענער מאַן. אין דער יוגנט האָט ער געלעבט אין פּוילן צווישן חסידים און גוטע יידן; אַ טאַטנס אַ קינד, וואָס האָט געקענט גוט לערנען, האָט ער געוווּסט אַלעס, וואָס עס גייט פאַר אונטער דעם עולם. באַלד נאָך דער חתונה איז ער געוואָרן אַ סוחר, אַ פּאָדראַ־טשיק, עס איז דעמאָלט געווען קריגס־צײַטן, איז ער אויסגעוועזן אין פיל שטעט אין פּוילן און אין דײַטשלאַנד, איז געקומען אין בערירונג מיט פאַרשידענע מענטשן יידן און קריסטן, מיט אויפ־געקלערטע און אַלע אַנדערע קלאַסן. דאָס האָט אים שטאָף געגעבן צו דענקען און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ גרויס טאַלענט אַלעס אויפצופּאַסן און צו קאָמבינירן, דערבײַ אַ גוטן זכרון און אַ שיינע שפּראַכע, ער האָט אויך פיל געלעזן אין דער העברעיִשן און דײַ־טשן ליטעראַטור, האָט ער זיך אויסגעבילדעט אַלס עכטער פאָלקס־דיכטער. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין אָדעסאַ, איז געווען נאָטאַרוס, טראַנסלאַטער און האָט געפירט זייער אַ שיין הויז. ער און זיינע גייסטרייכע פרוי האָבן צוגעצויגן צו זיך די איידלסטע

געבילדעסטע מענטשן און אַזוי ווי ער האָט געפירט הייסט עס א רויק לעבן, האָט ער זיין מייסטע צייט אויסגעפילט מיט שרייבן און דיכטן. ער האָט אויך העברעיש געשריבן, נאָר באַזונדערס האָט ער זיך אויסגעצייכנט אינעם יידישן. אַלע זיינע שילדערונגען זיינען פונעם לעבן געגריפן, מייסטנס אויף פאַקטן בעגרינדעט, נאָר פּלאַנמעסיג, סיסטעמאַטיש דראַמאַטיזירט. זיינע שילדערונגען זיינען לעבהאַפט, טריי, אַנציענד, מיט עכטע יידישע אויסדריקע, יידישן וויץ און יידישע ווערטלעך. אין זיינע ביכלעך זעט מען א שפּיגל פון אַלע יידישע אַנגעלעגנהייטן, אַלע כאַראַקטערע און געהיימניסע. ער האָט אויסער טעאַטערע אויך ראָמאַנען געשריבן, מאַנכע זייער גרויסע, וואָס זיינען זייער אינטערעסאַנט, איבער־הויפּט פאַר די וואָס ווייסן די אמתע געשיכטע, וועלכע האָט אים דעם שטאָף דערצו געגעבן. עס וואָלט א יושר געווען די מאַנוס־קריפּטן זאָלן געדרוקט ווערן, ווייניקסטנס דערווייל די בעסערע אונטער די קלענערע, זיי וואָלטן געווען וואָהרע פּאָלקסשריפטן און העטן פיל געווירקט. מעגלעך מען וואָלט זיי געדאַרפט איבער־זען פאַר דעם דרוקן, פיליכט איז נויטיק נאָך די יעצטיקע אומ־שטענדן מאַנכעס צו ענדערן, באַזונדערס די אויטאָגראַפיע, ווייל ה' אַקסענפעלד האָט זיך געמאַכט אַן אייגענע שרייבאַרט, נאָר אַזוי ווי היינט האָט מען אָנגענומען כמעט אַלגעמיין איינע אַנ־דערע, קען דאָס ערשווערן די לעזער. דאָס איז אָבער קלייניקייטן. דער עיקר איז — די שריפטן זאָלן ערשיינען, מיר זיינען איבער־ציינגט דאָס פאָלק וועט זיי כאַפּן און זיי וועלן דערפון אויפגעקלערט ווערן איבער אַלע זייערע פערהעלטניסע".

צעדערבוימס פאָדערן „נאַטירלעכקייט" איז צום קלאָרסטן אויסגע־דריקט אין דער קריטיק איבער מענדעלעס „די טאַקסע אָדער די באַנדע שטאָט בעלי־טובות" (דאַרט, נומ' 24). דאָ האָבן מיר אויך: דעם אינ־האַלט פון ווערק בקיצור התמצית, דעם מחברם כוונה, וועגן רעאַליזם („נאַטירלעכקייט"), וועגן דער „נוצלעכקייט" פון אַזאַ ווערק, און, מיט וואָס דאָס ווערק איז „אָנציענד". דאָ איז דער רעאַליזם צעדערבוימס זייער

א „רירנדיקער", ממש א „פאטעטישער". „די גאנצע פארשטעלונג אין דעם ביכל זעט צעדערבוימען אויס צו זיין „זייער נאטירלעך", „נ א ר ד י פ א ר ש ו י נ ע ן ה א ב ן מ י ר נ י ש ט ג ע ק ע נ ט ע נ ט צ י פ ע ר ן, ו ו י ל מ י ר ק ע נ ע ן ד א ר ט ו ו י י נ י ק מ ע נ ט ש ן". (אונטערגעשטראכן פון מיר — נ. ב. מ.). און דעם גרעסטן טייל ארטיקל גיט צעדערבוים אפ צו דערווייזן, ווי איין זאך איז „אין דער פארשטעלונג" „ניט נאטירלעך". „ניט נאטירלעך" איז אין צעדערבוימס אויגן דאס, וואס די פארנעמסטע אין שטאט שליסן בלאט מיט אן אויפגעקלערטן גביר „און אלע אינאיינעם זאלן זיך פארטרויען פון יונגאטשעס, שטאט עזות־פנימער, און צוזאמען מאכן כאפטעם און זיך טיילן מיט דער גזילה". דאס וואס אן א ו י פ ג ע ק ל ע ר ט ע ר ג ב י ר זאל זיין פארמישט מיט דער גאנצער שטאט „בעלי־טובות" — „דאס איז ניט נאטירלעך". און צעדערבוים מיינט: אט אין דעם ליגט דעם ווערקס חסרון. דא, האלט ער, האט דער מחבר איבערגעטריבן — „חושד זיין, אז אלע לייטישע גבירים פון פארשיידענע ריכטונגען זאלן זיין איין כנופיא, אלע אינאיינעם בעראבעווען און באגנבענען די שטאט, די טאקסע און אלע חברה־געלטער", „דאס — שרייבט צעדערבוים — איז אין אונדזערע אויגן איבערטריבן".

אט־די קריטיק קען דינען ווי א מוסטער פון צעדערבוימס אלע קריטישע ארטיקלען — ווי אזוי ער שרייבט זיי און וואס עס זיינען זיינע פאדערונגען.

„די טאקסע אדער די באנדע שטאדט בעלי־טובות, געדרוקט בהשתדלות מענדעלי מוכר ספרים, זשיטאמיר 1869, בדפוס א. ש. שאדאוו.

„דאס ביכל איז געווידמעט זיינער עקסעלענץ ה' ניקאלאי וואסיליעוויטש נ א וו א ס ע ל ס ק י אדעסער גאראדסקאי גאלאוואַ. איטלעכער ווייסט ווער דער מחבר איז, דאך האט ער ניט ארויסגעשטעלט זיין נאמען, מיר פארשטייען אפילו ניט פארוואס: צו שעמען האט ער זיך ניט, וואס ער אלס באקאנטער יידישער שריפטשטעלער גיט זיך אפ מיט זשארגאן, ובפרט אז דאס ביכל

איז געשריבן צו אַ צוועק, דאָס פֿאָלק אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף זייערע פֿאַרזאָרגערס. אין וואָס פֿאַר אַ לשון קען ער דען בעסער גלייך מיטן פֿאָלק ריידן? קיין איבערגעשראָקן מענטש איז ער אויך נישט, ער זאָל מורא האָבן, איבערהויפּט, אַז די וועלט ווייסט וועגן עס האָט דאָס ביכל געשריבן. נאָר אַז ער מאַכט דערפֿון אַ סוד, טאָרן מיר נישט זיין נאָמען אַרויסגעבן. איבעריקנס דאַרויף קומט עס נישט אָן, נישט דער מחבר נאָר דאָס ווערק איז דער פֿאַקט.

„דאָס ביכל איז אַ מעשה געשילדערט, וואָס עס גייט פֿאָר אין ייִדישער שטאָט איבער דער טאַקסע, וואָס ווערט געהאַלטן לטובת הכלל, איינגעטיילט אין סצענען, ווי די שטאָט טוער יעדן צווישן זיך און גיבן עצות ווי אַזוי די שטאָט צו ציפּן, צו באַרייסן און אַלע מיסברויכע צו פֿאַרדעקן, קוים הויבט עמיצער אויף אַ קול נעמט מען אים אין דער חברה אַריין, גיט אים אַ חלק, איז ער אָבער איין עקשן און וויל זיך נית פֿאַרקויפֿן מאַכט מען מיט אים אַן עק, מען זעצט אים איין, מען פֿאַרשיקט אים ווי אַ שעדלעכן מענטש, און דאָס פֿאָלק לאָזט זיך אַזוי אַרומפֿירן ביי דער נאָז, אַז לאַ־די מען זוינגט אויס דאָס דם התמצית, זיינען זיי נאָך פֿאַר־בלענדעט אָן זייערע בעלי־טובות און העלפֿן זיי זייערע פּלענער אויסצופֿירן, טרעטן צו מיט די פֿיס דעם וואָס שטעלט זיך פֿאַר זיי אַרויס.

„די גאַנצע פֿאַרשטעלונג אין דעם ביכל אין אַלגעמיין איז זייער נאַטירלעך, דאָס באַגעגנט מען — מען קען זאָגן מיט ווייניק אויסנאַמען — כמעט אין אַלע ייִדישע שטעט אין אונדזער פֿאָטער־לאַנד. פֿילע כאַראַקטערע דאָרט זייער גוט געשילדערט, מאַכנע זייער רירנד. מען זעט דער מחבר האָט געשריבן מיט געפֿיל, זאָגאַר פֿון אַזאַ מעשה, ווי דאָרט קומט פֿאָר מיט איציק זאהיקע האָבן מיר פֿון פֿיל גלויבווירדיקע מענטשן געהערט אויף אונדזער דורכ־רייזע צוריקוועגס דורך קיעוו און עס שיינט, אַז דער מחבר האָט טאַקע דאַרויף געצילט.

„דער לייענער שטויסט זיך פֿון דער שילדערונג, וואָס פֿאַר

א שטאָט דער מחבר רופט אָן גלופסק און טונעיאַדעווקע, נאָר די פאַרשווינען האָבן מיר ניט געקענט ענטציפערן, ווײַל מיר קענען דאָרט ווייניק מענטשן. מען זעט, אַז ער האָט זאַדערגעט די פּראי (פּני) הקהילה, פרומע חסידים, הײַנטוועלטיקע. ווי געזאָגט, אין אַלגעמיין, איז אין דעם ביכל מיט נאַטירלעכע פאַרבן אָפּגעמאָלט דאָס ייִדישע געמיינדלעבן, און עס איז זייער נוצלעך, וואָרעם יעדע געמיינדע קען אין דעם שפּיגל דערקענען אירע פאַרזאָרגער.

„איין זאַך גייט אונדז גאָר נישט אין קאָפּ אַרײַן. מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז אין יעדער שטאָט באַזונדערס אין אַלט מאָדישע געפינען זיך עסקנים בצרכי ציבור, שיינע ייִדן, בוררים און בײַ זיי לייגט מען אײַן שלישיתין, וואָס מאַכן שטאַרקן מיסברויך אונטער דער מאַסקע. נאָר אַ גאַנצע באַנדע, ווי דער מחבר רופט זיי אָן, פון אַזעלכע גראַביטעליעס די פאַרנעמסטע אין שטאָט די וואָס שפּילן די פרומע חסידישע און פּני־בריהשע ראָלע, זאָלן קענען בלאָט שליסן מיט אַן אויפגעקלערטן גביר, וואָס דער מחבר אַליין הייבט אַרויס זײַנע מעלות, און אַלע אינאיינעם זאָלן זיך פאַר־טרויען פאַר יונגאַטשעס, שטאָט עזות־פּנימער, און צוזאַמען מאַכן כאַפּטעם און זיך טיילן מיט דער גזילה — ד אָ ס א י ז נ י ט נ אַ ט י ר ל ע ך.

„אומפּאַרטייִיש אורטיילן מיר איבער דער מעשה אויף דעם אָרט: די איינצלנע פאַקטן ווי אַזוי עס פירט זיך אין שטאָט אָן אָרדענונג, אָן חשבון, איז גאַנץ ריכטיק. דאָס ליגט אין כאַראַקטער. די אומאָרדענונגען און דאָס פּליטן מיט די רעכענונגען, באַזונדערס. אָבער די באַדערפעניסע דער געמיינדן, וואָס קענען ניט פּאָ זאָ־קאָנו אַרויסגעשטעלט ווערן, מען מוז זיי געבן אַן אַנדערן נאָמען (מיר ווייסן למשל פון אַנדערע שטעט, דאָס געזעץ ערלויבט ניט דעם רב צו צאָלן געהאַלט פון דער טאַקסע, שטעלט מען אים פאַר נאַבלודאַטעל (אויפזעער) אויף כשר פלייש וכדומה), די פירן אַרויף די קורצזיכטיקע פאַרשטייער צו זוכן ניט געזעצלעכע נאַ־לאָגים. אַזוי ווי מען האָט אָבער מורא פאַר אַ רעוויזאָר, מוז מען אָנגרייטן היפּשע שטיקלעך צו פאַרשמירן די אויגן, דערבײַ איז

אַזוי — די גרויסע האָבן קיין צײַט נישט זיך מיט שטאָט זאַכן אָפּצוגעבן — דעם כבוד ווילן זיי, די מי ניט, וואָס דען זיי פֿאַר־לאָזן זיך אויף אַנדערע. אונטער זיי מעגן זײַן אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דאָס גענומען פֿאַר אַ פּרנסה. די גרעסטע מיסברויכע געשעען בײַ געגנשטענדע, וואָס מען קען ניט קאָנטראָלירן. למשל בײַ רע־קרוטן אָפּגעבן, פֿון בכבודע בעלי־בתים וועט קיינער ניט וועלן אויף זיך נעמען כאַפּן קינדער בײַ עלטערן, אָדער גיין זוכן לויזע גוליאַשטשי יונגע, וואָס ווילן זיך פֿאַרקויפֿן, מיט זיי האַנדלען, טרינקען מאַגאַריטש און די הוצאות פֿון די סדיעליקים און שפּעזן ביז מען גיט זיי אָפּ. מוז מען דאָס אָנפֿאַרטרויען אַזעלכע מענטשן, וואָס ווילן זיך דערמיט אָפּגעבן מעג מען זיי יאָ געבן אָדער נישט געהאַלט, איז אוממעגלעך צו באַוואָרענען זיי זאָלן ניט מרויח זײַן אין דעם שווערן אומאָנגענעמען געשעפֿט, וואָס איז מיט פֿאַר־אַנטוואָרטלעכקייטן פֿאַרבונדן. אַזעלכע עסקים זיינען דאָ פֿיל אין יעדער אָבשטשעסטוואָ. וואָס זאָלן באמת די ערלעכע טאָן צו פֿאַר־היטן? דערווײַל, אַז עס געשעען שוין אַזעלכע פֿאַרדרייעניש אין דער געמיינדע ווירטשאַפֿט, אַוודאי באַדינט זיך ווער עס וויל מיט דער געלעגנהייט, אין דער איבערצײַגונג מען וועט ניט דערגיין, אויך קען פֿון אים קיינער ניט פֿאַרלאַנגען קיין חשבון, ווײַל קיין תקיפֿות איז ניטאָ, אַז ניט וועט מען די גאַנצע שטאָט קוילענען און קיין חשבון קען מען טאַקע קיין מאָל ניט אַרויסווײַזן, שווער, שווער דערגלײַכן מיסברויכע אויסצוראָטן ווי לאַנג יידן וועלן לעבן אונטער די איצטיקע קאָנדיציעס. מען דאַרף אַ רעפֿאָרם, נאָר פֿון וועמען זאָל ער אַרויסגיין? יעדע געמיינדע האָט 100 דעות. דער רעגירונג האָט מען אָבער ניט פֿאָרגעשלאָגן ראַדיקאַ־לע מיטל, די אַלע צרות צו אויסקאָראָנעיען. איין עצה איז דאָ, מען זאָל די פֿלייש טאַקסע אָפּשאַפֿן נאָר אַזוי לאַנג יידן וועלן דאַרפֿן אַליין טראָגן אַלע זייערע לאַסטן און די אַלגעמיינע שטאָ־טישע קאַסע וועט זיי ניט מיטשטײַערן, אַזוי לאַנג יידן וועלן דאַרפֿן אַזאַ גרויסן בודזשעט, אַזוי לאַנג יידן וועלן פֿון דער גע־מיינדע־קאַסע צאָלן פּאָווינאָסטין פֿון יחידים און מען וועט קענען

מענטשן דריקן געלד פאַר פּאַספּאָרטן — ביז דעמאָלט וועלן די אַלע לײַדן און מחלוקות ניט אויפהערן. יאָ מען מוז גאַנץ גוט אי־בערלייגן פון וואַנען דאָס נויטיקסטע צו ציִען, עס זאָל ניט שווער זײַן אויפן פאָלק און מען זאָל אויף דעם נייעם שטייגער ניט נײַע פּאַראורטיילן געפינען אָראָפּצושטעקן אין קעשענע אָרײַן אָדער בעזפּאָראַדקים, וואָס קאָסטן טאָפּל און מען מוז זיי גאָר פאַרדעקן מיט נײַע הוצאות. חוץ דעם זאָל מען באַוואָרענען, אַז כשר פלייש זאָל ניט טײַערער קאָסטן, אַז די העקער וועלן זיך מאַכן איין האַנט.

„דאָס אַלעס איז זייער רעכט און מיר גלויבן, אַז דער פאַר־פאַסער דענקט אויך אַזוי. נאָר חושד זײַן אַז אַלע לײַטישע גבירים פון פאַרשיידענע ריכטונגען זאָלן זײַן איין כנופיא, אַלע אין איינעם באַראַבעווען און באַגנבענען די שטאָט, די טאַקסע און אַלע חברה־געלדער, דאָס איז אין אונזערע אויגן איבערטריבן.

„איבער דער פאָרם פון דעם ווערק האָבן מיר נישט צו רעדן, אַזוי ווי דער פאַרפאַסער האָט דאָ ניט באַאַבזעכטיקט קיין ראָמאַנ־טישע פאָרשטעלונג צו געבן, נאָר אַ ווירקלעכע מעשה אויסגע־פּוצט און אָרײַנגעלייגט ווערטער אין מויל די וואָס קומען דאָ פאָר, און די האָבן געוויס ניט געלערנט די טעאָריע פון ראָמאַנ־טישע פאָרמען.

„די שפּראַכע איז כמעט דורכגעהנגיג זייער פלאַוונע, עכט יידיש מיט שיינע ווענדונגען און בילדער, אויף זייער לעבעדיקע פּראַקטישע אידעען.

„עס איז קיין צווייפל, אַז דאָס ביכל פאַרדינט געלעזן צו ווערן פון אַלע קלאַסן, עס קלערט אויף פיל עסקים אין יידישן געמיינדע לעבן און וועט געוויס פיל ווירקן, אַז עס וועט פּאָפּולער־ווערן אונטער דעם פאָלק. דער פּרײַז איז דאָכט זיך זייער ביליג, וואָס מאַכט מעגלעך עס זאָל שטאַרק פאַרשפּרייט ווערן. מען קען דאָס קריגן בײַ ה׳ פּרוסיאַן״.

צעדערבוימס מיינונגען, אַרויסגעזאָגט אין דער קריטיק איבער מענדעלעס „טאַקסע״, זײַנען געווען גילטיק פאַר אים אויך מיט צוועלף

יאָר שפּעטער. אין 5טן נומער „יודישעס פאָלקסבלאַט" 1881, אַז פאַר־ ראַן אַ באַריכט וועגן אַ „מיטיק לכבוד דעם דיכטער ה' לעאָן גאָרדאָן" (געמיינט יהודה לייב גאָרדאָן) צום 25טן יאָר זינט ס'איז אַרוים זײַן ערשטער שיר „אהבת דוד ומיכל". דעם דאָזיקן באַריכט האָט, קאָנטיק, צעדערבוים געשריבן. רעדט דאָרטן צעדערבוים וועגן גאָרדאָנס „נײַעם שטייגער". „דער נײַער שטייגער" איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס גאָר־ דאָן „איז ניט ווי פרעמדע דיכטער געפלויגן אין הימל און פאַנטאַזירט איבער אַלטע צײַטן, קאָמפּלעמענטע געמאַכט יידן און קינות — אויף חורבן און גלות; ער האָט אָנגעהויבן שילדערן דאָס יידישע לעבן איצט, אַרויסגעשטעלט מאַנכע פעלער בולט". צעדערבוימען געפעלט זייער, וואָס גאָרדאָן טוט עס „מיט אַ זיסער קינצלערישער שפּראַכע, דערצו זייער וויציק, טייל מאָל, ווו עס איז נייטיק געוועזן — מיט שטעכווערטלעך, אַז יעדעס וואָרט איז אַרײַנגעקראָכן אין דער לעבער אַרײַן".

אָבער דאָס וויכטיקסטע איז בײַ צעדערבוימען דאָס, וואָס „מיט זײַן מײַסטערהאַפטער פעדער איז ער אימשטאַנד אָפּצומאָלן אַ בילד, אַז מען זעט פאַר זיך לעבעדיק אַלע פאַרשוינען: מען מיינט, אַז די מעשה גייט פאָר פאַר אונדזערע אויגן, און מען וויינט, אַז ער שילדערט עפּעס טרויעריג און מען שפּרינגט־אויף פאַר לאַכן, אַז ער שטעלט פאָר סצע־ נען און לעבערלעבע מעשהלעך".

פּיאָנערן, גלײַכצײַטיק אין אַ סך געביטן, זיינען בלי שום ספק גרוי־ סע אויפטוער. באַזונדערס — דינאַמישע נאַטורן פון צעדערבוימס שניט. צעדערבוים איז געוועזן ניט נאָר אַן אויפטוער אין פאַרשיידענע ליטע־ ראַרישע און קולטור־געביטן, נאָר אויך איינער פון די אומדערמיד־ לעכסטע עוסקים בצרכי ציבור. דאָך — מיט דער גרעסטער אָנערקע־ נונג פאַר זײַנע אויפטואונגען — מוז מען פאַרצייכענען, אַז צו אונדזער־ עלטער־זיידן אין דער קריטיק געהערן אָט די קינדערישע, כמעט אום־ פאַרשטענדלעכע שורות:

„איבער דער פאָרם פון דעם ווערק (מענדעלעס „טאַקסע" — נ. ב. מ.) האָבן מיר נישט צו רעדן. אַזוי ווי דער פאַרפאַסער האָט דאָ ניט באַאַבזיכטעט קיין ראָמאַנטישע פאַרשטעלונג צו געבן נאָר אַ ווירקלעכע מעשה אויסגעפּוצט, און אַרײַנגעלייגט

ווערטער אין מויל די וואָס קומען דאָ פאָר, און די האָבן געוויס ניט געלערנט די טעאָריע פון ראָמאַנטישע פאָרמען".

וואָס צעדערבוים האָט דאָ פאַרשטאַנען אונטערן וואָרט „פאָרם", איז ניט גאָר קלאָר. עס קומט אויס — „פאָרם" האָט צו טאָן מיט „ראָ־מאַנטישע פאָרמען", מיט „געפליגלטע פליטערלעך", מיט געצאַצקעטע איידלקייטן...

דערוואַרטן אָבער פון צעדערבוימען אַ באַשטימטן קריטישן מע־טאָד וואָלט געמיינט — דערוואַרטן אַן אוממעגלעכע זאַך. ניט נאָר אין דער יידישער ליטעראַטור איז עס אַזוי. ניט אַלע קריטיקער־פּיאָנערן קומען מיט אַ באַשטימטן קריטישן מעטאָד. סיי צעדערבוים און ישראל לעווי, סיי די שריפטשטעלערס יעקב דינעזאָן, מ. ספּעקטאָר, שלום־עליכם, פּרץ א. א., האָבן ניט געטראַכט וועגן אַ קריטיק־פילאָזאָפיע, וועגן טעאָרעטישע יסודות. דיכטיק האָט באַמערקט ש. ניגער (אין זיין עסיי וועגן בעל־מחשבותן): די ערשטע קריטיקער זיינען געווען בלויז „מבינות־זאָגער". די, ווידער, וואָס האָבן אַליין געשריבן בעלעטריסטיק — זיי האָבן גענומען פאַר אַ מאָס זייער אייגן שרייבן.

אַ מעטאָד אין דער יידישער קריטיק טרעפן מיר אַ יאָר נאָך צעדער־בוימס נעקראָלאָג וועגן אַקסענפעלדן, און אַ יאָר פאַר צעדער־בוימס ערשטע „ביבליאָגראַפישע נאָטיצן". דאָס איז י. י. לערנערס „אַנאַליז" איבער ישראל אַקסענפעלדס ווערק. דער מעטאָד ביי לערנערן איז אַן אוטיליטאַרישער, אָבער אין דערזעלביקער צייט אויך אַן עסטע־טישער.

מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער, אין דעם ערשטן בוך פון שלום־עלי־כמס יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק, אין יאָר 1888, זעען מיר ווידער אַ מעטאָד אין ראַווניצקיס שאַרפן אַרויסטריט קעגן דער־„מבינות־זאָגעריי" פון די פריערדיקע קריטיקער. ראַווניצקיס טעאָריע איז געווען, אַז קריטיק האָט לחלוטין גאָרניט צו טאָן מיט צופעליקער סתם־מבינות. זיין באַגריף איז געווען, אַז קריטיק באַשטייט פון באַ־אָבאַכטונג און אַנאַליז. דערמיט האָט ער אַרויסגעבראַכט דעם רעיון, אַז אַ ווערק מוז מען טיכטיק און דורכדרינגלעך דורכנעמען,

שפעטער ערשט פאנאנדערגלידערן און „באווייזן פארוואס און פארוואָס" קומט דער קריטיקער צו די־און־די מסקנות".

נאָך מער באוווּסטזיניק איז געווען בעל־מחשבות מיט זיין מיליע־מעטאָד, וואָס ער האָט זיך געמיט איבערצופורעמען אין אַ נאַציאָנאַלער קריטיק, וואָרעם פאָלק, נאַציע איז מיליע, איז טיפערע מיליע.

ביי ש. ניגערן — אין זיין אימאַנענטע קריטיק — ווערט שוין די פּראָבלעם מעטאָד פּלוראַליסטיש, פאַרפּילפּאַכט, און די באַציִונג צו יעדן מעטאָד איז אַ רעלאַטיווע.

צעדערבוימס זכיה באַשטייט אָבער אין זיין דער ראשון הראשו־נים. אים איז אויסגעקומען צו זיין דער ערשטער איינצוזען, ווי וויכטיק עס איז קריטיק. ער האָט זיך געמיט מודיע זיין דעם לייענער, וואָס יאָ און וואָס ניט צו לייענען. און מיט זיינע ערשטע נאָטיצן, רעצענזיעס און קריטיקן האָט ער פאַרזייט די ערשטע קערנער.

ער האָט די שפּעטערדיקע קריטיקער ניט באַווירקט מיט קיין שום באַשטימטן מעטאָד. ער האָט עס דאָך אַליין ניט פאַרמאָגט. אָבער ער האָט זיכער געהאָלפן אויסצופורעמען אַ נייעם געדאַנק: שרייבן קרי־טיק איז אַ וויכטיקע און נוצלעכע עובדא. אַזוינאָך האָט ער געשאַפן דאָס באַוווּסטזיין פאַר קריטיק. אין אַ העכערער פאָרם איז עס ניט קיין אַנדער זאַך ווי דאָס קריטישע באַוווּסטזיין.

# אַ ביסל פאַר-געשיכטע פון יידישער קריטיק

די געשיכטע פון דער יידישער קריטיק הייבט זיך אָן מיט אַלעק־סאַנדער צעדערבוימס „יודישע ביבליאָגראַפיע", געדרוקט דעם 10טן יוני, 1869, אינעם 22טן נומער „קול מבשר". פון דעמאָלט אָן באַ־ווייזן זיך אין „קול מבשר" נאָטיצן און אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור. אָבער דאָס אַליין וואָלט נאָך ניט באַשטימט די דאַטע — דעם 10טן יוני 1869 — ווי דעם אָנהייב פון יידישער קריטיק. ניט קיין קלענערע ראָלע האָט דאָ געשפּילט אַ בפירושע כוונה ביי אונדזער ערשטן קרי־טיקער. די כוונה איז געווען אויפצושטעלן אַ מחיצה צווישן די ניצלעכע ווערק, „וואָס קומען אַרויס פון טיכטיקע שרייבערס", און די שעדלעכע, די „צוועקלאָזע חיבורים".

נאָך צעדערבוימען נאָך, איז די גאַנצע יידישע ליטעראַטור ביזן „קול מבשר" געווען אַזאַ, וואָס האָט ממש אומגליקלעך געמאַכט „דעם געמיינעם עולם" און די „די ווייבער". די אַלע ספרים, וואָס מען האָט געדרוקט אין „אונדזער פּראָסט יידישע (זשאַרגאָן) ליטעראַטור" — תנ"ך, סידורים דאָס טייטש-חומש מיט לעגענדעס און מדרשים, מוסר־ספרים, דינים, תחינות און בבא־מעשות — „האָט טאַקע דעם געמיינעם פאָלק איינגעפלעמט ערפורכט פאַר גאָט, איינדאַכט ביים דאַווענען, אָבער פאַרמישט מיט דעם גרעסטן אָבערגלויבן, מיט שרעקלעכע שטור־תים, מיט פרוכטבאַרע שילדערונגען פונעם גיהנום און זינלעכע תענו־גים אינעם גן־עדן". און דאָס האָט „פאַרדאָרבן ביים פאָלק דעם געשמאַק פאַר די אינהאַלטרייכע געבעטן, די הייליקע שריפטן..." מחמת די אַגדות, וואָס די מחברים „האָבן איינגעוועבט" אין די פסוקים, האָט מען בפירוש ניט געוווּסט וואָס עס שטייט אין דער תורה „און די שווער־מערישע פאַנטאַזיע איז געררייצט געוואָרן". אונדזער לירישער רעלי־

גיעזע פּאָעזיע, די איידעלע תחינות, האָלט צעדערבוים פאַר א „געַ־שוועץ". וועגן דעם חסידישן פאָלקלאָר, וואָס איז אויפגעקומען בערך אין מיטן 18טן יאָרהונדערט, האָט ער קיין איין גוט וואָרט ניט צו זאָגן. פאַר אים איז דער גאַנצער חסידישער פאָלקלאָר און חסידישע וואָרט־קונסט — „איין ליגן גרעסער פון דעם אנדערן".

דער משכיל צעדערבוים איז געווען זיכער — דאָס אַלץ טוט אָן דעם עולם נאָר גרויסן שאָדן. די אַלע פריערדיקע ווערק „הינדערן זיי צו האָבן ריינע בירגערלעכע געפילע, צי צו זאָרגן פאַר זיך און זייערע קינדער". „מאַנכע געבילדעטע מענטשן" האָבן דאָס גוט פארשטאַנען. עס האָט זיי ממש געבלוטיקט דאָס האַרץ צוזען ווי אַזוי מען פאַרפירט עס דאָס פּראָסטע פאָלק. האָבן זיי אָנגעהויבן שרײַבן „אין דעם איי־גענעם זשאַרגאָן ריינערע מעשות, טעאַטערע, זאַגאַר ראָמאַנען, געדיכטע וכדומה". און יענע צווישן די „מאַנכע געבילדעטע מענטשן", וואָס האָבן עס ניט געטאָן „פאַר שפּאַס", „האָבן גאָרניט געדענקט אַזעלכע שריפטן אַרויסצוגעבן". זיי האָבן זיך געשעמט צו ווערן שרײַבער „אין דעם אָרעמען זשאַרגאָן".

מיטן „קול מבשר" — שרײַבט ווײַטער צעדערבוים — איז אויפ־געקומען א דור ניצלעכע שרײַבער. געווען אויך פאָלקס־מענטשן און דווקא פעיקע, וואָס די לאַגע פון לײַדנדיקן פאָלק האָט זיי גאָרניט אינטערעסירט. „ביי א טייל איז זשאַרגאָן געוואָרן א שפּעקולאַציע". באַקלאָגט זיך צעדערבוים. די משכילים האָבן טאַקע באַטראַכט אָט־די אויפגעקומענע „פאַרוויילונג־ליטעראַטור" מיטן גרעסטן עקל. דעם גרעסטן שונא אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור האָבן זיי געזען אין „די העכסט אינטערעסאַנטע" ראָמאַנען. פאַר זיי איז דאָס געווען אַן אַנגעוויימיקטע פראַגע, א ברענענדיקע געזעלשאַפטלעכע פּראָ־בלעם. און כדי דאָס צו באַקעמפן האָט דער ווײַט־זעעענדיקער מושלם צעדערבוים דערפילט, אז מיט קריטיק וועט ער קענען באַקעמפן די מגפה פון יענע שריפטן, וואָס די שרײַבער טרײַבן מיט זיי שפּעקולאַציע. ער זאָגט־צו ער וועט אינגאַנצן ניט דערמאָנען די שעדלעכע ביכער. ער וועט בלויז שרײַבן איבער „די וואָס קומען אַרויס פון טיכטיקע

שרײַבער: ווי ה"ה דר. עטינגער ע"ה, גאָטלאָבער, אבראַמאָוויץ, ביג־שטאָק, דיק, גאָלדפאַדען, לינעצקי וכדומה".

אָט פון דער געזעלשאַפטלעכער נויט איז געקומען די ייִדישע קריטיק. ווי מיר זעען, איז זי געקומען מיט אַ באַשטימטער כוונה און מיט אַ באַשטימט שליחות. ווען אָט־דער עלעמענט איז געוואָרן צע־דערבוימען באַוווסט, האָט דאָס אים געשטויסן אָנצוהייבן צו שרײַבן קריטיק. קומען מיר צוריק צו אונדזער ערשטער באַהויפּטונג. מיט זײַן „יודישע ביבליאָגראַפיע" האָט צעדערבוים אָנגעהויבן שאַפן ייִדישע קרי־טיקער.

עס איז אָבער אויך פאַראַן אַביסל פאָרגעשיכטע. די פאָרגעשיכ־טע איז פאַרבונדן מיט צוויי דאַטעס — מיטן יאָר 1866 און מיטן יאָר 1867. אין יאָר 1866 געפינען מיר צופעליקע שורות מיט אַ קריטישן אינהאַלט. און דאָס יאָר 1867 איז פאַרבונדן מיט אַ באמת רייפער קרי־טישער אַרבעט, אָבער אַן אַרבעט וואָס איז אַרויס גאָר אין רוסיש, ניט אין ייִדיש.

אין יאָר 1866 איז אין „קול מבשר" געווען אָפּגעדרוקט אַ נעקראָ־לאָג וועגן ישראל אַקסענפעלדן („קול מבשר", נומ. 26, שפּאַלטן 401—404). דער מחבר פון דעם נעקראָלאָג איז געווען אַלעקסאַנדער צעדער־בוים. ער האָט זיך אונטערגעשריבן — ארז. דער מחבר האָט זיכער ניט געהאַט די כוונה צו שרײַבן אַ קריטיק וועגן אַקסענפעלדן. ווי מיר האָבן באַמערקט, כוונה שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע בײַ צעדערבוימען. די עט־לעכע שורות קריטיק וועגן אַקסענפעלדס ווערק זיינען ניט מער ווי אגב־אורחאדיקע באַמערקונגען. אין „המליץ", 1861, נומ. 40, איז פאַראַן אַ פּוסנאָטיץ צום אַרטיקל „גוי אשר צדקה עשה". שרײַבט דאָרטן צע־דערבוים, אין דער פּוסנאָטיץ, וועגן אַקסענפעלדס זין. א. ב. גאָטלאָבער דערמאָנט בלויז אַקסנפעלדן אין „המגיד", 1859, ז. 131.

צעדערבוימס נעקראָלאָג וועגן אַקסענפעלדן פאַרנעמט איבער דרײַ שפּאַלטן אין „קול מבשר". דאָרטן זיינען אין גאַנצן פאַראַן ניט מער ווי עטלעכע שורות, וואָס באַהאַנדלען קריטיש אַקסנפעלדס ווערק. אָט זיינען זיי:

„אלע זײַנע ראָמאַנען און טעאַטערע זײנען אמתע מעשיות און די קאַראַקטערע זײַנע געשילדערט פון מענטשן וואָס מען האָט זיי געקענט, נאָר נאַטירלעך אַזוי אויסגעשטעלט, עס זאָל פּאַסן און יעדער זאָל דרינען געפינען אַ מוסר און דערקענען די פעלערן פון גאַנצע קלאַסן ענלעכע מענטשן".

דער גאַנצער פּאַראַגראַף פאַרנעמט אַ האַלבע שפּאַלט. די איבע־ריקע שורות זיינען אַ געמיש פון ביאָגראַפישע און ליטעראַטור־היסטאָ־רישע באַמערקונגען:

„חוץ וואָס ער האָט נאָך געקענט גרסא דינקותא און גוט לשון־קודש, דײַטש, אויך רוסיש און פּויליש, האָט ער געוואָלט ניצלעך זײַן זײַן נאַציע מיט זײַנע פאָלקסקענטעניסע און האָט ניט געזוכט זיך באַרימט צו מאַכן אין אַנדערע שפּראַכן וואָס זיינען יודן ניט צוגענגלעך, בעזאָנדערס דעם פאָלק, נאָך דערצו אין יע־נע צײַטן, ער האָט געפּאַסט שוין לאַנג די גוטע אידעע זײַנע אמתע מעשיות, זײַנע וועלטקענטניסע און זײַן געניטשאַפט אין אַלע יודישע זיטן, אויף פּראָסט יודיש צו שילדערן, דערצו האָט אים זײַן אויסגעצייכנטער געזונטער מענטשנפאַרשטאַנד און די בעלעזנהייט אין אייראָפּעישע ניצליכע שריפטן, געדינט, אַז ער האָט געשריבן אויסגעצייכנטע יודישע געשיכטלעכע און זיטענ־שילדערנדע ראָמאַנען און טעאַטערע, וואָס דינען פאַר אַ וואַרן שפּיגל פון יודישע געמיינדע־ און פאַמיליען־אַנגעלעגנהייטן. דעם חסידיסמוס האָט ער גוט געקענט, וואָרין ער האָט אַליין געדינט אין דער פאָן. די געבילדעטסטע מענטשן האָבן מיט פאַרגעניגן געלעזן זײַנע שריפטן, ער איז געוועזן אַ וואַרער פאָלקסדיכטער".

און ער פאַרענדיקט דעם פּאַראַגראַף מיט די ביבליאָגראַפישע באַ־מערקונגען:

„פון אַלע זײַנע שריפטן זיינען נאָר די קלענסטע צוויי טע־אַטערע „דער ערשטער יודישער רעקרוט" (וואָס איז צו קריגן הי ביים דר. גאָלדענבלום) און „דאָס שטערנטיכל" (וואָס איז אָבער דורך געוויסע אומשטענדע ביז איצט ניט אַרויסגעקומען צום פאַר־קויפן), ביידע אין לייפּציג געדרוקט. אויסערדעם איז געבליבן אַ

גאַנצער קאַסטן גרויסע און קליינע פּערטיגע חיבורים וואָס וואָל־
טן זייער ניצלעך געווען פאַר דעם פאָלק. עס וואָלט זייער רעכט
געווען עס זאָל זיך מאַכן אַ געזעלשאַפט די ניצלעכע שריפטן אָפּ־
צודרוקן, מען וואָלט דערמיט דעם פאָלק זייער פיל גענוצט״.

די איבעריקע צוויי און האַלב שפּאַלטן גיט צעדערבוים אָפּ אויף
פּרטים וועגן אַקסענפעלדס ביאָגראַפיע (יוגנט, בילדונג, געשעפטן, פאַ־
מיליע־לעבן, וועגן דעם, אַז אַקסענפעלדס הויז איז געווען אַ בית ועד
לחכמים, „און פון דאָרט איז אַרויסגעגאַנגען צדקה און געפעליקייטן פאַר
פילע ליידנדע״). נאָכדעם קומען פּרטים וועגן אַקסענפעלדס דריי זין,
וואָס ער האָט געשיקט שטודירן אין אויסלאַנד (היינריך — דעם מאָלער,
אַלכסנדר — דעם מעדיצין־פּראָפעסאָר, יאַקאָב — דעם זשורנאַליסט
און מחבר פון פּאָליטישע שריפטן). ביים סוף באַשרייבט ער אַקסענ־
פעלדס לעצטע צוויי יאָר פון זיין לעבן ביי די קינדער אין פּאַריז.

מיר האָבן פריער דערמאָנט אַ צווייטע דאַטע אין שייכות מיט דער
פאַרגעשיכטע פון יידישער קריטיק, — דאָס יאָר 1867. אין יענעם
יאָר איז אַרויס י. י. לערנערס קריטישער אַנאַליז איבער אַקסענפעלדס
ווערק. דאָס איז שוין אמתע קריטיק. מען טאָר עס אפילו ניט פאַר־
גלייכן מיט צעדערבוימס ערשטע פּרוון. עס פאַרשטייט זיך — לער־
נערס קריטיק איז דורכגענומען מיטן גייסט פון די 60־ער יאָרן אין
רוסלאַנד. צווישן אַנדערע זאַכן זיינען דאָרטן פאַראַן אַנאַליז, דערקלע־
רונג, באַווייזן, אידעע און אפילו עסטעטישע הנחות. אויב מען זאָל
משפּטן וועגן זיין אַקסענפעלד־קריטיק נאָך דער קוואַליטעט נאָך, קומט
לערנערן די בכורה ווי דער ערשטער קריטיקער אין דער יידישער לי־
טעראַטור. ער האָט זיין אַנאַליז איבער אַקסענפעלדס ווערק געשריבן
מיט צוויי יאָר פריער איידער צעדערבוים האָט איינגעפירט אין „קול
מבשר״ די „ביבליאָגראַפישע נאָטיצן״. אמת, לערנער האָט דעם אַנאַ־
ליז געשריבן אַ יאָר נאָכדעם ווי צעדערבוים האָט אָנגעשריבן זיין נע־
קראָלאָג איבער אַקסענפעלדן. אָבער צעדערבוימס כוונה איז געווען צו
שרייבן אַ נעקראָלאָג און ניט קריטיק. חוץ דעם — אין פאַרגלייך מיט
לערנערס „אַנאַליז״ — קען מען די עטלעכע שורות „קריטיק״ אין צע־
דערבוימס נעקראָלאָג ניט פאַררעכענען פאַר אַן אמתן אָנהייב. דאָך איז

א פראגע, צי מיר קענען אננעמען לערנערס „אנאליז" ווי דעם אנהייב פון יידישער קריטיק, מחמת עס איז ניט געשריבן אין יידיש און איז ארויס גאר אין רוסיש.

לכתחילה האט י. י. לערנער געשריבן דעם אנאליז אין העברעיש ווי א בריוו אין „המליץ". געשריבן האט לערנער די דאזיקע קריטיק אין בערסאן, דעם 20טן יולי 1867. צעדערבוים, דער רעדאקטאר פון „המ־ליץ", האט די דאזיקע אפהאנדלונג ניט געוואלט דרוקן, ניט געקוקט אויף דעם, וואס ער האט געהאט אזויפיל דרך־ארץ פאר אקסענפעלדן. האט עס לערנער אליין איבערגעזעצט אויף רוסיש און געקראגן די דער־לויבעניש פון דער צענזור דעם 20טן אקטאבער 1867 (ווי דאס איז אנגעוויזן אין דער געדרוקטער בראשור). און די בראשור גופא איז ארויס — אין רוסיש — אין יאר 1868 מיט א לאנגן טיטל אויפן שער־בלאט:

Критическій разборъ (появившихся недавно на еврейско-немецкомъ жаргоне сочиненій И. Аксенфельда) и напривленія ихъ вообще.

(א קריטישער אנאליז וועגן י. אקסענפעלדס ווערק און וועגן זייער ריכ־טונג בכלל, וואס זיינען נישט לאנג צוריק ארויס אויפן יידיש־דייטשן זשארגאן).

היסטאריש איז אפשר צעדערבוים דער ערשטער יידישער קריטי־קער. אויב אבער מען זאל משפטן נאך דער קוואליטעט נאך, קומט בלי ספק די בכורה לערנערן, הגם ער האט זיין ערשטע אפהאנדלונג וועגן דער יידישער ליטעראטור געשריבן אין העברעיש און עס ארויסגעגעבן אין רוסיש. ווי די זאך זאל נישט זיין, די דאזיקע צוויי פרטים — די דא־טעס 1866 און 1867 — געהערן צו דער פארגעשיכטע פון דער יידישער קריטיק.

## דער יסוד פון לערנערס קריטיק

אלכסנדר צעדערבוים איז געווען א פראקטישער טוער, א פרימיטי־ווער פראקטיקער. קיין סך סתירות האט ער נישט געזען ביי זיינע אייגענע בני־דור משכילים. אויב עמיצער, נישט פון די גרויסע חשובים, האט גע־וואגט זיך שטעלן קעגן אים אדער קעגן די אנגענומענע מיינונגען, איז

ער געווען אין צעדערבוימס אויגן פּראָסט־פּשוט — אָן עזות־פּנים, און דאָס, וואָס ער פלעגט זיך אַליין סותר זײַן, דאָס האָט אים ווייניק־וואָס אינטערעסירט. בלויז איין מחשבה האָט אים באַוועלטיקט: ברענגען נוצן זײַנע ברידער. ווי אַזוי, וואָס, ווען — דאָס האָט אים נישט געאַרט. ווי דער מאָמענט פאָדערט, — אַזוי האָט ער געהאַנדלט. דעריבער האָט ער הײַנט געקענט שרײַבן פּונקט פאַרקערט, ווי ער האָט געשריבן מיט אַ קורצער צײַט פריִער. און אויף מאָרגן — באַפאַלן דאָס, וואָס ער האָט נעכטן פאַרטיידיקט. ער האָט פאַרמאָגט די פעיִקייט זיך זייער שנעל אָריענטירן אין נײַע געשעענישן. ער פלעגט ממש דערשנאַפּן יעדן נײַעם ווינטל. און געהאַט האָט ער אַ חוש פון אַ זשורנאַליסט, אָבער דאָס אַלץ איז געווען אויבנאויף. די טיפערע פּראָצעסן אין ייִד. לעבן, בפרט אין די 60־ער יאָרן — דאָס האָט ער נישט פאַרשטאַנען. ער האָט נישט געזען די נײַע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען און פאָדערונגען, וואָס האָבן געזוכט אויס־דרוק. ער האָט אויך נישט פאַרשטאַנען די שינויים אינעם ייִדישן לעבן, ווו עס האָט זיך געהאַלטן אין אויספורעמען אַ נײַער קלאַס אינטעליגענץ. פאַרקערט — נישט אינערלעכע פּראָצעסן האָבן געזאָלט אויספורעמען דאָס ייִדישע לעבן, נאָר די ישועות און נחמות קענען בלויז קומען פון איין קוואַל: פון אונדז אַליין. פאַר אונדז בלײַבט בלויז איין זאַך צו טאָן און אַט־די זאַך וועט אַלץ פאַרענטפערן: מיר מוזן ווײַזן, אַז מיר ווילן זײַן „ניצלעכע און טרײַע רוסישע אונטערטאַנער". און טאָמער האָט אַ ייִד געקראָגן ערגעץ־ווו די מינדסטע אָנערקענונג מצד דער רעגי־רונג, איז דאָס געווען אַן אײַזערנער באַווײַז: אָט באַלוינט די רעגירונג יעדן „נוצלעכן, טרײַען אונטערטאַנער". קומען צו אַלגעמיינע סאָציאַלע און פּאָליטישע אויספירן אויפן סמך פון אַ פאַראיינצלטער געשעעניש, וואָס איז זיך פאַרלאָפן מיט אַן איינצלנעם ייִדן, — דאָס איז געווען כאַ־ראַקטעריסטישע נישט נאָר פאַר צעדערבוימען, נישט נאָר פאַרן „קול מבשר", נאָר פאַר אַ סך מענטשן אין יענער צײַט.

אין זײַן אָפּהאַנדלונג „דער „קול מבשר" און זײַן צײַט" („ייִדישע וועלט", ווילנע, נומ' 2, 1913, ז"ז 89־90), ברענגט צינבערג אַרויס, ווי נאַיִוו די משכילים זײַנען געווען אין די 60־ער יאָרן בנוגע אַזעלכע איינ־צלנע פאַלן. „די אמונה — שרײַבט צינבערג — אַז דער ייִדישער „מזל"

וועט באַלד „דערהייכט ווערן", איז געוועזן אַזוי גרויס, אַז די מינדסטע קלייניקייט איז געווען געניג, אונדזערע משכּילים זאָלן מיט גרויס התלהבות גלײַך צעפּויקן בכל תּפוצות ישׂראל וועגן די גרויסע גנאָדן וואָס די רע־גירונג טוט, האָט בדעה צו טאָן פאַר ייִדן".

„אָט, שרײַבט צינבערג, מעלדעט דער „קול מבשׂר" מיט גרויס שמחה אין אָנהייב נומער: „אונדזער רעגירונג מיינט טאַקע ערנסט מיט אונדז ייִדן". באשר בכן, עפּעס איינער אַ יאָזעף לעווינזאָן „קאַנדידאַט פון דער קייזערלעכער מאָסקווער אוניווערסיטעט, איז ביז איצט געווען מלאַדשי טשינאָווניק אָסאָביך פּאָרוטשעני בײַם כערסאָנער גובערנאַטאָר, איצט איז ער שוין סטאַרשי טשינאָווניק און איז באַשטעטיקט געוואָרן אין טשין (ראַנג) קאָלעזשסקי סעקרעטאַר" („קול מבשׂר" 1866, נומ' 12). אָט איז ווידער דער „קול מבשׂר" מכריז און מודיע, אַז „אַלע טעג זעען מיר מער און קריגן נײַע באַווײַזן" אא"וו... און דער נײַער באַווײַז באַשטייט דערין, וואָס עפּעס אַ סוחר שטיינפינקעל האָט מען אָנערקענט פאַר אַן ערנבירגער (דאָרט, נומ' 31). עפּעס אַ ייִדישע ווײַבל האָט באַקומען אַ מעדאַל דערפאַר, וואָס זי האָט געראַטעוועט דאָס לעבן אַ קריסטלעך מיידל, בעת יענע האָט זיך געטרונקען. דער קאָרעספּאָנדענט, וואָס ברענגט די דאָזיקע ידיעה, האַלט פאַר נייטיק דערבײַ צו באַמערקן: „פאַר ייִדן בכלל וועט זײַן אַ כּבוד, זי וועט פון גאָטס געווײַלטן אין אונדזער לאַנד האָבן אַ צייכן, אַז ער ווייסט, וואָס אַ ייִדיש האַרץ איז אימשטאַנד צו טאָן פון אַ מענטשנס וועגן אַפילו פון אַן אַנדער נאַציע" („קול מבשׂר" 1867, נומ' 36).

„די דאָזיקע פּרטים — פּירט אויס צינבערג — זײַנען אָבער כאַ־ראַקטעריסטיש נישט אַזוי פאַר דעם „קול מבשׂר" גופא, ווי פאַר דער גאַנ־צער עפּאָכע. ענלעכע התפּעלות בײַ יעדער קלייניקייט האָבן אַרויסגעוויזן נישט בלויז די העברעיִשע בלעטער פון יענער צײַט, נאָר אַפילו דער מער אייראָפּעיִשער „סיאָן"."

צו גאָר אַן אַנדער שיכט אויפגעקלערטע געהערט י. י. לערנער. ער און זײַנע חברים לדעה זײַנען געשטאַנען מיט אַ קאָפּ העכער ווי דער צע־דערבוים־מין בירגערלעכע משכּילים. ער איז סיסטעמאַטישער נישט נאָר אין וויסן נאָר אויך אין זײַן שרײַבן. ער האָט אַן אייגענעם בליק אויף

דער וועלט. זײַן אַני־מאַמין האָט אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג, זײַן קריטיק איז אויסגעהאַלטן, איז אין הסכּם מיט זײַן בליק אויף געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע פּראָצעסן. ער געהערט צום פּראָגרעסיוון פליגל שרײַבער אין די 60־ער יאָרן. פאַר יענער צײַט איז ער אַ מאָדערניסט. אים זײַנען לחלוטין נישט פרעמד די דערגרייכונגען פון זײַן עפּאָכע. ער איז לאָגיש אין זײַנע הנחות, און פּונקט אַזוי לאָגיש, — מע קען אַפילו זאָגן, — אַרכיטעקטאָניש לאָגיש, איז ער, ווען ער וויקלט פאַנאַנדער אַ טעמע און מאַכט די אויספירן.

זײַן בליק אויף קריטיק, דער עובדא פונעם שרײַבער, אויף ייִדיש, פאָלקלאָר און ייִדישן טעאַטער — דאָס אַלץ שטראָמט אַרויס לאָגיש פון זײַנע באַגריפן וועגן ייִדישן לעבן. ער איז, אַגב, אַ פּיאָנער נישט נאָר אין דער קריטיק, נאָר אויך אין ייִדישן פאָלקלאָר, ייִדישיזם און אין קאַמף פאַר אַ בעסערן ייִדישן טעאַטער.

אין זײַן ערשטער קריטישער אָפּהאַנדלונג — וועגן אַקסענפעלדן — געפינען מיר עטלעכע אינטערעסאַנטע באַמערקונגען וועגן דעמאָלטיקן דעמאָקראַטיזם. אַקסענפעלדס ווערק האָבן אים געדינט ווי אַ באַווײַז, „אַז דאָס ייִדישע פאָלק שפּאַנט פאָרויס צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענטשהייט און אין אַלע אופנים באַוועגט זיך עס אין גײַסט פונעם 19טן יאָרהונדערט". און דאָס, אַגב, שרײַבט ער, האָט אים באַוויזן איבערצוזעצן זײַן „אַנאַליז" אין רוסיש פאַרן רוסישן לייענער.

און פאַר זײַן הנחה האָט ער אַזאַ באַגרינדונג:

„דער 19־טער יאָרהונדערט צייכנט זיך אויס באַזונדערס דערמיט, וואָס מיט זײַן אָנקום האָט מען אָנגעהויבן פּאָפּולאַריזירן די וויסנשאַפטן, אַזוי אַז די אויפקלערונג זאָל אָננעמען אַ מער אַלגעמיינעם כאַראַקטער. ס'איז שוין אַוועק יענע ביטערע צײַט ווען וויסנשאַפט און קונסט זײַנען נאָך נישט אַרויס פון די ווענט פון די אוניווערסיטעטן און אַנדערע לערן־אַנשטאַלטן, און ווען זיי זײַנען געווען צוגענגלעך בלויז דער סאַמע אומבאַדײַטנדיקער צאָל מענטשן, בעת דער פּילצאָליקער אָרעמער מאַסע איז די נייטיקע בילדונג געבליבן פרעמד, און זי (די מאַסע) האָט געשימלט אין שרעקלעכסטער עם־הארצות. מיר זײַנען שוין איצט געקומען צו אַזעלכע איבערצײַגונגען, וואָס מיר קענען בשום אופן

נישט אַנערקענען ציוויליזאַציע אין אַ פאָלק, וואָס זײַן ליטעראַטור איז באַצירט מיט מוסטער־ווערק פון עטלעכע באַוווּסטע שרײַבער, וואָס פלעגן אויסשעפן אַלע זייערע טאַלאַנטן אויף צו שאַפן געקינצלטע עלעגיעס וועגן דעם טויט פון העלדן, געפאַלענע אויפן שלאַכטפעלד, אָדער אויף צו פאַרפאַסן ראָמאַנען, וואָס זאָלן פאַרזיסן דאָס לעבן פון די תקיפים אין אונדזער וועלט. מיר שטאָלצירן איצט גאַרנישט מיט די דאָזיקע געלערנטע, וואָס דער פשוטער עולם האָט קיין פאָרשטעלונג ניט געהאַט וועגן זייערע אַרבעטן, און וואָס האָבן געשריבן אין אַ שפּראַך, וואָס מ'האָט געקענט אויף דעם די צײַנער צעברעכן, און ניט קימערן זיך וועגן דעם, אַז זייער הויכע מליצה איז צוגענגלעך בלויז זייערע ברידער־געלערנטע, און אַז פאַרן גרעסטן טייל בלײַבט זי אַן אומבאַקאַנט לאַנד. מיט טיפן באַדויער דערמאָנען מיר איצט אָטאָ־דעם טרויעריקן עבר, ווען די אומגליקלעכע מאַסע איז געווען פיזיש און מאָראַליש דערנידעריקט. פיזיש האָט זי געליטן פון די געלט־אַריסטאָקראַטן, מחמת דער פאַנשטשינע (לייב־אייגנטום), און מאָראַליש פון יענע געלערנטע, די אַזוי גערופענע שכל־אַריסטאָקראַטן. מיט דער זעלביקער אַריסטאָקראַטישער פאַררריסנקייט ווי די נגידים האָבן געוויינלעך געקוקט אויף דעם ל ײַ ב פון אַ פויער, מיט דער איבערצײַגונג, אַז גאָט האָט אים באַשאַפן בלויז צוליב זיי און אַז ער האָט טאַקע נישט קיין רעכט נהנה צו זײַן פון דעם אַלעם גוטן, וואָס איז צוגענגלעך אַלע אַנדערע מענטשן, — האָבן אויך אַזוי די געלערנטע זיך באַצויגן בכלל צום פאָלקס ג ײ ס ט, טראַכטנדיק, אַז אויפן פאָלקס מאָראַלישן לעבן דאַרף מען זיך אומקוקן בלויז מיט דער כוונה אַז עס זאָל טעטיק ווערן דער פאָעטישער טאַלאַנט מיט דער הילף פון געקינצלטע פּראָזע. אויב אַפילו איינער פון זיי פלעגט זיך אַמאָל נעמען אויספאָרשן די מנהגים און זיטן פון פאָלק, און זיי שילדערן אין זײַנע ראָמאַנען, האָט ער דאָס געטאָן נישט כדי אַרויסצוווײַזן דאָס גוטע און דאָס שלעכטע פון פאָלק, און אים פירן אויפן וועג צום אמת, נאָר מיט דער כוונה, כדי דאָס לייענען די דאָזיקע באַשרײַבונגען זאָל ברענגען פאַרגעניגן די קאַפּריזנע נגידים".

און לערנער פירט אויס: „מחמת אָט־דער גײַסטיקער אַריסטאָקראַטיע, אָטאָ־די גײַסטיקע סנאָבן, האָבן נישט נאָר צוגעשטעלט ווערק צו

באפרידיקן דאָס סענסועלע געפּיל־לעבן פון די גבירים, נאָר זיי האָבן דערגאַנצט דאָס, וואָס די גבירים האָבן אָנגעהויבן. יענע האָבן פיזיש פאַרשקלאַפט די מאַסן, און די סנאָבן האָבן געלאָזן די מאַסן זיך טרינקען אין „דער שרעקלעכסטער עם־הארצות...״

אָבער דאָס 19־טע יאָרהונדערט האָט אין דעם פּרט געבראַכט וויכטיקע שינויים. די פרייהייט פאַר די פּויערים, ווי אויך אַנדערע דערשיינונגען אינעם 19־טן יאָרהונדערט, — אין דעם האָט לערנער געזען סימנים פון אַ נייעם „צייט־גייסט״ („דוך וורעמעני״). דאָס „האָט שוין באַוויזן באַדייטנדיק איבערצואַנדערשן צום גוטן״ דעם פאָלקס אינטעלעקטועלן צושטאַנד.

„דער גייסט פון 19־טן יאָרהונדערט״ — שרייבט לערנער — „האָט אינגאַנצן צעשטערט דעם ליטעראַרישן אַריסטאָקראַטיזם פון די דאָזיקע אַלטע, אויף לאָרבער־רוענדיקע שרייבער, און אונדזערע געלערנטע האָבן זיך סוף־כל־סוף איבערצייגט, אַז דעם פאָלק פעלן ניט קיין שום מאָראַלישע פּרינציפּן״.

לערנערס פאָלקישקייט נעמט זיך פון אַ גאַנצער סיסטעם באַגריפן וועגן דעם גייסט פון 19־טן יאָרהונדערט. אָט־דער גייסט פירט צו דעמאָקראַטישקייט. ער פירט אויך צו דער איבערצייגונג, „אַז דעם פאָלק פעלן ניט קיין שום מאָראַלישע פּרינציפּן״.

וואָס שייך דער וועלט־ליטעראַטור קען מען מסכים זיין מיט לערנערן מכוח יענעם טייל „ליטעראַרישע אַריסטאָקראַטן״, וואָס האָבן געשאַפן ליטעראַטור במשך דער פעאָדאַלער אָרדענונג. עס קומט אָבער אויף אַ פראַגע — וועמען האָט עס לערנער געמיינט, אין שייכות מיט דער ליטעראַטור ביי יידן? האָט ער טאַקע אויך אונדז געמיינט? די באַשולדיקונג איז דאָך אַ קלאָרע: „דער גייסט פון 19־טן יאָרהונדערט האָט אינגאַנצן צעשטערט דעם ליטעראַרישן אַריסטאָקראַטיזם פון די דאָזיקע אַלטע, אויף לאָרבער־רוענדיקע שרייבער...״

אביסל ווייטער אין זיין הקדמה זעען מיר, אַז ער האָט אויך געמיינט יידישע געלערנטע. פריער באַמיט ער זיך באַווייזן ווי אַזוי מען קען איבעראַנדערשן די גאַנצע וועלט. מע דאַרף אין איר איינפלאַנצן: „דאָס שיינע, דאָס גוטע און דאָס דערהויבענע״. נאָכדעם באַקענט ער דעם רו־

סישן לייענער מיט יענע דעמאָקראַטישע יידישע שרײַבער, וואָס זײַנען דורכגעדרונגען מיטן „צײַט־גײַסט“. זיי שאַפֿן ביכער אויף דער פּשוטער אומגאַנגשפּראַך, ביכער, וואָס זײַנען אויסשליסלעך געווידמעט די אינ־טערעסן פֿון פּשוטן פֿאָלק. ליערנער דערקלערט אויך פֿאַרוואָס דאָס איז בײַ יידן נאָך וויכטיקער ווי בײַ אַנדערע פֿעלקער — מחמת די צוויי שפּראַכן: העברעיִש און יידיש. ער דערקלערט אויך וואָס איז אַזוינס יידיש, זײַנע גרויסע מעלות און זײַן שליחות. ער איז דער איינציקער אינסטרומענט, וואָס אַדאַנק אים קען צוקומען צום פֿאָלק — דאָס „קלוגע, נוצלעכע“ וואָרט.

„און נישט געקוקט אויף דעם אַלעם — שרײַבט ליערנער — „האָט קיין יידישער געלערנטער זיך ביז איצט נישט אַנטשלאָסן צו שרײַבן אויף אָט־דעם זשאַרגאָן עפּעס וואָס זאָל זײַן נוצלעך און זאַכלעך“. ער ווייס נישט גענוי — צי דאָס שטאַמט בײַ די יידישע געלערנטע פֿון זייער „ליטעראַרישן אַריסטאָקראַטיזם“ אָדער פֿון זייערע פֿאָראורטיילן קעגן דער שפּראַך גופא.

ווי מיר זעען דאָ, פֿאַרבינדט ליערנער דעם „ליטעראַרישן אַריסטאָ־קראַטיזם“ אויך מיט יידישע שרײַבער. נישט געקוקט אויף דעם באַזונ־דערן יידישן כאַראַקטער, באַטראַכט ליערנער פֿון אַן אוניווערסאַלן שטאַנד־פּונקט, הן די ליטעראַטור, הן די היסטאָרישע באַדינגונגען, וואָס זײַנען גורם די ליטעראַרישע שאַפֿונגען. אין דער יידישער ליטעראַטור געוועל־טיקן די זעלביקע היסטאָרישע תּנאָים, דער זעלביקער „צײַט־גײַסט“ ווי אין דער גאַנצער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. און נישט אומזיסט פֿאַר־זיכערט ער אין דער הקדמה זײַן רוסישן לייענער: „דאָס יידישע פֿאָלק שפּאַנט פֿאָרויס צוגלײַך מיט דער גאַנצער מענטשהייט און אין אַלע פּרטים גייט עס דעם וועג אין גײַסט פֿון 19־טן יאָרהונדערט“; „די יידן שטייען אויך נישט אָפּ אין דעם גאַנג פֿון פּראָגרעס; זיי נעמען אָן אַלע מיטלען צו בילדן די מאַסן, באַמיִען זיי זיך צו ווערן נוצלעכע בירגער פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט“.

נישט נאָר אין דער הקדמה, נאָר אויך אין דער עסיי גופא — דעם אַקסענפֿעלד־אַנאַליז — הערט זיך די נאָטע מכוח „ליטעראַרישן אַריסטאָ־קראַטיזם“. גלײַך אין אָנהייב דערציילט ליערנער ווי אַזוי עס מאַטערט

אים איין זאך: די יִדישע שרײַבער טוען נישט זייער פליכט; דער שליח פירט נישט אויס זײַן שליחות.

„איך האָב זיך אויך דערמאָנט דעם גרעסטן טייל אונדזערע שרײַבער, אויף וועמען עס ליגט דאָס הייליקע פליכט צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון אייגענעם פאָלק... אָבער טאָן טוען זיי גאָרנישט, מיינענדיק, אַז זיי פּטרן אָפּ זייערם מיט דעם, וואָס זיי פאַרגרעסערן די העברעיִשע ליטע־ראַטור מיט אייגענע נוצלאָזע, געקינצלטע ווערק אָדער מיט אַ צענדליק אַנדערע אויסלענדישע ווערטער".

דאָס איז געווען אַ טענה פון אַ ראַדיקאַל־געשטימטן מענטשן. און פון דער דאָזיקער טענה דרינגען מיר, אַז לערנערן דאַרף מען צורעכענען צו דער ראַדיקאַלער יוגנט פון זײַן צײַט. ווען מען לייענט אָבער זײַן בריוו צום העברעיִשן קריטיקער אברהם אורי קאָוונערן, געדרוקט בשלימות אין זײַן „צרור פּרחים", ווערט קלאָר, אַז לערנער געהערט צום עקסטרעמען פליגל ראַדיקאַלער יוגנט אין די 60־ער יאָרן. לערנער שרײַבט קאָוונערן, ער האָט געהאַט גרויס נחת־רוח פון די אָפן אַרויסגעזאָגטע ווערטער, „וואָס ביז איצט האָט נישט געוואַגט צו זאָגן קיין איין העברעיִשער שרײַבער פון אונדזער צײַט". לערנער האָט נישט געקענט גלויבן, אַז אין לאַגער פון העברעיִשע שרײַבער אין די 60־ער יאָרן געפינט זיך נאָך אַ מענטש, וואָס וואַגט אַרויסצוזאָגן אַזעלכע אמתן קעגן דער העברעיִשער ליטעראַ־טור פון יענער צײַט. און ווי אַזוי כאַראַקטעריזירט לערנער די דעמאָלטיקע העברעיִשע ליטעראַטן? ער שרײַבט: אַלע אונדזערע ליטעראַטן שטייען אונטער דער פאָן פון אַלטע פאַרשימלטע פּרינציפּן...

אין דער קליינער הקדמה צו זײַן ביכל „דורש אל המתים" („רייד צו די טויטע"), פאַרטיידיקט ער קאָוונערן קעגן גאָטלאָבערס אָנפאַלן. רעדט ער דאָרט וועגן די העברעיִשע ליטעראַטן נאָך מיט שאַרפערע ווער־טער. אין דער דאָזיקער הקדמה פאַרזיכערט ער: זײַן ציל איז „צו עפענען די אויגן פון זײַנע ברידער", אויפווײַזן זיי, ווער עס זײַנען די העברעיִשע שרײַבער — אַז „מהרסיהם ומחריביהם מהם יצאו" (זייערע צעשטערער און חורבן־מאַכער שטאַמען פון זיי גופא), און די ווענדונג אין דער הקדמה געהערט „צו די חשובע געציילטע".

ווי מיר זעען שטייען דאָ „חשובע געציילטע" קעגן אַ גאַנצן פּרוּער־

דיקן דור ליטעראַטן. און לערנער געפינט זיך צווישן אַט־די „געצייילטע״. זיי האָבן בשעתם אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף „די אַלטע, אויף לאָרבער־באַרומטע שרייבער״, וואָס ער רופט זיי איצט אָן „צעשטערער און חורבן־מאַכער״.

דער יסוד פון לערנערס קריטיק איז געווען איינס מיט דער גאַנצער איינשטעלונג ביי די עקסטרעם־ראַדיקאַלע „יונגע״, וואָס צו זיי האָט ער געהערט. אָבער אויך די דאָזיקע איינשטעלונג האָט נישט געווירקט גלייך אויף אַלע שרייבער, וואָס מען קען צורעכענען צו „די יונגע״.

## פּאָליטיש־עקאָנאָמישע סיבות און די „יונגע״

די „יונגע״ אין די 60־ער יאָרן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט יענעם דור, וואָס איז געקומען מיט אַ נייעם בליק אויף דער יידישער ליטעראַטור. אָט־דער נייער דור האָט אויך פאַרפלאַנצט נייע באַגריפן אין יידישן לעבן.

דער דאָזיקער גאַנצער שיכט מאָדערניסטן אין די 60ער יאָרן איז געווען אַ פּועל־יוצא פון דריי היסטאָרישע סיבות, געקניפּט און געבונדן צווישן זיך. די סיבות זיינען געווען: פּאָליטיש־עקאָנאָמישע, קולטור־סאָציאַלע און רעוואָלוציאָנער־אינטעלעקטועלע. זייער כאַראַקטער דערקלערט אויך, ווער עס זיינען געווען די „יונגע״, ווי אויך די שינויים, וואָס זיי האָבן אַריינגעטראָגן אינעם יידישן לעבן.

די קרימער מלחמה (1854־1856) האָט געפירט דער דעספּאָטישער רוסישער צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער. אין דער דאָזיקער מלחמה האָט נישט נאָר געליטן די רוסישע אַרמיי און פלאָט, נאָר אויך די גאַנצע סיסטעם, די אַליין־הערשנדיקע רעאַקציע. אין דער קרימער מפּלה האָט ניקאָלאַי ביטער באַצאָלט פאַר זיינע מעשׂים־תעתועים. וואָרן יעדע אונטערדריקונג זיינע האָט געפירט צו אַ צווייטער, צו אַ דריטער, צו אַ גאַנצער סיסטעם רעפּרעסיעס. וואָס אויטאָקראַטישער עס איז געווען זיין הערשאַפט, אַלץ מער מרידה־געפילן האָבן גענומען אויפוואַכן אין דער אינטעליגענץ. די דעקאַבריסטישע מפּלה האָט פרוכפּערדיקער געמאַכט דעם רעוואָלוציאָנערן באָדן. ניקאָלאַיס מורא פאַר רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען

האָט אים געצװונגען אײַנצופֿירן אַן אײַזערנע צענזור בנוגע פֿרײַען אויס־דרוק, דער פּרעסע און בילדונג. געטריבן פֿון דער זעלבער מורא, אָרגאַניזירט ער אַ פֿאַרצװײַגטע געהיים־פּאָליציי. ער דריקט אונטער דעם אויפֿשטאַנד אין פּוילן (1830—1831), שאַפֿט אָפּ איר קאָנסטיטוציע. ער שיקט מיליטער העלפֿן עסטרײַך אונטערדריקן אַן אויפֿשטאַנד אין אונגאַרן. ער פֿאַרפֿירט אַ מלחמה קעגן טערקיי אונטערן אויסרייד באַשיצן די קריסטלעכע אונטערטאַנער. אין דער אמתן האָט ער מער אין זינען געהאַט פֿאַרשפּרייטן רוסלאַנדס אײַנפֿלוס אין די באַלקאַנען. זײַן פּאָליטיק צו לייזן די ייִדן־פֿראַגע האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם געזעץ פֿון יאָר 1827. דאָס האָט געמיינט צו דערציִען די ייִדישע יוגנט אין די קאַזאַרמעס, און רויבן ייִדישע קינדער פֿאַר דעם דאָזיקן צוועק (די קאַנטאָניסטן־גזירה). די געזעצן, וואָס האָבן דערלויבט ייִדן צו וווינען בלויז אין די גרענעצן פֿון תחום־המושב, זײַנען געווען אין הסכם מיט זײַן גאַנצער פּאָליטיק בנוגע ייִדן. אויב אין די לעצטע צען יאָר זײַנע האָט ער זיך באַמיט אָנצונעמען מיטלען צו פֿאַרשפּרייטן וועלטלעכע בילדונג צווישן ייִדן, איז געווען דערבײַ אַ סיבה. מיט גזירות — האָט ער אײַנגעזען — וועט ער נישט לייזן די ייִדישע פֿראַגע, מחמת דעם אינעווייניקן שטאַרקן ייִדישן ווידערשטאַנד.

ניקאָלאַיס מפּלה אין דער קרימער מלחמה האָט קלאָר באַוויזן איין זאַך: דרײַסיק יאָר פֿינצטערע צענזור, שלעסער אויפֿן מויל, האָבן געהאָלפֿן דורכפֿרעסן דעם גאַנצן מלוכה־אַפּאַראַט. די אַדמיניסטראַטיווע קאָרופּציע האָט חרוב געמאַכט די לעגענדע וועגן דער שטאַרקער אַרמיי. די רוסישע אויטאָקראַטיע האָט זיך געמוזט אונטערגעבן דער אַנגלאָ־פֿראַנצויזישער אינוואַזיע, און די טויערן פֿון רוסלאַנד האָבן זיך מיט גוואַלד געעפֿנט פֿאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אייראָפּע.

אויסגעדריקט האָט זיך דאָס אַלץ אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס רעפֿאָרמען אין אַלע מלוכה־צווײַגן, באַפֿרײַען די פּויערים (1861), פֿאַרלײַכטערן דאָס ייִדישע לעבן (אָפּשאַפֿן די קאַנטאָניסטן־סיסטעם אין 1865, רעכט פֿאַר ייִדישע ערשטע גילדע־סוחרים, ייִדן מיט העכערער בילדונג און בעלי־מלאכות צו וווינען איבער גאַנץ רוסלאַנד אא״וו).

אַדאַנק אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס רעכטלעכע הנחות האָבן ייִדן

פרײַ אָפּגעאָטעמט. אַ נײַער סאָציאַלער שיכט האָט זיך אָנגעהויבן פורעמען אַרום די ייִדישע מלוכה־ליוועראַנטן, די צושטעלערס און פאַרשיידענע אונטערנעמערס. דער דאָזיקער שיכט האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. עס זײַנען צוגעקומען דיפּלאָמירטע אינטעליגענטן, סטודענטן, גימנאַזיסטן, סוחרים, בוכהאַלטערס אא״וו.

דאָס איז געווען דער נײַער סאָציאַלער שיכט בײַ ייִדן, וואָס איז אויפֿגעקומען אין די 50־ער און שנעל געוואַקסן אין די 60־ער יאָרן. פֿון דעם נײַעם שיכט זײַנען אַרויס אונדזערע ייִדיש־רוסישע אַסימילאַנטן — סײַ די בורזשואַזע און סײַ די רעוואָלוציאָנערע, וואָס האָבן זיך שפּעטער באַוויזן אין און אַרום „זעמליאַ אי וואָליאַ״ און אין דעם „טשאָרני פּערעדיעל״.

דער זעלביקער שיכט האָט אָבער אויך אַרויסגעגעבן ייִדישע אינטעליגענץ מיט אַ ייִדיש באַוווסטזײַן. דאָס איז געווען דער שיכט „יונגע״, וואָס צו אים האָט י. י. לערנער גערעדט ווי צו אייגענע „חשובע געציילטע״. אָט־די זײַנען געקומען, נאָך לערנערס אויסדרוק נאָך, צו פֿאַרנעמען דאָס אָרט „פֿון די אַלטע אויף לאָרבער באַרוטע שרײַבער״ משכילים פֿון דער ערשטער השכלה־כוואַליע אין רוסלאַנד (די 20־ער ביז די 50־ער יאָרן).

## די סאָציאַל־קולטורעלע באַזע פֿון „די יונגע״

נאָך קלערער ווי דאָס סאָציאַל־פּאָליטישע פּנים פֿון די יונגע איז געווען זייער קולטורעלער יסוד. צווישן זיי און די פֿריערדיקע משכילים איז אין דעם פּרט געלעגן ממש אַ תהום.

די וויכטיקסטע משכילים אין די 40־ער יאָרן האָבן געשטיצט דעם בילדונגס־מיניסטער גראַף אואוואַראָוון, ער האָט געוואָלט לייזן די ייִדישע פֿראַגע דורך אָפּרײַסן ייִדישע קינדער פֿון דער טראַדיציאָנעלער דערציִונג און זיי פֿאַרוואַנדלען אין „ניצלעכע בירגער״. מיט דער דאָזיקער ייִדישער שול־רעפֿאָרם האָט אואוואַראָוו געמיינט רוסיפֿיצירן די ייִדישע יוגנט אין די ספּעציעל־געשאַפֿענע „קרוין־שולן״ (1844). און די צוויי ראַבינער־שולן, אין ווילנע און אין זשיטאָמיר, האָבן באַדאַרפֿט צוגרייטן געבילדעטע רוסיפֿיצירטע ראַבינער און לערער. ווי באַמערקט

פריער האָבן טאַקע די וויכטיקסטע משכּילים געשטיצט די דאָזיקע רע־פאָרמען. אָבער פון דער דאָזיקער רוסיפיקאַטאָרישער פּאָליטיק איז אויס־געוואָקסן אַ שיכט, וואָס האָט זיך געשטעלט קעגן דעם פריערדיקן טיפּ משכּיל.

די נײַע משכּילים האַלטן זיך נישט נאָר פאַר „רוסן”, פאַר „מאָס־קוועד” קעגן די פריערדיקע משכּילים, „די בערלינטשיקעס”, די אויטאָ־דידאַקטן. זיי קוקן אויף זיך ווי אויף פּראָגרעסיווע מענטשן. זיי האַלטן די פריערדיקע משכּילים פאַר בטלנים, פאַר צוריקגעשטאַנענע, ווײַט פון ווירקלעכן לעבן. יענע, די אַלטע, ווילן רעפאָרמירן דאָס לעבן פון די אָרע־מע ייִדישע מאַסן ניט מיט העלפן פאַרענטפערן ווירקלעכע נויטן, נאָר מיט דערהייבן זיי צו די סענטימענטן פון שילערס „גלאָקע”, לעסינגס „נאַטאַן דער ווייזע” און מיט העברעישער מליצה וועגן דער „בת שמים”.

מיטן פּנים צו דער ווירקלעכקייט, צום רעאַלן לעבן — דאָס איז געווען דער רוף פון די נײַע משכּילים. אויב שוין יאָ לערנען פרעמדע שפּראַכן, איז פריִער פאַר אַלץ — די רוסישע שפּראַך. מע דאַרף זי קענען, ווײַל מע קען זיך אָן איר ניט געבן קיין עצה אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אָן איר קען מען אויך ניט אַרײַן אין די טויערן פון דער סאַמע נאָענטסטער, דער רוסישער קולטור. אַזוי איז געווען די מיינונג בײַ אַלע נײַע משכּילים, הן אַ מענדעלען, הן אַ קאָווגערן.

אויך לערנער — דער באַוווסטזיניקער ייִדישיסט — גלייבט אין רוסיפיקאַציע, צו קענען „שפּאַנען פאָרויס באַגלײַך מיט דער גאַנצער מענטשהייט... לויטן גײַסט פון 19־טן יאָרהונדערט”. אין די 60־ער יאָרן איז אַרויס אַ בראָשור אין רוסיש „וועגן העבדעיִשע בייגונגען”. ס. פינסקער האָט צונויפגעשטעלט די בראָשור אין די 30ער יאָרן. אי־בערזעצט אויף רוסיש האָט עס י. באַכראַך, דער לערער פון ייִדישער רעליגיע אין דער רישעליעווער גימנאַזיע. באַגריסט לערנער די דאָזיקע זייער ניצלעכע אַרבעט „ווי דעם ערשטן פּרווו צונויפצושטעלן אַ טעקסט־בוך אויף דער פּאַטערלענדישער שפּראַך”. געשריבן האָט עס לערנער אין דעם רוסישן אַרטיקל „ביבליאָגראַפישע נײַעס”, אין „אָדעסקי וויעסט־ניק”, 1868, נומ. 184. דער מין ביכער, האַלט לערנער, דאַרפן זיך באַ־ווײַזן וואָס מער, „ווײַל בלויז מיט דער הילף פון אַזעלכע עלעמענטאַרע

ביכער, וואָלט דאָס קענען די פּאַטערלענדישע שפּראַך זיך פאַרשפּרייט צווישן דער יידישער יוגנט, וועמעס דערציִונג וואָלט פון דעם אָנגעהויבן אַ ריין רוסישן כאַראַקטער". „מיט דעם דאָזיקן מיטל — שרייבט לערנער ווייטער — וואָס מיט אים האָט די מענדעלסאָן שולע מיט פּעולה געווירקט אין דייטשלאַנד אין פאַריקן יאָרהונדערט — מיט דעם דאָזיקן מיטל קען מען באמת פאַרווירקלעכן צו רוסיפיצירן די יידן".

דאָס מיינט אָבער ניט, יידן דאַרפן זיך אָפּזאָגן פון זייער אייגע־נער פאָלקסשפּראַך, ווי דאָס האָט געפּריידיקט דער רוב משכילים. אין דעם פּרט איז לערנער געווען טאַקע צווישן דער קלענערער צאָל אין דעם לאַגער „יונגע".

אין דער זעלביקער צייט — בעת לערנער באַגריסט די באַמיִונגען רוסיפיצירן יידן, האַלט ער יידיש פאַר דעם ווירקזאַמסטן מיטל, וואָס מיט אים קען מען צוקומען צו די מאַסן. און עס גייט דאָ בפירוש אין דעם ווירקזאַמסטן מיטל לשם ווירקלעכקייט. און מחמת דעם טאַקע איז ער קעגן די העברעישע שרייבער פון זיין צייט, ווייל זיי האָבן זיך דערוויי־טערט פון פאָלק, גערעדט צו אים אויף אַ שפּראַך, וואָס דאָס פאָלק האָט ניט פאַרשטאַנען.

מיט זיין באַציִונג צו די העברעישע שרייבער שטעלט זיך לערנער אין די רייען פון נאָך אַ קלענערער צאָל צווישן די „יונגע".

אין אַ ווייטערדיקן אַרטיקל, אין דעם דערמאָנטן „אָדעסקי וויעס־טניק" (1869, נומ. 24, ז. 81) רעדט לערנער וועגן די העברעישע שרייבער, ווי אַזוי זיי האָבן אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם חוש פאַר דער ווירקלעכקייט, און דערפון — גלויבט ער — ליידט אויך די העב־רעישע ליטעראַטור.

„אַ קענטלעכע באַוועגונג אין דער יידישער זשאַרגאָן־ליטע־ראַטור, די אָפּט דערשינענע גוטע און ניצלעכע ביכער אויף אַ שפּראַך, וואָס איז פאַרשטענדלעך העכער צוויי מיליאָן יידן, אין לסוף, דאָס שנעלע פאַרשפּרייטן די דאָזיקע ווערק אין דער מאַסע — דאָס אַלץ באַווייזט, אַז די בעסטע מענטשן אין אונדזער פאָלק זאָרגן ערנסט וועגן זייערע ברידער, אַז די דאָזיקע ערלעכע

עסקנים גיבן אוועק זייער פרייע צייט אין די אינטערעסן פון די לעצטע און אז זייערע באמיונגען ווערן געקרוינט מיט פולן דער־פאלג. ניטא קיין מער מענטשלעכע זאך ווי לערנען פארחושכטע, עפענען די אויגן די פארבלענדטע; און אין דער זעלביקער צייט איז ניטא קיין ניצלעכערע זאך ווי דערקלערן אלץ אויף א פשוטן, פאר אלעמען צוגענגלעכן דיאלעקט. אויב מיר נעמען אן, אז א דאקטער, היילנדיק א חולה, מעג זיך עצהנען מיט זיינעם א קאלעגע אויף פארשיידענע אויסלענדישע שפראכן, איז פון דעם נאך ניט געדרונגען, אז דער דאקטער האט א רעכט ארייננברענגען לאטיין אין זיינע רייד מיט די פאציענטן. דאס זעלביקע זעען מיר אין דער העברעישער ליטעראטור. אנהייב היינטיקן יארהונדערט, ווען יידן אין רוסלאנד און אויך, מעגלעך אין אנדערע אייראפעישע לענדער, אחוץ, פארשטייט זיך, אין ענגלאנד און פראנקרייך, האבן זיך געפונען אויף א זייער נידעריקער ציוויליזאציע־־מד־רגה, ווען דער חושך פון פאנאטיזם און עם הארצות איז געווען אזוי שטארק, אז עס איז ניט געווען קיין שום מעגלעכקייט זיך צו ווענדן צו זיי מיט א ווארט, — דעמאלט האבן דענקענדיקע מענטשן, וואס האבן געפילט די באדערפעניש זיך אויסדריקן און וואס האבן כאטש וויפל־עס־איז געוואלט אויפרודערן זייערע גלויבנס־ברידער, דעמאלט האבן זיי באשלאסן צו שרייבן זייערע ווערק אין דער העברעישער שפראך, וואס איז כאטש געווען צו־גענגלעך א באגרענעצטן קרייז אייפעריקע תלמודיסטן. אט דאס איז געווען דער אופן ווי אזוי עס האבן זיך באוויזן אין דער עפנטלעכקייט די פארשיידנארטיקע, נאר דאך ענלעכע לויט דער טענדענץ, ווערק פון לעווענזאנען, קראכמאלן, מיזעסן, ערטערן א. א. פארשטייט זיך, די דאזיקע קעמפער פאר אויפקלערונג איז זייער ביטער צוצוזען ווי זייערע ווערק פארשפרייטן זיך בלויז צווישן איין קלאס מענטשן; אבער דעמאלט איז געווען געפער־לעך, און אפשר אן נוצן, צו גיין ווייטער. מע קאן זיך פארשטעלן מיט וואס פאר א שטערונגען עס האבן זיך באדארפט ראנגלען די דאזיקע הארעפאשניקעס אויף זייער דארנדיקן וועג; נאר זיי

האָבן עס מוטיק דורכגעטראָגן, טרייסטנדיק זיך מיטן געדאַנק, אַז עפּעס־וואָס האָט זיך זיי אײַנגעגעבן צו טאָן פאַר זייערע ברי־דער וועגן, און וואָס איז וויכטיקער — זיי לאָזן איבער אַ ברייט פעלד זייערע יורשים וועמען, אונטער בעסערע תנאים, עס וועט זײַן גרינגער צו אַרבעטן. צום באַדויערן האָט דער גרעסטער טייל נאָכפאָלגער זיך פאַרנומען אויף גאָר אַן אַנדערן וועג. ניט גע־קוקט אויף דעם, וואָס די געגעבענע אומשטענדן, אין אַ סך פּר־טים, האָבן געגעבן די דאָזיקע שרײַבער די מעגלעכקייט אויסברייטערן די גרענעצן פון זייער ליטעראַרישער אַרבעט און זיך ענגער צונויפגיין מיטן פאָלק, — האָבן זיי זיך אָנגעהויבן דערווײַטערן פון יעדן געדאַנק, און, ווערנדיק פאַרכאַפּט בלויז מיט די פאָרמען פון דער העברעישער שפּראַך און מיט מליצה, זיינען זיי געוואָרן פּראַזיאָרן, און דאָס אַלץ. צו דעם האָט אויך אַ סך צוגעהאָלפן דער אומשטאַנד, וואָס דער אויבנדערמאָנטער קרײַז לייענער האָט זיך באַצויגן מיט מער דרך־ארץ צו דער הייליקער שפּראַך (צו לשון קודש), אויף וועלכן עס האָט געשריבן דער שרײַבער. אונ־טערן אײַנפלוס פונעם פינצטערן עבר, האָט זיך אין דעם קרײַז אויסגעפורעמט אַ באַזונדער בליק: זעענדיק אין דער אויפבליִונג פון דער העברעישער ליטעראַטור דעם איינציקן אויפהאַלט פון יידישקייט, איז ער געווען צופרידן מיט יעדן נײַעם ווערק אויף דער דאָזיקער שפּראַך, און מיט די זעלביקע התפּעלות האָבן זיי אויסגענומען אי אַ ניצלעכן געדאַנק אי אַ פּוסטע פראַזע. מחמת די דאָזיקע סיבות באַגעגענען זיך מיר מיט אַזאַ גרויקייט אין דער העברעישער ליטעראַטור, וואָס ציי̇כנט זיך אויס מיט כמות, און איבעראַשט אונדז מיט דעם וואָס דאָרטן איז נישטאָ קיין שום איכות: מיקראָסקאָפּישע שרײַבער זײַנען צופרידן, אָבער די אַלגעמיינע ניצלעכקייט גייט זיי נישט אָן".

צווישן די „מאָסקווער", די „רוסאַקעס" און די „נאַטאַן־דער־ווייזע אָדער בת־שמים אווטאָדידאַקטן" קומט דאָ באמת אויף אַ קאַמף לשם רעאַליזם. די יונגע „רוסאַקעס" האַלטן זיך פאַר „טראַכטנדיקע רעאַליס־

טן” דורך און דורך. פּראַקטיש פּאַרווענדן קולטורעלע דערגרייכונגען — דאָס שטייט ביי זיי העכער ווי אַלץ. די עלטערע משׂכּילים האָבן גע־קעמפט איינצוהאַלטן טראַדיציאָנעלע פּאָזיציעס, מעסיקייט אין אַלץ, דרך־ארץ פאַר אויטאָריטעטן. — זיי האָבן געקעמפט קעגן דעם דראַנג פון דער ברויזנדיקער אומצופרידענער יוגנט.

א גרויסע ראָל האָט דאָ אויך געשפּילט דער ראַדיקאַליזם פון די „יונגע”. דאָס איז געווען דער ראַדיקאַליזם אין די 60־ער יאָרן. ער האָט בשעתו פאַרכאַפּט די גאַנצע רוסישע אינטעליגענטע יוגנט. די יוגנט האָט זיך אָריענטירט אויף די דעמאָקראַטיזירנדיקע כּוחות אינעם רוסישן און יידישן לעבן. מיט זייערע פריערדיקע איינשטעלונגען האָבן די אַל־טע משׂכּילים זיך אָריענטירט אויף די אויפגעקלערטע נגידים, אויף דער יידישער גרויס־בורזשואַזיע און אירע משרתים.

דער קאַמף צווישן „אָטצי אין דיעטי” (פאָטערס און קינדער) האָט זיך במשך די 60־ער יאָרן געצויגן איבער גאַנצן פראָנט אינעם רוסישן לעבן. ער האָט זיך אויך באַוויזן ביי די יידישע מאַסן בכלל און דעם מיטל־קלאַס בפרט.

ווי מיר זעען, איז דער גאַנצער קולטורעלער יסוד ביי די „יונגע” געווען: רעאַליזם און ראַדיקאַליזם — אין פאַרשיידענע שאַטירונגען און מדרגות.

## אינטעלעקטועלע איינפלוסן

וועגן דער יידישער יוגנט אין די 60־ער יאָרן רעדט לערנער אין זיין ‚דורש אל המתים”, דער פּאַפלעט קעגן גאָטלאָבעדן. די יוגנט איז געווען רעאַליסטיש לגבי דעם פריערדיקן דור משׂכּילים. די היסטאָרישע באַדינגונגען פון יענער צייט האָבן אין איר אַרויסגערופן דעם דאָזיקן רעאַליזם.

שטאַרקע השפּעות האָבן געווירקט אויף די אַלטע משׂכּילים, די „בערלינער”. שטאַרקע השפּעות האָבן אויך געווירקט אויף די „יונגע”. זיי האָבן עס באַשטימט דעם קולטור־ראָמאַנטיזם ביי די „אַלטע” און דעם קולטור־רעאַליזם ביי די „יונגע”.

די גאַנצע השׂכּלה איז צו די ערשטע משׂכּילים אין רוסלאַנד געקומען ניט מיט יענעם „שטורעם און דראַנג", וואָס האָט זיך בשעתו געטראָגן דורך דער געטאָ אין דײַטשלאַנד. מחמת געוויסע סי־בות האָט די השׂכּלה צווישן די רוסישע ייִדן — ביז די 60־ער יאָרן — אָנגענומען אַן אַנדער פאָרם. ערשטנס, — דער רוסישער דעספּאָטיזם האָט ביז דער סעוואַסטאָפּאָלער מפּלה ניט צוגעלאָזן קיין שום פרײַ וואָרט אָדער געדאַנק. צווייטנס — דאָס ייִדישע טראַדיציאָנעלע לעבן איז דאָ, אין תּחום המושב, געווען געדיכטער, פעסטער, מער אײַנגע־וואָרצלט, מער נאַציאָנאַל אין זײַן עצם. דריטנס, — די גאַנצע רוסישע קולטור איז בײַ די דאָזיקע ערשטע משׂכּילים ניט געווען צו טיף אײַנ־געוואָרצלט. קיין אָרגאַנישע פאַרבינדונגען זײַנען דאָ ניט פאָרגעקומען. און פערטנס, — די השׂכּלה, וואָס איז דורכגעדרונגען קיין רוסלאַנד, איז געקומען פון דײַטשלאַנד, אין דער דײַטשישער שפּראַך. דאָס וואָס איז געווען אָרגאַניש און רעאַליסטיש אין דײַטשלאַנד, איז געווען פרעמ־דער לבוש אין רוסלאַנד. מיטן עצם ווירקלעכקייט האָט עס ניט געהאַט קיין גרויסע מגע־ומשׂא. אַזוי אַרום איז די פרעמדע אָנווייעניש געוואָרן מער ווונטש, ווי פּראַקטישע פאַרווענדונג. מען האָט געטרוימט אין שילערס און געטעס שפּראַך אָדער אין העברעישער מליצה צו „ברענגען נוצן דעם פאָלק". אַן אויסנאַם זײַנען געווען די גאָר געציילטע ייִדיש־שאַפנדיקע אָדער ייִדיש־באַוווסטזיניקע משׂכּילים — די אמתע דעמאָ־קראַטישע טרוימער און פּראַקטיקער. די איבעריקע זײַנען געווען ראָמאַנ־טיקער, אַפילו אין זייערע „מעסיקע" פּראַקטישע מעשׂים.

גאָר אַנדערש איז געווען די יוגנט אין די 60־ער יאָרן. דאָס איז גע־ווען אַ נײַער שיכט אינטעליגענץ. די דאָזיקע יוגנט האָט שוין געקראָגן אַ וואָסער־עס־איז בילדונג אין דער רוסישער שפּראַך. די שכנישע רו־סישע קולטור איז געוואָרן בײַ די ייִדן אַן אָרגאַנישער טייל פון זייער אייגענער קולטור. די פּראָבלעמען פון דער רוסישער געזעלשאַפטלע־כער ווירקלעכקייט זײַנען געוואָרן אייגענע פּראָבלעמען. און אָרגאַניש איז דאָס אַלץ געווען מחמת די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע ווירקלעכקייט איז געווען אַ טייל פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכקייט. בשות־פות'דיק איז געווען דער באָדן, די פּאָליטישע ווירקלעכקייט.

דאָס זיינען געווען די הויפּט־סיבות פאַרוואָס די יוגנט האָט אויפ־גענומען די אינטעלעקטועלע השפּעות פון דער עפּאָכע. דאָס וואָס איז געשען מיט דער „טראַכטנדיקער" יוגנט אין דער רוסישער געזעלשאַפט, איז אויך געשען מיט דער „טראַכטנדיקער" יוגנט אין דער ייִדישער גע־זעלשאַפט. אויף ביידע האָט געווירקט דער גײַסט פון דעם ראַדיקאַלן פּאָזיטיוויזם, פאַרשטייט זיך, אין פאַרשיידענע פאָרמען און פאַרשיידענע מדרגות.

די וואָס האָבן „באַהערשט די מוחות" פון דער רוסישער יוגנט, האָבן אויך „באַהערשט די מוחות פון דער ייִדישער יוגנט". און „די הער־שער איבער די מוחות", וואָס האָבן אײַנגעפלאַנצט דעם רעאַליזם, אָנ־געהויבן מיט פּושקינען, גאָגאָלן, האָבן דערמיט אויך געשאַפן אַ מין פילאָסאָפיש־פּראַקטישן צוגאַנג צום לעבן. נאָך מער ווי די וואָרט־קינסטלער האָבן די קריטיקער געווירקט אויף דער יוגנט. די רוסישע גע־שיכטע האָט צוגעטיילט די קריטיקער אַזעלכע פונקציעס, וואָס זיינען ניט געווען בנמצא אין אַנדערע ליטעראַטורן.

דער רוסישער דעספּאָטישער רעזשים האָט ניט געלאָזן פרײַ אָטע־מען. ער האָט דערשטיקט יעדן פּרווו אויסצודריקן פּאָליטישע געדאַנ־קען. איז פאַר פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע געדאַנקען געבליבן נאָר איין וועג אָפן: די ליטעראַרישע קריטיק. אין דער קרי־טיק האָט מען געלייזט סײַ סאָציאַלע פּראָבלעמען סײַ פּראָבלעמען פו־נעם יחיד. פּאָליטישע און פילאָסאָפישע פראַגעס האָבן געפונען זייער וועג דורך דער ליטעראַרישער קריטיק. דאָרטן האָבן זיך אויסגעשפּיגלט פּאַרטיייִשע און אידעאָלאָגישע לײַדנשאַפטן. מיט איין וואָרט — אַלע פראַגעס, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט מען געזוכט צו פאַרענטפערן אין דער קריטיק. קינסטלערישע פּראָ־בלעמען האָט מען גלײַך אָדער גאָרניט אָנגערירט. און מען איז תיכּף אַריבער צו דער פראַגע צי לאַווערעצקי האָט ריכטיק געהאַנדלט, צי באַ־זאַראָוו איז געווען גערעכט, צי די און די זיינען טאַקע די סיבות פון טשאַצקיס אַרויסטריט, אין וואָס עס באַשטייט אָסטראָווסקיס „נאַראָד־נאָסט" פאָלקישקייט א. אַ. וו.

געווען איז עס אַ קריטיק „פּאָ פּאָוואָדו“, געלעגנהייט־קריטיק, אַ תירוץ־קריטיק אַ תירוץ צו פאַרנעמען זיך מיט עפּעס אַנדערש ווי ריין־ליטעראַרישע ענינים. זי איז געווען מער פּובליציסטיק ווי קריטיק. מוז מען אָבער פאַרשטיין, זי האָט אַנדערש ניט געקענט זיך אויספורעמען אונטער דער לאַסט, וואָס מען האָט אויף איר אַרויפגעלייגט. און אַרויפגעלייגט אויף איר האָט מען אַלע סאָציאַלע, פּאָליטישע, קולטורעלע און עטישע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אין זייער צײַט ניט געפונען קיין אַנדערן אויסדרוק. נאָך פּ אַ ר ביעלינסקין האָבן רוסישע קריטיקער געפאָדערט: די ליטעראַטור זאָל דינען דער געזעלשאַפט. קינסטלער — האָבן זיי געהאַלטן — דאַרפן זײַן פילאָסאָפן, דענקער. זיי דאַרפן אויסדריקן די פילאָסאָפישע אידעען פון זייער צײַט. דער יונג פאַרשטאָרבענער פּאָעט און קריטיקער ווענעוויטינאָוו, דער טעאָרעטיקער פון פילאָסאָפישן ראָמאַנטיזם וואָס האָט פאַרביטן דעם רוסישן קלאַסיציזם, אַ פאַרערער פון פּלאַטאָס, שעלינגס און פיכטעס פילאָסאָפיע, — אפילו ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן כּתם ראָמאַנטיקער, ראָמאַנטיקער אָן פּרינציפּן. ער האָט געפאָדערט אָן אידעיִשע קונסט, אַ קונסט, וואָס זאָל זײַן געקניפּט און געבונדן מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אויך פּאָלעוואָי און נאַדעזשדין האָבן געפאָדערט העכערע אינספּיראַציע, העכערע צילן, וואָס זאָלן פאַרבעסערן די מענטשן זייער לעבן. און וועגן ביעלינסקין איז דאָך אָפּגערעדט, באַזונדערס דעם ביעלינסקין, ווען ער האָט זיך באַפרײַט פון דעם העגעליאַנישן אײַנפלוס און האָט זיך דערנעענטערט צום סאָציאַליזם, צו דער פּײַערבאַכישער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע. און נאָך שאַרפער און קלאָר רעאַליסטיש זײַנען געווען טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו און פּיסאַרעוו.

אָט די אויסגערעכנטע אינטעלעקטועלע השפעות האָבן געפורעמט אויך די ייִדישע „יונגע“ אין די 60־ער יאָרן. די השפעות, דאָס איז געווען די הערשנדיקע אַטמאָספערע, וואָס אין איר האָט געלעבט יעדער אינטעליגענט. דאָס זײַנען געווען די געדאַנקען, וואָס האָבן אינגאַנצן דורכגענומען אַזאַ אינטעליגענט ווי עס איז דעמאָלט געווען דער יונגער י. י. לערנער.

י. י. לערנער

# לערנער — דער ניהיליסט

ניט אַלע ייִדישע יוגנטלעכע אין די 60־ער יאָרן זיינען געווען פון דעם זעלביקן טייג געקנאָטן. דער אָנקומענדיקער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד האָט אַרויסגערופן צום לעבן די אַזוי־גערופענע פאָלקס־אינטעליגענץ, די „ראַזנאָטשינצעס”. בײַ אונדז ייִדן זיינען דאָס געווען די נעכטיקע ישיבה־בחורים און די הײַנטיקע גימנאַזיסטן און סטודענטן, פאַרשיידענע מיטלקלאַס־מענטשן, — לערער, פּראָפעסיאָנאַלן, באַאַמטע, אָנגעשטעלטע א. אַ. וו. געווען איז דאָס אַ צײַט ווען עס האָבן זיך געהאַלטן אין פורעמען נײַע קלאַסן און נײַע שיכטן. אין פאָדערגרונד רוקן זיך אַרויס ליבעראַלן און רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטן. די ליבעראַלן, וואָס האָבן גערעדט וועגן פּראָגרעס און פאָלק, וואָס האָבן איבערגעאַנדערשט דאָס לעבן, — זיי זיינען געווען מענטשן פון פאַרשיידענע מדרגות. און די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטן, וואָס האָבן געטרוימט וועגן אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, — אויך זיי האָבן געהאַט צווישן זיך מענטשן פון פאַרשיידענע שאַטירונגען.

אויך די ייִדישע יוגנטלעכע האָבן געהאַט צווישן זיך מענטשן פון פאַרשיידענע שאַטירונגען. עס האָט זיך שטענדיק געווענדט אין דעם ווי טיף פאַרוואָרצלט מען איז געווען און מען האָט געוואָלט זײַן אין דער ייִדישער טראַדיציאָנעלער קולטור. אַ ראָל האָט דאָ געשפּילט אויך דעם יחיד'ס בילדונג און זײַן שיכט, ווי אויך זײַן פּערזענלעכער כאַראַקטער, טעמפּעראַמענט און פעיִקייט אויפצונעמען געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען.

מיר באַגעגענען דעריבער אין די 60־ער יאָרן אַזעלכע מעסיקע, אַזעלכע קאָנקרעט־רעאַליסטישע מענטשן ווי דאָס איז געווען מענדעלע מוכר־ספרים. ער איז אויך געווען אונטער דער השפּעה פון פּראָגרעסיווע אידעען. ער האָט אָבער ניט פאַרוואָרפן די ייִדישע טראַדיציאָנעלע קולטור. מענדעלע איז אויפגעשטאַנען קעגן סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע עוולות, וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן אָרעמען פאָלק. אָבער די ירושה פון דורות, די הויפּט־יסודות פון דער ייִדישער אמונה, פון דער ייִדישער רעליגיעזער קולטור — דאָס האָט ער ניט אָנגערירט. די ייִדישע נויט און די

שרײַענדיקע עוולות, וואָס מען באַגייט קעגן פֿאָלק, — דאָס האָט אים געצוווּנגען צוצושטיין צו די פּראָגרעסיווע מענטשן פֿון זײַן דור. אָבער מיט גרויס יראה איז ער געשטאַנען פֿאַר דער גרויסער ייִדישער ירושה, וואָס האָט געטראָגן אין זיך דעם עטישן ייִדישן אייגנאַרט.

אין דער זעלביקער תקופה האָבן צו די יוגנטלעכע געהערט מענטשן פֿון גאָר אַן אַנדערן עקסטרעם, ווי למשל, דער העברעיִשער „פּיסאַ־רעוו" אַברהם־אורי קאָוונער. קאָוונער האָט אין 1865 (תרכ"ו) אַרויסגע־געבן זײַן „חקר דבר", („באַטראַכטונגען"), און שפּעטער, אין 1868, זײַן „צרור פּרחים" („אַ בינטל בלומען"). דאָרטן האָט ער שאַרף קריטיקירט די נײַ־העברעיִשע ליטעראַטור פֿון דעם פֿריערדיקן דור משׂ־כּילים, זייער זײַן אָפּגעפֿרעמדט פֿוןווירקלעכן לעבן און זייערע קונציקע מליצות. זיינען דאָס געווען פּלוצימדיקע דונערן אין מיטן העלן טאָג. אין זײַן עקסטרעמיזם האָט זיך קאָוונער געשטעלט ניט נאָר קעגן דער העברעיִשער מליצה־ליטעראַטור פֿון זײַן צײַט, ניט נאָר קעגן דער אַמאָ־ליקער רבניש־רעליגיעזער ליטעראַטור. ער טרעט אַרויס קעגן די גרונט־יסודות פֿון דער ייִדישער טראַדיציאָנעל־רעליגיעזער קולטור. ניטאָ בײַ אים קיין הייליקייט אין דער פֿריערדיקער ייִדישער אײַנשטעלונג, און ניטאָ בײַ אים קיין הייליקייט אין דער ייִדישער קעגנוואַרט. געמיינט האָט קאָוונער באמת, אַז די שווידערלעכע קעגן־אַטאַקעס אויף אים האָבן זיך אָנגעהויבן בלויז דערפֿאַר, ווײַל ער האָט ניט קיין מזל, אָדער — זיי זיינען אַן ענטפֿער אויף זײַן זודיקן טעמפּעראַמענט. איז דאָס קען זיך זײַן אפשר אמת. אָבער דער טיפֿערער אמת ליגט אין דעם, וואָס ער איז אינעווייניק געווען אָפּגעפֿרעמדט אָדער געוואָלט זיך אָפּפֿרעמדן פֿון די אַרומיקע און דערבײַ ברענען אַלעמען מיט מוסר. ניט נאָר דער אונ־טערשייד צווישן אים און זײַנע בני־דור האָט דאָ געשפּילט אַ ראָלע, נאָר זײַן צוגיין צו יעדער ייִדישער פּראָבלעם מיט אַ ניט ייִדישער מאָס. אין „משומדים אין צאַרישן רוסלאַנד", (ז. 162) גיט שאול גינזבורג איבער אַ ציטאַט פֿון י. ל. גאָרדאָנס אַ ניט געדרוקטן בריוו צו קאָוונערן.

„איר פֿרעגט אַליך" — שרײַבט ער קאָוונערן, — „פֿאַרוואָס איז בײַ אַנדערע אַזוי, און בײַ אונדז אַנדערש? דער ענטפֿער ליגט שוין אין דער סאַמע פֿראַגע. עס איז אַנדערש דערפֿאַר, ווײַל

דאָס איז בײַ אונדז און ניט בײַ לײַטן. יעדער שפּראַך, יעדעס פֿאָלק האָבן זייערע באַזונדערע אייגנשאַפֿטן, זייער באַזונדערן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, וואָס האָט זײַנע טיפֿע וואָרצלען אין זײַן היסטאָריע און דערציִונג. איר וועט זיי ניט אָפּשאַפֿן, און עס לוינט זיך ניט זיי אָפּצושאַפֿן, ווײַל זיי ברענגען קיינעם קיין שאָדן ניט. איר זוכט אַלץ אין דער העברעישער ליטעראַטור צו מעסטן מיט אַן אייראָפּעישער מאָס, ריכטיקער געזאָגט: מיט אַ רוסישן אַרשין"

ניט וויכטיק איז דאָ איצט די פֿראַגע צי מען דאַרף אָדער מען דאַרף ניט מעסטן די אייגענע ליטעראַטור מיט פֿרעמדע מאָסן. וויכטיק איז דאָ צו באַווײַזן אַ פֿאַרשטייער פֿון די יונגע אין די 60ער יאָרן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער שוועל פֿון ייִדישן לעבן, גרייט צו פֿאַרלאָזן די שוועל — טראַדיציאָנעל, אינטעלעקטועל. ווער ווייס — דאָס וואָס ער האָט שפּעטער פּאַקטיש פֿאַרלאָזן זײַן פֿאָלק, איז אפשר געווען אַ לאָגישער פּועל־יוצא פֿון אַ סם־המוותדיקן מוסר־זאָגער, וואָס האָט זיך אַליין אָפּגעפּרעמדט און וועמען מען האָט אויך אָפּגעשטויסן.

צווישן די דאָזיקע צוויי עקסטרעמען — אַ מענדעלע און אַ קאָווערן — געפֿינען מיר מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע שאַטירונגען. דאָ געפֿינען מיר דעם מילדן „העברעישן ביעלינסקי" פּאַפּערנאַ, דעם אָריגינעלן ייִדישיסט י. מ. ליפּשיץ, אַזאַ מענטשן ווי מנשה מאַרגאָלים א. אַ.

י. י. לערנער געהערט צום עקסטרעמסטן פֿליגל, צו דעם קאָווענער־קרײַז. ניט אומזיסט האָט לערנער באַגריסט קאָווערן בעת יענער איז אַזוי שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פֿריערדיקן דור מליצה־שרײַבער. ער דערפֿילט אין קאָווערן אַ ברודער אין קאַמף קעגן די אָפּגעשטאַנענע שרײַבער, וואָס גייען ניט „מיטן גײַסט פֿון דער צײַט", וואָס „שטייען אונטער דער פֿאָן פֿון אַלטע פֿאַרשימלטע פּרינציפּן" (קאָווער ברענגט דעם בריוו אין זײַן „צרור פּרחים").

נאָך מער ווי אין זײַן בריוו צו קאָווערן באַקענען מיר זיך מיט לערנערס ניהיליזם אין זײַן „דורש אל המתים". דאָרטן נעמט ער זיך אָן פֿאַר קאָווערן און קעמפֿט דעם אַלגעמיינעם קאַמף פֿאַרן „גײַסט פֿון צײַט".

אין זײַן „דורש אל המתים", געשריבן קעגן גאָטלאָבערן, וואָס איז באַפֿאַלן קאָוונערן פֿאַר זײַנע ארויסטריטן קעגן די „אַלטע", האָט לערנער געצילט קעגן דעם גאַנצן פֿריערדיקן דור משכילים. פֿון דעם דאָזיקן פּאַמפֿלעט רעדט אַרויס „דער גײַסט פֿון צײַט" בולט און קלאָר. מיר הערן דאָרט די געדאַנקען, וואָס האָבן באַהערשט די ראַדיקאַלע יוגנט אין די 60ער יאָרן, דאָס זײַנען געווען על פּי רוב פּיסאַרעווס געדאַנקען. און אין דער ראָם פֿון דער גאַנצער „פּיסאַרעוושטשינע" ווערט קלאָר לערנערס ניהיליזם.

מיטן אויפֿקום פֿון טשערנישעווסקים און דאָבראָליובאָווס אידעען ווערט אין דער רוסישער געזעלשאַפֿט בולט דער אונטערשייד צווישן די סאָציאַליסטישע און די ליבעראַלע טענדענצן. מיטן אויסנאָם פֿון די רייִנע קריטיקער־עסטעטיקער ווי אַנענקאָוון, דודישקין און דרוזשינין, האָבן די וויכטיקסטע רוסישע קריטיקער נאָך פֿריער פֿאַר טשערנישעווסקין און דאָבראָליובאָוון, געקעמפֿט פֿאַר דער געזעלשאַפֿטלעכער פֿונקציע פֿון דער ליטעראַטור. ביעלינסקי, אין זײַן פֿויערבאַך־פּעריאָד, האָט געקעמפֿט פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישער קריטיק. פֿאַר מאַיקאָוון, למשל, איז ליטעראַטור־געשיכטע געווען די געשיכטע פֿון געזעלשאַפֿטלעכן געדאַנק. אַפּאָלאָן גריגאָריעוו האָט געקעמפֿט פֿאַר „רוסישער פֿאָלקיש־קייט". זיי אַלע האָבן געקוקט אויף ליטעראַטור ווי אויפֿן אויסדרוק פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. זיי אַלע האָבן געפֿאָדערט פֿונעם קינסטלער — „אידעיִשע קונסט".

טשערנישעווסקי איז אין דעם פּרט נאָך ווײַטער אַוועק אין אוטי־ליטאַרישער קריטיק. קונסט, האָט ער געלערנט, האָט נישט קיין ציל. זי דאַרף דינען דעם לעבן. זי דאַרף אַליין דערקלערן אַזוי, אַז מיר זאָלן ווייסן וואָס איז ריכטיק און וואָס איז ניט ריכטיק אין אונדזער לעבן. בײַ דאָבראָליובאָוון איז די פֿראַגע וועגן קונסט געווען: וואָס פֿאַר אַ גוטס קען עס ברענגען די מיִעדיקע מאַסן?

אין מיטן די 60ער יאָרן, ווען עס האָט זיך געפֿורעמט לערנערס קריטיש באַוווסטזײַן, איז פּיסאַרעוו געווען דער „הערשער איבער די מוחות". פּיסאַרעווס ליטעראַרישע פּראַקטיק האָט געווירקט שוין אונ־טער גאָר אַנדערע אומשטענדן ווי דאָס איז געווען דער פֿאַל מיט טשער־

נישעווסקין און דאבראליובאוו. די אנטוישטע האפענונגען אויף א באלדיקער רעוואלוציע האבן אנגעהויבן ווירקן. מחמת דער רעאקציע איז געפאלן די ענערגיע אין די געזעלשאפטלעכע באוועגונגען. האט זיך ביי פיסארעוון אויסגעפורעמט דער עוואלוציאנערער בליק אויף געשיכטע. אויף אים ווירקן ביכנערס, מאלעשאטס און פאכטס נאטור־וויסנשאפטלעכער, מעכאניסטישער מאטעריאליזם. ניט די רעוואלוציע קען איצט לייזן אלע פראבלעמען, נאר מעשים, ווי דאבראליובאוו האט עס געפאדערט, נאר דער באוווסטזיין. הייבן דעם באוווסטזיין אין דער אינטעליגענץ. דאס דארף פירן צו דעם, עס זאל זיך מערן נאכאנאנד די צאל „טראכטנדיקע רעאליסטן". און כדי דאס צו דערגרייכן מוז מען זיך באוואפענען מיט וויסן. דאס באוווסטזיניקע וויסן, „דער געדאנק און בלויז דער געדאנק קען איבעראנדערשן און באנייען די גאנצע ארדענונג פון מענטשלעכן לעבן". און געמיינט האט ער — פראקטיש, „רעאליסטיש וויסן". לערנט נאטור־וויסנשאפטן, טעכנישע וויסנשאפטן, האט ער געפריידיקט. זאלן אויף אלע פאזיציעס אין געזעלשאפטלעכן לעבן זיך באוויזן טיכטיקע וויסנשאפטלעכע רעאליסטן, וועט שוין דאס איבעריקע קומען פון זיך אליין. אין לעבן דארף מען זיך רעכענען בלויז מיט פאקטן און אלץ דארף דורכגיין דעם רעאליסטס אומברחמנותדיקן קריטישן קאנטראל. אין טורגעניעווס באזאראוון (פון זיין ראמאן „אטצי אי דיעטי" — „פאטערס און קינדער") האט ער געזען די פארקערפערונג פון יענעם דור, וואס לייקנט אלע טראדיציעס, אבערגלויבענישן, מנהגים. ער ווארפט אפ אלץ, וואס איז פריער געווען הייליק, ער נעמט גארניט אן (ניהיל) פאר גוט געלט. אין דעם דאזיקן טערמין „ניהיליסט", וואס טורגעניעוו האט געשאפן, האט זיך אויסגעדריקט פיסארעווס גלויבן. ניט נאר האט פיסארעוו „צעשמעטערט" די עסטעטיק, ווי דאס האבן פריער געטאן זיינע פארלויפער, נאר ער האט שפעטער אויך געלייקנט לגמרי אין קונסט. זי איז ניט וויכטיק און ניט נייטיק.

און אויב פושקין, נאך זיין מיינונג נאך, האט אין א געוויסן מאמענט ניט געקענט ברענגען נוצן דער געזעלשאפט, האט ער אים אינגאנצן „חרוב געמאכט". ער האט דאך דעמאלט געשטערט איבערצואנדערשן די דאזיקע געזעלשאפט. ניט נאר ציט די קונסט אפ די ענערגיע פון

געזעלשאַפטלעכן לעבן, נאָר זי ברענגט נאָך שאָדן. פאַר דעם געלט, וואָס מען גיט אויס אויף פאַרשיידענע קונסטווערק, וואָלט מען געקענט בויען פאַבריקן, אײַנפירן ווירטשאַפטן, קויפן פלייש, ברויט, שיך, קליידער און מכשירים.

איז עס ניט קיין צופאַל, וואָס דער העברעיִשער ניהיליסט קאָוונער האָט זיך אַזוי אויסגעדריקט אין אַ בריוו צו פאַפּערנאַ:

„ווי ביעלינסקי גלויבסטו באמונה שלמה אין דעם פּרינציפּ קונסט לשם קונסט („החרשת למען החרשת”), ווי ער ביסטו אַ פולשטענדיקער אידעאַליסט און אָפּטימיסט, ווי ביעלינסקי כאַפּסטו התפּעלות, באַוווּנדערסט און ביסט מלא שמחה פון יעדער פּאָעזיע, שיין מיט אירע מליצות און קלינגענדיק מיט אירע פערזן, און איך בין גרייט, ווי פּיסאַרעוו, אָפּגעבן טויזנט פּושקינס און לערמאָנטאָווס לידער, און אויך די לידער פון דײַן מיכ״ל, פאַר איין פּשוטן אָהער נוצלעכן אַרטיקל, למשל, וועגן „באַמיסטיקן פעלדער” (הד הזמן, 1909, נומער, 132).

לערנער באַטראַכט זיך פאַר אַ „טראַכטנדיקן רעאַליסט”. ער ווייס גענוי, גלויבט ער, די סיבה פון דעם קאַמף צווישן די ניהיליסטן און דעם פריערדיקן דור משכילים. די משכילים פונעם אַלטן דור, האַלט ער, קענען אַפילו ניט באַנעמען די טיפערע סיבות פון דעם קאַמף. זיי קענען אַפילו ניט באַגרייפן, פאַרוואָס די יונגע „עזות פּנימער” האָבן איבערגענומען דעם ניהיליזם פון די פּיסאַרעווס. ניט סתם אין דער וועלט אַרײַן האָבן זיי דאָס געטאָן. עס זיינען דאָך פאַראַן אינעווייניקסטע סיבות.

„אַז די געפאַר איז גרויס פאַר אים” — שרײַבט ער וועגן גאָטלאָזערן אין זײַן „דורש אל המתים” — „האָט ער זיך אַראָפּגערעדט פון הארצן. ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז גאָטלאָזער אַליין ווייס ניט, וואָס פון זײַן פּען איז אַרויס. אָבער מיר ווייסן יאָ פאַרוואָס ער איז מיט אַזאַ צאָרן אָנגעפאַלן אויף די יוגנטלעכע, וואָס דערגייען אים די יאָרן. און עס איז אויך פאַר אונדז ניט קיין סוד די עיקר־סיבה, וואָס האָט אַזוי געשטאַרקט זײַן האַרץ

אויפצוהייבן די קריגערייען און סכסוכים און אַרויסווייַזן רשעות אין אַ צייַט, וואָס ער האַלט, אַז זי איז ניט קיין גינסטיקע פאַר אים".

ווי אַ מאַטעריאַליסט־פּאָזיטיוויסט דערקלערט ער אויך, אַז דער קאַמף צווישן דורות איז אומפאַרמיידלעך:

„ס'איז באַוווּסט, אַז פון דורות אָן גייט אָן אַ שטרייט צווישן די אַלטע און יונגע, און אין יעדער צייַט פון אַלע צייַטן טרעטן אַרויס די זקנים, וואָס שטיצן זיך אויף זייערע טראַדיציאָנעלע השגות, קעגן די יונגע, וואָס זיינען מבזה זייער חכמה, און האַלטן גאַנץ קנאַפּ פון זייער בלומרשטן כבוד. און אַזוי גייט אָן דער שטרייט פון איינע קעגן די אַנדערע ביז וואַנען דאָס רוב זיינען מנצח די לעצטע, בעת די ערשטע, צוזאַמען מיט זייער חכמה און כבוד, שטאַרבן און גייען פאַרלאָרן. אַזעלכע שטרייטן זעען מיר תמיד אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אומעטום און אין יעטוועדער צייַט. און דאָס איז דערפאַר, וואָס אויפן גורל פון די אומגליקלעכע יונגטלעכע פאַלט תמיד אויס צו זיַין די אָנזאָגער פון דער אָנקומענדיקער צייַט און צו בויען די צוקונפט אויף די חורבות פון עבר, און טאַקע דערפאַר, וואָס עס איז זייער שווער אַרויסצופּטרן דאָס אַלטע און מאַכן פּלאַץ פאַרן נייַעם, ווייַל דאָס אַלטע (די קעגנוואַרט) שטאַרקט זיך מיט אַלע כוחות און לאָזט ניט פאַרשוועכן זייַן הייליקייט (קדושה), — זיינען זיי דעריבער געצוווּנגען צו קעמפן קעגן אים מיט אַ שטאַרקער האַנט און בלייַבנדיק שטאַרק געטריַי זייער ציל און אויפגאַבע, איז פאַר זיי אַנדערש ניט מעגלעך ווי נאָר מאַכן אַ סוף צו די אַלע, וואָס שטעלן זיך זיי אַנטקעגן און שטערן זיי אויף זייער וועג — דעם וועג, וואָס פירט פאָרויס. און אויב אַזעלכע שטרייטן אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז אינעם לעבן פון אַלע פּראָגרעסיווע פעלקער, וואָס גייען כסדר פאָרויס לויט די געזעצן פון לעבן, און צוליב די פאַרשיידענע שינויים און ענדערונגען קומען אויף אויך בייַ זיי פאַרשיידענע אַנדערע אידעען און בליקן, און דער געביט פון איין אידעע רירט אויף אַ האָר ניט אָן די צווייטע, — און פונדעסט־

וועגן איז פאַרט שווער פאַר די באַנײַער צו גיין זיכער מיט זייער וועג און זיי זיינען געצוווּנגען צו מאַכן אָנשטרענגונגען און זיך דורכשלאָגן אַ וועג מיט בלוט פון זייערע פּעדערס, וואָס זיי פאַרגיסן אין זייער ליטעראַטור, פּונקט ווי די העלדן, וואָס פאַרגיסן זייער בלוט אויפן שלאַכטפעלד, — איז ווי שרעקלעך דאַרף שוין זײַן אַזאַ מלחמה בײַ אַ פאָלק, וואָס לעבט אָפּגעזונדערט שוין הונדערטער יאָרן און שטעלט אפילו קיין איין טריט ניט אויפן וועג פון לעבן (אָרחות חיים). אויב עס הייבן אָן פּלוצים צו בלאָזן נײַע ווינטן און די פּלאָמיקע שטים פון דער צוקונפט וועקט אים אויף פון זײַן שלאָף צו לעבן מיטן ליכט פון אַ מענטשלעך לעבן, אָפּצוטרייסלען פון זיך דעם שטויב פון דער קעגנוואַרט און אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם שווערן יאָך פון דער פאַרגאַנגענהייט".

צוזאַמען מיט די נײַע ווינטן און דער פלאַמיקער שטים — פאָלעמיזירט לערנער ווײַטער — „איז אויפגעקומען פּלוצים אַ נײַער דור, וואָס זײַן ציל איז צו גיין און מיטגיין צוזאַמען מיט דער איבעריקער מענטשלעכער געזעלשאַפט". און עס האָט זיך צעפלאַקערט „אַ שווערע און מוראדיקע מלחמה" צווישן „די זקנים" און „אַ קליין הייפעלע" טראַכטנדיקע רעאַליסטן. די ווייניקע יוגנטלעכע זעען אוים שוואַך אויבנאויף, „אָבער אין דער אמתן זיינען זיי שטאַרק ווי ריזן, ווײַל די צײַט שפּילט פאַר זיי און דער גײַסט פון צײַט קעמפט פאַר זיי און שטאַרקט זיי".

ווי אַ טראַכטנדיקער רעאַליסט עצהט ער גאָטלאָבערן, און מיט אים אַלע חברים זײַנע, זיך צוהערן און בעסער פאַרשטיין די סיבה, דעם מקור פון דעם גרויסן פחד, וואָס איז זיי באַפאַלן. „מיט אַ קאַלטן געמיט" דאַרפן זיי זיך אַביסל אַרײַנטראַכטן אין דעם גאַנצן ענין. וועט זיי ווערן „קלאָר, אַז זיי האָבן זיך אומזיסט געשראָקן, און די זאַך גופא איז גאַנץ איינפאַך... קען זיי קומען צונוץ און פאַרשאַפן אפילו פאַרגעניגן".

אין זײַן שאַרפער פּאָלעמיק דערמאָנט לערנער גאָטלאָבערן ווי אַזוי

דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט געלעבט אין פֿינצטערניש. „צוליב סיבות אינע־וויניקסטע און דרויסנדיקסטע", „האָבן די ייִדן ניט געטראַכט ווי אַזוי צו פֿאַרבעסערן זייער מצב אין געזעלשאַפֿטלעכן און מלוכהשן לעבן." זיי זיינען ניט געקומען אין באַריר מיטן פֿאָלק, ווו זיי האָבן געפֿונען אַ מקום מקלט. די לומדים האָבן זייער גאַנץ לעבן אַרײַנגעטאָן אין די ספֿרים, וואָס זיינען איבערגעבליבן נאָך אַלע רדיפֿות אין מיטלאַלטער. איז נאַטירלעך, פֿאַרוואָס די ספֿרים־שפּראַך זאָל זיי זײַן ליב און טײַער, און זיי זאָלן זי באַטראַכטן „ווי אַ הייליקע מצבה". אָבער די דאָזיקע מצבה „איז געבליבן שטיין ניט גערירט פֿון איר אָרט במשך דורי דורות ביז הײַנטיקן טאָג". פֿאַרשטויסענע פֿון דער געזעלשאַפֿט, אײַנגעשלאָסן אין אייגענער פֿאַרלאָרנקייט האָבן זיי געפֿונען אַ טרייסט אין דער דאָ־זיקער הייליקער שפּראַך, „וואָס נאָר זי אַליין איז געווען זייער פֿרייד און טרייסט אין די צײַטן פֿון פּײַן און בראָך". דאָס געפּײַניקטע און אונטערדריקטע פֿאָלק האָט געקוקט אויף דער הייליקער שפּראַך „ווי אויף אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿון קיום האומה". זי שטאַרקט אויך די אמונה. דערפֿאַר האָט דאָס פֿאָלק באַוווּנדערט יעדן איינעם, וואָס האָט געקענט אָנשרײַבן אַ פּאָר שורות אויף לשון קודש. דאָס פֿאָלק „האָט אויף אַזעלכן געקוקט מיט חשיבות, ווײַל ער הייבט אויף דעם אָנזען פֿון זיין פֿאָלק און שפּראַך."

„אָט די דאָזיקע צײַט" — שרײַבט לערנער ווײַטער — „אַ צײַט פֿון פֿינצטערניש איז געווען די גליקלעכסטע אינעם לעבן פֿון די העברעישע שרײַבער... דעמאָלט איז לײַכט געווען פֿאַר אַ מענטשן, — וואָס ניט געלערנט און ניט געלייענט, — גע־קרוינט צו ווערן מיטן נאָמען מחבר, ווײַל אַחוץ דעם ווערט פֿון דער שפּראַך האָבן די לייענער גאָרניט געוווּסט און האָבן פֿון זייערע שרײַבער מער גאָרניט געפֿאָדערט. די דאָזיקע צײַט איז געווען אַ וווּנדערלעכע, ווײַל דעמאָלט האָבן מיר געזען אומגלויב־לעכע זאַכן, ווען יעטוועדער שרײַבער האָט פֿאַרמאָגט כלערליי מעלות, — געווען אַ דיכטער, אַ מליץ, אַן אויפֿקלערער, אַ בעל דקדוק, אַ זאָלאָג, אַ בעלעטריסט, אַלץ צוזאַמען. און וואָס ס'איז

נ אָ ך  מ ע ר  ווונדערלעך — דאָס רוב פון זיי האָט ניט געוווּסט פון רעכטס אויף לינקס און גאָר באַזונדער איז זיי פרעמד געווען דער ענין, וואָס מיט אים האָבן זיי זיך פאַרנומען".

די שרײַבער — טענהט לערנער — האָבן געשריבן מיט עפּעס אַ פאַרכישופטער פּען, „השבעת הקולמוס". זייער האַרץ האָט ניט געפילט און זייער שכל האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס זיי ברענגען אַרויס אויפן פּאַפּיר. מיט אַנדערע ווערטער — עס האָט געפעלט  ב אַ וווּ ס ט ז ײַ ן,  יענער באַוווּסטזײַן, וואָס פּיסאַרעוו האָט געפאָדערט פון דער „טראַכטנדיקער פערזענלעכקייט". די ניהיליסטן, די ייִדישע אַרײַנגערעכנט, האָבן זיך געשטיצט אויפן באַוווּסטזײַן אין זייער קאַמף קעגן ווילדער פאַרערונג און ווילדער באַגײַסטערונג. קעגן נאָכפּלאַפּלען כלומרשטע אויטאָריטעטן, קעגן איבערנעמען אַלטע ווי אויך נײַע געדאַנקען, בלינדערהייט, אָן שום קריטישער קאָנטראָל. און ווען דער יונגער דור האָט דאָס פּלוצים אַליין אויפגעדעקט האָט „די שטים פון דער יוגנט... געטראָפן די שרײַבער ווי אַ דונער" און פון דאַנען נעמט זיך זייער צעטומלעניש און ווילדקייט, מיט וועלכער זיי האָבן געזעצט די ניהיליסטן איבער די קעפּ. און די יונגע האָבן דאָס געטאָן — שרײַבט ווײַטער לערנער — נישט לשם שקאָצערײַ, נאָר מחמת דער הייליקער פליכט, וואָס די יוגנט טראָגט אין זיך און וואָס זי איז שולדיק דעם אומגליקלעכן פאָלק.

„אמת — פאַרטיידיקט לערנער די פּאָזיציע פון זײַנע חברים לדעה — „דאָ ניט לאַנג האָט זיך אָפּגעטאָן די שכינה פון די דאָזיקע שרײַבער און זייער שטערן פון גליק האָט אויפגעהערט צו שײַנען, — ווײַל די לעצטע צײַט, ווען כמעט אין אַלע לענדער האָבן אונדזערע ברידער אָנגעהויבן אַרויסצוגיין פון קנעכטשאַפט צו פרײַהייט און גענומען מתקן זײַן דעם מצב פון זייער בילדונג, האָט די יוגנט זיך גענומען באַמיען אויפצועפענען די אויגן פון פאָלק און אויפווײַזן אים, אַז מיט זײַנע שרײַבער פירט דער שקר, זיי האָבן פאַרשוועכט די הייליקייט פון דער פּראָזע מיט זייער אויפווײַזן, אַז לא המדרש עיקר אלא המעשה".

מען מוז צוגעבן, לערנערס ארויסטריט קעגן גאָטלאָבערן איז זייער א שאַרפער, אַן אומברחמנותדיקער. וואָס רופט נישט אַרויס קיין סימפּאַ־טיעס צו אים. ער חזרט זיך אָפּט איבער אין דער דאָזיקער בראָשור. דאָך, פון פּאָלעמישן שטאַנדפּונקט, איז עס אָנגעשריבן מיט אַ סך אימפּעט און טאַלאַנט. אים גיט זיך איַין אָננעמען דעם אָקס פאַר די הערנער. דער פּאַמפלעט איז געשריבן מיטן טעמפּעראַמענט, וואָס איז געווען אין דער מאָדע און שטאַרק אָנגעלייגט אין די 60־ער יאָרן. און ווען מען קלייבט זיך פּאַנאַנדער אין דעם גאַנצן קאַמף צווישן די ניהיליסטן און די אַלטע, ווערט קלאָר, אַז די ניהיליסטן, אין דער פּערזאָן פון קאָוונערן, זיַינען טאַקע געווען די ערשטע אָנצוהייבן די זייער שאַרפע אַטאַקעס קעגן דעם, וואָס זיי האָבן אָנגענומען פאַר בטלנות און אָפּגעשטאַנענקייט. אָבער די קעגן־אַטאַקעס מצד די אַלטע זיינען בלי ספק געווען אַ סך גרעסער און ביטערער, ממש ווילד. און זיי האָבן טאַקע דערמיט געשאַפן די פיַיער־ליניע צווישן זיך און דער יוגנט. זיי האָבן זיך נישט צוגעהערט צו די טענות פון דער יוגנט, זיך נישט פאַרטיפט אין זיי. זיי האָבן נישט באַ־טראַכט די יוגנט ווי דעם המשך, די צוקונפט פון דער אייגענער קולטור. זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף איר אָן שום אונטערשייד וואָס פאַרא געווער זיי האָבן געכאַפּט אין האַנט. די יוגנט איז טאַקע נישט געווען איינגאַנצן גערעכט. דער כבוד פון די אַלטע איז טאַקע געווען שטאַרק אָנגערירט דאָך האָט עס נאָך אַלץ נישט באַרעכטיקט יענעם ווילדעווען, וואָס די אַלטע האָבן אַרויסגעוויזן. אָבער אַזוי ווערט די שקאָצעוואַטע יוגנט אָלעמאָל באַגעגנט מצד די „אַלטע", סיַידן די „אַלטע" פאַרמאָגן אַביסל הומאָר, טיפע קולטור אָדער באַוווסטזיַין. איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס ווי אַן ענטפער אויף די אַלע גוואַלדן מצד די עלטערע, האָט לערנער גערעדט אין זיַין פּאַמפלעט מיט באַקציינער. ער האָט אָפּן אָנגערירט אַלע הויפּטפּונקטן, וואָס זיַינען געווען פאַרוויקלט אין דעם דאָזיקן קאַמף.

ער פאָדערט־אויף גאָטלאָבערן און זיַינע חברים זיי זאָלן אויפהערן „טומלען, יאָמערן און קלאָגן". בעסער זיך צונויפנעמען, מיט די לעצטע כוחות, און אַ קוק טאָן אויפן אָרט, וואָס פון אים זיַינען אַנטלאָפן גאָט־לאָבער און זיַינע צייַט־חברים. „דעמאָלט וואָלסטו געזען" — שריַיבט לערנער — „אַז דאָרטן שיַינט אַ טיַיער ליכט, אַ צעזייט ליכט פאַר אַ צדיק

(אור זרוע לצדיק) אַז דאָרטן בליצט אויף דער שכל, אַז דאָרט באַפעס־טיקט ער באמת זײַן טראָן. אַט־די ערד, וואָס פאַר איר האָסטו זיך פאַרקרימט זעענדיק זי פון דערווײַטנס, איז אַ הייליקע ערד און קיין פרעמדער טאָר זי נים באַטרעטן, און גאַנצע ציטערניש, וואָס האָט דיך אַרומגענומען איז בלויז דערפאַר, ווײַל ד אָ ס  ו ו י ס ן  איז בײַ די ייִדישע שרײַבער, ווי אַן אויסשלאַק.

נישט נאָר וויסן שעצט לערנער זייער הויך, נאָר נאָך מער דעם פּי־סאַרעווישן הויפּט־יסוד — דעם באַוווּסטזײַן. גאָטלאָבער און זײַנע חברים, האַלט ער, קענען נישט באַנעמען דעם גאַנצן לעבנסשטייגער און די פּירונגען פון די יונגע. זיי, די יונגע, שטויסן ממש אָפּ מיט די אייגענע הענט די אַלע גוטע זאַכן, וואָס זיי האָבן געקענט דערגרייכן דורך דער־ליטעראַטור, ווען זיי וואָלטן נישט געווען אַזעלכע משוגעים. די יונגע, דער־קלערט לערנער, זאָגן זיך גאָרנישט אָפּ פון אַ גוט לעבן און תענוגים, נאָר זייער גרעסטער פאַרגעניגן איז גאָר אַן אַנדערער. ער באַשטייט אין דעם, וואָס „ז י י  פ י ל ן  וואָס זיי שרײַבן...״ אָט דער „באַוווּסטזײַן — באַטאָנט לערנער — דאָס איז דער גרעסטער תענוג אין דעם לעבן פון דער יוגנט. און דעם דאָזיקן תענוג פילן נישט דײַנע ברידער די זקנים, זאָלן זיי אַפילו לעבן מתושלחס יאָרן, ווײַל אין זייערע ווערק איז נישטאָ דער  ג ײַ ס ט  פ ו ן  ל ע ב ן...״

וויסן, באַוווּסטזײַן, שכל הישר — אָט־דאָס דאַרף דער שרײַבער ברענגען דעם פאָלק. און מיט דעם זעלביקן ראַציאָנאַליזם קומט לערנער צו נאָך אַ טיפערער פראַגע, וואָס איז געווען אַ סכנה אָנצורירן אין די 60־ער יאָרן — דאָס באַהאַלטן זיך הינטערן פאַרהאַנג פון אמונה „איך וויים גאַנץ גוט״ — לאָזט ער נישט אָפּ גאָטלאָבערן — „אַז דער שכל הישר איז ווי אַ שטעכיקער דאָרן פאַר אַזאַ מענטשן ווי דו ביסט, און דו נאַרסט זיך מיט דער האָפענונג זיך צו קענען ראַטעווען מיט „אָנכאַפּן זיך פאַרן מזבח״. ווי דאָס ווײַזט טאַקע דײַן בראָשור, אַז דו האָסט אָנגעטאָן די מאַסקע פון אמונה אויף דײַן פּנים, געמיינט — מ׳וועט דיך נישט דערקענען. און איך בין נאָך מער ווי זיכער אַז אין דער פּאַסיקער צײַט ווען ס׳וועט דיך ווידער באַפאַלן אַ מורא פאַרן שכל און דײַן ערשטע עצה וועט דיר גאָרנישט העלפן, וועסטו ווידער זוכן הילף

אפילו אין אָבערגלויבן, און וועסט מ ט ה ר ז י ַ ן ד ע ם ש ר ץ ב ק ן ט ע מ י ם: ס'וועט דיר זיַין אַ סך אָנגענעמער צו זוכן שויץ אין שאָטן פון שקר און פאַלשקייט איידער זיך בויגן פאַרן שכל, וואָס דיר זעט אויס אַזוי מאוימדיק."

נאָך שאַרפער פאַלט ער אָן אויף א. צ. צווייפלען. לערנער קען עס גאָרנישט באַנעמען ווי אַזוי אַן אויפקלערער, אַ פירער, אַ וואָרט־זאָגער, אַ ליכט־ברענגער זאָל גאָר געפינען אַ זכות אויף חסידות. פאַר די יידישע פּאָזיטיוויסטן איז חסידות געווען דער פינצטערסטער שונא. חסידות, האָבן זיי געהאַלטן, האָט גורם געווען דעם פאָלקס זינקען אין עם־הארצות. ווי אַ ראַדיקאַלער ראַציאָנאַליסט פון די 60־ער יאָרן זעט לערנער צביעות און שווינדל אין אַ פּאָזיטיווער באַציִונג צו חסידות מצד אַ פירנדיקן משכיל. „עס ווערט נאָך אומעטיקער — שריַיבט לערנער — ווען מען זעט ווי אַזעלכע זאַכן קומען פאַר אינמיטן העלן טאָג, מחמת דער אומפאַרשעמטקייט און מחמת דעם מוט פון עטלעכע שווינדלער, פון טונקעלע יידישע ליטעראַטן".

די דאָזיקע שאַרפע ווערטער האָט לערנער געשריבן אין „אָדעסקי וויעסט־ניק" (1869, נומ. 24, ז. 82), איבערגעדרוקט אין „קיעוולאַנין" (1869, נומ. 16 ז. 68), אין שייכות מיט צווייפלס ווערק „שלום על ישראל". ווי שאַרף דער אַרויסטריט זאָל נישט האָבן געווען, שטימט ער אָבער מיטן גאַנצן גאַנג פון די „יונגע" אין די 60־טער יאָרן. דער קאַמף קעגן די „אַלטע" איז דאָ געווען אויף טויט און אויף לעבן. און ביידע צדדים האָבן גערעדט אומברחמנותדיקע, אָפענע רייד. שריַיבט לערנער אין דעם נאָר־וואָס דערמאָנטן אַרטיקל („ביבליאָגראַפישע נײַעס"):

> „נישט לאַנג צוריק איז אויף העברעיִש אַרויס אַ בוך אונטערן נאָמען „שלום על ישראל", וואָס זיַין ציל איז צו פאַרטיידיקן די חסידים און פאַרשוואַרצן דאָס פּנים פון אַלע, וואָס וואַגן אָנצורירן דעם כבוד פון דעם הויפּט־גרינדער פון חסידיזם דעם געטלעכן מענטשן, ר' י ש ר א ל ב ע ל ־ ש ם ־ ט ו ב. דאָס דאָזיקע מלמד זכות זיַין דעם צדיקיזם געהערט איינעם פון די באַוווּסטע שריַיבער — ה' צווייפל. אויב מיט פיר יאָר צוריק האָט איינער

אַ ייִדישער פּובליציסט זיך אָנגעשטרענגט צו באַווײַזן, אַז מיר דאַרפֿן האַלטן דעם חסידיזם פֿאַר אַ סיסטעם, און דערצו נאָך אַ סיסטעם, וואָס איז פֿאַרלייגט אין די הערצער פֿון אירע אָנהענגער, — איז ה׳ צווייפֿל אַוועק אַ סך ווײַטער. ה׳ צווייפֿל, נעמט אָן, אַז דער חסידיזם האָט געבראַכט ייִדן גאָר גרויסע נוצן, פֿאָדערט ער פֿון אונדז, אַז מיר זאָלן צאָלן דרך־ארץ־צינזן דעם הויפּט־גרינדער פֿון דער דאָזיקער ניצלעכער סעקטע, און אַליין טרעט ער אַרויס ווי אַ בײַשפּיל דערמיט, וואָס ער האָט אין אָנהייב פֿון זײַן ווערק אָפּגעדרוקט אַ ספּעציעל ליד און לויב־געזאַנג דעם צדיק בעל־שם־טוב. דאָס ליד איז אָנגעשריבן פּונקט אין דעם זעלביקן אופֿן ווי עס זײַנען בדרך כּלל געשריבן אַלע צדיקישע ווערק. זייער גערעכט באַמערקט וועגן דעם די צײַטונג „המליץ״, אַז די דאָזיקע צווייפֿלס אָריגינעלע מיטלען זײַנען עדות פֿון זײַן אָנשטרענגונג זיך נאָכצומאַכן דעם שטייגער פֿון די חסידים, ווי דאָס טוען אָפֿט ביליקע סוחרים, וואָס ווילן נושא פּנים זײַן בײַ זייערע קונים, טוען זיי זיי נאָך ווי מאַלפּעס און מאַכן זיי נאָך אַפֿילו מיט זייערע העוויות און רייד״. דאָ קומט אַ פּוסנאָטיץ אין לערנערס אַרטיקל, וואָס לייענט זיך אַזוי: „נאָכדעם ווי מיר האָבן געענדיקט דעם איצטיקן אַרטיקל, האָבן מיר דורכגעלייענט אין דעם 44־טן נומער „המליץ״, אַז ה׳ צווייפֿל האָט מחמת סיבות, וואָס הענגען נישט אָפּ פֿון אים, געמוזט מאַכן צוגאָבן צו זײַן ווערק״.

ווײַטער שרײַבט לערנער:

„ה׳ צווייפֿלס איצטיק ווערק איז בלויז דער ערשטער טייל פֿון דעם בוך, ווו דער מחבר רעכנט אונדז אין גיכן באַקענען מיט זײַן אָן־פּניותדיקן בליק. אויב מען זאָל גלויבן די שמועות, געמעלדעט אין „קול מבשר״, נעמען אָנטייל אין דער דאָזיקער אויסגאַבע אַלע צדיקים, וואָס וווינען אין די מערב־גובערניעס. עס פֿאַרשטייט זיך, ס׳איז אָבער שווער נישט צו באַוווּנדערן די פֿלינקייט מיט וועלכער די צדיקים אָרדענען אײַן בדרך כּלל זייערע געשעפֿטן. אונדז אָבער פֿאַרחידושט דער אומשטאַנד, וואָס אינעם

איצטיקן פאל איז דער כלי־זיין אין די הענט פון די צדיקים נישט עפעס סתם א חסיד, נאר ה' צווייפל, דער לערער פון זשיטאמירער ראבינער־שולע — אן אנשטאלט, וואס ווערט פאררעכנט ווי דאס פלאנץ־ארט פאר אויפקלערונג צווישן רוסישע יידן".

„עס ווערט טרויעריק ווען מען זעט אזא פלינקן שווינדל... אזעלכע שעדלעכע ביכער דרוקן זיך, און מעגלעך, ווי א מאראלי־שער סם, ווערן זיי פארשפרייט אין פאלק, בעת דעם פארשטאר־בענעם י. ב. לעווינזאנס אויסגעצייכנטע ווערק, וואס זייער נוצן איז אויגנשיינלעך, דארפן ליגן ערגעץ־ווו פארשטעקט. טרויעריק, און דאך איז עס אמת".

## לערנער דער יידישיסט

וויסן, באוווסטזיין און שכל הישר — דאס זיינען געווען די סאמע וויכטיקסטע יסודות אין לערנערס טראכטן און שרייבן. אבער נישט בלויז די דערמאנטע געדאנקען האבן אים געמאכט פאר א דעמאקראט און א ראדיקאל. זיך באהעפטן אדער וועלן זיין באהאפטן מיטן פאלק, קען מען נישט בלויז מיט פלפול. ערגעץ־ווו זיינען אין לערנערן געלעגן טיפערעווארצלען. זיי האבן אים פארבונדן מיטן פאלקס־גורל, נישט געקוקט אויף דעם, וואס אויף דער עלטער האט ער גאר פארלאזן זיין פאלק.

צווישן דער יידישער אינטעליגענץ אין די 60־ער, 70־ער און 80־ער יארן זיינען געווען א סך, וואס האבן זיך דערווייטערט פון פאלק, ווי נאר זיי האבן זיך דערשלאגן צו די טויערן פון דער הערשנדיקער פרעמ־דער קולטור. טייל האבן זיך נישט נאר דערווייטערט, נאר זיי האבן אינגאנצן פארלאזן זייערע ברידער.

למשל — פאר זיינע אנפאלן האט מען קאוונערן געענטפערט נאך מיט גרעסערע. איינע פון די סיבות איז אויך געווען דאס, וואס מען האט אין זיינע רייד דערפילט א פרעמדן. און נישט נאר א פרעמדן, נאר א מענטשן, וואס אים גייט באמת ווייניק־וואס אן די גאנצע העברעיִשע און יידישע ליטעראטור. פון דעם „קול מבשר" האט ער, אגב, נאך געהאלטן, ווייל די צייטונג טוט עפעס אויף צווישן פאלק. אויך פאפערנא און מענדעלע

זײַנען אָנגעפאַלן אויף די העברעיִשע שרײַבער פון זײער צײַט. אויך מענדעלעס אַרויסטריט איז „געקומען ווי אַ קויל אין דער מחנה רוזקע שרײַבער". אויך מענדעלע האָט געהאַט צו זײ טענות — זײ זײַנען ווײַט פון לעבן, האַלטן אין שפּינען חלומות בעת דאָס פאָלק טרינקט זיך אין אָרעמקייט און עם־הארצות. אָבער אין מענדעלעס רייד האָבן זײ נישט געפילט קיין פרעמדן. קאָוונער זאָגט זײ אָפּ דאָס לעבן. סמט ממש דעם גאַנצן קיום פון דער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור. און ער טוט עס מיט אַ באַזונדער הנאה, נאָענט צו סאַדיזם. „דאָס וואָס בײַ אײַך רופט אַרויס באַדויערן און טרויער" — שרײַבט ער צו פּאַפּערנאַ — „דערוועקט אין מיר עקל און פאַראַכטונג. יעדער פון אונדז ביידן פאַרמאָגט זײַן באַזונדער כאַראַקטער, זײַן באַזונדער ריכטונג. איר מיינט, אַז מען דאַרף ווירקן מיט לעבלעכע וואַסער. איך אָבער האַלט מער פון זודיקע, און איך וויל מיט דעם ברייען די ליטעראַרישע שווינדלער".

קאָוונער האָט אין אַ בריוו צו אַ רוסישן שריפטשטעלער געשריבן: די פּראָגרעסיווע אידעען אין די 60־ער יאָרן האָבן אים אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט און אָפּגעזונדערט פון ייִדישן פאָלק (שאול גינזבורג: „משומדים אין צאַרישן רוסלאַנד" ז' 167). און שאול גינזבורג גיט איבער: „מיט דעם ייִדנטום האָט קאָוונער פולקאָם צעריסן שוין אין יענער צײַט, ווען ער האָט אויסגעגאָסן זײַן האַרץ אין דעם בריוו צו גאַרדאָנען. און ווען ער האָט מיט 25 יאָר שפּעטער זיך געטויפט, איז דאָס געווען בלויז אַן אויסערלעכע פאָרמאַליטעט, וואָס האָט אינערלעך קיין זאַך אין קאָוונערן נישט געענדערט".

איז נישט קיין וווּנדער, וואָס מען האָט אים באַטראַכט פאַר אַ פרעמדן. וועגן אונדזער ליטעראַטור האָט ער געשריבן: „זאָלן אונדזערע שריפטשטעלער נישט מיינען, אַז זײ וועלן באַשאַפן אין העברעיִש אַ לעבעדיקע, דוירהאַפטיקע ליטעראַטור. דאָס וועט קיינמאָל נישט זײַן. זייער אויפגאַבע דאַרף באַשטיין בלויז אין דערוועקן מיט דער הילף פון העברעיִש און ייִדיש בײַ אונדזער יוגנט אַ דורשט נאָך בילדונג, אָבער שטילן אָט־דעם דורשט וועט די ייִדישע יוגנט קאָנען נאָר מיט דער הילף פון די אייראָפּעיִשע שפּראַכן. העברעיִש און ייִדיש וועלן פאַר דעם ייִדישן

לייענער דינען נאָר ווי אַ טרעפּ צום טעמפּל פון די הויכע שפּראַכן, און נאָר דאָרטן וועלן זיי דערזען דאָס אמתע ליכט".

לערנער האָט אויך פאַרלאָזן זײַן פאָלק אויף דער עלטער פונקט ווי קאָוונער. אָבער ביז זײַן פּטאָלן שריט איז זײַן באַציִונג צום אייגענעם פאָלק געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע. ער אַליין האָט נישט איינמאָל געשריבן וועגן זײַן צובונד צום פאָלק. אין זײַנע ווערק געפינען זיך אַ סך ערטער ווּ ער רעדט וועגן ליבע צום פאָלק.

אין זײַן אַנאַליז איבער אַקסענפעלדס ווערק, געשריבן אין דער פאָרם פון אַ בריוו צום רעדאַקטאָר (געמיינט צעדערבוימען), דערציילט לערנער וועגן מאָראַלישע לײַדן, וואָס זײַנען אים באַפאַלן בעת ער האָט געלעבט אין כערסאָן. די דאָזיקע יסורים האָבן אים געצוווּנגען צו פאַרגעסן אַלע זײַנע צוזאָגן מכוח שרײַבן פאַר צעדערבוימס בלעטער, און בכלל אַלצדינג אין דער וועלט. און אין צײַט פון די דאָזיקע פּײַנלעכע איבערלעבונגען האָט ער אָבער אויף קיין איין רגע נישט געקענט פאַרגעסן דעם צושטאַנד פון זײַן פאָלק, — „וואָס גליוועט נאָך אונטערן יאָך פון פאַנאַטיזם". — פאַרקערט, אין יענער צײַט האָט דער פאָלקס־מצב אים אויסגעזען „נישט אַן ערך מאוימדיקער און נעבעכדיקער". ער האָט געטראַכט וועגן זײַנע אָרעמע ברידער, די אַלע צרות, וואָס זיי טרינקען זיך אין זיי. ער האָט געטראַכט וועגן די צדיקים, די פאַרפירער, און די שרײַבער, וואָס „פאַר־מערן די יִדישע ליטעראַטור מיט אומנוציקע, אויסגעקינצלטע ווערק". „איך האָב זיך אַ סך דערמאָנט" — שרײַבט ער דאָרטן — „און די אַלע דערינערונגען האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט מײַן טרויער".

אין זײַן קליינער הקדמה צום „דורש אל המתים" שרײַבט לערנער: „זײַנע רייד שטעכן ווי שווערדן. אָבער זיי פליסן פון אַ האַרץ, וואָס האָט באמת ובתמים ליב זײַן פאָלק און ווייטיקט מיט זײַנע צרות".

אין דעם „קערמישל", געדרוקט אין „קליינעם וועקער", ווערט אַי־בערגעגעבן ווי אַזוי לערנער פאַרבינדט די פּראָבלעם ייִדיש מיטן עיקר־געפיל, ליבע צום פאָלק. „כל זמן", שרײַבט ער, „ער (דער ייִד) האָט ליב „ייִדן", וועט ער אויך ליב האָבן „ייִדיש". אָדער — „און ווער קען זיך דערווײַטערן פון זײַן אומגליקלעך, געפאַלן פאָלק?" ער גייט נאָך ווײַ־טער: ער איז מרמז, — אַז די, וואָס „שרײַען, אַז זשאַרגאָן איז קיין

לשון נישט", זיי פעלט נישט נאָר פאַרשטאַנד, נאָר די „אמתע פאָלקס־ליבע". און ווען ער טרינקט אויפן קערמישל דעם טאָסט פאַר ספעקטאָרן, פאַר וועמען מע האָט אײַנגעאָרדנט דעם אינטימען יום־טוב, דריקט ער זיך אוים : „צולעצט טרינק איך פאַר אַלע ייִדישע שריפטשטעלער, פאַר אַלע אונדזערע חברים וואָס האָבן ליב אונדזער פאָלק און דינען מיט חשק זייערע ברידער".

ווי מיר זעען, בײַ דעם ניהיליסט לערנערן איז דער צוגאַנג צו זײַן פאָלק און דעם פאָלקס ליטעראַטור גאָר אַן אַנדערער ווי בײַ דעם ניהיליסט קאָוונערן. און אויב די ווערטער פונעם מחבר וועגן זײַנע געפילן צו זײַן פאָלק זײַנען נישט באַגלויבט גענוג, קען מען זיך צוקוקן צו לערנערס מעשים בשעת ער האָט געשריבן וועגן זײַן ליבע צום פאָלק און צום פאָלקס שפּראַך.

לערנער האָט געקראָגן זײַן רוסישע בילדונג אין גימנאַזיע. דערמיט האָבן אין יענע יאָרן זיך אויסגעצייכנט בלויז עטלעכע הונדערט ייִדישע יונגעלײַט (זע : טשעריקאָווערס „איסטאָריאַ אָבשטשעסטוואַ דליאַ ראַס־פּראָסטראַניעניאַ פּראָסוועשטשעניאַ מעזשדו יעווריעאַמי וו' ראָסיא". ז' 129). אין יאָר 1853 זײַנען אין גאַנץ רוסלאַנד געווען 159 ייִדישע גימ־נאַזיסטן, און אין 1863 — נישט מער ווי 552. אין די 60־ער יאָרן איז לערנער געווען אַ פרײַער צוהערער אויפן יורידישן פאַקולטעט אין דעם נאָוואָראָסיסקי אוניווערזיטעט, אין אָדעס. ער האָט געשריבן רוסיש און העברעיִש פּונקט אַזוי פרײַ ווי ייִדיש. במשך צען יאָר איז ער געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דעם רוסישן „אָדעסקי וויעסטניק". ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין „קיעווליאַנין" און אין „נאָוואָראָסיסקי טעלעגראַף".

קיין גרויסע מחנות ייִדישע יונגעלײַט, וואָס זײַנען געווען ביכולת צו ווערן רוסישע זשורנאַליסטן, זײַנען אין די 60־ער יאָרן נישט געווען. און די יענע, די דורכגענומענע מיט דער רוסישער קולטור, זײַנען אָדער אינ־גאַנצן אַוועק פון פאָלק אָדער זיי האָבן זיך געהאַלטן גרויס קעגן זייער אייגן פאָלק. רוסיש קענען איז אין יענע צײַטן, משמעות, געווען גאָר אַ וואָזשנער ענין. דאָס טרעפט דאָך זייער אָפט, ווען מענטשן מיט אַ שפלות־געפיל ווערן געשטעלט פאַר אַ העכערער פרעמדער קולטור. אַפילו די,

וואָס זײַנען נישט געווען גאָר קיין גרויסע „רוסן", ווי, למשל, מענדעלע, אַפילו זיי האָבן געדאַרפט פירן מיט זיך אַ ביטערן קאַמף איידער זיי האָבן זיך פאַרקנסט מיט דער „פאַרשאַלטענער", „אומווירדיקער" און „פאַרשטויסענער טאָכטער". און די וואָס האָבן אַמאָל אָנגעשריבן עפּעס אין דער דאָזיקער שפּראַך, זײַנען דאָס געווען אַזעלכע, וואָס האָבן, ווי עס דריקט זיך אויס צעדערבוים, „עס געמאַכט פאַר אַ שפּאַס און האָבן גאָרנישט גערעכנט אַזעלכע שריפטן אַרויסצוגעבן; טייל האָבן זיך פּשוט געשעמט פלוצים מחברים צו ווערן אין דעם אָרעמען זשאַרגאָן".

און דאָ קומט אַ מענטש, אַ „בעל־לשון", אַז ער קען גוט רוסיש, און ער ווערט גאָר אַ הייסער קעמפער פאַר ייִדיש. פאַר די 60־ער יאָרן איז ער גאָר אַן אָדם הפּוך. מיטן אויסנאַם פון ליפשיצן, איז ער דער ערשטער באַוווּסטזיניקער ייִדישיסט בײַ אונדז.

די השׂכלה בײַ די פרײַערדיקע שרײַבער איז אין זייער אויגן געווען בלויז „די כלומרשטע השׂכלה", ווי ער דריקט זיך אויס אין אָנהייב פון זײַן „דורש אל המתים". די אמתע השׂכלה, וואָס האָט געפירט צום פאָלק, האָט נאָך זײַן מיינונג נאָך, אויך געמוזט פירן צו ייִדיש. אין זײַן „קריטישן אַנאַליז" איבער אַקסענפעלדס ווערק שרײַבט ער (ז' 3): „עס איז נישטאָ קיין בעסערער מיטל ווי צו פאַרשפּרייטן נוציקע באַגריפן אין פאָלק" ווי דורך ייִדיש. אָבער נישט גלאַט ייִדיש, נאָר — ווי ער דריקט זיך דאָרטן אויס — נאָר דורך אַ ריינעם ייִדיש: „כדי דורכצופירן וואָסער־עס־איז נײַעם געדאַנק אין פאָלק, דאַרף מען עס אים דערקלערן אין אַ ריינער אומגאַנגשפּראַך, און נישט אין אַן איבערגעפירטן דיאַלעקט". נאָכדעם ווי ער גיט איבער אין עטלעכע שורות אַ פּאָר געשיכטלעכע פאַקטן וועגן ייִדיש, רעדט ער וועגן דעם כאַראַקטער פון ייִדיש. די דאָזיקע באַמערקונגען איז כדאַי צו פאַרנעמען אַפילו איצט, כמעט אַ יאָרהונדערט שפּעטער.

„אין אַלגעמיין — שרײַבט דאָרטן לערנער — צייכנט זיך אויס דאָס לשון מיט אַ סך אָריגינעלקייט, ענלעך צום כאַראַקטער פון פאָלק גופא". און דאָס, מיינט לערנער, וואָס די ייִדן האָבן במשך זייערע וואַנדערונגען צוגעאייגנט פון אַנדערע פעלקער און געבראַכט אַהין, ווו זיי האָבן זיך באַזעצט. דאָס זײַנען געווען זייער נוציקע זאַכן, וואָס מיט זיי

זײַנען זיי באַרעכטיקט געוואָרן. און דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אויך אין דער שפּראַך. אויף אַזאַ אופן דרינגט מען פון זײַנע רייד, אַז יידיש האָט אין זיך, למשל, „די פראַנצויזישע שאַרפקייט, די דײַטשישע געדאַנקען־טיפ־קייט, די ענגלישע שטרענגקייט א.אַ.וו." „די דאַזיקע שפּראַך", שרײַבט ער ווײַטער, „האָט זיך אַזוי אײַנגעוואָרצלט אינעם פלייש און בלוט פון דעם יידן, אַז ער באַנוצט זיך מיט איר אויף יעדן טריט און שריט: מיט דער הילף פון דער דאָזיקער שפּראַך איז דער ייד אויך איצט טעטיק, ער פּראָדוצירט, האַנדלט און עקזיסטירט; די דאָזיקע שפּראַך דינט אים אין געשעפטן אין דער משפּחה און אין מסיבות צווישן פרײַנד; אויף דער דאָזיקער שפּראַך טראַכט און פילט דער ייד, האַסט און האָט ליב; מיט איין וואָרט, די דאָזיקע שפּראַך האָט זיך צוגעאייגנט פאַרן טאָגטעגלעכן לעבן און נאָר אין דער דאָזיקער שפּראַך איז ער מסוגל זיך אויסצובײַטן מיט די געדאַנקען און אויסהערן אַ וואָרט, וואָס איז קלוג און נוציק פאַר אים..."

און אַרבעטן פאַר יידיש זעט אים אויס צו זײַן דאָס וויכטיקסטע. די „צדיקים", — האָט ער דאָך געגלייבט — פירן אַראָפּ דאָס פאָלק פון דרך הישר און האַלטן אים אין פינצטערניש. זיי האָבן עס פאַרשטאַנען ווי אַזוי צוקומען צום סאַמע האַרץ פון פאָלק — און דווקא דורך דער שפּראַך. דערפאַר איז עס בײַ אים געווען אַ גרויס געשעעניש אין לעבן ווען ער האָט דערזען אַקסענפעלדס ווערק געשריבן אין יידיש, און — קינסטלעריש געשריבן. בעת ער, לערנער, איז געווען פאַרזונקען אין מרה־שחורה מכוח דעם פאָלקס־גורל האָט ער — אַדאַנק די דערמאָנטע ווערק — זיך דערפילט ווי באַנײַט מיט פרישע כוחות. פאַר אים זײַנען אַקסענ־פעלדס ווערק אין יידיש געווען אַ רעוואָלוציאָנערער אַקט אין פאָלקס לעבן. ער האָט דערזען אין דעם אָן אָנהייב פון אַ נײַער תקופה. די נײַע תקופה וועט באַקעמפן, נאָך זײַן מיינונג נאָך, דעם פאָלקס ביטערסטן שונא מיט זײַן אייגן געוועער. דערמיט וועט זי עפענען דעם פאָלקס אויגן.

זײַן גלויבן אין יידיש האָט ער אויך אויסגעדריקט אַ סך שפּעטער, סוף אַכציקער יאָרן. דאָס איז געווען בײַם „קרעמישל", וואָס גוטע פרײַנט פון יידישן לשון האָבן געמאַכט אין אָדעס בײַם דורכפאָרן פון ה' מ. ספּעקטאָר, מאָנטיק דעם 19טן יוני 1889 (ב' תמוז ה' תרמ"ט לפ"ק).

אין זײַן טאָסט ענטפערט לערנער וועקסלערן (איש נעמי). וועקסלער רופט אָן ייִדיש „די זאַמד־שפּראַכע”. „פריער אָדער שפּעטער” וועט זי צע־וואַרפן דער ווינט, וואָס מען רופט אים „צײַט־גײַסט”. ער ענטפערט אויך פעלדבערגן אויף דעם אויספיר וועגן ייִדיש, „אַז מען קען גאָרנישט וויסן ביז וואַנען דער זשאַרגאָן וועט נאָך עקזיסטירן”. לערנער הייבט אָן זײַן רעדע מיט דער ווענדונג „ייִדן”. דאָס איז נישט קיין צופאַל, דער־קלערט ער, וואָרעם דאָס וואָרט ייִדן דערמאַנט אים אין אַן אַנדער וואָרט — „ייִדיש”. און דאָס וואָרט „ייִדיש” לאָזט אים ניט מסכים זײַן מיט די אַלע עצות, וואָס מען האָט אַרויסגעזאָגט בײַם קרעמישל.

„איר ווייסט גאַנץ גוט” — זאָגט לערנער — „אַז אויסער אונדזער זשאַרגאָן, וואָס שטאַמט אַרויס פון דײַטשן, איז נאָך דאָ אַ זשאַרגאָן, וואָס האָט מער שייכות צום שפּאַנישן און וואָס מער פון אַ מיליאָן ייִדן, וואָס וווינען אין אייראָפּע און גרעסטנטייל אין די מזרח־לענדער, ריידן אויף אים. פון דעסטוועגן איז קיינעם נישט אײַנגעפאַלן דעם שפּאַנישן זשאַרגאָן צו הייליקן מיטן נאָמען „ייִדיש”, און נאָר אונדזער דײַטשער זשאַרגאָן הייסט אַזוי שוין שיינע עטלעכע יאָרהונדערטער און נאָך אַצינד רופט מען אים „גאָטס ייִדיש” אָדער „עברי־טײַטש”. „אונדזערע עלטערן האָבן מיט דורי דורות צוריק דאָס גאַנצע מזל פונעם פאָלק צוגעבונדן צו דעם לשון און מיטן „ייִדישן” האָבן זיי אַזוי שטאַרק פאַרקניפּט זייער נאַציאָנאַליטעט פון איין זײַט, די צרות פון דער אַנדער זײַט, אַז דער חוט המשולש וועט שוין קיינמאָל נישט איבערגעריסן ווערן”. אונדזערע קינדער ווי אויך דער נײַער דור מעגן זיך וויל ריידן דאָס מדינה־לשון און אַפילו נישט פאַרשטיין קיין ייִדיש. דאָך וועט אַלץ אונדזער לשון ל ע ב ן, ווײַל עס ה יי ס ט ייִדיש, עס א י ז ייִדיש! אין דעם זשאַרגאָן דריקט זיך אויס דאָס ייִדישע גלײַכווערטל, דאָס ייִדישע המצאהלע, דאָס ייִדישע חכמהלע, דאָס ייִדיש(ע) פשטל, דער ייִדישער קרעכץ, מיט איין וואָרט דאָ ליגט דער ייִד מיט די ביינער, און ווי ווײַט איטלעכער זאָל זײַן אָפּ־געריסן פון דעם אויסנווייניקסטן „ייִדישקייט”, ווי אַזוי די דערציִונג זאָל אים נישט דערווײַטערן פון פאַרשיידענע זאַכן וואָס ליינט אויף זיי די „ייִדישע” התימה, בלײַבט ער צוגעבונדן צו דעם, וואָס מיר רופן „דאָס פינטעלע ייִד”... און כל זמן ער האָט ליב „ייִדן”, וועט ער אויך ליב

האָבן „ייִדיש״... זײַנען אים נאָענט זײַנע ברידער, וועט ער זיך אויך נישט דערווײַטערן פון זייער לשון. און ווער גען זיך דערווײַטערן פון זײַן אומגליקלעך, געפּאַלן פּאָלק ווער קען געבן אַ שפּיי דערויף, וואָס זיי רופן „ייִדיש״, וואָס זיי שטעלן אַרויס אויף דער פּאָן פון זייער נאַציאָ־נאַליטעט?... דעריבער געפין איך, אַז ה׳ וועקסלער האָט נישט רעכט דערמיט, וואָס ער קוקט אויפן זשאַרגאָן ווי אויף זאַמד: פון דעם זאַמד זײַנען שוין לאַנג שטיינער, לוחות אבן, וואָס אויף זיי האָט דער ייִד אויסגעקריצט אַלע זײַנע האָפענונגען, זײַן נאַציאָנאַליטעט־געפיל, זײַן גאַנץ חיות... דעריבער רעכן איך אויך, אַז ה׳ פעלדבערג וואָלט נישט באַדאַרפט אַזוי אומבאַשטימט ריידן וועגן דער צוקונפט פונעם זשאַרגאָן: ער מיינט, אַז מע קען נישט וויסן וויפל יאָרהונדערטער דער זשאַרגאָן וועט נאָך עקזיסטירן, און איך זאָג, אַז מע קען עס יאָ וויסן, דער חשבון איז קלאָר, — כל זמן „ייִדן״ וועלן זײַן, וועלן זיי ריידן „ייִדיש״, מיט אַנדערע ווערטער: דער זשאַרגאָן וועט לעבן אַזוי לאַנג ווי די ייִדישע נאַציאָנאַליטעט״.

אין זײַן שטודיע „די ייִדישע מוזע״ (וועגן ייִדישע פאָלקסלידער) — אפשר די ערשטע שטודיע פון דעם מין — באַמיט ער זיך פאַרטיידיקן די ייִדישע שפּראַך. נאָכמער — ער טרעט אַרויס קעגן אַלע שונאים פון ייִדיש: קעגן די נאַציאָנאַליסטן, קעגן די אַסימילאַטאָרן און די „מיוחסים״. „פּונקט אַזוי ווי דאָס גאַנצע לעבן פון דעם ייִדישן פאָלק — שרײַבט ער דאָרטן — שלעפּט זיך אויף נישט קיין געוויינלעכע אופנים, אַזוי קען מען אויך די זעלבע אומגעוויינלעכקייטן באַמערקן אין דעם גאַנג פון דער שפּראַך. און גראָד דעמאָלט, ווען די לאַגע פון אונדזערע ברידער איז נישט אַזוי פריילעך... זעט מען דעם זשאַרגאָן דווקא אויפהייבן דעם קאָפּ און כמעט אַזוי ווי פאָדערן מע זאָל אים אויך אָפּגעבן אַ פּלאַץ צווישן אַלע לשונות. וואָס זאָל דאָס באַטײַטן? מיר וועלן קיין באַזונדערע פירושים נישט לערנען. נאָר איין זאַך מוזן מיר זאָגן, אַז ווער ווייס אויב פון אַזאַ באַ־לעבונג פון דעם פאַרשימלטן זשאַרגאָן איז אויך נישט אָפּהענגיק אַ גרע־סער תחית המתים — אַן אויפלעבונג פון דעם גאַנצן פאָלק, אַ דערמונטערן פונעם הונדערט־יעריקן חלשות, אַ נײַער אָטעם פון נאַציאָנאַל־געפיל, אַן

אָנהייבן רירן מיט קראַנקע אברים און טאַקע אָן התחלה צום געזונט ווערן בפה מלא״.

מיטן אויפלעבן יידיש זעט ער אויך ווי דאָס גאַנצע פאָלק וועט אויפלעבן. לערנער האָט פאָרויסגעזען יענעם גרויסן אויפשטײַג, אַ מין רענעסאַנס פון דער גאַנצער מאָדערנער יידישער קולטור. ער שטעלט זיך אָפּ אויך „אויף דעם, וואָס די שונאים האָבן אויסגעטראַכט. ער (דער זשאַר־גאָן) קער זיך גאָר ווייניק אָן מיט דער איידעלער מאַטעריע, וואָס הייסט פּאָעזיע״. דאָס האָט אים מן הסתם אָנגערעגט צו שרײַבן די שטודיע וועגן פאָלקסליד.

„די יידישע מוזע״ — שרײַבט ער — „שטייט נישט ווײַט פון אַלע אירע שוועסטער! אַלע באַגלײַך זײַנען זיי מתנות פון גאָט: דאָס זײַנען צווײַגן פון איין גרויסן בוים, וואָס טראָגט אויף זיך איבעראַל אַלץ איינע טײַערע פּירות און שמעקעדיקע בשמים. אויפן אייביק גרינעם באַרג, ווו אַלע מוזעס שטייען פאַרן כסא הכבוד, האָט אויך די יידישע מוזע איר בכבודיקן פּלאַץ און איבער איר איז אויך אויסגעגאָסן דער אייגענער חן, דאָס אייגענע שיינקייט. זי איז נישט קיין אָפּגעריבענע מטבע, נישט קיין אָפּגעשלאָגענע הושענא. זי איז אַ וואַסער פון דעם קוואַל, וואָס דער־קוויקט דאָס דאָרשטיק מענטשלעך האַרץ. זי איז אַ שטיק פון דעם פײַער, וואָס וועט אייביק ברענען און קיין מאָל נישט פאַרלאָשן ווערן״.

און ער ענדיקט זײַן שטודיע מיט דעם פאַרקירצטן פּסוק פון שמות: „של נעליך מעל רגליך כי אדמת קודש הוא! וואַרף אַראָפּ די שיך, דען דו שטייסט אויף אַ הייליק אָרט...״

## רעאַליסטישע קריטיק

לערנערס צוגאַנג צום יידישן פאָלק און צו יידיש איז געווען מער עמאָציאָנעל ווי אינטעלעקטועל. פריער איז בײַ אים געקומען דאָס גע־פיל, שפּעטער ערשט האָט ער געשאַפן זײַן טעאָריע. פריער האָט אים באַוועלטיקט זײַן געמיט, און ערשט שפּעטער האָט ער ראַציאָנאַליזירט זײַנע געפילן.

אויבנויף קען זיך אויסדאַכטן: אין קריטיק איז לערנער, ווי פּי־

סאַרעוו, בלויז ראַציאָנאַליסטיש. אַלץ דאַרף דאָך ווערן באַלויכטן מיט וויסן, באַוווסטזיין און שכל הישר. איז דאָס טאַקע אמת וועגן יענעם טייל קריטיק, ווי לערנער באַטאָנט דאָס ניצלעכע, דאָס געזעלשאַפט־לעך־נייטיקע אין קונסט. אָבער מערקווירדיק — דאָס ווערטפּולסטע אין לערנערס קריטיק איז גאָר עפּעס אַנדערש. ניט געקוקט אויף זיין „פּי־סאַרעווישטשינע”, קומען־אויף אין אים געדאַנקען, בעסער געזאָגט, גע־פילן, מכוח קונסט־פּראָבלעמען. דערמיט איז ער אַנדערש ווי די דעמאָלטיקע רעאַליסטן־קריטיקער. ווי קאָוונער, למשל האָבן זיי דאָך געהאַלטן, אַן אַרטיקל וועגן באַמיסטיקן פעלדער פאַר וויכטיקער ווי פּושקינס, לערמאָנטאָווס און מיכל לעבענזאָנס לידער.

אין זיין רעאַליסטישער קריטיק זיינען ניכר צוויי זאַכן: א) זיין מאָנען נוצן און ב) אָביעקטיווע עסטעטיק. איינס שטראָמט אַרויס פון צווייטן, איינס לעבט אין זכות פון צווייטן. אין פּרט עסטע־טיק טיילט ער זיך אויס פון זיין גאַנצן דור. דאָס שטעלט אים אויך אַוועק אויף אַ הויכער מדריגה אין דער געשיכטע פון יידישער קריטיק.

ווען מיר באַטראַכטן דעם קאַמף אין די 60ער יאָרן צווישן די ערשטע העברעישע שרייבער פון אַלטן דור און די יונגע ניהיליסטן, זעען מיר עפּעס מער ווי אַ קאַמף צווישן צוויי קרייזן שרייבער. דאָס איז געווען אַ קאַמף ניט נאָר פאַר פאַרשיידענע סאָציאַלע אָריענטאַציעס, פאַר רע־וואָלוציאָנערן דעמאָקראַטיזם, קעגן קאָנסערוואַטיזם אָדער מילדן ליבע־ראַליזם. געווען איז דאָס אויך אַ קאַמף — צווישן רעאַליזם און ראָמאַנ־טיזם.

ניט נאָר די שאַרף־רעוואָלוציאָנערע צווישן די „יונגע” זיינען גע־ווען קעגן די עלטערע בעלי־מליצה. אויך מענטשן, וואָס זיינען ניט גע־ווען אינגאַנצן מסכים מיט די „יונגע” האָבן געמוזט איינזען דעם גאַנג אין דער ליטעראַטור, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שום דירעקטן שייכות מיטן פּאַקטישן לעבן. דער מעסיקער מענדעלע, למשל, האָט אין דעם פּרט געהאַלטן מיט די ניהיליסטן. און ער אַליין, כידוע, איז אַרויס־געטראָגן קעגן די עלטערע שרייבער און זייערע פּוסטע מליצות.

די עלטערע שרייבער האָבן זיך אָפט באַנוצט מיט תנ"כישע טע־מעס פון יידישן עבר, און זיי בלויז צוגעפּאַסט צום ענין וואָס דער שריי־

בער האָט געהאַט בדעה צו באַרירן. עס איז אויסגעקומען, — די שרײַבער האָבן ניט געפילט וואָס זיי שרײַבן, זיי האָבן צוגעטראַכט אַ געדאַנק און אים באַארבעט מיט אַ משל.

אין זײַן בראשור קעגן גאָטלאָזער, אינעם „דורש אל המתים", שרײַבט טאַקע לערנער אויספירלעך וועגן דער דאָזיקער פוסטער מליצה, וועגן דעם דאָזיקן בטלנישן ראָמאַנטיזם. ער באַטאָנט, „אַז דער לעבנגײַסט, וואָס די יונגע פֿאָדערן פון אונדזערע שרײַבער, איז גאָר אַן אַנדערער ווי יענער שלעכטער גײַסט (רוח רעה), וואָס שרעקט אַזוי דיך און דײַנס גלײַכן, די גרויסע מענטשן: דער דאָזיקער גײַסט פֿאָדערט פון אונדז, אַז מיר זאָלן שרײַבן, וואָס מיר פילן."
אָבער אַחוץ פילן מוז אַלץ זײַן געבויט ניט גלאַט אויף איינפאַלן, המצאות, נאָר אויף באַווײַזן. „און וואָס עס גייט אַרויס פון אונדזער האַנט — שרײַבט לערנער ווײַטער — זאָל זײַן געבויט אויף גרינטלעכע באַווײַזן, אַז וויייניקסטנס מיר אַליין זאָלן זיך ניט ספקן אין זייער אמתדיקייט". לערנער פֿאָדערט אַרויס גאָטלאָזערן צו ווײַזן וווּ איז דער ציל צו וועלכע די העברעישע שרײַבער, זײַנע צײַט־חברים, האָבן געשטרעבט. ער פֿאַרטיידיקט די יונגע דערמיט, וואָס יענע „ריידן ניט, וואָס פאַלט זיי אַרײַן אין מויל, ווי דאָס טוען די אַלטע מיט זייערע פֿאַרשטיינערטע הערצער, נאָר זיי ברענגען פֿאַר אונדז אַרויס נײַע געדאַנקען און אויך אַלטע, וואָס זײַנען אויפגעוויזן מיט ראיות...."

אין זײַן „צער בעלי חיים", געשריבן קעגן קאָוונערן רעכנט גאָטלאָבער אויס דרײַ חטאים פון די „יונגע". די דאָזיקע דרײַ חטאים אַנאַליזירט לערנער אויספירלעך אין זײַן „דורש אל המתים". דאָס זײַנען: דער ביטול צו אויטאָריטעטן, דאָס נעגירן די שיינע ווייסנשאַפט (אונטער שיינע ווייסנשאַפט מיינט לערנער — קונסט, — נ. ב. מ.) און דאָס צעשטערן די הייליקייט פון זווג (הנשואין). דער לעצטער פונקט איז געווען אין די 60ער יאָרן צווישן די וויכטיקסטע פראַגעס אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער פרויס שטרעבן צו זײַן פרײַ, גלײַכבארעכטיקט מיטן מאַן. זייער לעבן דאַרף זײַן געבויט אויף „שכל און געפירט פונעם געפיל פון ליבע". מיר זיינען דאָ

אָבער פֿאַראינטערעסירט מיט לערנערס אויספֿירן וואָס שייך די ערשטע צוויי פּונקטן.

מכוח דעם ערשטן „חטא”, וויזט־אויף לערנער גאָטלאָבערן: פֿאַרקערט, — די יוגנט באַציט זיך מיט גרויס כבוד צו אויטאָריטעטן. נאָכמער — „די יוגנט שאַפֿט זיך גאַנץ ליכט אויטאָריטעטן... און דאָס איז דערפֿאַר, ווייל די יוגנט האָט זיך אויסדערוויילט בלויז איין אויטאָריטעט — דעם שכל און זיינע באַגלויבסטע אַרגומענטן, בעת די אַלטע שאַפֿן זיך אויטאָריטעטן אָן אַ צאָל”.

„אויף אַזאַ אופֿן” — טענהט לערנער — „קען אַמאָל אַ יונגערמאַן אָן אַ נאָמען, וואָס איז נאָך ניט אַרויס אין דער וועלט, ווערן אָנגענומען פֿאַר אַן אויטאָריטעט, אויב ער רעדט נאָר אמת און לאָזט הערן פֿון זיך ריכטיקע רייד (לאָגישע רייד). בעת ביי די אַלטע פֿאַרשאַפֿט מען זיך אויטאָריטעט מיט כלערליי מיטלען, און ווער עס ווענדט אָן מער קונצשטיק און דריידלעך, דער קען דערגרייכן אַזאַ מדריגה. און דעריבער קאָן מען ניט באַשולדיקן די יוגנט אַז זי איז מבטל אויטאָריטעטן: אדרבא, זיי האָבן באמת ליב אַן אויטאָריטעט, און ביי זיי קען זיך אים קיין זאַך ניט קעגנשטעלן, ווייל דער געאַכפּערטער אויטאָריטעט שטויסט ביי זיי אַוועק זייער אייגענעם כבוד, און ווו דער אויטאָריטעט ווערט פֿאַרשוועכט, גיבן זיי זיך אַליין אויך ניט אָפּ קיין כבוד. פּרוביר אָקאָרשט ריידן מיט איינעם פֿון די יונגע און פֿרעג אָפּ מיט שכל און לאָגיק זיין פּריוואַטע מיינונג. ער וועט דעמאָלט זיך ניט אָפּהאַלטן מודה זיין זיינע זינד. און ס'איז ביי אונדז קיין שום ספֿק ניט, ווען דו קומסט מיטן נאָמען פֿון אמת צו דעם מחבר פֿון „חקר דבר” (קאָוונערן — נ. ב. מ.), דעם עזות פּנים פֿון היינטיקן דור, און וואָלסט מיט שטאַרקע ראיות און פֿעסטע באַווייזן אָפּגעפֿרעגט זיינע מיינונגען, וואָלט ער געוויס אָן שום ספֿק מתקן געווען דאָס, וואָס ער האָט פֿאַרקרימט (לתקן עותתו) און וואָלט זיך ניט געשעמט מודה זיין דעם אמת, ווייל אַן אויטאָריטעט איז ביי אים הייליק.”

„דערפון איז געדרונגען, אז די יונגע זיינען מבטל בלויז די הייליקייט פון פרעמדע געטער, דאָס מיינט די אויטאָריטעטן, וואָס האָבן זיך בײַ אײַך געפרוכפּערט און געמערט ווי זאַמד בײַם ברעג ים, — דאָס זיינען די לײַט, וואָס מיט זייער כיטרע־קייט (ערמה), נעמען זיי זיך און צוליב אומוויסנקייט גיט מען זיי בכבודיקע נעמען; בכלל אָבער האָבן זיי מורא פאַר אויטאָרי־טעטן און היטן זיי."

מכוח נעגירן די שיינע וויסנשאַפט, דאָס מיינט די קונסט — וועגן דעם שרײַבט לערנער, אַז די יוגנט לייקנט זי ניט. זי באַציט זיך בלויז קריטיש צו איר ווערט „אין דער הײַנטיקער צײַט", בעת די גאַנצע מענטשהייט לײַדט:

„אויך דײַן צווייטע טענה — וועגן נעגירן די קונסט און שיי־נע וויסנשאַפטן — האָט קיין גרונט ניט, ווייל די יונגע — האַלטנדיק טײַער די ראיות פון שכל, וואָס באַזירן זיך אויף די נאַטור־געזעצן, זיינען דעריבער מחויב זיך צו באַציען מיט אַכ־טונג צו דער נאַטור, וואָס איז, ווי באַוווּסט, פול מיט פּאָעזיע, און דעריבער איז ניט מעגלעך זיי זאָלן ניט געפינען קיין גע־נוס אין פּאָעזיע גופא, וואָס איז איינע פון די שיינע וויסנ־שאַפטן, וואָס פאַרשאַפן דער נשמה פרייד און תענוג. ס'איז דע־ריבער אַ חרפה צו זאָגן, אַז אַזעלכע מענטשן, וואָס אַכטן די נאַ־טור זאָלן ניט טײַער האַלטן די פּאָעזיע, בעת די נאַטור דער־שײַנט פאַר אונדז ווי וווּנדערלעכע הויכע פּאָעזיע, וואָס איז ני־טאָ איר גלײַכן. בלויז אויסגעצייכנטע קינסטלער געלינגט אַמאָל אויסצוקריצן די שיינע דערהויבענע געשטאַלטן פון דער נאַטור. אין דער אמתן גרינגשעצן ניט (לא יתנו דפי) די יונגע אפילו איין צווײַג פון די דאָזיקע וויסנשאַפטן. זיי נעגירן אָבער זייער ווערט אין דער הײַנטיקער צײַט, וואָס פאָדערט פון אונדז, אַז מיר זאָלן אַרבעטן אויפן פעלד פון יענע וויסנשאַפטן, וואָס זיינען צום מערסטנס נייטיק פאַר אונדזער לעבן און בילדונג. און עס זיינען טאַקע גאַנץ גערעכט די יונגע, וואָס האָבן באמת

ליב די מענטשהייט און זאָרגן פאַר איר פרידן און תיקון, — ווען זיי ווײַזן אויף, אַז די שיינע וויסנשאַפטן זיינען אַ לוקסוס אין דער הײַנטיקער צײַט, ווײַל בעת דאָס פאָלק איז הונגעריק נאָך ברויט, דאַרף מען אים ניט געבן קיין ליבּיבות, וואָס ניט נאָר וועלן זיי ניט שטילן דערמיט זייער הונגער, נאָר דאָס קאָן גאָר ווערן פאַר זיי סם."

די דאָזיקע לעצטע באַהויפּטונג לערנערס קען מען זייער גרינג טײַטשן ווי מען וויל. אויף אונדזער איצטיקער שפּראַך מיינט עס: ער נעגירט דעם עסטעטיציזם, אָבער ניט די נייטיקייט פון עסטעטיק. ער לייקנט די לוקסוס־קונסט, וואָס פאַרשאַפט בלויז תענוגים, אָבער ניט יענע קונסטווערק, וואָס ברענגען נוצן, ווײַל זיי זיינען כּלי־שלימות. ער זאָגט דאָ קלאָר: די שיינע וויסנשאַפט (די קונסט) האָט ניט קיין ווערט בעת דאָס פאָלק איז הונגעריק. — וויכטיק איז אָבער יענע קונסט, וואָס באַווירקט דאָס פאָלק, עפנט אים די אויגן. אין זײַנע אַנדערע קריטישע ווערק פאַרלייקנט ער ניט, אפילו מיט איין פראַזע ניט, ניט נאָר די קונסט, נאָר אויך דעם ווערט פון קונסט אין אַ געגעבענעם מאָמענט. ניצלעכקייט און עסטעטיק גייען בײַ אים האַנט אין האַנט. און די עסטעטיק מוז אַרויסשטראָמען און זײַן איינס מיט דער ניצלעכקייט, וואָס דאָס איז — לויט לערנערן — דער ציל פון קונסט. אַחוץ דעם — פון פּובליציסטישן שטאַנדפּונקט, קען מען האַלטן, אַז אין אַ געוויסן געשיכטלעכן מאָמענט, דאַרף מען ניט האָבן קיין קונסט, אפילו ווען מען אָנערקענט זי. אָבער אין דער רגע, ווען מען טרעט אַרײַן אין די גרענעצן פון אַ ווערק און מען וויל עס אַנאַליזירן, מוז מען דעמאָלט אָפּוואַרפן דעם דערמאָנטן שטאַנדפּונקט. מע קען ניט אין איין דערזעלביקער צײַט אי פאַרלייקענען, אָפּרוקן אָן אַ זײַט אַ קונסטווערק, ניט צורירן זיך צו אים, און דאָך עס אַנאַליזירן. אין זײַנע ליטעראַטור־קריטישע אָפּהאַנדלונגען טרעט דער פּובליקום אָפּ דעם וועג דעם קריטיקער.

זײַן גאַנצע קריטיק, רוט אויף דעם גלויבן, אַז דער ציל פון קונסט איז צו ברענגען נוצן דעם פאָלק. איז ווי אַזוי דערגרייכט מען דאָס? ווען מע קוקט זיך צו צו לערנערס אופן אַנאַליזירן ווערק, זעט מען, אַז

ער האַלט דאָס שרײַבן פֿאַר אַ געזעלשאַפֿטלעכע אחריות. דעריבער מוז דער שרײַבער זײַן אויסערגעוויינלעך פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר זײַן וואָרט, ער מוז זײַן אויסערגעוויינלעך פּינקטלעך אין באַשרײַבן די ווירקלעכקייט. ער מוז זײַן פֿאַרבונדן מיטן פֿאָלקס לעבן, שרײַבן וועגן דעם, עפֿענען דעם פֿאָלק אַלע פֿאַרריגלטע טויערן און אים אַרויספֿירן צו אַ ליכטיקער צוקונפֿט.

לערנער האָט געהאַלטן, אַז אַקסענפֿעלדס ווערק זײַנען די ערשטע און די איינציקע, וואָס האָבן געעפֿנט אַ נײַעם וועג. אַקסענפֿעלדס ווערק, האָט ער געהאַלטן, וועלן איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל ווײַזן ווי אַזוי מע קען באַקעמפֿן די שעדלעכע ווירקונג פֿון די פֿאַלשע פּירערס, וואָס האַלטן דאָס פֿאָלק אין פֿינצטערניש. ער שטעלט אַרויס אַקסענפֿעלדן ווי אַ מוסטער. ער ווײַזט אָן וואָס אַזאַ קינסטלער דאַרף פֿאַרמאָגן, כּדי צו קענען באַווירקן דאָס פֿאָלק. ער רעכנט אויס אַקסענפֿעלדס פֿיר אייגנ־שאַפֿטן, וואָס העלפֿן אים, אַקסענפֿעלדן, דערגרייכן יענע מאָס פּינקט־לעכקייט, וואָס שאַפֿן אַ שלימותדיק ווערק פֿאָדערט:

„א) ער האָט אויסגעצייכנט באַהערשט אַלע דיאַלעקטן, וואָס עס נוצן אַלע פֿאָלקס־שיכטן. אַזוי אַז די טיפּישע פֿאַרשוינען וואָס ער שילדערט זײַנען אַזוי ענלעך און אמתדיק, אַז יעדער לייענער, מעג ער זײַן אַפֿילו דער פּראָסטסטער מענטש איז מסוגל זיי גלײַך דערקענען און דערזען זייערע אָפּגענאַרערייען אָדער זייערע מעשׂים טובֿים, זייערע גוטע און שלעכטע מידות.

„ב) במשך זײַן לאַנגיאָריק לעבן האָט ער באַוויזן פּינקטלעך דערלערנען דאָס פֿאָלקסלעבן אין אַלע זײַנע שאַטירונגען, ווי אויך די האַנדלונגען פֿון דער מאַסע, אירע גוטע און שלעכטע זײַטן.

„ג) ער האָט פֿאַרמאָגט דעם טאַלאַנט איבערצוגעבן אַלץ, וואָס ער האָט באַמערקט, אין די סאַמע אמתדיקע פֿאַרבן, אַזוי אַז זײַנע ווערק קענען אונדז געבן אַ פּינקטלעכן באַגריף, אין וואָס פֿאַר אַ מצבֿ עס האָבן זיך געפֿונען די רוסישע ייִדן מיט פֿופֿציק יאָר צור־

ריק און צום טייל געפינען זיך נאָך איצט אין די קליינע שטעט אין פּוילן און די מערבדיקע גובערניעס. בכלל קענען מיר זאָגן, אַז עס איז ניטאָ קיין איין זאַך, וואָס דער ה׳ אקסענפעלד זאָל ניט האָבן באַמערקט און וואָס זאָל זיך אים ניט אײַנגעבן דאָס צו שילדערן ווי עס דאַרף צו זײַן, און אָנהייבנדיק פון אַ מאַרק־ייִדע־נע ביז אַ ייִדן אַן עושר, וואָס פאַרדײַטשט די נאָז מחמת זײַנע קאַ־פּיטאַלן, זיי אַלע פירט ער אַרויס אין דעם סאַמע נאַטירלעכסטן אויסזען.

„ד) מערקווירדיקער פון אַלץ איז דאָס, וואָס אין אַלע זײַנע ווערק ווערט קלאָר דער צ י ל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט אומ־אָפּהענגיק פון דעם אַלגעמיינעם פאַרדינסט פון זײַנע אַלע ווערק, וואָס שייך ציוויליזאַציע און נײַע אידעען, פעלט ניט אין זײַן יעדן ווערק די ספּעציעלע נוציקייט, און ציל״.

לערנער, ווי מיר זעען, באַטאָנט קלאָר: אקסענפעלד באַווײַזט אונדז דאָס לעבן אין די אמתע פאַרבן; ער דערקלערט דאָס לעבן; ער נעמט אַ שטעלונג צום לעבן; ער האָט אַ ציל. און זײַן ציל איז — מש־פּטן דאָס לעבן.

„זייענדיק באַקאַנט״ — שרײַבט לערנער — „מיט יענעם באַ־דײַטנדיקן טייל פון אונדזערע גלויבנס־ברידער וואָס זיינען פון איי־ביק אָן פאַרזונקען אין עם־הארצות; קענענדיק גוט אויך די סיבות, וואָס נערן דעם פאָלקס פאַנאַטיזם און לאָזן ניט קיין איין שטראַל בילדונג דורכדרינגען אין דער דאָזיקער פינצטערניש, ווי למשל, די צדיקים און חסידים, וואָס מערן זיך פון טאָג צו טאָג, און ניט נאָר העצן זיי דאָס פאָלק זיך האַלטן אַלץ פעסטער פאַר די אור־אַלטע אָבערגלויבנס, נאָר זיי באַמיען זיך אויף אַלע אופנים אָפּ־נעמען בײַ זיי יעדן רעכטן באַגריף; וויסנדיק דאָס אַלץ, איז ה׳ אקסענפעלד מוטיק אַרויסגעטראָטן קעגן די שונאים פון אויפ־קלערונג און אין אַלע זײַנע ווערק קעמפט ער קעגן די דאָזיקע

פאָלקס־אונטערדריקער, וואָס זייגן זײַן בלוט און ברעגגען אום זײַנע פעיקייטן און כוחות. פונקט אַזוי האָט ער געקעמפט קעגן דעם גלײַכגילט מצד דעם גרעסטן טייל יידן צו די שולן, געגרינדעטע צו דערציען די יידישע יוגנט, און ער האָט זיך באַמיט זיי דערווײַזן ווי נייטיק עס איז אַ סיסטעמאַטישע בילדונג, ברענגענדיק דערבײַ אין טייל ווערק בײַשפּילן פון דעם יידישן לעבן אין אַנדערע לענדער אין מערב־אייראָפּע. מיט איין וואָרט, ער האָט ניט דורכגעלאָזן קיין איין פּירונג, קיין איין שעדלעכן מנהג, קיין איין שוואַכע זײַט, און אַלץ האָט זיך אים אײַנגעגעבן צייכענען חידושדיק־ריכטיק, אַזוי, אַז אַפילו יענע, אין וועמען זײַנע ווערק צילן, קענען ניט לייקענען די ריכטיקייט פון זײַנע טיפּן". „אויף אַזאַ אופן זעען מיר ה' אַקסענפעלדן ווי אַזוי ער טרעט אַרויס אין זײַנע ווערק מיט אַן ערנסטן וואָרט און אַ בײַסיקער סאַטירע קעגן די שווינדלער, וואָס נוצן אויס אַבערגלויבן ווי אַ מיטל, אַזוי אויך קעגן דעם אַבערגלויבן גופא ; דעריבער זייַנען אַלע זײַנע ווערק פול מיט נײַע אידעען און יעדע פון זיי האָט איר נוציקן ציל".

צו זײַן ניצלעך פאַרן פאָלק — דאָס איז פאַר לערנערן געווען אַן עטישע פּראָבלעם, בעסער געזאָגט, אַן עטיש־עסטעטישע פּראָבלעם. ער פאָדערט שלימות פון ווערק, ניט ווײַל אים איז וויכטיק די שיינקייט פאַר זיך אַליין. אַ ווערק, גלויבט ער, וואָס איז ניט קיין כלי שלמה, קען גאָר ניט ווירקן. זי קען ניט איבעראַנדערשן אַ מענטשנס געפילן און באַגריפן. דעריבער פאָדערט ער אַ העכערע מדריגה קונסט, ווײַל דאָס איז דער איינציקער וועג צום לעזערס באַוווסטזײַן.

רעדנדיק וועגן די „יונגע" וואָרט־קינסטלער דערמאָנט ער זייערע נוצלעכע ווערק — אַ שטייגער י. ווײַנשטיינס „אַלט און נײַ", אברהם גאָלדפאַדענס „דאָס יידעלע", לינעצקיס „פּוילישע יינגל". ער שרײַבט טאַקע : „אַזעלכע ענלעכע ווערק, וואָס זייער הויפּטציל איז צו פאַרבעסערן דעם יידנס מאָראַלישן מצב, אויסצוואָרצלען בײַ אים די אַלטע פאָראורטיילן און צוגרייטן זיי פאַר דאָס וואָס איז נײַ און ניצלעך, אַזעלכע

ווערק פארשפרייטן זיך שנעל אין פאלק". אבער ער איז גלייך מוסיף: „א דאנק די צוציענדיקע פארמען, וואס אין זיי באקליידן די מחברים זייערע אידעעס, ווערן (די דאזיקע ווערק) גערן געלייענט און זיי ברענגען אויסערגעוויינלעכן נוצן".

אין דעם זעלביקן ארטיקל („ביבליאגראפישע נייעס", „אדעסקי וויעסטניק" 1869, נומ. 24, ז. 82) רעדט לערנער וועגן דעם פאלקס־פאעט, מיכל גארדאנס „רוסישע געשיכטע" אויף יידיש. זי האט געזאלט אין גיכן דערשיינען, און איז טאקע בקרוב ארויס. שטעלט זיך אפ לערנער פריער ווי אלץ אויף דעם גרויסן נוצן, וואס דאס ווערק וועט ברענגען. אבער ער פארפעלט ניט גלייך דערמאנען זיין שיינע פארם:

„ה' גארדאנס ווערק איז מערקווירדיק מחמת דעם ציל זיינעם — באקענען רוסישע יידן מיט דער געשיכטע פון יענער מלוכה, וואס זיי האבן איצט א רעכט זי האלטן פאר זייער פאטערלאנד, אזוי אויך מיטן אופן שרייבן, וואס אין אים זעט מען דעם מחברס באזונדערע אנשטרענגונג — פארשפרייטן צווישן יידן א סך ניצלעכע געדאנקען. דורכלייענענדיק דעם ערשטן טייל פון דער דאזיקער געשיכטע (פון ריוריקן ביז מיכאיל פעאדאראוויטש ראמאנאווס ארויפשטייגן אויפן טראן), זיינען מיר געווען איבערראשט ווי באהאוונט ער איז אין דעם ענין, וואס ה' גארדאן פארמאגט משמעות; און נאך מער האט אונדז איבערראשט די וואונדערשיינע פארם, וואס אין איר גיט ער איבער די געשיכטע דער מאסע".

און גלויבן אין די יידישע מאסן האט לערנער געהאט. די מאסן קען מען פארפירן, דאס האט ער געזען. אבער ער איז אויך געווען איבערצייגט: אין די הערצער פון פאלק ליגט א געזונטער און נאטירלעכער חוש פאר בעסערע און שענערע זאכן אין לעבן.

אין זיין איבערזעצונג פון גוצקאווס „אוריאל אקאסטא" שרייבט ער אין דער הקדמה: „מיין האפענונג, אז דאס פראסטע פאלק לאזט זיך גאר גרינג אראפפירן פונעם וועג, אבער דעם שכל האט ער פארט

בײַ זיך, האָט מיך ניט אָפּגענאַרט". „מיט גרויס פרייד — שרײַבט ער ווײַטער — האָבן איך מיך איבערצײַגט, ווי פריינדלעך און וואַרעם עס זיינען אויפגענומען געוואָרן ערנסטע דראַמען, מיט וואָס פאַר א פאַר־געניגן מען פלעגט זיך צוהערן צו יעדן געדאַנק, מיט וואָס פאַרא חשק מען פלעגט צעקײַען יעדעס וואָרט". (זע: דר. שאַצקים איבערדרוק אין „הונדערט יאָר גאָלדפאַדען").

אין זײַן גאַנצער אַרבעט ווי א שרײַבער און ווי א טעאַטראַל — א באַדײַטנדיקער קאַפּיטל פאַר זיך — זעט מען בפירוש איינע פון די וויכ־טיקסטע טעמים, וואָס האָבן אים געטריבן צו רעאַליסטישער קריטיק, צום בעסערן טעאַטער. דאָס איז געווען זײַן אַבסאָלוטער גלויבן אין פאָלק. דאָס פאָלק „קען פאַרדייען פרישע מאכלים", הגם מען קען גרינג פאַרדאַרבן זײַן געשמאַק. פונקט אין יענער צײַט, ווען אין יידישן טע־אַטער האָבן געהערשט די „שמענדריקס" און די „קוני־לעמלס", ווען „אָן א בדחנישער תנועה איז פשוט שווער געוואָרן עמעצן אַרײַננאַרן אין טעאַטער", פונקט דעמאָלט האָט ער אויפגעפירט עטלעכע היסטאָרישע שטיק, „אין וועלכע „משוגעים" און „קאַליקעס" האָבן אָפּגעטרעטן זייער פּלאַץ איידעלע גיבורים און אויפן אָרט פון פינצטערע מיאוסע סצע־נען האָט מען געקאָנט זען ליכטיקע און ערהאבענע בילדער פון דער היי־ליקער פאַרגאַנגענהייט". און ער האָט באַשיינפערלעך געזען ווי אזוי מע קען צוגעוווינען דאָס פאָלק צו העכערע זאַכן.

„אונדזער זשאַרגאָנישע ליטעראַטור" — שרײַבט ער — „איז אויך פאַרפלייצט מיט אזוינע „פאַרזעעניש", ווי „שמענדריק", „קוני־לעמלס" און נאָך ערגערע קאַליקעס, איז דערפון צו דרינגען, אַז אונדזערע יידן פאַרדינען טאַקע נישט קיין לײַטישערע זאַכן צום לייענען? מוז מען לערנען א פשט, אַז אויף בעסערס איז גאָר צווישן זיי קיין מבין נישטאָ? איך רעכן, אַז ניין! די לעצטע באַוועגונג אין דער זשאַרגאָנישער ליטע־ראַטור באַווײַזט פונקט דעם היפוך און מע מוז מודה זײַן, אַז דער יידישער מאָגן קאָן פאַרדײַען אויך פרישע און ריינע מאכלים, אבי זיי זײַנען נאָר גוט געמאַכט: מע דאַרף דעם עולם געבן אזעלכעס, וואָס קען אים אינ־טערעסירן, מע מוז מיט אים ריידן ריין, קלאָר, ערנסט, פונעם האַרצן, אָן וווּנקען, אָן קונצן, אָן חכמהלעך, אָן אייבער־סברות".

רעאַליסטישע קריטיק איז געווען לערנערס אני־מאמין. איז בײַ אים געווען זייער וויכטיק — מען זאָל ריידן „ריין, קלאָר, ערנסט און פונעם האַרצן". מחמת דעם דאַזיקן טעם, האָט ער נישט געקענט אָננעמען מיטן גאַנצן האַרצן דעם אומפאַרשטענדלעכן פאַרשפּאַרטן און פאַרשפּיצטן מענ־דעלען, און דעם דעמאָלט „לײַכטזיניקן" קליגלדיקן שלום־עליכמען. מע דאַרף ריידן צום פאָלק „אָן וווּנקען", „אָן אייבער־סברות". דאָס האָט ער געמיינט מענדעלען. און דאָס וואָרט „חכמהלעך" באַציט זיך אויף שלום־עליכמען, און דאָך האָט ער הויך געשעצט אונדזערעביידע קלאַסיקער.

אין זײַן רעדע בײַם דערמאָנטן קערמישל לכבוד ספּעקטאָרן, אין לינעצקים הויז אין אָדעס, שטעלט ער אויך די פראַגע — דאָס אחריות פון שרײַבער צום פאָלק. איצט איז נאָך אויך נישט ליבטיק, דערציילט לערנער, און דער וועג צום פאָלק איז נאָך נישט אינגאַנצן פרײַ, אָן דערנער. דאָס דאַרף אָבער קיינעם נישט אָפּהאַלטן, הגם עס זײַנען פאַראַן זאַכן וואָס טוען שטאַרק וויי. און ער שטעלט אונטער אַ פּרעגצייכן מענ־דעלעס אחריות צום פאָלק:

„אָט זעען מיר ווי אַ גרויסער טאַלאַנטפולער שרײַבער, וואָס וואָלט געקענט פיל טאָן אין דער זשאַרגאָן־ליטעראַטור, רעדט זיך אײַן, אַז ער האָט שוין זײַנס יוצא געווען, אַז ער מעג זיך שוין אָפּרוען אויף זײַנע לאָרבערן און אַז אַלע צײַט־פראַגן קערן זיך מיט אים גאָרנישט אָן, און ער נעמט זיך צו ק ר ו מ ע זאַכן און פאָדערט, אַז די וועלט זאָל קוועלן פון זײַנע אַלטע חכמות". נאָך שאַרפער, און אומגערעכט, באַפאַלט ער מענדעלען אינעם „קליינעם וועקער" (1889) אונטערן פּסעוודאָים — צדוק פרומעס.

לערנער האָט אויך געשעצט שלום־עליכמס טאַלאַנט. אָבער געפעלן איז אים שלום־עליכם נישט. שלום־עליכם, האָט זיך אים אויסגעוויזן באַציט זיך נישט ערנסט גענוג צו זײַן שרײַבן. ער לערנט נישט דאָס פאָלק. ער קוקט אויף יידיש „ווי אויף אַ מיטל צו באַווײַזן גלאַט קונצן, שרײַבן שיינע פראַזן אין דער וועלט אַרײַן".

לערנער האָט עס טאַקע געזאָגט אין זײַן רעדע בײַם קערמישל. „דאָס אייגענע זעען מיר אויך פון אַ יונגערן שרײַבער, וואָס זײַן טאַלאַנט איז אויך נישט קליין און וואָס וואָלט געקענט שטאַרק אַרבעטן, ווען ער זאָל

נישט קוקן אויף זשארגאָן עפּעס ווי אויף אַ מיטל צו באַווייזן גלאַט קונצן, שרײַבן שיינע פּראָזן אין דער וועלט אַרײַן... פּונקט ווי דאָס ג ע־ ר אָ ט ן י ו נ ג ל וואָס באַווײַזט זײַנע גבורות אין ציקן, אָדער ווי דאָס ר בּ ײַ נ ע א י י ד ע מ ל מיט אַ פּ ע ט ע ר י ר ו ש ה, וואָס זײַן בריהשאַפט באַשטייט אין מאַכן אַ רעדל שבועות אין שול..."

און דעם דאָזיקן געדאַנק פאַרענדיקט ער מיט אָט־די ווערטער: „עס איז באמת זייער טרויעריק וואָס אין אַזאַ צײַט, ווען אונדזער געמיינער עולם גייט אויס נאָך עפּעס אַ רעכט וואָרט, ווען דער היילקסטער חוב פון אונדזערע מחברים איז — זיך באַנוצן מיט אַזאַ שעת־הכושר און אַרײַנלייגן אין יעדער שורה אַ באַזונדערע כוונה, געפינען זיך מענטשן, וואָס שרײַבן אָדער פּוסטע מעשות, אָדער איבערגעשפּיצטע חכמות, וואָס מע מוז אויף זיי לערנען פּירושים און פאַרשטײַטשן ווי אַ מלמד מיט אַ גראָבן פינגער..."

ווען לערנער האָט געשריבן אַ נעגאַטיווע קריטיק וועגן שלום־עליכמס ראָמאַן „ר' סענדער בלאַנק", האָט ער עס געטאָן דערפאַר, ווײַל שלום־עליכם האָט מיט דעם ראָמאַן פאַרפעלט צו זײַן נוצלעך דעם פאָלק, אָדער ווי לערנער דריקט זיך אויס, „ר' סענדער בלאַנק, איז טאַקע נישט אַנ־דערש ווי אַ ראָמאַן אָ ן ל י ב ע, נאָר אָן ליבע צו אונדזער אָרעם פאָלק, וואָס מע מוז עס אויפהערן שטאָפּן מיט מעשות וואָס קריכן פון האַלדז, אָן ליבע צו אונדזער זשאַרגאָן, וואָס מע מוז אים מחזק זײַן מיט ריכטיקע לעבנס־בילדער און נישט מיט סיפּורים פון לייםענע גולמס און לעבעדיקע מתים".

און דאָס איז געווען לערנערס טענה, — שלום־עליכם האָט מיט זײַן „ר' סענדער בלאַנק" גאָרנישט אויפגעטאָן פאַרן פאָלק. און ער האָט נישט אויפגעטאָן פאַרן פאָלק, ווײַל אים האָט זיך נישט אײַנגעגעבן שאַפן אַ כלי שלמה. מיינען מיינט עס — שלום־עליכם איז דורכגעפאַלן אין דער עסטעטיק, וואָס אַ רעאַליסטיש ווערק פאָדערט כדי עס זאָל זײַן שלימותדיק.

לערנער באַשולדיקט שלום־עליכמען אין לײַכטזין. ער האָט געזען מיט וואָס פאַר אַן ערנסט און צוגרייטונג אַקסענפעלד האָט זיך פאַרהאַלטן צו זײַן שרײַבן. און ער האָט נישט געקענט באַנעמען ווי אַזוי מע מאַכט

אַ ראָמאַן פון איין עפּיזאָד אין ר׳ סענדער בלאַנקס לעבן, — האַלטן בײַם שטאַרבן מחמת זיך איבערגעגעסן מיט פיש, די בני־בית קלײַבן זיך אים צו ירשנען און ער ווערט פּלוצים געזונט. דאָס איז אַן עפּיזאָד, טענהט לערנער, געגוג פאַר אַ „קליינער סצענע צום לאַכן, אַ וואָדעוויל אין טעאַטער פאַרן עולם, וואָס בלײַבט זיצן שפּעט, אָבער נישט פאַר קיין ראָמאַן, וואָס דאַרף דעם יידישן לייענער געבן אַ ב אַ ג ר י ף פון אונ־דזער פאָלקס־לעבן, וועקן אין זײַן ברוסט פאַרשלאָסענע געפילן, באַלעבן אין זײַן קאָפּ ג ע ד אַ נ ק ע ן, ער זאָל קאָנען פ אַ ר ש ט י י ן, וואָס איז ג ו ט אָדער ש ל ע כ ט. ער זאָל זיך געוווינען דענקען און איבערלייגן וועלכעס דאַרף בלײַבן נאָענט זײַן האַרץ און וועלכעס פאַר־דינט זײַן האַס אָדער באַדויערן".

לערנערן אַרט נישט סוף־כל־סוף, וואָס שלום־עליכם, בײַ וועמען עס „שפּילט אַ גרעסערע ראָלע אַ לצנות, אַ גלײַך ווערטל, ווי אַן ערנסטער געדאַנק", האָט אויף דער דאָזיקער גאַנצער עפּיזאָד־אינטריגע אַוועקגע־פּטרט 104 זײַטן. דאָס וואָלט ער נאָך ווי־עס־איז מוחל געווען דעם ראָ־מאַניסט, פון וועמען ער האַלט זייער און שעצט אים „ווי איינעם פון אונדזערע בעסטע זשאַרגאָן־שרײַבער". אַ חוץ דער המצאה מיט סענדער בלאַנקס געזונט־ווערן — „אָט איז ער בײַ אים אין געפאַר און אָט איז ער שוין געזונט ווי אַ ריז" — האָט ער געוואָלט זען שילדערונגען. דער לייענער דאַרף דאָך דערזען — ווער איז ער דער ר׳ סענדער בלאַנק, פון וואַנען נעמט ער זיך, ווי אַזוי ווערט מען אַ סענדער בלאַנק. לערנער וואָלט אים אַלץ מוחל געווען, ווען „דער לייענער (וואָלט) געקענט פאַר־שטיין מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן, צי איז דער סענדער אַ איש מכובד, וואָס ער דאַרף מיט אים שטאָלצירן, אָדער ער איז אַן אויסוואורף, ווי אַלע געלטזעקלעך אין אונדזערע יידישע שטעט, און דאַרף זײַן נאָ־מען מאַכן צו שאַנד און צו שפּאָט". און פאַרוואָס, טענהט לערנער, זאָלן מיר טאַקע נישט זען „ווי אַזוי ער איז מגדל זײַנע קינדער" און צי איז זײַן „פּילגעשעצטע פאַמיליע" באמת אַ מין „עפּעלע", וואָס פאַלט נישט ווײַט פונעם „ביימעלע".

וואָס שלום־עליכם זאָגט, איז אים נישט גענוג: „ער (ר׳ ס ע נ־ד ע ר) האָט אָ נ ג ע ה ו י ב ן ב אַ ק ו מ ע ן ג ע ל ט און איז

געוואָרן פון אַ חלפן אַ וואָכערניק, פון אַ וואָכערניק אַ פעלהענדלער, פון אַ פעלהענדלער אַ גראַבאַרשטשיק, פון אַ גראַבאַרשטשיק אַ צעלניקער, פון אַ צעלניקער אַ קאָמיסיאָנער, פון אַ קאָמיסיאָנער אַליין אַ סוחר, אַ צוקערהענדלער, אַ גרויסער סוחר, אַ רײַכער סוחר". „דער מחבר, שרײַבט לערנער, האָט דווקא נישט געזשאַלעוועט קיין פרימיעטעס (סימנים — נ. ב. מ.) אויף דעם פאַספאָרט, וואָס ער האָט מיט אים ארויסגעלאָזט זײַן העלד אויף דער וועלט, נאָר ער זאָל געווען אויסרעכענען אפילו נאָך דרײַ צענדליק פרנסות, וואָלט אויך שווער געווען צו דערקענען ר' סענ־דערן". וואָרן שלום־עליכם האָט פאַרגעסן איין קלייניקייט — צו באַ־ווײַזן ווי אַזוי אָט־דער געמיינער, אָרעמער חלפן איז געוואָרן אַן עושר, „און אַ פאַרשטייער פון אַ גאַנצער גבירישער, פולגעשעצטער פאַמיליע".

דער „פון וואַנען", „פאַרוואָס" און „ווי אַזוי" — מיט איין וואָרט, די מאָטיווירונג — דאָס, טענהט לערנער, פעלט דעם פאַרפאַסער. אמת דער פאַרפאַסער פאַרענטפערט זיך: עס וואָלט נישט געשאַט זיך צו דערוויסן עפעס וועגן דעם העלדס פאַרגאַנגענהייט, נאָר ער קען עס דעם לייענער נישט אונטערטראָגן, מחמת ער אַליין ווייס עס נישט. איז דאָס אפשר אַ פײַנער אײַנפאַל, אָבער דאָס שאַפט נישט די מאָטיווירונגען אין דעם ראָמאַן. אָן זיי ווערט אַלץ משונהדיק מאָדנע און נישט לעבעדיק, נישט אמתדיק. און שלום־עליכמס הלצה — ער קען דאָך נישט קענען די גאַנצע וועלט, רופט בײַ לערנערן אַרויס טויט־ערנסטע טענות: אַ שרײַ־בער מעג טאַקע נישט קענען די גאַנצע וועלט, און דאַרף עס טאַקע נישט, אָבער ער מוז קענען די מענטשן, וואָס ער באַשרײַבט.

און לערנער ווײַזט אָן אויף אַ שטריך אין שלום־עליכמען, וואָס שפעטער האָט עס ש. ניגער נאָך קלאָרער אַנאַליזירט. דאָס איז דער שמ"ר־שטריך אין שלום־עליכמען. לערנער שטעלט זיך דאָ אײַן פאַר אַן עסטעט־טישן פרינציפ. מע טאָר „נישט זאָגן, אַז עס מאַכט נישט אויס, ווער זײַן זיידע איז געווען, צי אַ מלמד צי אַ מעקלער. ניין, אין די זאַכן איז דאָ אַ גרויסער אונטערשייד, און אַ מלמד מיט אַ מעקלער קאָנען נישט האָבן אַלץ איינע אייניקלעך. אויב מע זאָגט דעם היפוך, מעג שווין אויסקומען אַלץ רעכט, אין אַ בבא־מעשה, אַז אַ בת־מלכה קען

פֿאַרוואָרפֿן ווערן אין אַ פֿויגל, אָדער ווי אין שמ"רס ראָמאַנען, אַז פֿון אַ פּינסקער ייִדל, וואָס מע פֿאַרשיקט אים קיין סיביר פֿאַר פֿאַלשע אַסיג־נאַציעס זאָל גאָר פּלוצלינג ווערן אַ דענישער קאָנסול". און אויף אָט־דעם „פּלוצלינג", אויף דעם ווײַזט ער אָן, און נישט אויף איין פֿאַל בלויז. „באַטראַכט נאָר ווי פֿרעמד אונדז קומט פֿאָר ר' סענדער בלאַנק, ווי ער האָט גאָר קיין פּנים נישט פֿון אַ מחותן אין ה' שלום־עליכמס חתונה. ווי עס ווײַזט אויס אַז ער האָט זיך פֿון ערגעץ אויסגעריסן און גאָר פּלוצלינג אַרײַנגעשפּרונגען אין קאָן, כאָטש קיינער ווייס נישט וואָס ער קער זיך אָן מיט די בעלי־שמחות. עפּעס האָט זיך גלאַט אַנידערגעשטעלט פֿאַר אונדזערע אויגן אַ ווילד פֿרעמדער ייִד און דער מחבר ווײַזט אונדז אָן, אַז דאָס איז ר' סענדער בלאַנק".

שלום־עליכם הייסט זיך אַפֿילו צוקוקן נעענטער צו ר' סענדערן — „אפֿשר איז ער אײַך קענטלעך אַזוי ווי מיר?" ענטפֿערט אים לערנער — דאָס צוקוקן־זיך העלפֿט דאָ נישט. „וואָס מער מע קוקט זיך אײַן, זעט מען ווייניקער, עס פֿינטלט אין די אויגן, און פֿון ר' סענדערס גאַנצע פֿיגור סטאַרטשעט אַרויס דער גראָבער בויך אָנגעשטאָפּט מיט געפֿילטע פֿיש". און אויף דער פֿראַגע צי מיר קענען ר' סענדערן, ענט־פֿערט לערנער: מיר קענען אים אויסגעצייכנט, ער ליגט אונדז טיף אין די ביינער. אָבער דאָס איז — א ו נ ד ז ע ר ר' ס ע נ ד ע ר, נישט שלום־עליכמס. שלום־עליכמס ר' סענדער דערקענען מיר נישט, ער איז אַ גולם, „אַ לעבעדיקער מת". און די גאַנצע „פֿילגעשעצטע פֿאַ־מיליע" מיט סענדערן צוזאַמען רופֿט טאַקע לערנער אָן „לעבעדיקע מתים".

שלום־עליכמען גופֿא, האַלט לערנער, איז ר' סענדער נישט קענט־לעך. אָט זײַנען לערנערס רייד:

„איבעריקנס ווײַזט מיר אויס, אַז דעם מחבר אַליין איז זײַן ר' סענדער אויך גאָר ווייניק קענטלעך. דאָס זעט מען אַרויס דער־פֿון, וואָס ער האַלט זײַן ר' סענדערן פֿאַר אַזאַ מין משונה באַשע־פֿעניש, פֿאַר אַ פּאַרזעניש, וואָס ער רופֿט עס אָן „קיט קיטיטש" אויף דעם ייִדישן שניט, אויף דעם ייִדישן פֿאַסאָן. איך ווייס נישט

צי איז ה׳ שלום־עליכם וויניק באַקאַנט מיט דעם טיפּ פון „קיט קיטיטש״, וואָס דער באַרימטער רוסישער שריפטשטעלער, אָס־טראָווסקי, האָט אַזוי קינסטלעך אויסגעאַרבעט אין זײַנע דראַמאַ־טישע ווערקע. נאָר אויב יאָ, מוז איך אָפן זאָגן, אַז ער האָט זיך דערמיט שטאַרק פאַרזינדיקט, ווײַל באַשאַפן יידישע „קיט קיטי־טשעס״, הייסט אַזוי פיל ווי באַליידיקן דאָס יידישע פאַמיליע־לעבן, אַ רכילות זאָגן אויף דער יידישער הייליקייט, וואָס אפילו די גרעסטע שונאים זײַנען אונדז מקנא דערויף. „קיט קיטיטש״ הייסט אַזאַ כאַראַקטער וואָס מען באַגעגנט בײַ אַ גראָבן קופּיעץ, וועלכער האָט אין גאַנצן די דעה און דאָס ווײַב מיט די קינדער באַטראַכט ער ווי שקלאַפן, מען ציטערט פאַר אים אימת־מות, און ווער שמועסט אַז ער כאַפּט אַן איבעריקע כוסה, טאָר מען זיך פשוט נישט ווײַזן פאַר זײַנע אויגן. דאָס ווערט אָנגערופן אַ „סאַמאָדור״ אַ מענטש, וואָס וויל אַז די גאַנצע וועלט זאָל פאַר אים אָנבייגן דעם קאָפּ און יעדער זאָל נאָר טאָן זײַן רצון. אין דער דראַמע פון אָסטראָווסקי, „גראָזאַ״ קומט פאָר אַזאַ מין כאַראַקטער: אַ ברייי־טער בעל הבית וואָס הייסט מיט זײַן נאָמען „דיקאָי״ און וואָס פּײַ־ניקט אַזוי די גאַנצע שטוב, אַז ווען ער גייט ערגעץ אַוועק שיקט מען אונטער בעטן מע זאָל אים אַביסל לענגער פאַרהאַלטן און דערווײַל מאַכט מען די קליינע צײַט פאַר אַ יום טוב. אין דער קאָ־מעדיע „זשעניטבאַ בעלוגינאַ״ פון סאָלאָוויאָוו געפינען מיר אויך אַזאַ מין בריאה, וואָס דאָס ווײַב פרעגט זיך בײַ אים אָן צי מעג זי וויינען אפילו. אַזעלכע סאַמאָדורן קאָן מען זען נאָר דאָרט, ווו פון אייביק פלעגן די מענער באַטראַכטן זייערע פרויען ווי זייער אייגנטום וואָס מעגן טאָן דערמיט וואָס זיי ווילן און ווו נאָר מען האָט גאָר נישט לאַנג געהאַלטן די בתולות פאַרשלאָסן בחדרי חדרים, אין הויכע טורמעס מיט אײַזערנע גראַטעס. נו דאַרף מען נאָך, פרעגט זיך, באַווײַזן אַז דאָס יידישע לעבן איז פרעמד פון אַזעלכע דערשײַנונגען? ווער עס קען דאָס יידישע פאַמיליע־לעבן און ווייסט וועלכע פרײַהייט און צערטלעכקייט די יידישע פרויען און קינדער געניסן בײַ זייערע מענער און פאָטערס, דער

מוז מודה זײַן, אַז קײן ייִדישע „קיט קיטיטשעס" האָבן מיר נישט. אָט נעמט טאַקע דאָס אײגענע „בריוול" (זײַט 53) וואָס ר' סענדער בלאַנק שרײַבט זײַן טאָכטער, ווען איר מאַן דאַרף אָפּנעמען אַ גרויסע ירושה, וועט איר ארויסזען אַז נאָך אַלע זאַכן איז ער אַ צערטלעכער פּאָטער און איז נישט קײן דעספּאָט. אמת, ער איז אַ גרויסער כלב, אַ קאַרגער, ער וואָלט זיך געלאָזט שטעכן פאַר אַ גראָשן, אָבער גלאָט אַן עכברוש, וואָס מען זאָל מורא האָבן פאַר זײַן דוך, דאָס איז ער נישט און קײן „קיש קיטיטש" אוודאי נישט. ווי־זשע קומט עס, וועט איר מיך פרעגן, וואָס ה' שלום־עליכם איז אַרײַנגעפאַלן אין אַזאַ גראָבן טעות? דערויף וועל איך ענט־פערן, אַז אויף קײן מעשה פרעגט מען קײן קשיות נישט, און אַז מע האָט צו טאָן מיט אַ גולם, מעג מען אויף אים אַרויפשלעפּן אי ר' סענדער בלאַנקס זשופּיצע, אי קיט קיטיטשעס פאָדיאָווקע".

אויך בײַ אַ צווייטער געלעגנהייט באַטאָנט ער דעם שמ"ריזם אין שלום־עליכמען. ער באַווײַזט, למשל, ווי אַזוי עס געשעען זאַכן מיט ר' סענדערס זון, אָן שום סיבה, אָן שום מאָטיווירונג. „אויב דורך אַזאַ סיבה („בעסער זיך אויך שיפן אויף אַ לאָדקע און זינגען אַ לידל אַנטקעגן דער זילבערנער לבנה") האָט געקאָנט פון מארקוסן (ר' סענדערס זון — נ.ב.מ.) ווערן אַ סטודענט, פּאַרוואָס־זשע זאָל אונדז קשה זײַן, ווען אין שמ"רס „ראָמאַנען מ י ט ליבע" ווערט פון אַ באַהעלפער אַ שני למלכות"?

די אַלע פּאַרשוינען אין דעם ראָמאַן אָן ליבע „ר' סענדער בלאַנק און זײַן פילגעשעצטע פאַמיליע" לעבן נישט, זײַנען גולמס. דאָס איז געווען לערנערס מיינונג. נעמט זיך עס דערפון — האָט לערנער געגלויבט — וואָס שלום־עליכמען האָט זייער ווייניק אינטערעסירט עסטעטיק. מײ־נען מיינט עס: שלום־עליכם האָט נישט געטראַכט, „ווי פּלעכאַנאָוו וואָלט זיך אויסגעדריקט, אין טערמינען פון „אָן אָביעקטיווער מאָס"; „וואָס מער די אויספירונג שטימט מיט דער כוונה, אָדער כדי באַנוצן אַ מער אַלגעמיינעם אויסדרוק, וואָס מער די פאָרם פון קינסטלערישן ווערק שטימט מיט זײַן אידעע אַלץ מער איז עס געלונגען".

און דאָס האָט געפאָדערט לערנער: — שלימות, פּערפעקטקייט. נישט

מחמת עסטעטיזירונג, נישט מחמת ריינער קונסט, וואָס אים איז דאָס געווען דערווידער, ער האָט עס געפאָדערט צוליב דער פולער האַרמאָניע צווישן פאָרם און אידעע. איינס קען נישט לעבן אָן דעם צווייטן. אין לעצטן סך־הכל, איז דאָס ערשטע דאָס זעלבע וואָס דאָס צווייטע, ווײַל זיי זײַנען איינס. אויב איין עלעמענט פעלט דאָ — איז די זאַך נישט שלימותדיק, זי איז טויט.

ווי מיר ווייסן, איז לערנער געווען אַ ניהיליסט. אַ סך ניהיליסטן האָבן גאָר אינגאַנצן געלייקנט קריטיק. לערנער, פאַרקערט, האָט נישט נאָר נישט געלייקנט קריטיק, נאָר ער האָט געהאַט אַ גאַנצע סיסטעם. זי האָט נישט געשטימט מיט די טעאָריעס פון זײַנע חברים־לדעה. און זײַן סיסטעם האָט אַרײַנגענומען „קונסט", טאַקע ווי אַ נוציקע זאַך, ווי אַ נויט־זאַך פאַר די מאַסן. דורך דעם וועט מען זיי קענען בילדלעך באַווײַזן דעם לעבעדיקן מעכאַניזם פון זייער אייגן לעבן, און זיי וועקן, פירן און אַרויספירן צו דער שײַן פון ליכטיקן טאָג.

דאָס, וואָס ער האָט געפאָדערט פון שלום־עליכמס „ר' סענדער בלאַנק" אין יאָר 1888, האָט ער מיט אַ וואָסערע צוואַנציק יאָר פריער געפאָדערט פון אַקסענפעלדן. אָבער בײַ אַקסענפעלדן האָט ער געפונען די האַרמאָניע צווישן פאָרם און אידעע. לערנער האָט עס אויך טעאָרעטיש דערקלערט.

לערנער אַליין שטעלט די פראַגע אין טערמינען פון קונסט. דאַרף מען באַטראַכטן אַקסענפעלדס ווערק ווי מע באַטראַכט „פשוטע פאָלקס־דערציילונגען"? און דאַרף מען זיי אויסטיילן צווישן די „פשוטע פאָלקס־דערציילונגען" בלויז דערפאַר, ווײַל זיי זײַנען ניצלעך? צי דערפאַר, ווײַל זיי האָבן אַ קינסטלערישן ווערט? לערנער שעצט הויך אַקסענפעלדס ווערק, ווײַל זיי זײַנען ניצלעך. און זיי זײַנען ניצלעך, ווײַל זיי זײַנען קינסטלעריש.

אין הסכם מיטן גײַסט פון מיטן 19טן יאָרהונדערט האַלט לערנער פּרינציפּיעל ווי אַלע, אַז די פונקציע פון קונסט באַשטייט אין דעם, וואָס דער קינסטלער דאַרף זיך לערנען פון דער נאַטור און רעאַליסטיש און עכט קאָפּירן די נאַטור. ווי נאָר ער נעמט אָן דעם דאָזיקן אַריסטאָטעלישן פּרינציפּ, גייט ער אַ טראָט ווײַטער: ער שאַפט אַן אונטערשייד צווישן

אַ ק י נ ס ט ל ע ר און אַן א מ ת ן ק י נ ס ט ל ע ר. „אַ קינסט־לער" — לייענען מיר אין זיין אַקסענפעלד־אַנאַליז — „איז דער, וואָס קען פּינקטלעך נאָכמאַכן די נאַטור און אַן אמתער קינסטלער קענען מיר אָנרופן נאָר יענעם, וועמעס ווערק צייכענען זיך אויס מיט נאַטירלעכער ענלעכקייט צו אַזאַ מדריגה, אַז צווישן זיין קונסטווערק און דער שאַפונג פון דער נאַטור גופא זאָל נישט זיין דער קלענסטער אונטערשייד, אפילו פאַר דעם סאַמע דערפאַרענעם און שאַרפסטן אויג".

נאָך אין מיטן 19טן יאָרהונדערט האָט „דער אינטעליגענטער לייע־נער" נישט ריכטיק פאַרשטאַנען דאָס וואָרט עסטעטיק. דעמאָלט ווי איצט, האָבן אַ סך מענטשן אָנגענומען, אַז עסטעטיק איז נישט הויכע האַרמאָניע, דער מאַניזם פון אינהאַלט און פאָרם אין קונסטווערק, נאָר דאָס שילדערן בלויז שיינע זאַכן. איז ווי נאָר עמעצער האָט געשילדערט אַ מיאוסע זאַך, האָט מען געמיינט, אַז ער ברעכט די קאַנאָנען אין דער עסטעטיק.

לערנער איז אויך אין דעם פּרט געווען זעלבסשטענדיק. ער האָט באַ־וווּנדערט אַקסענפעלדס קענען שילדערן מיאוסע סצענעס, וואָס רופן אין אונדז אַרויס געפילן פון עקל. אַזעלכע געפילן קען מען אין אונדז אַרויס־רופן בלויז דעמאָלט ווען מען זעט ענלעכע געשעענישן אין דער נאַטור, אין דערווירקלעכקייט. פאַר לערנערן איז דאָס אַ באַווייז, ווי אמתדיק עס איז אַקסענפעלד ד"ה ווי קינסטלעריש ער איז אין זיינע ווערק. אַק־סענפעלד קען שילדערן „אי דאָס גוטע אי דאָס שלעכטע, דאָס שיינע און דאָס מיאוסע, דאָס דערהויבענע און דאָס קאָמישע, מוגנט און זינד". אַלע און אַלע ווערן ביי אים „געשילדערט אין יענער פאָרם, ווי זיי ווייזן זיך און האַנדלען אין דער נאַטור". „אַקסענפעלדס ווערק זיינען אויף אַזויפיל קינסטלעריש, אַז ס'וועט, נאָך אונדזער מיינונג, נישט זיין אויף אַ האָר איבערטריבן, אויב מיר וועלן זיך אויסדריקן וועגן זיי מיט די ווערטער פון דעם גרויסן זשאַן פּאָל (ריכטער — נ. ב. מ.), וואָס האָט אין זיין „פאָרשולע צור עסטעטיק" געזאָגט וועגן העסנערן: „דאָס יעדעס וואָרט, נאַיוו, כאַראַקטעריסטיש, פאַרביק, פעסט און וואָרהאַפט איסט".

און די, טענהט לערנער, וואָס וועלן באַשולדיקן אַקסענפעלדן אין זינד קעגן דער עסטעטיק, „וועלן באַווייזן, אַז זיי האָבן נאָך נישט קיין קלאָרן און באַשטימטן באַגריף וועגן דער באַדייטונג פון עסטעטיק". צו

וואָס האָבן טענות צום שרײַבער, וואָס שילדערט די נאַטור אין איר אמתדיקן אויסזען. די טענה דאַרף מען דאָך גאָר האָבן צו דער נאַטור. וואָרן זי האָט דאָך באַשאַפן דאָס מיאוסע, אמת צוזאַמען מיטן שיינעם. ושנית, „ווען עס וואָלט נישט עקזיסטירן אין דער נאַטור דאָס מיאוסע, וואָלטן מיר נישט געהאַט דעם געהעריקן באַגריף וועגן שיינעם, ווײַל, כידוע, מיר קענען בלויז מיטן נעגאַטיוון באַשטימען דאָס פּאָזיטיווע, און, אַזוינאָך, בולטער דערזען דעם אונטערשייד צווישן ליכט און פינצטערניש ווי אויך צווישן אַנדערע עקסטרעמע קאָנטראַסטן, וואָס מוזן צוזאַמען עקזיסטירן אין דער נאַטור".

און דער אויספיר איז, — „דער שרײַבער האָט מיט גאָרנישט געזינדיקט ווען ער האָט געשילדערט דאָס מיאוסע... וואָלט ער זיך דערלויבט אָפּטרעטן פון דער ווירקלעכקייט, וואָלט פון זײַן ווערק געוואָרן אוים אמת".

די אַלע געדאַנקען וועגן עסטעטיק אין רעאַליסטישע ווערק ווערן באַקרעפטיקט מיט די בײַשפּילן און באַלײַכטונגען, וואָס לערנער ברענגט פון אַקסענפעלדס ווערק. אַנאַליזירנדיק די נאָרוואָס-געבראַכטע געדאַנקען, שרײַבט ער ווײַטער: עס איז אויך אַ סך ערלעכער וואָס דער קינסטלער דאַרף שילדערן דאָס בייזע און דאָס גוטע. „קונסט פאָדערט פון קינסטלער, ער זאָל אויסמײַדן וועלכע־עס־איז איינזײַטיקייט און ער זאָל זיך האַלטן שטרענג אין דער ווירקלעכקייט". דער קינסטלער דאַרף נישט נאָר שילדערן דאָס לעבן, נישט נאָר טײַטשן, נאָר אויך אורטיילן, משפּטן דאָס לעבן. דאָס איז דעם קינסטלערס אוטיליטאַרישע עובדא. אָבער ער מוז דערגרייכן קינסטלערישע שלימות פון ווערק, כדי נישט אָפּטרעטן פון זײַן ציל, פון זײַן פונקציע, כדי „אַרויסרופן אינעם לייענער סימפּאַטיע צום ש יי נ ע ם און עקל צום מ י א ו ס ן". דאָס מיינט — מיט דער דאָזיקער רעאַליסטישער עסטעטיק קען דער קינסטלער דערגרייכן אוטיליטאַרישע צוועקן.

און דאָס, מיינט לערנער, דערגרייכט אַקסענפעלד. ראשית, — ער פאַרכאַפּט דעם לייענער, ער הערשט איבער אים. הייבט דער לייענער אָן צו לייענען אַקסענפעלדס ווערק, קען ער זיך שוין פון אים נישט אָפּרײַסן. און טאָמער „דערגייט עס אַמאָל בײַ אים ביז אומנאַטירלעכקייט", איז

עס דערפאר, ווייל דאָס איז געווען דער מאַניר אין אַלע אייראָפּעישע ליטעראַטורן, וואָס האָט געהערשט אין אַקסענפעלדס צייטן. אַזוי ווי ער האָט געשריבן אויסשליסלעך פאַר די מאַסן, האָט ער אויסגענוצט זייער נייגער, געלאָזן אויף לעצט די סאַמע אינטערעסאַנטע אויפלייזונג פון דער אינטריגע. דערווייל האָט ער געצווונגען דעם לייענער לייענען ביז דער אויפלייזונג און זיך צוקוקן צו דער הויפּט־אידעע.

צו שרייבן וועגן דערהייבענע דערשיינונגען אין דער נאַטור איז גאָרנישט אַזוי שווער. מע דאַרף צוליב דעם זיך נישט אויסצייכענען מיט אַ באַזונדערן טאַלאַנט, מיינט לערנער. אָבער פון פּוסטע, קליינלעכע, אומבאַדייטנדיקע זאַכן שאַפן פּאָעטישע בילדער, דאַרף מען זיין זייער טאַלענטירט. „דאָס זעלביקע, פאַרענדיקט לערנער, טענהט דער גרויסער דייטשער פּאָעט היינע בעת ער רעדט אין דעם צווייטן טייל פון זיין „ראָמאַנטישע שולע" וועגן געטען און זיין פּ אָ ו ס ט און מיר רעכע־נען פאַר נישט איבעריק צו ברענגען דאָ, מיט אַ קליינער ענדערונג, זיינע פיל־באַדייטנדיקע ווערטער. געטע, זאָגט היינע, איז אַן אמתער קינסטלער. אין זיין פּ אָ ו ס ט געפינען מיר די גאַנצע נאַטור, אָנגעהויבן פון אַ וואָרעם, וואָס קריכט אויף דער ערד, ביזן מלאך, וואָס פליט אין די הימ־לען. ווען ער מאָלט פאַר אונדז ד אָ ס ג ר ו י ס ע א ו ן ד ע ר־ה ו י ב ע נ ע, קענען מיר נאָך אָננעמען, אַז אויך אַנדערע זיינען ביכולת אים נאָכצומאַכן; אָבער ווען ער באַשרייבט ד אָ ס ק ל יי נ ל ע כ ע און ע ק ל ד י ק ע אין דער נאַטור, דעמאָלט איז ער פאַר אונדז אומ־פאַרגלייכלעך, און מיר קענען בפירוש באַהויפּטן, אַז קיין איינער וועט נישט קענען דאָס מאָלן אויף אַן ענלעכן אופן..."

אוטיליטאַרער צו זיין אין לערנערס צייטן — דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך. אינטערעסירן זיך אָבער, מיט עסטעטישע פּראָבלעמען לשם ניצלעכקייט, — דאָס איז געווען אַ זעלטענע דערשיינונג. נאָך מערקווירדיקער ווערט דאָס אַלץ ווען מע געדענקט ווי אָרעם עס איז געווען די יידישע ליטעראַטור, ווי אויך דעם קאַמף קעגן מליצה און בט־לנות אין דער העברעישער ליטעראַטור. דעמאָלט דערשיינט לערנער ווי אַ וויכטיקער קריטיקער. אמת, אין בילדונג און טאַלאַנט איז ער געשטאַנען מיט קאָפּ העכער פאַר זיינע צייט־חברים. אָבער

דער גרעסטער שבח קומט אים פאַר זײַן אויסגעהאַלטן אין דער קריטיק, נאָכמער — פאַר זײַן זעלבסטשטענדיק. ער האָט אָפּגעוואָרפן די פּי־סאַרעוו־השפּעה. בעת פּיסאַרעוו האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע עסטעטי־שע פּראַגעס, האָט לערנער זיך געהאַלטן בײַ עסטעטישע מאָסן, טאַקע און דווקא אין נאָמען פון ניצלעכקייט, אין נאָמען פון טשערנישעווסקים, דאָבראָליובאָווס שילדערן, טײַטשן און משפּטן דאָס לעבן. ער האָט אָנ־געווענדט אין דער קריטיק דעם פּרינציפּ, וואָס פּלעכאַנאָוו האָט מיט יאָרן שפּעטער אָנגערופן — די אָביעקטיווע מאָס. מיט אָט דער מאָס האָט ער זיך גענומען צו דערקלערן צי עס איז איינס די פאָרם און די אידעע פון ווערק. מחמת דעם איז ער ניט נאָר אַ פּיאָנער־קריטיקער, נאָר איינער פון אונדזערע אויסגעהאַלטענע און אָביעקטיווע קריטיקער.

# פיאָנער און טראַדיציע

זײַנע ליטעראַרישע כוחות האָט י. ח. ראַווניצקי דאָס רוב אָפּגע־געבן דער העברעישער ליטעראַטור. אין דער ייִדישער ליטעראַטור וועט מען אים געדענקען ווי אַן אויסערגעוויינלעך ערלעכן „אמתן פֿאָלקספֿרײַנד", ווי אַ קעמפֿער פֿאַרן לשון פֿון „פּראָסטן עולם", אַ לערער און דערציִער פֿון ייִדישע לייענער, אַ רעדאַקטאָר, אַ זאַמלער. מער פֿאַר אַלץ וועט מען אים געדענקען ווי אַ פּיאָנער־קריטיקער.

צו דער קריטיק איז ראַווניצקי געקומען ניט מחמת דעם, וואָס אים האָט אינטערעסירט דער סוד פֿון שאַפֿן, אָדער די פֿילאָסאָפֿיע פֿון ליטע־ראַטור. יענע תקופֿה אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז געווען ווײַט דערפֿון. צוגלײַך מיט די שענסטע גײַסטער פֿון זײַן דור האָבן ראַווניצ־קין געמאַטערט די פֿראַגעס: ווי אַזוי ראַטעוועט מען דאָס פֿאָלק? ווי אַזוי דערהייבט מען אים? ווי אַזוי זאָל מען אים פֿירן אויף ריכטיקע דרכים? אייגנטלעך האָבן די דאָזיקע עסטעטישע פֿראַגעס געלעבט אין דער פּובליציסטיק. איז ראַווניצקיס ערשטער שרײַבערישער אימפּולס געווען אַ ריין עטישער, און ער האָט טאַקע געפֿונען אויסדרוקן אין דער פּובליציסטיק. מחמת דעם שטאַרק־אַנטוויקלטן חוש אין אים, איז ראַוו־ניצקי דורך דער פּובליציסטיק צוגעקומען צו ליטעראַטור־קריטיק. אַרויס־גערופֿן אין אים דעם קריטיקער האָבן די פֿאַרווײַלערישע „העכסט־אינ־טערעסאַנטע ראָמאַנען". ראַווניצקי האָט אויפֿגעהויבן אַ קאַמף קעגן זיי ביד חזקה.

אַ קריטיקער קאָן זיך זײַן געניײגט צו באַטראַכטן ליטעראַטור בלויז ווי אַ פֿאָלקס - ניצלעכן ענין. ער קאָן זיך מיִען שרײַבן פּוב־

ליציסטיש וועגן ליטעראַטור. אין יעדן פֿאַל וועט ער מוזן אָנרירן געוויסע עסטעטישע יסודות. סײַדן ער וועט שרײַבן בלויז אַרום דעם ווערק, בלויז וועגן דעם סיפּור־המעשה און ניט וועגן דעם ווערק גופֿא. וועגן אָט־די עסטעטישע יסודות מעג ער אפֿשר אַליין ניט וויסן. ער וועט זיי אפֿשר אָנרירן אויף אַ זייער אויבערפֿלעכלעכן אָדער גאָר אויף אַ פּרימיטיוון אופֿן. אויסמײַדן זיי אינגאַנצן, דאָס וועט ער ניט קענען. עס פֿאַרשטייט זיך — דער קריטיקער מוז דערבײַ זײַן אַ טיף ערנסטער מענטש. ער מוז זיך באַמיִען מיט אַלע כּוחות גובר זײַן זײַנע אייגענע פֿאָרורטיילן. ער מוז זוכן באמת דערקלערן דערשײַנונגען אין דער ליטעראַטור, דעם אופֿן שאַפֿן און דאָס לעבן פֿון אַ ווערק. און, פֿאַרשטייט זיך, פֿריִער פֿאַר אַלץ מוז ער עס דערקלערן — זיך אַליין.

אַן ערנסטער, פֿאַראַנטוואָרטלעכער פּובליציסט, אַן ערלעכער ליטעראַרישער האָרעפּאַשניק וועט אונדז אפֿשר ניט באַפֿרידיקן ווי אַ קריטיקער. די מניעות דערבײַ וועלן זײַן: די פּאַראַלגעמיינערטע אויספֿירן, דער צו־פּאַראַלגעמיינערטער נמשל. דעם משל גופֿא וועט ער צושפּיצן צום נמשל. ער וועט אָבער ניט קענען אין גאַנצן אַוועק פֿון שאַצן ווערטן. ער מוז דאָך פֿאַר זײַנע צוועקן אַרויספֿירן אין פֿאָדערגרונד דעם קל־והומר, דעם מאַי־קאָ־משמע־לן. און אויב ער איז אַן ערנסטער, פֿאַראַנטוואָרטלעכער קריטיקער, וועט ער צוגלײַך דערמיט אויך מוזן, ווען אַפֿילו אויבערפֿלעכלעך, אָנרירן דאָס ווערק גופֿא, ניט נאָר דעם סיפּור־המעשה. קינסטלעריש איז דאָס ווערק ניצלעך מחמת די און די מעלות. אָדער — דאָס ווערק קען ניט ברענגען קיין שום נוצן, מחמת די און די חסרונות. אין יעדן פֿאַל וועט ער מוזן רעדן וועגן דעם אינהאַלט־און־פֿאָרם סינטעז, וועגן ליטעראַרישע מעטאָדן און עסטעטיש־ליטעראַרישע ווערטן.

עסטעטישע פֿראַגעס זײַנען ראַוווניצקין גאָר אויפֿן געדאַנק ניט אַרויפֿגעקומען. פֿאַראַן בײַ אים עטלעכע זייער רירנדיקע התנצלות־שורות וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט זיך גענומען פֿאַר קריטיק. אָנגעהויבן האָט ער מיט זײַן אַרויסטריט אין „יודישעם פֿאָלקסבלאַט" (1888) קעגן „די העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען", וואָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר אַן אָנשיקעניש אין יידישן לעבן. ער אַליין האָט ניט געגלייבט אין

זיך. איז ער דען דער פּאַסיקער מענטש דורכצופירן אַ רייניקונג אין דער יידישער ליטעראַטור? אַזוי האָט ער געטראַכט. צו קריטיק זאָלן זיך נעמען גרעסערע שרייבער פאַר אים, „וואָס זייער נשמה איז מער מסוגל צו קריטיק ווי מיינע". ער האָט אָבער געזען — די מער באַרופענע זיי־נען ניט בנמצא. „אפשר אויף מיר קוקנדיק" שרייבט ער דאָרטן — „וועלן זיך געפינען באַגאַבטע טאַלאַנטפולע קריטיקער, וועלכע וועלן זיך נע־מען צו דער זאַך וואָס איז זייער נייטיק און וועלן ברענגען פיל נוצן."

אָבער ווען ער האָט זיך שוין גענומען שרייבן וועגן ליטעראַטור, האָט ער געשריבן ווי אַן אמתער קריטיקער. ניט נאָר די קריטיק, נאָר די גאַנצע מאָדערנע יידישע ליטעראַטור האָט זיך דעמאָלט געהאַלטן אויף איינצלנע שרייבער. אַזוי קליין איז געווען זייער צאָל. אַ פּשיטא שוין די קריטיק. איז יעדער צוגעקומענער קריטיקער געווען אַ פּיאָנער, אויב ער האָט נאָר אַרויסגעוויזן אַ וואָסער עס־איז תכלית. און דאָס האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַ נייער צושטייער.

געווען זיינען קריטיקער פאַר ראַווניצקין. עס איז אמת, בשעתו האָט מען ניט געטראַכט וועגן דעם ענין טראַדיציע אין קריטיק. דערויף דאַרף מען שוין האָבן אַ שטאַרק־אַנטוויקלטע ליטעראַטור און אַ ברייט־פאַרצווייגטע קריטיק. צווישן די ערשטע קריטיקן אין דער יידישער שפּראַך, דאָס מיינט אַלעקסאַנדער צעדערבוימס „ביבליאָגראַפישע נאָטיצן" (אין „קול מבשר", אין 1868) און ראַווניצקיס קריטיקן (אין „יודישעס פאָלקס־בלאַט", אין 1888) איז געלעגן אַ וואָסערע צוואַנציק יאָר. און פון מענדעלעס „קלקול המינים" (געשריבן אין העברעיש, געדרוקט אין „משפט שלום", אין 1858) ביז ראַווניצקיס ערשטע קרי־טיקן ליגן גאַנצע דרייסיק יאָר. דאָך איז יעדער צוגעקומענער קריטיקער, פאַר דעם און אַ צייט נאָכדעם, געווען אַ פּיאָנער. אָבער אויף אַ שטיקל טראַדיציע לאָזט זיך שוין אויך אָנווייזן אין ראַווניצקיס צייטן.

וועגן אַלעקסאַנדער צעדערבוימען — היסטאָריש אונדזער ערשטער קריטיקער אין דער יידישער שפּראַך — קען מען גאָרניט זאָגן, וואָס זאָל האָבן אַ שייכות מיט עסטעטישע ווערטן. ער האָט ניט געוווּסט, אַז זיי זיינען גאָר בנמצא. וועגן מענדעלעס „טאַקסע" זאָגט צעדערבוים אַרויס אַזעלכע ווערטער וועגן פאָרם: „איבער דער פאָרם פון דעם

ווערק האָבן מיר נישט צו רעדן. אַזוי ווי דער פּראָפעסאָר האָט ניט באַ־
אַבאַכטזיכטעט קיין ראָמאַנטישע פאַרשטעלונג צו געבן, נאָר אַ ווירקלע־
כע מעשה אויסגעפּוצט, און אַרײַנגעלייגט ווערטער אין מויל די וואָס
קומען דאָ פאָר, און די האָבן געוויס ניט געלערנט די טעאָריע פון ראָ־
מאַנטישע פאָרמען". נאָך צעדערבוימען נאָך קומט אויס, אין רעאַליס־
טישע ווערק אין „אַ ווירקלעכע מעשה", איז וועגן דער פאָרם ניטאָ
וואָס צו רעדן. און אויב מע דאַרף רעדן וועגן „ראָמאַנטישע פאָרמען"
אין „ראָמאַנטישע" ווערק, איז עס אויך ניט קיין מי יודע וואָס פאַראַ שווע־
רער ענין. בדרך כלל, ווײַזט אויס קענען די פאַרשווינען אין „ראָמאַנטי־
שע" ווערק זיך אויסלערנען די „טעאָריע פון ראָמאַנטישע פאָרמען".
און זיי לערנען זיך טאַקע דאָס אויס, והא ראיה — מע הערט עס אין
די ווערטער וואָס דער מחבר לייגט זיי אַרײַן אין מויל. און די דאָזיקע
ווערטער זיינען, מן הסתם, „געפליגלטע פראַזן", „פינקלדיקע רייד־
לעך", „מליצהדיקע איידלקייטן" א. א. וו. איז צעדערבוימען קען מען
ניט באַטראַכטן פאַר אַן אָנהייבער, ווען מען שמועסט וועגן עסטעטי־
שע ווערטן.

אָבער י. י. לערנער, וואָס האָט אָנגעהויבן שרײַבן וועגן ליטעראַ־
טור כמעט אין דער זעלביקער צײַט וואָס צעדערבוים, האָט זיכער גע־
וווּסט די שייכותן צווישן אַ ווערק און זײַנע עסטעטישע ווערטן. לער־
נער האָט געענוי פאַרשטאַנען די עסטעטיק פון זײַן צײַט. ווי אַ שרײַבער
און אַן אינטעלעקטואַל איז ער מיט קעפּ העכער געשטאַנען פאַר אַלע די,
וואָס האָבן בשעתו זיך עוסק געווען מיט קריטיק. זײַן טראַכטן האָט
געהאַט אַ ברייטערן און מער קאָמפּליצירטן פאַרנעם. פון איין זײַט איז
ער געווען אַ ניהיליסט, וואָס האָט געשטעלט ניצליכקייט העכער פאַר
אַלץ. און פון דער צווייטער זײַט האָט ער געזוכט עסטעטישע ווערטן
ווי דעם רוח־חיים אין ווערק. ער איז געווען דער רוסיפיצירטסטער פון
אַלע אַנדערע ייִדיש־ און העברעיש־שרײַבער. דאָך איז ער אין זײַן ייִדי־
שיזם און אין זײַן פאַרשטיין פאָלקס־פּאָעזיע געווען כמעט ווי אַ חד
במינו. לערנער איז טאַקע געווען אַ פּיאָנער וואָס שייך ליטעראַרישן
אַנאַליז. ער איז געווען אַ קריטיקער פון אַ גרויסן שניט. און קלאָר האָט
מען דאָס שוין געקאָנט זען סוף זעכציקער יאָרן פאַריקן יאָרהונדערט.

לערנער האָט געקענט זײַן דער פײַנסטער אויסגאַנג־פּונקט פאַר א טיפער יידישער קריטיק. טראַדיציאָנעל אָדער דיאַלעקטיש האָט מען זײַן אָנהייב געקענט פירן צו העכערע מדריגות. אַנשטאָט אַנטוויקלען ווײַטערדיקע שטאַפּלען, האָט זיך די קריטיק פּלוצים ווי איבערגעריסן. און ווען ראַווניצקי איז געקומען מיט זײַנע ערשטע אַרטיקלען, איז ער געקומען פּונקט ווי ער וואָלט געווען א ראשון שבראשונים. ראַווניצקיס אָפּהאַנדלונגען מאַכן אַן אײַנדרוק, ווי עס וואָלט זיי געשריבן אַ פּיאָנער, וואָס הייבט אָן אַלץ אויפסנײַ, ממש מששת ימי בראשית. קריגט מען אַזאַ אײַנדרוק, ווײַל ער איז געווען אײנפאַך ווי ס׳איז בשעתו געווען דער גאַנצער אָנהייב פון קולטורעלן פאָלקיזם? איז עס דערפאַר וואָס ער האָט געשריבן קריטיק מיט אַ צוואַנציק יאָר שפּעטער נאָך לערנערן? געהערט ער צו יענע, וואָס זיי פאַלט גאָר קיינמאָל ניט אײַן גרינטלעך אויסצופאָרשן, וואָס די פריערדיקע האָבן אויפגעטאָן, אָדער — אשר לא ידע את יוסף?

ראַווניצקי איז, מן הסתם, געווען באַקאַנט מיט לערנערס קריטיק וועגן אַקסענפעלדן. זיכער איז ער געווען באַקאַנט מיט לערנערס קריטיק וועגן שלום־עליכמס „סענדער בלאַנק". און וועגן מענדעלעס „קל־קול המינים" דערמאָנט ער טאַקע אין זײַן אַרטיקל וועגן מענדעלען. דער אײַנדרוק וועגן ראַווניצקין ווי אַ פּיאָנער אין דער קריטיק, נעמט זיך שנעלער פון דעם, וואָס בשעתו האָט אין די הערצער בײַ יידישע אינטעלעקטואַלן נאָך ניט געלעבט דאָס ליטעראַטור־באַוווסטזײַן, הגם מענדעלע איז געווען זייער בן־דור. יעדער שרײַבער פאַר זיך גופא האָט גאַנץ גוט באַגריפן זײַן שליחות. אָבער דאָס רוב שרײַבער אין יענער תקופה האָבן גאָר ניט געטראַכט וועגן אַ קינסטלעריש באַוווסטזײַן. זיי האָבן ניט געטראַכט וועגן פאַרוואַנדלען — דורך קונסט — יחידישע דערגרייכונגען אין אַ קונסט־פאַרמעגן. אין דעם באַוווסטזײַן בײַ דער אינטעליגענץ האָט ליטעראַטור נאָך דעמאָלט ניט געלעבט ווי אַ דור־רותדיקע, קאָלעקטיווע שעפערישע דערפאַרונג. אַנדערש געזאָגט — דער אינטעליגענץ זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען קלאָר די טויזנטער באַריר־פּונקטן און פעדעם פון אַ ליטעראַטור, געוועבט אין אַ קינסטלערישער טראַדיציע. עס זיינען בלויז געווען איינצלנע שרײַבער, וואָכ

האָבן גערעדט ווי עס רעדט דאָס פאָלק, אָדער דער העברעער שיכט, פארשטייט זיך, אויף אַ מער געלײַטערטן אופן. אָבער אוימבאַוווסטזיניק האָבן אין זיי געלעבט די אַלע באַריר־פּונקטן און שייכותן. די שפּעטערדיקע דורות זוכן דאָס שטענדיק אין די פריִערדיקע דורות. איז דאָך אין זייער שרײַבן פאָרט געווען אַן אַלגעמיינער שכל און אַלגעמיינע קוואַלן, וואָס פון זיי האָבן די איינצלנע שרײַבער געצויגן זייער יניקה.

די ייִדישע ליטעראַטור קען, צום באַדויערן אָנווײַזן אויף אַ סך פאַלן ווו אַ געוויסער זשאַנער אָדער אַ קינסטלערישע אידעע האָט אָנגעהויבן בלִיִען, זיך פאַנאַנדערגעוואָקסן, און פּלוצים האָט זיך עס איבערגעריסן. און אויב דער דאָזיקער זשאַנער אָדער די דאָזיקע אידעע באַווײַזט זיך מיט תקופות שפּעטער, איז עס ניט קיין תחית המתים, נאָר ווי אַ שפּאָגל נײַער אָנהייב. די נײַאָנהייבער האָבן ווייניק־וואָס געוווסט וועגן דעם ווי אַזוי דאָס האָט פריִער אויסגעזען. אין בעסטן פאַל, — זיי דערקענען ניט דאָס פריִערדיקע קרובהשע. און אַ נײַ קאַפּיטל הייבט זיך אָן.

## פאָלקספריינד

דאָס וואָרט „פאָלקספרײַנד" באַנוצט ראַוווניצקי זייער אָפט. בײַ אים, ווי בײַ זײַנע צײַט־חברים, האָט עס געמיינט — זײַן אין גאַנצן דורכגענומען מיט די טיפסטע פאָלקס־אינטערעסן. און אין אָט־דעם זינען איז ראַווניצקי אַליין געווען איינער צווישן די ערלעכסטע און זויבערסטע פאָרשטייער. די טיפסטע פאָלקס־אינטערעסן — דאָס האָט אייגנטלעך געמיינט דער פאַרבאָרגענער קערן, וואָס איז געלעגן אין די טיפענישן פון פאָלקס־גורל און געוואַרט אויף אַ תיקון. און כדי זיך דערגראָבן צו אָט דעם קערן האָט מען — אַ חוץ ליבע צום פאָלק — באַדאַרפט האָבן אַ דורכדרינגנדיקן בליק, אַ נטיה צו קענען פאַנאַנדערנעמען און פאַנאַנדערגלידערן ענינים.

ראַווניצקי האָט שטענדיק געפילט אין זיך אַ מוז „צוצוגיין באַטראַכטן פון נאָענט" יעדע זאַך, וואָס ער האָט באַהאַנדלט. ער האָט געפילט אין זיך אַ מוז „פאַנאַנדערגלידערן" יעדן ענין, וואָס ער האָט

באַטראַכט. אָבער די טרײַבקראַפט דערצו איז געווען אַ ריין מאָראַלי־שע: דער הייליקער חוב צום פאָלק, אָדער ווי ער האָט עס גערופן — דער „חוב קודש".

אַדאַנק אָט דעם מאָראַלישן יסוד אין זײַן כאַראַקטער איז ער גע־ווען „אַן אמתער פאָלקספרײַנד". ווי אַ פאָלקספרײַנד איז ער געקומען אין דער פובליציסטיק. אויך אַזוי האָט ער פאַרנומען דאָס אָרט ווי אַ קריטיקער.

אין דער פובליציסטיק האָט ער אַרויסגעוויזן די זעלביקע פּעזיקיי־טן ווי אין דער קריטיק: „צוגיין באַטראַכטן פון נאָענט" און „פאַנאַנ־דערגלידערן". אויך דאָ האָט אים דערצו געצווונגען זײַן טיפער ערנסט און זײַן טיפע ערלעכקייט.

דאָס קען מען זען אין זײַן ערשטער פובליציסטישער אַרבעט אין יידיש „דאָס פינטעלע ייד". געדרוקט איז עס אין דעם חובבי־ציון זאַמלבוך „דער יידישער וועקער" (1887), וואָס ער, ראַווניצקי, האָט עס רעדאַקטירט צוזאַמען מיט צ. ז. פראַנקפעלדן, הגם ווי אַ נאָ־מינעלער רעדאַקטאָר פון דעם זאַמלבוך ווערט אָנגעגעבן מ. ל. ליליענ־בלום. דאָס קען מען זען אויך אין זײַן פּראָגראַם־אַרטיקל, „יאה עניותא לישראל", געשריבן אין גראַמען, געדרוקט אין דעם דערמאָנטן זאַמל־בוך. דער הויפּט־געדאַנק אין אָט־די אַרבעטן איז דאָס יידישע נאַציאָנאַל־געפיל און דאָס שפלות און עגאָיזם בײַ די יידישע „קאָסמאָפּאָליטן" און אַסימילאַנטן. אין „דאָס פינטעלע ייד" — נאָך קלערער ווי אין דעם פּראָגראַם־שיר „יאה עניותא לישראל" — מערקן זיך זײַן אויפן שרײַבן און זײַן כאַראַקטער: ער איז עמאָציאָנעל, לאָגיש און עטיש.

פריִער ווי אַלץ קומט בײַ אים די „עמאָציאָנעלע" באַהויפּטונג. זי זעט אָבער אויס ווי אַ לאָגישע באַהויפּטונג. ער אַרגומענטירט אין זײַן אַרבעט קעגן די „מאָדנע נײַע אויסגעבאַקענע פילאָסאָפן, וואָס שרײַען אין קול, אַז נאַציאָנאַלע ליבע בכלל איז אַן עוולה, בפרט נאָך יידישע נאַציאָנאַלע ליבע — דאָס איז גאָר אַ רציחה אין דער וועלט". די אַרגו־מענטאַציע קעגן זיי שטיצט זיך, אין אַזאַ פאַל, אויף דער „עמאָציאָנע־לער" הנחה. צי קען דען — טענהט ער — אַ מענטש, וועמען איר האָט געכאַפּט בײַ דער האַנט ווי ער העלפט זײַן אייגענעם ברודער, צי קען

דען אַזאַ מענטש דערשטיקן אין זיך זײַנע געפילן, ווען איר גיט אים גאָר אַ זאָג: „וואָס טוט איר עס, ר' קרוב? ווי פאַלט איר (אײַך?) אוים צו טאָן אַזאַ זאַך? וואָס איז דער מענטש מער מיוחס פון דעם צווייטן, באשר ער איז צופעליקערווײַז אײַער ברודער? גייט, זוכט אין שטאָט, וועט איר געפינען גרעסערע אָרעמעלײַט פון אים!" „נאָך אַזעלכע ווערטער" — שרײַבט ווײַטער ראַווניצקי — „וועט דער מענטש אײַך אָנקוקן און וועט אַליין נישט וויסן פאַר וואָס אײַך צו רעכענען". „אַז איר זענט יאָ אַזאַ פײַנע בריה" — וועט ער אײַך גאָר ענטפערן — „מאַכט איבער מײַן נאַטור, מײַן ברודער זאָל בײַ מיר נישט זײַן אײַנגעבאַקן אין הארצן מער ווי אַן אַנדערער". זײַן אַרגומענטאַציע און זײַן גאַנצער אינטערעס צום געזעלשאַפטלעכן געדאַנק קומט פון איין מקור: „אַז עס קומט אַ נויט... לאָזט מיך דאָס הארץ ניט רוען". און ער פילט, ראַווניצקי, אַז נאָך אַזאַ „האַרץ־דערקלערונג", נאָך אַזאַ ווידוי, קען מען צו אים ניט האָבן קיין „טענות מיט מענות". מיט אַן עמאָציאָנעלער הנחה, וויקלט ער פאַנאַנדער זײַן לאָגישע אַרגומענטאַציע. זײַן עמאָציאָנעלע הנחה צווינגט אים „צוגיין באַטראַכטן פון נאָענט", „צעגלידערן" די קלאַץ־קשיות מצד „קאָסמאָפּאָליטן, די וועלט־מענטשן". און נאָך דעם לאָגישן „צעגלידערן" קומט ער צו אַ מאָראַלישן אויספיר: „עס ליגט פשוט אַ חוב, דער הייליקסטער שולד אויף יעדן ייִדן וואָס קען און וויל באמת ברענגען וואָס עס איז נוץ, אַז ער זאָל דאָס ערשטע, פריער פון אַלץ, ווארפן זײַן מילדן קוק אויף זײַן אייגענער משפּחה, אויף די ייִדישע ברידער, מיט וועלכע ער איז געקניפּט דורך דער נאַטור, געבונדן דורך אַ פיר־טויזנט־יאָריקער היסטאָריע"... „אויף זיי, אויף די אייגענע ברידער" — שרײַבט ער ווײַטער — „איז ער מחויב, יאָ מחויב מיט דעם הייליקסטן חוב, צו מקריב זײַן, מער ווי אויף אַנדערע מיט כוח מיט מוח, אויפצוהייבן זיי פון דער ערד, אונטערצוהאַלטן מיט אַ געטרײַער ברידערלעכער האַנט און צוגעבן מוט..." און נאָך אַ לאַנגן „גוט זיך צוקוקן אין תוך אַרײַן", ווײַזט ער בפירוש אויף, אַז די וואָס באַשולדיקן נאַציאָנאַליסטן אין עגאָיִזם, עגאָיִזם צו אייגענע, איז זיי — „די קאָסמאָפּאָליטן", „די וועלט־מענטשן" — נוצן די הויכע ווערטער, כדי „נאָר צו פאַרגלעטן, אָפּגילדן פון אויבן דעם

גרעסטן, נידעריקסטן עגאָיזם. יאָ, גראָבע, נידעריקע עגאָיסטן זיינען אין מערסטנטייל אונדזערע וועלט־מענטשן, וואָס שטעלן זיך אַזוי שטאָלץ אויסגעצויגן אונטער דער גרויסער און ברייטער פאָן פון מענטשהייט". אַראָפּרײַסן די מאַסקע בײַ „די וועלט־מענטשן" איז בײַ אים אַ מאָראַלישער חוב, אַ „חוב־קודש".

איצט קלינגען זיי גאַנץ נאַיוו, אָט די ערלעכע רייד. ווי מאָדנע, — אויך אונדז קומט אויס ניט איין מאָל צו פירן אַזעלכע שמועסן. אָבער אין 1887 איז דאָס געווען כמעט ווי אַ שפּאָגל־נײַע פּראַגע. און צווישן די איידעלע ריטער, וואָס האָבן זיך געמיט אויפקלערן אָט־די נאַציאָנאַלע דעגענעראַציע, איז געווען דער איבערגעגעבענער יהושע חנא ראַווניצקי. אָבער ניט אין דער איבערגעגעבנקייט איז געלעגן זײַן וויכטיקייט, נאָר אין דעם געפיל, אין דעם „חוב קודש".

דאָס דאָזיקע געפיל האָט באַהערשט די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ אויף פאַרשיידענע אופנים. און זייער ראַדיקאַליזם האָט אָנגענומען בלעריי רעאַליסטישע שאַטירונגען. דער ראַדיקאַליזם איז סוף־כל־סוף אויך דערגאַנגען צו די אידעאָלאָגן צווישן די באַלעבאַטישע קלאַסן. ליליענבלומס ראַדיקאַליזם האָט באַאיינפלוסט ניט איין פירנדיקע פערזענלעכקייט. די ערשטע יאָרן אין זײַן שרײַבערישער קאַריערע האָבן אויף ראַווניצקין געווירקט ליליענבלומס אידעען.

ווי אַ סך זײַנע מיטצײַטלער, האָט ראַווניצקי אויפגעהערט גלייבן, אַז נאָר ייִדישע גבירים און תקיפים קענען אויסלייזן דאָס ייִדישע לעבן. אָבער פּשוטע פאָלקס־מענטשן האָבן נאָך אַלץ געקוקט אויף זיך ווי אויף קליינע מענטשעלעך — מה־אָנו? ומה־חיינו? זיי קענען דאָך אַליין ניט אויסקומען אויף דער וועלט. איז ווי זאָלן זיי טראָגן אויפן קאָפּ די אַלע צרות פון כלל ישראל? זייער האָפענונג איז געווען — דער „גרויסער", דער „גביר", דער „יחסן". אָט־די אַלע פאַרזאָרגערס, אין זייערע הענט ליגט דאָס גאַנצע ייִדישע מזל. זיי וואָלטן געקענט ממש ראַטעווען דאָס פאָלק, באַוואָרענען אים קעגן אַלע שלעק און פורעניות.

ראַווניצקי און אַ סך זײַנע צײַט־חברים האָבן שוין אַזוי ניט געטראַכט. דערצו האָבן זיי ניט געמוזט דווקא זײַן ראַדיקאַלן פון אַ אברהם אורי קאָוונער שניט אָדער פון אַן אהרן ליבערמאַן שניט. זיי

זיינען געווען ליבעראַלן און אמתע פאָלקיסטן, אָדער, ווי ראַווניצקי האָט זיי גערופן, — „אמתע פאָלקספריינד".

ראַווניצקי האָט שוין געהערט צו יענעם דור, וואָס אים איז שוין געוואָרן ביז גאָר קלאָר: קיינער קען ניט פאַרבעסערן דאָס יידישע מזל ווי דאָס פאָלק אַליין. ער שרייבט ממש מיט ווייטיק וועגן דעם ווי אַזוי אַ גאַנץ פאָלק לאָזט אַראָפּ הענט און פיס „און פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן — אויף וועמען? אויף אַ הויפן גבירים, אויף עטלעכע געציילטע אדי־רים, אַז אָט־די גרויסע לייט זאָלן זיך „אַנטפּלעקן מיט זייער גרויס גע־נאָד" און אַרונטערנעמען כל־ישראל אונטער דעם שוץ פון זייערע ברייטע גאָלדענע פליגל". („די יודישע אוצרות", 1903, ז. 4). ראשית, דער־קלערט ער זײַנע לייענער, קיין שום קולי־קולות וועלן שוין ניט אויפ־וועקן די גבירים־אדירים. שנית, ווען מען זאָל זיך אפילו פאָרשטעלן, — אָט זיצן די גרויסע יחסנים טאָג און נאַכט און ברעכן זיך די מוחות ווי אַזוי מציל צו זײַן דאָס פאָלק ישראל. וועט דאָס אויך ווייניק־וואָס העלפן. און די סיבה איז אַ פּשוטע: ווי אַזוי קענען זיי גאָר העלפן, „ווי־באַלד דאָס פאָלק אַליין שטייט פאַרלייגט די הענט, טוט גאָרניט פון דאַנען אַהין און פאַרלאָזט זיך נאָר אויף הוילע נסים.".

דאָס יידישע מזל, ווײַזט אויף ראַווניצקי, ליגט גאָרניט בײַ יחידי־סגולה, בײַ די „הויכע פענצטער" אין די הענט. ער רופט אויס: „ווייסט איר ווו דען עס געפינט זיך יאָ דאָס ריינע אמתע גליק פונעם פאָלק"? און ער ענטפערט גלײַך: „אין די אייגענע הענט פונעם פאָלק אַליין." „דאַ־מאָלט" — שרײַבט ראַווניצקי ווײַטער — „ווערט דאָס שוואַכע פאָלק דער גרעסטער גיבור, אַ ריז, וואָס קען איבערקערן וועלטן. די אַלע קליינע פינטעלעך, די ברעקלעך פונקען, אין איינעם — וואָס פאַר אַ שיין פריילעך פײַער עס קען ווערן צו לײַכטן און וואַרעמען דאָס האַרץ פון יעדן פאָלקספרײַנד". נאָך ראַווניציקן נאָך, איז דער רעכטער עיקר ניט קיין אַנדער זאַך ווי קינדער־דערציִונג. און די גרעסטע פאַרבאָרגע־נע פאָלקס־אוצרות געפינען זיך אין די יידישע היימען. דאָס זיינען די קינדער. „שענקען אַזאַ מין צירונג, אַזאַ רײַכקייט, דעם פאָלק" — שרײַבט ראַווניצקי — „קענען אויך אָרעמע עלטערן, אויב ניט מער, אַלנפאַלס נישט ווינציקער פון די רײַכע"... אָבער די קינדער מוזן

קריגן אַ פאָלקס־דערציִונג. צוקונפטיקע פאָלקסמענטשן און פאָלקס־פריַינד מוזן זיי ווערן, „אונדזער פאָלק זאָל זיך מיט זיי קענען קרעפטיקן און קוויקן".

און אויף זיַין אויסערגעוויינטלעך פשוטן אופן קערט ער זיך אום צוריק צו דער גאַנצער פראַגע: „יאָ, טאַקע נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע: נישט אין די געציילטע גבירישע הענט, נישט אין קיינעמס הענט אין דער וועלט, נאָר אין אונדזערע אייגענע הענט, אָרעמע ברידער, געפינט זיך דער גילדענער שליסל פון די יידישע צרות, פון יידישן מזל! און וואָס פאָדערט פון איַיך דאָס אמתע גליק פון אונדזער אומגליקלעך פאָלק? נישט חלילה איר זאָלט ברענגען פון איַינעטוועגן עפעס קרבנות — ווער קען עס האָבן האַרץ פאַרלאַנגען פון איַיך אָפּפער? — נישט אַפילו איר זאָלט אוועקלייגן ציַיט, פאַרבייַגיין אַ מאָל אייגענע געשעפטן און נע־מען זיך זאָרגן פאַר גאַנצן כלל; ניין, נישט מער, איר זאָלט אין זינען האָבן ווי עס געהער צו זיַין אונדזער אייגן פלייש און בלוט, די אייגענע קינדער זאָלט איר זען מאַכן פאַר מענטשן, וואָס נישט אונדזער פאָלק זאָל זיך שעמען מיט זיי און נישט זיי מיט אים, מענטשן וואָס גאָט און לייַט זאָלן זיַין מיט זיי צופרידן, מענטשן מיט אַ געזונטן גוף און אַן אמת געזונטער נשמה!" (דאָרט ז. 12—13).

וואָס פאַר אַ קאַפּיטל ראַווניצקי זאָל נאָך אָנהייבן, קומט גלייַך אַרויס דער עיקר — דאָס פאָלק. ווען ער רעדט וועגן ענין חומר אין דער דערציִונג, זעט ער עס ווי אַ פאָלקסזאַך. „דאָס איז נישט קיין קליי־ניקייט, נישט קיין געלעכטער, רבותי! דאָס יידישע פאָלק איז פון דער דאָזיקער זיַיט זייער מסוכן: אַ פאָלק פון הוילע רוחניות קען נישט האָבן קיין פעסטן יסוד אויף אונדזער עולם־השפל..." און וויַיטער: „אַזוי ווי אַן איינציקער מענטש קען שטאַרבן ביַים קלאָרן שכל, ווען עס לאָזן זיך אים אוים די כוחות פונעם גוף, אַזוי קען אַ גאַנץ פאָלק אויך גיין פון דער וועלט צוליב דעם פשוטן חומר" (דאָרט, ז. 19).

ווען ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם ענין רוחניות אָדער אויף דעם ענין לערנען קינדער צו ווערן פּראָדוקטיווע מענטשן, יגיע כפימניקעס, — האָט ער פריִער ווי אַלץ אין זינען דאָס פאָלק. און ווען ער רעדט וועגן דער „מכה שלא כתובה בתורה", דאָס אומגליק וואָס וועגן איר

האָט אונדז די תוכחה געשראָקן: בניך ובנותיך נתונים לעם אחר — איז ווידער דאָס פאָלק און די „פאָלקס־אינטערעסן". ער באַטאָנט: אויף אונדז האָט זיך אויסגעגאָסן אַ סך אַ גרעסערע תוכחה. די פרעמדע פעל־קער זיינען גאָרניט אַזוי לחוט אַוועקגענומען אונדזערע קינדער. אַנדערע שטופּן זיי גאָר אָפּ פון זיך. אָבער פאַראַן אַ סך עלטערן, וואָס בעטן זיך ממש רחמים, מע זאָל פירן זייערע קינדער אויף פרעמדע וועגן. ראַוואָניצקי זעט אין דעם אַ נאַציאָנאַלע געפאַלנקייט ניט ווייניקער ווי אַ ריין־מענטשלעכע. און אַזעלכע קינדער וואַקסן אויס אין דורות אָן אַ יסוד, אָן שרשים, אָן ליבּ און לעבן. אָבער דאָס וויכטיקסטע ביי ראַוואָ־ניצקין זיינען דאָך די „פאָלקס־אינטערעסן".

„די יידישע פאָלקס־אינטערעסן געפינען ביי זיי אין האַרצן קיין ברעקל פּלאַץ ניט. זיי אינטערעסירן זיך מיט וואָס איר ווילט, מיט אַלע פראַגעס אין דער וועלט, נאָר נישט מיט דער „יידישער פראַגע". „אמת, מע הערט הינטיקע יונגעלייט זייער אָפט רעדן פון הויכע ענינים, פון „העכסטע אידעאַלן", נאָר דאָס רוב איז נאָר גלאַט אַזוי גערעדט, נישט מער טאַקע ווי פוסטע דבורים, אָנגעבלאָזענע פראַזן, וואָס האָבן קיין ווערט, קיין שום ממשות ניט" (דאָרט 5, 48). און זיינע רייד צו די עלטערן זיינען — זיי זאָלן טאָן אַלץ, ווען ס'איז נאָך דאָ צייט, „עס זאָל ניט דאַרפן קומען צו דעם, איר זאָלט ניט האָבן אויף וואָס צו וויי־נען און אונדזער אומגליקלעכן פאָלק זאָל אויך ניט דאַרפן וויינען" (דאָרט ז. 49). ער רעדט ניט צו זיי נאָר אין זייערע קינדערס נאָמען, נאָר אויך אין נאָמען פון פאָלק. דאָס פאָלק — דאָס איז דער הויפּט־געדאַנק. דאָס באַהערשט שטענדיק דעם ערלעכן פאָלקספריינד ראַוואָניצ־קין. דאָ ליגט דער סוד, וואָס ער האָט שטענדיק געפילט: די אינטעלי־גענץ איז שולדיק דעם פאָלק אַ „חוב קודש".

## „זשאַרגאָן" ווי אַ מאָראַלישע פּראָבלעם

זינט סוף אַכציקער יאָרן ביז האַרט פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אין 1917, איז ראַוואָניצקין ניט איינמאָל אויסגעקומען זיך פאַרנעמען מיטן ענין יידיש.

גלײַך נאָך דעם ווי עס איז אַרויס שלום־עליכמס „די יידישע פאָלקסביבליאָטעק", אין 1888, האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורעם קעגן שלום־עליכמען און קעגן ראַווניצקין ווי זײַן וויכטיקן מיטאַרבעטער. ווי האָבן זיי גאָר געוואַגט דערהייבן דעם „זשאַרגאָן" צו אַ הויכער מדריגה? די דאָזיקע וויכוחים זיינען אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל פאַר זיך אַליין.

ראַווניצקיס באַציִונג צו יידיש איז ניט קיין חידוש פאַר די, וואָס זיינען באַקאַנט מיט זײַנע שריפטן. אַן איבערצײַגטער און איבערגעגע־בענער העברעיִסט, האָט ער זיך אין יענע וויכוחים גאָר אָנגענומען פאַר יידיש. זײַן געפיל, דער „הייליקן חוב" צום פאָלק, האָט געשאַפן זײַן צוגאַנג צו יידיש. אין אָט־דעם געפיל געפינען מיר די דערקלערונג: ווי אַזוי ער, אַן אייפערדיקער העברעיסט, האָט געקעמפט פאַר יידיש; און ווי אַזוי ער איז טאַקע געוואָרן אַ יידישער קריטיקער.

די פּראָבלעם „זשאַרגאָן" האָט געמאַטערט אַ סך משכילים, סײַ די וואָס האָבן פײַנט געהאַט דעם „זשאַרגאָן", סײַ די דעמאָקראַטישע צווישן זיי, וואָס האָבן אײַנגעזען ווי נייטיק עס איז דער „זשאַרגאָן". בײַ די מער מיושבדיקע משכילים איז די פראַגע געווען: וואָס פאַר אַ נוצן קען ברענגען דער „זשאַרגאָן"? אַלעקסאַנדער צעדערבוים האָט געהערט צו אָט די מיושבדיקערע משכילים. ס'איז כדאי זיך דערוויסן וואָס אייגנטלעך האָבן זיי זיך געטראַכט. געווען דאָך משכילים, קעגנער, וואָס האָבן אַליין אָנגעהויבן שרײַבן אין דעם „אָרעמען זשאַרגאָן". אין דעם 22טן נומער „קול מבשר", יאָר 1869, שרײַבט צעדערבוים וועגן די זשאַרגאָנישע ביכלעך, וועגן זייער שלעכטן תכלית, וועגן דעם אַז „אַזעלכע שריפטן הינדערן זיי (דעם המון — נ. ב. מ.) צו האָבן ריינע בירגערלעכע געפילע, צו זאָרגן פאַר זיך און זייערע קינדער". אַזאַ ליטעראַטור „פאַרפירט דאָס פּראָסטע פאָלק און פאַרדאַרבט זײַן געשמאַק, זײַן דענקונגס־קראַפט". אָט זיינען זײַנע רייד: „דאָס האָבן שוין מאַנכע געבילדעטע מענטשן אײַנגעזען און פלעגן פריוון שרײַבן אין דעם אייגענעם זשאַרגאָן ריינערע מעשות, טעאַטערע, זאָגאַר ראָ־מאַנען, געדיכטע וכדומה. נאָר טייל האָבן עס געמאַכט פאַר אַ שפּאָס און האָבן גאָרנישט געדענקט אַזעלכע שריפטן אַרויסצוגעבן; טייל האָבן זיך פשוט געשעמט פלוצים מחברים צו ווערן אין דעם אָרעמען

זשאַרגאָן, וואָס עס איז צו ווינטשן, ער זאָל גאָר פאַרגעסן ווערן פון אונדזערע רוסישע ברידער, אַזוי ווי ער עקזיסטירט שוין ניט אין דײַטשלאַנד...״ (אונטערגעשטראָכן פון מיר — נ. ב. מ.). מיט אָט־דעם ווונטש האָבן זיך אַרומגעטראָגן די סאַמע מיושבדיקסטע, די וואָס האָבן זיך ניט געהאַלטן פאַר עקסטרעמיסטן, די וואָס האָבן באַטראַכט דעם „זשאַרגאָן״ פאַר אַ צײַטווײַליקער אָבער אַ וויכטיקער כלי, פאַר אַ וויכטיקן אינסטרומענט. מיט אָט־דעם אינסטרומענט קען מען דאָך איבערדערציִען דאָס פאָלק.

אויך בײַ ראַוויניצקין קען מען הערן אַזעלכע רייד. אָבער זיי קלינגען אינגאַנצן אַנדערש. בײַ אים איז „זשאַרגאָן״ ניט געווען בלויז אַ משכּילישער, און אוטיליטאַרישער ענין.

אין אַ געוויסן פּרט איז דער „זשאַרגאָן״ בײַ אים געווען אַפילו אַ פּסיכאָלאָגישע און אַן עסטעטישע פּראָבלעם. אויב דער „זשאַרגאָן״ — האָט ער געענטפערט די „זשאַרגאָן־פע״ „שרײַער״ — איז טאַקע ניט מער ווי אַ „צל עובר״, אַ שאָטן וואָס לויפט פאַרבײַ און פאַרשווינדט. איז וואָס ציטערט מען אַזוי פאַר דעם דאָזיקן שאָטן? אָבער נאָך מער: יעדער מענטש ווייס דאָך: סופו לעפר, זײַן סוף איז שטויב. דאָך — כל זמן ער לעבט, דאַרף ער „לעבן ווי אַ מענטש״ ער טאָר ניט אַ מאָל טאָן אַוועק אַלץ מיט דער האַנט, זיך איבערענטפערן יעדן תהום, און אַליין צוזען ווי ער ווערט צעפּאַלן און פאַרפוילט. ער דאַרף ניט „זיצן אָפּגעלאָזט און וואַרטן אויפן טויט, נאָר ווי ווײַט מעגלעך אַרבעטן און אויפטאָן כדי צו ברענגען נוצן זיך און יענעם״ („צי בין איך אַ ייִדישיסט?״ אין זאַמלבוך „אונטערוועגנס״, תרע״ז). אָבער מער ווי אַלץ איז דער „זשאַרגאָן״ געווען פאַר אים ניט אַזוי אַ שפּראַך־פראַגע, ווי אַ ריין מאָראַלישע פּראָבלעם, „אַ הייליקער חוב״. ראַוויניצקי האָט בשום אופן ניט געקענט סובל זײַן ווי אַזוי שיקט זיך עס: „פון איין זײַט פלאַמפײַערדיקע „מאמרים״, פול מיט ליבשאַפט, צו אונדזער ליב פאָלק ישראל, און הייסע ברענענדיקע דרשות, אַז ס׳איז צײַט אונדזער פאָלק אויפעפענען די אויגן, מען דאַרף אויפקלערן און געבן אים צו פאַרשטיין ווער ער איז און וואָס ער איז, מען מוז אויסוואָרצלען פון פאָלק די

שלעכטע געגג, די מידות רעות, וואָס זיינען פאַרבליבן בירושה פון די פינצטערע ביטערע צײַטן און אײַנפלאַנצן אויף זייער אָרט מידות טובות, וואָס זאָלן זײַן שיין פאַר גאָט און פאַר לײַט, מען דאַרף און מען מוז דעם פאָלק ווײַזן אַ גוטן דרך אין קינדער־דערציִונג אד״גל; — הכלל אַלץ מען דאַרף און מען מוז, און אַלץ דאָס טײַערע פאָלק און דאָס ליב(ע) פאָלק; און פון דער אַנדערער זײַט, טאַקע אין דער זעל־ביקער צײַט, פאַרדרייען די נאָז און אויסוואַרפן יענע חטאים. וואָס איז? מע רעדט מיט דעם אייגענעם פאָלק אויף זײַן איינציקער שפּראַך, וואָס ער קען לייענען און פאַרשטיין! רבונו־של־עולם, ווי אַזוי, אויף וואָס פאַר אַ שטייגער קענען די ביידע זאַכן זיך לייגן גלאַט אין איין מוח?״ („העברעיִש און יודיש [זשאַרגאָן]״ — [אַ בריוו צו אַ גוטן פריינד] — געשריבן ערב ר״ה התרנ״ו [1896], געדרוקט אין ספּעקטאָרס „הויז־פריינד״, באַנד 5).

און מיט אַן ערך 20 - 21 יאָר שפּעטער שרײַבט ער אין דעם דער־מאָנטן זאַמלבוך „אונטערוועגס״:

„קען דען געמאָלט זײַן ביי וואָס פאַר אַן אומה ולשון ס'איז, אַז „נאַציאָנאַליסטן״, מענטשן וואָס זײַנען טרײַ איבערגעגעבן זייער פאָלק און זײַנע אינטערעסן, זאָלן זיך וועלן אין גאַנצן דערווײַטערן פון זייער פאָלקס־שפּראַך און אָפטמאָל חוצפּהדיק שטעכן די אויגן און פאַר אַלעמען זיך נאָך באַרימען און שטאָלצירן דערמיט, וואָס זיי „שפּײַען קלעק״ אויף דעם לשון פון זייערע רוב ברידער״.

ביי ראַווניצקין קען מען אויך פועלן: אונטער געוויסע אומשטענדן, דאַרפן מיר „ניט וויסן פון קיין זשאַרגאָן״. ווען אַלע ייִדן זאָלן קענען העברעיִש, ווען העברעיִש זאָל זײַן „אַן אמתע פאָלקסשפּראַך״, וואָלט ער „געוועזן פון די ערשטע, וואָס וואָלטן זיך אונטערגעשריבן מיט ביידע הענט, אַז מיר זײַנען איין פאָלק און האָבן איין און איינציקע שפּראַך״.

אָבער אונדזער געשיכטע האָט געוואָלט, מיר זאָלן האָבן צוויי שפּראַכן: אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך — העברעיִש, און אַ פאָלקסשפּראַך — ייִדיש. אָבער „דאָס רוב פון אונדזער פאָלק — מענהט ער — ווייסט טאַקע נאָר דעם זשאַרגאָן״. איז „ווי אַזוי עפּנט זיך אַ מויל ביי אַזעלכע, וואָס

רעכענען זיך דווקא פאר פאָלקספריינד צו האָבן טענות מיט מענות אקעגן די וואָס ריידן מיטן פאָלק אויף דער איינציקער שפּראַך, וואָס ער פאַר־שטייט?" (ספּעקטאָרס „הויזפריינד", באַנד 5). זײַן ארויסטריט קעגן די „אַנטי־זשאַרגאָניסטן" איז אַ פאָלקיסטיש־מאָראַלישער, אַ נאַציאָנאַל־מאָראַלישער. ער קען זיך ניט באַרויִקן, וואָס זיי האַלטן זיך פאַר „פּײַער־דיקע ייִדן": „און ווער... מאַכט חוזק? דווקא אַזעלכע וואָס רופן זיך אָן פּאַטריאָטן, הייסע פּײַערדיקע ייִדן, שרעקלעכע פאָלקספריינד!" (דאָרט). ער פאַרטיידיקט זיך ניט קעגן די „אַנטי־זשאַרגאָניסטן", נאָר ער פאַרוואַנדלט זײַן מאָראַלישן ארויסטריט אין אַן אַטאַקע.

דאָס זעלביקע געפיל האָט אים געטריבן אַטאַקירן די שרײַבער. אין דער אַטאַקע אויף די שרײַבער קענען מיר זען די כוונה, וואָס איז גע־שטאַנען הינטער זײַן נעמען זיך צו קריטיק. אין יענעם דערמאָנטן בריוו טרעט ארויס ראַוויניצקי צו פאַרטיידיקן „די נײַע זשאַרגאָן שרײַבער", פאַרשטייט זיך, „די טאַלאַנטפולע זשאַרגאָניסטן, די אמתע ייִדישע פאָלקס־שרײַבער אין דער שפּיצע מיט דעם באַרימטן מענדעלע מוכר ספרים". ער טיילט זיי, נאַטירלעך, אָפּ פון „דעם געוויסן סאָרט שמאַ־טע־אינטערעסאַנט־ראָמאַנען שרײַבער און שרײַבערלעך". ביי אים איז אַ גרויסער כבוד זיך געפינען אין איין מחיצה מיט די „אמתע פאָלקס־שרײַבער". ער וואָלט געקענט אויסרעכענען אַ רשימה העברעיִשע שרײַ־בער, וואָס מיט זיי איז עס גאָרניט קיין גרויסער כבוד זיך געפינען אויף איין צעטל. וואָס ברענגט אָבער ראַוויניצקין — דעם שכל־הישרניק, — אַריין אין כעס איז דאָס, וואָס מע וואַרפט־אויף דער „זשאַרגאָנישער" ליטעראַטור, אַז אין איר מערן זיך אַזעלכע שרײַבער, וואָס פאַרמיסטיקן די ליטעראַטור מיט זייערע „העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען". פאַר־שטייט ער ניט, ראַוויניצקי, פאַרוואָס מע וואַרפט עס גאָר אויף. נאָך זײַן דעה נאָך דאַרף די גאַנצע זאַך זײַן פונקט פאַרקערט. אויפוואַרפן דאַרף מען גאָר די „פאַלשע אריסטאָקראַטן". מען טאָר ניט שטיין פון ווײַטן און זען ווי מען פאַרדאַרבט דעם פאָלקס גײַסטיק לעבן. מען טאָר די ביליקע שונד־שרײַבער ניט לאָזן געוועלטיקן. „און דער הייליקסטער חוב — שרײַבט ראַוויניצקי — ליגט אויף די בעסערע שרײַבער". זאָלן זיי שרײַבן ייִדיש, „זאָלן זיי געבן זייערע אָרעמע ברידער עפּעס רעכטס.

אזעלכע זאַכן, וואָס קענען ברענגען נוצן..." אַ מאָראַלישער כוח טרײַבט אים דינען זײַנע ברידער ווי „אַ קריטיקער פון לעבן" און ווי אַ ליטע־ראַטור־קריטיקער. „ווו זשע זענט איר פּאַטריאָטן, פֿאָלקספרײַנד? ווי אַזוי שעמט איר זיך נישט צו שטיין פון דערווײַטנס און צו קוקן קאַלט־בלוטיק, גלײַך ווי אײַך געהער עס גאָרנישט אָן? וווּ האָט איר נאָך אַ בעסערן פּלאַץ אַרויסצוווײַזן אײַער ליבע צום פֿאָלק ווי עס געהער צו זײַן? פּאַרקערט, ווײַזט אַרויס אײַער אמתע ליבע, טרײַבט אַראָפּ פון מאַרק, ווי ווײַט מעגלעך, יענע געוויסע מחבלים. זעט צו געבן דעם עולם ווי ווײַט איר קענט, עפּעס רעכטע מאכלים, וואָס זאָלן אים דערקוויקן די נשמה און באמת אַרײַנגעבן חיות אין יעדן אבר" (דאָרט).

ראַוויניצקי פּאַרשטייט נאָך עפּעס. אחוץ זײַן נוצלעך, איז דאָ נאָך אַ טיפֿערע כוונה פאַרוואָס אַ שרײַבער מוז שרײַבן אין דער פֿאָלקס־שפּראַך. אין דעם פֿאַל איז עס געווען „זשאַרגאָן". „...דאָס ייִדישע לעבן — שרײַבט ראַוויניצקי — קען אין קיין אַנדערער שפּראַך ניט אויס־קומען אַזוי ריכטיק ווי אין דער ייִדישער פֿאָלקסשפּראַך — אין זשאַרגאָן אויף וועלכע עס ריידן עטלעכע מיליאָן ייִדן..." (דאָרט).

ווי אַן אמתער „פֿאָלקספרײַנד", מיט טיפֿערע ליטעראַרישע פֿאָדע־רונגען, איז ער נאַטירלעך געקומען צו ליטעראַרישער קריטיק.

## קערנדיקע זאַכלעכקייט

דאָס פֿאָלק — דאָס איז געווען ראַוויניצקיס עיקר־זאָרג. זײַן נשמה איז געווען דורכגענומען מיט דעם פֿאָלקס נויטן. דאָס איז געשען אַזוי, נישט ווײַל ער איז געווען סענטימענטאַל. ראַוויניצקי האָט געהאַט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, אַ מאָראַלישן כוח. און דערפֿאַר האָט ער תמיד גע־טראַכט וועגן דעם פֿאָלקס מערכה. אַזוי איבערגעגעבן און אַזוי קענען זײַן אין גאַנצן אַרײַנגעטאָן אין אַ נאַציאָנאַל־עטישן ענין — דאָס זײַנען גרויסע מעלות פֿאַר אַ פּובליציסט און קריטיקער. דער עיקר זײַנען די מעלות טאַקע וויכטיק פֿאַר אַ קריטיקער, וואָס טוט אַלצדינג נאָר לטובת העם.

ווען מען לעבט זיך אַרײַן אין ראַוויניצקיס שריפֿטן, אין זײַן ריטם,

אין דעם תוך מחשבות, דערפילט מען זײַן מאָראַלישן כוח. אינאײנעם דערמיט האָט אין אים געלעבט די מידה: װעלן טאַקע אַלײן פאַרשטײן װעגן װאָס מע רעדט, װעגן װאָס עס האַנדלט זיך, דערגײן אַלץ ביז צום סאַמע גרונט. דאָס האָט אים דערפירט צום פאַרלאַנג אַלץ צעגלידערן. בײַ אַן אויסערגעװײנלעך ערנסטן און ערלעכן קריטיקער מײנט עס: טאַקט, אײדעלער געשמאַק און זײַן אָפּגעהיט. נאָך װיכטיקער — דאָס מײנט: זײַן זאַכלעך, קערנדיק.

די אַלע מידות טובות זײַנען בײַ ראַװניצקין אײַנגעבאָרענע. אײנס איז בײַ אים דורכגעװעבט מיטן אַנדערן. מ׳דערפילט אין אים אַ גאַנצקײט, אַ גאַנצע פּערזענלעכקײט, אַ מענטשן מיט אַן אויסגעהאַלטענעם כאַראַק־טער. אין דעם אַלעם איז געלעגן געזונטע פּשטות, תוך און שכל־הישר.

אַלץ װאָס איז געקינצלט איז אים געװען פרעמד. ער האָט ליב גע־האַט דעם פּשוטן, געזונטן, נאַטירלעכן גאַנג. דערפאַר טאַקע איז אים שלום־עליכם געװען אַזױ נאָענט. שלום־עליכמס „גוטמוטיקער לעבעדי־קער הומאָר" האָט פאַרכאַפּט די הערצער בײַ די ייִדישע לײענער. ער האָט אויך פאַרכאַפּט דאָס האַרץ בײַ דעם גרויסן פּשוטן ראַװניצקי. װאָרן שלום־עליכמס הומאָר „איז געװען באמת נישט קײן געקינצלטער, נישט מיט קײן שװײס אויסגעקװעטשטער, נאָר ער האָט זיך אויף דעם נאַטירלעכן אופן, לײַכט און פון זיך, גאָר אָן שום הכנות, געגאָסן פון אַ רײַכן געבענטשטן קװאַל" („די ערשטע יאָרן פון מײַן באַקאַנטשאַפט מיט שלום־עליכמען" אין זאַמלבוך „צום אָנדענק פון שלום־עליכם", רע־דאַקטירט פון י. צינבערג און ש. ניגער, 1917).

און גערעכט איז שלום־עליכם װען ער װײַזט אָן, װי ראַװניצקי שרײַבט פּשוט, קלאָר, נאַטירלעך. שלום־עליכם האָט געהאַלטן אַן עולם־ומלואו פון ראַװניצקין, „דערפאַר װײַל דער בר־קצין (אײנער פון ראַװ־ניצקיס פּסעװדאָנימען — נ. ב. מ.) האָט אין זײַן שרײַבן אַ ביסעלע זאַלץ פון הומאָר און סאַטירע; דערפאַר װײַל בר־קצין, װען ער שרײַבט עפּעס װאָס סע נישט איז, איז דאָס צוקערזיס, געצײלטע װערטער, קורץ און שאַרף, אַן חכמות, אָן לאַנגע הקדמות, אָן מוסר־זאָגעכצן, אָן רעזאָ־ניאָרסטװע".

ראַװניצקי „נעמט פאַנאַנדער" אויף פּיצלעך, למשל, מ. זײפערטס

„צווישן ליבע און ערע". ער ווײַזט ווי אומגעלומפּערט עס זײַנען די אַלע נישט־מאָטיווירטע געשעענישן אינעם „העכסט־אינטערעסאַנטן" ראָמאַן. אָבער פריער חוזקט ער אָפּ „דאָס אויסמוטשען מיט אַ שווערער פאַנטאַזיע אומגעלומפּערטע מעשות". און ער טוט עס אין נאָמען „פון רעכטן אמת", ד. ה. אין נאָמען פון רעאַליזם.

„אויב איר ווילט האָבן עפּעס אַ שטיקל באַגריף פון דעם דאָזיקן שטעטל (גריאַזנעווע, וואָס זייפערט באַשרײַבט אין זײַן ראָמאַן — נ.מ.ב.) מיט די אײַנוווינער, מיט יענעם לעבן, — דינגט אײַך אַ בעל־עגלה און פאָרט־זשע, זײַט מוחל, אַליין זיך דורך אַהין; פון דעם בוך קאָנט איר גאָר ווינציק, ד. ה. טאַקע גאָרנישט געניסן. נישקשה, דער מחבר פאַרשטייט זײַן פאַך: ער גייט זיך מיט זײַן גאַנג, ער לייגט אַוועק אַלע כוחות זײַנע פאָרצושטעלן דאָס לעבן נישט ווי עס איז אויפן רעכטן אמת, נאָר עפּעס גאָר אַנדערש, משונה פאַרשטעלט, אומגעלומפּערט פאַרדרייט, ווי ווײַט נאָר זײַן „פאַנטאַזיע" קען טראָגן. אין ג ר י אַ ז־ נ ע ו ע, אַ שטייגער, ווערליק ער שטעלט אונדז פאָר, איז שטענדיק מלחמות: שטייען רעדלעך אין די גאַסן און מע אַמפּערט זיך איבער אָן ענין. עס ליאַרעמט, עס דונערט, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט ביז עס פליט „אַ פראַשק אין באַק", אָדער „טײַערע פּעטש האָבן אויפגעקלונגען רעכטס און לינקס", אָדער „פונקען פאַנגען אָן צו שיטן פון די אויגן און שטראָמען בלוט פליִיצן פון די נעז און מײַלער", אָדער „באַלד האָט זיך דאָ אָפּגעהאַלטן אַ גרויסע פעלקערשלאַכט ווי אין יאָר 1813 בײַ לייפּציג. די שלעגערײַען זײַנען דאָרט געוואָרן ווי אַ כראָנישע קראַנקייט, דאָס גאַנצע שטעטל איז געשטאַנען אויף דער קריגס־פוס און מע האָט געליפערט גרויסע שלאַכטן ווי בײַ יענאַ, באָראָדינאָ און וואַטערלאָ"; אַזוי שלאָגט מען זיך כסדר אויף וואָס די וועלט שטייט און „מע ליפערט גרויסע שלאַכטן", אַז עס קומט אויס, אַלע ג ר י אַ ז נ ע װ ע ר ג ב ו ר י י ש ר א ל גייען נעבעך תמיד אַרום מיט פאַרבלוטיקטע פּנימער און אויסגעריסענע באָרד און פאות, און ס'איז נאָר אַ שרעק צו קוקן..."

ראַווניצקי שטעלט זיך דאָ אָפּ אויף אַזאַ „קלייניקייט" און ווײַזט אויף ווי אומעטום טוט דער מחבר „ליפערן שלאַכטן" דעם אמתן לעבן. און ער קען עס נישט סובל זײַן. ס'איז דאָך אַ סך גרינגער „פּשוט נעמען

און קאַפּירן דאָס לעבן, מאָלן בילדער גאָר פּראָסט אָן חכמות, ווי מע זעט זיי מיט די אָפענע אויגן, אַז מען קוקט זיך נאָר צו". אָבער פאַר די מחברים פון די „העכסט־אינטערעסאַנטע" ראָמאַנען איז עס צו פּראָסט און פּשוט. איז דאָ ווערט אַלץ געקינצלט: „זיי מאַכן פון אַ פליג אַ העלפאַנד און דעם העלפאַנד שלעפּן זיי דורך דורך אַ לעכל פון אַ נאָדל, צי זיי שטעלן גאָר פאַר אַ מין פאַרזעעניש, האַלב מענטש, האַלב פּיפּערנאָטער; הכלל, זיי דרייען קונציק איבער דאָס לעבן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף" (אונטער־געשטראָכן פון מיר — נ. ב. מ.)

און ער לערנט זיין לייענער: כדי צו דערקענען דעם חילוק צווישן אַ רעכטן סיפור ביז אַ שלעכטן, מוז מען זען צי „אַזוי גייט עס פאַר אין לעבן", צי „דער דאַרף אַזוי ריידן", צי „יענער מוז אַזוי טאָן".

ראַוויניצקיס נטיה צו זיין זאַבלעך, נאַטירלעך, לאָזט זיך אויך דער־קענען אין דעם עפּיזאָד ווי אַזוי ער האָט זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט שלום־עליכמען. איידער זיי האָבן זיך פּערזענלעך באַקענט, האָבן זיי זיך אַ צייט דורכגעשריבן. שלום־עליכם האָט אים פאַרטרויט אויס־צובעסערן זיין ראָמאַן „סטעמפּעניו" און געבן השגחה ביים דרוקן דעם ראָמאַן. בעת ראַוויניצקי איז איינמאָל געזעסן אין דרוק, טאַקע בשעתן דרוקן „סטעמפּעניו", — קומט אריין אַ יונגערמאַן, פרעגט זיך נאָך אויף ראַוויניצקין, גייט צו אים צו און גיט אים איבער, ער קומט איצט פון קיעוו און ברענגט אים אַ גרוס פון שלום־עליכמען. נאָך עטלעכע שאלות און מאָדנע ענטפערם כאַפּט זיך ראַוויניצקי — דער יונגערמאַן איז טאַקע שלום־עליכם אַליין. דער שפּאַס איז ראַוויניצקין דעם פּשטן גאָרנישט גע־פאַלן. „איך מוז זיך מודה זיין" — שרייבט ער — „אַז צום אָנהייב בין איך געווען אַביסל אַנטוישט. דער שפּאַס איז מיר נישט אינגאַנצן גע־פעלן. און בכלל האָב איך זיך נישט אַזוי אויסגעמאָלט שלום־עליכמען. הזאת נעמי? אָט דער אויסגעפּוצטער, פראַנטישער יונגערמאַנטשיק מיטן קיילעכדיקן היטעלע אין אַ זייט, מיטן גאַנצן אויסזען פון אַ האַלב בערזע־סוחר האַלב אַרטיסט — דאָס איז שלום־עליכם, דער באַרימטער שרייבער?" (זאַמלבוך „צום אָנדענק פון שלום־עליכם" ז. 50).

מחמת דעם, וואָס ראַווניצקי איז געווען תמיד זאַכלעך און טיף ערנסט, האָט ער געשריבן טאַקע „אָן חכמות, „קורץ און שאַרף", אָן שום מורא. און זײַנע ווערטער רײַנען שטענדיק געווען טיף ערלעך. שלום־עליכם איז צו יענער צײַט שוין געווען אַ באַרימטער שרײַבער. דאָך האָלט זיך ראַווניצקי נישט אָפּ און שרײַבט אים: איר, שלום־עליכם, זײַט „אַביסל צו אַ הייסער און כאַפּט איבער די מאָס". געהאַנדלט האָט זיך וועגן דעם וואָס שלום־עליכם האָט געשטעלט דוד פרישמאַנען ווי אַ פּאָעט העכער ווי פרוגן. שלום־עליכם האָט געשריבן ראַווניצקין: פרישמאַן איז אַ נײַער היינע, אַ ייִדישער היינע. און שלום־עליכם גיט אים שפּעטער טאַקע צו — ער איז „אַביסל צו אַ הייסער". בײַ אַ צווייטער געלעגנהייט ווײַזט ער אָן שלום־עליכמען, אויף געוויסע ערטער אין זײַן „יאָסל סאָלאָוויי", זיי שמעקן מיט מענדעלעס סטיל. אין זײַן ענטפער שווערט זיך שלום־עליכם — ער פילט זיך נישט שולדיק. ער הייסט אָבער ראַווניצקין די ערטער „אַרויסוואַרפן אָדער איבערמאַכן". ראַווניצקי ווײַזט אָן שלום־עליכמען אויף די נאַטור־באַשרײַבונגען אין „יוסל סאָלאָוויי", זיי זײַנען אים נישט געלונגען. און שלום־עליכם ענטפערט מיט התנצלות, אין דעם דאָזיקן ענין איז ער טאַקע נישט קיין בריה: „איך פיל, אַז איך בין זייער שוואַך, מחילה, אין דעם ענין. נאָר וואָס זאָל איך טאָן? איך מוז דאָך כאָטש ווי סע נישט איז אַרויסזאָגן, אַז בײַנאַכט איז נישט בײַטאָג און גאַנץ פרי איז נישט שפּעט: אדרבה, גיט מיר אַן עצה. דעם אמת זאָגנדיק אײַך, האָב איך געוואָלט די נאַטור גוט באַשרײַבן, האָב איך פּשוט מורא געהאַט, עס זאָל נישט אויסקומען נאָכגעטאַנצט דעם זיידן" (דאָרט, ז. 54).

אין ענלעכן פאַל, וועגן ראַווניצקין דעם זאַכלעכן מענטש און שטאַרקן כאַראַקטער, גיט איבער דער העברעיִשער שריפטשטעלער דניאל פּערסקי („די צוקונפט", יולי 1944). חיים נחמן ביאַליק האָט זיך זייער שטאַרק גערעכנט מיט ראַווניצקיס מיינונגען. יעדע זאַך, וואָס ער שרײַבט אָן, מוז ער פריער פאַר אַלץ ווײַזן ראַווניצקין. קומט ביאַליק אַמאָל צו לויפן צו ראַווניצקין מיט התפּעלות: „...קיין משורר בין איך נישט, אָבער אַ מבין אויף שירה בין איך יאָ. זאָג איך ווי אַ מבין, אַז דער שיר איז מיר געראָטן. וואָס זאָגסטו, קאַלטער גזלן און גוואַלדאָוונער

פּשטן?" „און ראַווניצקי — דערציילט פּערסקי — האָט אַן קונצן און צערעמאָניעס אַ זאָג געטאָן: „אָט דאָס פאַרשטיי איך נישט. עס איז סתרי־תורה. חיים נחמן, פּיל דאָס אונטער אַביסל". ביאַליק איז אָבער נישט מסכים. ער הייבט אָן מיט „ראיות און וויצן און שאַרפזיניקע באַמערקונגען". „אָבער ראַווניצקי שווייגט און פינטלט נישט מיט אַן אויג". און ביאַליק גיט זיך אונטער.

אינטערעסאַנט זיינען אויך ביאַליקס באַמערקונגען וועגן ראַווניצקין. זיי האָבן, אגב, אַ שייכות מיט דער פאַלשער מיינונג, וועגן זייערע בשותפותדיקע אַרבעטן, ביאַליק האָט כלומרשט מער צוגעטראָגן ווי ראַווניצקי. דאָס איז ווײַט נישט אמת. עס איז אַן אומרעכט צו פאַרקלענערן ראַווניצקיס חלק אין זייערע אַרבעטן. דרך אגב באַמערקט ריכטיק דניאל פּערסקי. — ראַווניצקי האָט זייער שטאַרק באַאיינפלוסט ביאַליקן. ביאַליק האָט אונטער זײַן השפּעה אָנגעהויבן אויסמײַדן אַראַמעיִשע אויסדרוקן און געשטרעבט צו עכט־ביבלישע פאָרמען. און ביאַליקס מיינונג וועגן ראַווניצקין — גיט איבער פּערסקי — איז געווען, „אַז ראַווניצקי מיט זײַן גראַדן שכל און פעיִקייט צו אַנאַליזירן אַלץ עד היסוד און אויך זײַן געזונטע פּשטות פלעגן אויפטאָן וווּנדער".

אין ראַווניצקיס יעדער קריטישער אַרבעט איז פאַראַן אַ געזונטער קערן. ער איז אַליין ביז גאָר קלאָר און ער פאָדערט מחברים זאָלן שרײַבן קלאָר אַלץ דאַרף זײַן צו דער זאַך. קענטיק, זײַן שכל־הישר איז צופיל פּראָסט־און־פּשוט. אָבער אַלץ איז בײַ אים גרונטיק, לאָגיש. אפילו אין קליינע רעצענזיעס זעען מיר די זעלביקע אייגנשאַפטן. אָט שרײַבט ער, למשל, אַ רעצענזיע אין „פּרדס" (ספר שלישי, ז"ז 260־261) וועגן ישראל חיים טביובס „עדן הילדים" — אַ כרעסטאָמאַטיע פאַר קינדער. וואָרפט ער דאָרטן פאָר דעם מחבר יענע ערטער, וואָס האַלטן נישט אויס קיין לאָגיק, אָדער פּשוטן שכל־הישר. ער האַלט־פאָר דעם מחבר פאַר אַזעלכע זאַכן, וואָס די קינדער־לייענער וועט זיך גאָרנישט לייגן אויפן שכל. דער מחבר גיט זיי אַ געלעגנהייט צו פרעגן שאלות און קשיות, און ענטפערן וועט מען פּשוט נישט קענען.

אין דער דערציילונג „השמות" (די נעמען) פרעגן די מלאכים בײַ גאָט וועגן דעם נאָרוואָס באַשאַפענעם מענטשן — וואָס פאַרא באַשעפעניש

איז עס ? און גאָט ענטפערט זיי, דאָס איז דער מענטש, ער איז קליגער פאַר זיי. און גאָט ווײַזט די מלאכים דעם מענטשנס חכמה: ווען מע פירט פאַרבײַ אַלע חיות, בהמות און עופות, ווייסן נישט די מלאכים וואָס פאַר אַ נעמען זיי צו געבן. אָבער דער מענטש גיט זיי גלײַך נעמען. דעם לייב רופט ער אָן — לייב, דעם אָקס — אָקס, דעם אָדלער — אָדלער, א. א. וו. און ראַווניצקי שטעלט אָפּ דעם מחבר: „דאָ וועט דאָך דער שילער פרעגן די קשיה: פ אַ ר וו אָ ס טאַקע אין דער אמתן האָט דער מענטש גערופן דעם אָקס און דעם לייב און האָט זיי נישט געגעבן קיין אַנדערע נעמען, און פאַרוואָס באַווײַזן דאָס אָט־די נעמען, אַז דער מענטש איז אַ גרויסער חכם?" און דער לערער, פאַרשטייט זיך, וועט נישט ווייסן וואָס צו ענטפערן.

און אָט ווײַזט ער אָן ווי נישט־לאָגיש, ווי נישט אָפּגעהיט דער מחבר איז געווען. אין דער דערציילונג „אַ פאַלש מיטל" לערנט דער מלמד זײַנע קליינע תלמידים, זיי זאָלן גוט געדענקען — ער האָט צוויי טאַבאַק־פּושקעס: אַ קײַלעכדיקע — פאַר שבת און יום־טוב, און אַ פיר־עקעדיקע — אויף אין דער וואָכן. איז טאָמער וועט קומען דער משגיח און זיי פרעגן ווי עס זעט אויס די ערד, זאָלן זיי אַ קוק טאָן אויף זײַן שבתדיקער פּושקע און נישט פאַרגעסן — זי איז אַ קײַלעכדיקע. אָבער דער קליינער לייענער וועט דאָך אַ פרעג טאָן: דער משגיח קומט דאָך אין דער וואָכן און נישט אום שבת, איז ווי אַזוי קען דער רבי גאָר האָבן בײַ זיך די קײַלעכדיקע פּושקע? ראַווניצקי שטעלט זיך אָפּ, למשל, אויף טביובס מעשה „די וווּנדערלעכע קונסט". אַ גביר וויל דערפרייען די קינדער פון זײַנעם אַ פרײַנד. הייסט ער אויסבאַקן אויף פּורים 36 קוכנס און אַרײַנ־לייגן אין יעדן קוכן אַ גאָלדן רענדל. בעת דער משרת האָט געטראָגן די קוכנס, איז ער געפאַלן און האָט עטלעכע אײַנגעריכט. האָט ער זיי אָוועק־געגעבן אַן אָרעם מיידל. דאָס מיידל האָט געבראַכט די קוכנס אַהיים און זיי געגעבן די ייִנגערע ברידערלעך. האָבן די קינדער דאָרטן געפונען די גאָלדענע רענדלעך. און ראַווניצקי פרעגט דעם מחבר, וואָס וועט מען ענט־פערן דעם קליינעם לייענער, ווען ער וועט פרעגן: פאַרוואָס האָט דער גביר אויסגעקליבן אַזאַ געפערלעכן אופן מהנה זײַן זײַן פרײַנדס קינדער. זיי האָבן זיך דאָך געקענט דערוווערגן אָדער צעברעכן די ציינער.

און ראַוווניצקי לאָזט נישט אָפּ דעם מחבר, ער שטייט צו אים צו: ווי שיקט זיך עס, קליינע קינדערלעך זאָלןריידן אַ שפּראַך ווי עס רעדט דער קליינער יצחקל: „צוליב וואָס האָט גאָט באַשאַפן דעם ווינטער זומער, ווען די זון וואַרעמט די ערד, ווען עס שפּראָצן בלומען, עס צעטיקן פּרוכטן, יעדער פויגל אין הימל זינגט, — דעמאָלט פרייט זיך יעדעס האַרץ און יעדעס מויל דאַנקט גאָט פאַר זיין חסד". ס'איז גאַרנישט לאָגיש, פאַר אַ קליין קינד זאָל אַזוי ריידן. און אַלץ וואָס איז געווען קעגן שכל-הישר, איז אויך געווען קעגן ראַוווניצקיס געשמאַק. דאָס האָט אים געמאַכט פאַר אַ שאַרפן קריטיקער.

אָבער מער ווי אַלץ זעט מען זיין גראַדן גאַנג דווקא אין זיינע זכרונות. אין זכרונות איז מען נישט אַזוי להוט צו זיין לאָגיש און גראַדליניק. אין זכרונות ווערט מען אויך עמאָציאָנעל באַווירקט. אָפט ווען מע דערמאָנט זיך אין די פאַרגאַנגענע יאָרן ברענגט עס מיט זיך שטימונג, בענקשאַפט. מע ווערט גענייגט צו ליריזירן אַביסל. בכלל, אין זכרונות וועגן ליבע מיטגייער איז מע נישט אַזוי אָנגעשפּיצט און שאַרף ווי מע איז אין קריטיק. און אויך דאָ, אין די זכרונות, זעט מען בולט ראַוווניצקיס נטיה צו זיין נאַטירלעך, זאַכלעך, זיין קענען אָנרירן עצמדיקע פּרטים ביי שרייבער.

## אַלגעמיינע אַרטיקלען וועגן שרייבער

ראַוווניצקיס שריפטן וועגן שרייבער באַשטייען פון צוויי מינים: זכרונות און קריטיק. אין זכרונות דערציילט ער אונדז על פּי רוב וועגן זיינע באַגעגענישן מיט שרייבער. ער גיט איבער אַלגעמיינע איינדרוקן און עפּיזאָדן. אין דער קריטיק, ווידער, באַנוצט ער זיך מיט אַנאַליז. מע דאַרף קלאָר געדענקען די דאָזיקע פאַנאַנדערטיילונג, ווייל ער אַליין האָט געפאָדערט פון קריטיקער אַן אַנאַליטישן צוגאַנג. דעריבער וואָלט געווען נישט ריכטיק צוגיין צו זיינע מעמוארן אָדער געלעגנהייט-אַרטיקלען ווי צו קריטישע ווערק, און פאָדערן פון זיי אַנאַליז.

אין זיינע אַלגעמיינע אַרטיקלען וועגן שרייבער רעדט ער אויך, צומאָל, וועגן פּרטים, אָבער ער „נעמט זיי נישט פאַנאַנדער", ער גיט

אונדז אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיקעס. דאָך טראָגן זײַנע זכרונות־ און געלעגנהייט־אַרטיקלען אַ מין „באַסוועלישן" כאַראַקטער. ער דערציילט אין זיי געשעענישן, עפּיזאָדן, באַגעגענישן, אַלגעמיינע באַטראַכטונגען. ער דערציילט עס אָבער אויף אַ באַזונדערן אופן. מיר דערזעען דעם שרײַבערס כאַראַקטער דורך באַטאָנען אַ שטריך אָדער אויסהייבן אַ פּרט.

אין זײַן אַרטיקל, אַ שטייגער, וועגן שלום־עליכמען (אין זײַן „דור וסופריו") לייענען מיר עטלעכע באַמערקונגען וועגן אונדזער גרויסן הומאָריסט. זיי באַלײַכטן אַ שטריך אין שלום־עליכמס כאַראַקטער. ער גיט איבער ווי שלום־עליכם האָט אים אַמאָל געזאָגט אויף זיך אַליין: ראַבינאָוויטש (שלום־עליכמס אמתער נאָמען — נ. ב. מ.) איז מער שלום־עליכם ווי ראַבינאָוויטש. ווי נאָר ער דערהערט צוויי פּאַלקסמענטשן אָדער ווײַבער פירן אַ שמועס, כאַפּט אים גלײַך אָן אַ חשק צו ווערן אַ דריטער צו זיי. אָדער ראַווניצקי הייבט אַרויס אַזאַ פּרט: שלום־עליכם איז געווען אָפּט קינדעריש, פול מיט פּשוטער קינדערישער תמימות. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע נטיה צו צאַצקעס און שפּילעכלעך. פון זײַן וועסטל־קעשענע האָבן שטענדיק אַרויסגעשטעקט פאַרשיידענע מינים בלײַפעדערס אין פאַרשיידענע קאָלירן.

ראַווניצקיס כאַראַקטעריסטישסטער קאַפּיטל זכרונות איז וועגן פרוגן און יעקב רעווזינען, „משורר מפורסם ומשורר מתחיל". אין דעם דאָזיקן אַרטיקל דערציילט ראַווניצקי ווי אַזוי פרוג איז געקומען קיין אָדעס זומער תרנ"ו (1895) און איז אײַנגעשטאַנען בײַ בן־עמין. איינמאָל איז בײַ פרוגן, בן־עמין און ראַווניצקין געבליבן, זיי זאָלן באַזוכן דעם „זיידן", מענדעלען, און צוזאַמען מיטן „זיידן" פאָרן צו דובנאָוון קיין לוסטדאָרף, בײַ אָדעס. דאָס פאָרן צו דובנאָוון, פאַרברענגען בײַ אים ביז אויף מאָרגן און די קליינע נסיעה צוריק קיין אָדעס — דאָס איז דער הינטערגרונט. און קעגן דעם הינטערגרונט שילדערט אונדז ראַווניצקי די מעשה וועגן דעם דעמאָלט באַרימטן פרוגן און דעם אָנפאַנגער יעקב רעווזינען. זײַנען אָבער דאָרטן אויך פאַראַן זײַטיקע באַמערקונגען. זיי כאַראַקטעריזירן בן־עמין און נאָך מער — מענדעלען.

בעת מע זעצט זיך אַרײַן אין טראַמוויי צו פאָרן צו מענדעלען, פאַרווילט זיך פרוגן אַ שפּאַס טאָן מיט בן־עמין. זאָגט ער אים: איצט

דארף מען ריידן רוסיש. ער האָט געוווּסט, בן־עמי וועט זיך אָנצינדן ווי אַ העליש פײַער. און כך־הווא. בן־עמי, דער קפדן, האָט זיך דאָס ארויפ־געכאַפּט אויף פּרוגן און אים אָנגעהויבן דעקן פֿאַר זײַן „שקלאַפֿן־פּסי־כאָלאָגיע". בן־עמי האָט אויסגעפּירט, — די דאָזיקע מחלה האָט פֿאַר־כאַפּט די בעסטע מענטשן אין אונדזער פֿאָלק. וואָס? מיר ציטערן פֿאַר יעדן בזוידיקן שיכור, טאָמער וועט ער פֿון אונדז, חלילה, חוזק מאַכן. אָבער בן־עמי האָט זיך באַרויִקט, ווי נאָר ער האָט דערפֿילט, אַז דאָס איז געווען פּרוגס אַ הלצה.

וועגן מענדעלען גייט די כאַראַקטעריסטיק אַ סך שאַרפֿער. ווען ראַוור־ניצקי האָט זיך אויף מאָרגן געקליבן פֿאָרן מיט מענדעלען אין שטאָט, האָבן זיי פֿאַרשפּעטיקט דעם טראַמוויי. האָט זיך ראַווניצקי אויסגערעדט, מע דאַרף גיין שנעלער, וועט מען זיכער אָניאָגן דעם טראַמוויי. האָט אים דער „זיידע" פֿאַרגעהאַלטן. וואָס פֿאַר אַן אײַלעניש? „דאָס גיין אַליין איז אַ גאַנצער ענין פֿאַר זיך", אפֿילו ווען מע גייט אָן שום תכלית. גיין דאַרף מען געלאַסן „און הנאה האָבן פֿון גאָטס וועלט". און ווען מ'איז דורכגעפֿאָרן דעם ים, האָט דער „זיידע" באַמערקט: „אָט איז דער שיינער בחור, דער ים, בכבודו ובעצמו. פֿון דער ווײַטנס איז ער זייער שיין, אָבער פֿון דער נאָענט, לאו דווקא, רק ער ברוגזט זיך אויף דיר. אַ שטייגער וואָס, ווי דו וואָלסט אים די קאַפּאָטע אָפּגעשניטן. זעסט, דאָס צווייטע קינד גאָטס, דאָס פֿעלד, איז שוין רויִקער, געלאַסענער".

מיט אָט־די עטלעכע פּרטים שילדערט ראַווניצקי פּרוגס, בן־עמיס, און מענדעלעס עצמדיקע כאַראַקטער־שטריכן.

אָבער אין דער מעשה מיט דעם תמימותדיקן רעוויזינען זעען מיר אַ שטיק פֿאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, עס ווערן אונדז קלערער די פֿאָלקס־פּאָעטן אין יענער צײַט.

נאָך דעם אויבנדערמאָנטן עפּיזאָד צווישן פּרוגן און בן־עמי אין טראַמוויי, האָט מען געשמועסט וועגן נײַ־אויפֿגעקומענע פּאָעטן. דער־ציילט פּרוג, ער האָט דערהאַלטן אַ פּעקל לידער פֿון אַ פֿערציק־יאָריקן אָנפֿאַנגער. ער ווינט אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם מקום לעבן פּאָלטאַווע. אָט־דער אָנפֿאַנגער הייסט יעקב רעוויזין און איז אַ „פֿאַרברענטער משכיל". וויל אָט־דער אָנפֿאַנגער וויסן צי ער האָט טאַלאַנט צי נישט. אויב יאָ,

וועט ער זײַן דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט; אויב נישט, וועט ער „צעברעכן זײַן פעדער" און וועט באַוויינען זײַן אומגליק.

די דרײַ שרײַבער האָבן באַשטימט אַז אונדז דורכצולייענען די לידער און אַרויסטראָגן אַ משפּט איבערן אָנפאַנגער־פּאָעט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זיך צונויפגעקליבן בײַ בן־עמין אין הויז. מע האָט געלייענט רעוויזינס לידער, און די מיינונג איז געווען —דער פּאָעט האָט טאַלאַנט און דאַרף נישט „צעברעכן זײַן פעדער". ביים ליד „צום דיכטער" האָט דער אָנפאַנגער רעוויזין צוגעשריבן אַ בריוו. אין דעם בריוו דערציילט ער ווי אַזוי ער האָט געשאַפן דאָס ליד. בײַ אַ חברישן אָוונט האָבן אַלע שטעטלשע משׂכּילים זייער גוט פאַרבראַכט. מען האָט אויך פאַרפירט אַ שמועס וועגן ליטעראַטור. איז אויפגעקומען אַ גאַנצע פּלוגתא: ווער איז אַ גרעסערער פּאָעט — פרוג צי פּושקין? איבערצײַגן די צוויי צדדים, האָט מען נישט געקענט. איז געבליבן — מע זאָל תּיכּף ומיד פאַרלייענען פרוגס און פּושקינס אַ ליד און גלײַך אויפן אָרט באַשטימען. קיין לידער זאָל מען נישט קלײַבן, נאָר פאַרלייענען דאָס ערשטע ליד וואָס מ׳וועט אָנטרעפן אין בוך. און אַזוי האָט מען טאַקע געטאָן. ווען די משׂכּילים האָבן פאַרגעלייענט פרוגס „נאָכדעם ווי מ׳לייענט די נביאים", איז דער רושם געווען אַ גוואַלדיקער. פון גרויסער באַגײַסטערונג האָט רעוויזין אָנגעשריבן דאָס ליד „צום דיכטער", צו פרוגן.

ענטפערן רעווזינען האָט זיך אונטערגענומען ראַווניצקי. אין זײַן ענטפער בעט אים ראַווניצקי, ער זאָל צושיקן אַ העברעיִש ליד פאַר זײַן „פרדס". ענטפערט אים דער פערציק־יאָריקער אָנפאַנגער, ער וועט עס טאָן, ערשט נאָך נײַ־יאָר. ביז יענער צײַט קען ער נישט שרײַבן. זײַן ווײַב האָט פון אים אַרויסגעקראָגן אַ תּקיעת־כּף: ביז יענער צײַט וועט ער זיך „נישט פאַרנעמען מיט נאַרישקייטן", וואָס צוליב זיי ליגט זײַן פּרנסה אין דר׳ערד. און ביז יענער צײַט, האָט געהאָפט זײַן ווײַב, וועט ער זיך אויף אייביק אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די משונה־ווילדע שטותערײַען.

מיט יאָרן שפּעטער — שרײַבט ראַווניצקי — האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דער דיכטער־אָנפאַנגער „האָט אַ גרויסע נשמה", האַנדלט מיט תּבואה, איז אַן אָרימאַן אין זיבן פּאָלעס, שוועבט אין די עולמות העליונים, און דאָס שטעטל האַלט אים פאַר אַ חסר־דעה. שלום־עליכם האָט רעוויזינס

אַ ליד איבערגעשיקט קיין פילאַדעלפיע. דאָרטן האָט מען עס אָפּגעדרוקט אין 1895. שפּעטער האָט רעוזין אַרויסגעגעבן אַ ביכל לידער „די מעַ־לאָדיען", אַרומגעפאָרן איבער שטעט עס פאַרשפּרייטן. און אַזוי ווי קיין גרויס הצלחה איז נישט געווען דערביי, האָט ער זיך מיט אַ צעבראָכן האַרץ אומגעקערט צוריק אין שטעטל.

דער דאָזיקער אַרטיקל „משורר מפורסם ומשורר מתחיל" איז אַ מוסטער פון ראַוויניצקיס מעמואַריסטיק וועגן שרייבער. מיט עטלעכע שטריכן מאָלט ער אונדז אויס אַ שרייבערס פּאָרטרעט. ער הייבט אַרויס די עיקרדיקע פּרטים, און מיט די זעלביקע פּרטים דעקט ער פאַר אונדז אויף שטיקער שרייבערישע פּסיכאָלאָגיע און די קולטור־געשיכטלעכע אַטמאָספערע אַרום זיי.

## קריטישער אַנאַליז

אַרויסהייבן פּרטים, באַטאָנען שטריכן — דאָס איז געווען ראַוויניצ־קיס מעטאָד אין זיינע אַרטיקלען וועגן שרייבער. גאָר אַנדערש איז געווען זיין צוגאַנג צו די ווערק פון שרייבער. דאָ זעען מיר שוין אַנאַליז. בשעתו איז דאָס געווען להיפּוך דער אָנגענומענער פּראַקטיק. על פּי רוב האָבן זיך קריטיקער אָפּגעגעבן מיט זאָגן סתם מבינות. זיך פאַרגיין אין „אַנטציקטע" לירישע אויסגוסן, אָדער שרייבן וואַריאַציעס אויף אַ טעמע — אין דעם איז באַשטאַנען די קריטיק.

צווישן אָט־ די פּרימיטיווע מבינים טיילט זיך אויס אַ בולטע פיגור. דאָס איז טאַקע דער קריטיקער ח. ראַוויניצקי. ער באַפרידיקט זיך נישט מיט זאָגן מבינות ווי עס טוען פאַרשטייט זיך, זיינע צייט־חברים, ער שטעלט פאָדערונגען — סיי שרייבער און סיי קריטיקער. ער זוכט דער־קלערן ליטעראַרישע ווערטן. פאַרשטייט זיך, נאָך די באַגריפן פון יענער צייט.

סתם־מבינות איז אים זייער שטאַרק נישט געווען צום האַרצן. אין דעם ערשטן בוך פון שלום־עליכמס „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק" (1888) טרעט ראַוויניצקי אַרויס, שאַרף און קלאָר, קעגן אָט־דעם „מעטאָד". אין זיין קריטיק וועגן מרדכי ספּעקטאָרס „הויז־פריינד" (1888) שטעלט ער

זיך צוערשט אָפּ אויף דינעזאָנס אַרטיקל „די יודישע שפּראַכע און אירע שרייבער". ער פאַדערט פון דינעזאָנען — „געדאַנקען", געדאַנקען וועגן דער יודישער שפּראַך און אירע שרייבערס. ראַווניצקין שטעלט נישט צו־פרידן דינעזאָנס רשימה „זשאַרגאָן־שרייבער אין אַמאָליקע צייטן און זשאַרגאָן־שרייבער אין אונדזערע צייטן". ראַווניצקי וויל זיך נישט רע־כענען מיט דעם, וואָס מאָן אַזאַ זאַך צום ערשטן מאָל אין דער יודישער־ליטעראַטור איז אויך אַ שטיקל אויפטו פאַר זיך אַליין. ער איז אין דעם נישט פאַראינטערעסירט. ער וויל וויסן „יעדנס ווערט" אין דער ליטע־ראַטור. „... האָב איך אָפּגעגעבן אַ שבח דעם רבונו של עולם, וואָס האָט געהויבט און געקרוינט אונדזער זשאַרגאָנישע ליטעראַטור מיט אַזאַ ברייטע קריטיקע, און האָב אויפגעשטעלט מויל און אויערן. וואָס מיינט איר, איך האָב גערעכנט (און אַזוי האָט אוודאי גערעכנט נעבעך יעדער לייענער), אַז דאָ פאַרקאַטשעט זיך דער מחבר אַרומצורייידן מכּוח יעדן זשאַרגאָן־שרייבער באַזונדער און אויסווייזן מיט אַ קרי־טישן קוק יעדנס ווערט אין דער ליטעראַ־טור..." (אונטערגעשטראָכן פון מיר — נ. מ. ב.) „... דערוויַזן, מאָלט אייך, — שרייבט ראַווניצקי — דערווייזט ער נישט, נאָר ער דער־מאָנט די נעמען פון די גוטע שרייבער צו גוטן און צייכנט אוים אַ רשימה: דער שרייבט גוט, דער וויל, יענער אויסגעצייכנט; אין קול מבשר האָבן געשריבן די און די גוטע שרייבער אד"גל".

אַן ענלעכע טענה האָט ראַווניצקי צו מזהם „קריטיקע" אין מזהם אַרטיקל, אין זעלביקן „הויז־פריינד", איבער „דעם יודישן טעאַטער": „ה' מזח רעכנט נאָר דאָרט אוים אַ צעטל, וועלכע פּיעסן זיינען געלונגען דעם ה' גאָלדפאַדען, און וועלכע נישט; פאַרוואָס זיינען די דאָזיקע גוטע, די אַנדערע שלעכט — אַזעלכע שאלות פרעגט מען אַן אַפּיקורס: איז גייט גלייבט אים אויף זיין וואָרט..."

און וועגן דעם רעדאַקטאָרס, מרדכי ספּעקטאָרס, קריטיק שרייבט ראַווניצקי אַט וואָס: „צו דעם זעלבן סאָרט קריטיקע געהערן אויך די רעצענזיעס איבער נייע ביכער פון ה' א מ ת (ספּעקטאָרס פּסעוודאָ־נים — נ. ב. מ.). דאָ געפינט איר אויך אַ צעטל אויסגערעכנט, אַז דאָס ביכל איז גוט, יענס מיט טאַלאַנט געשריבן, און ווי ווייט דאָס אַלעס

איז אמת, מוזט איר גלייבן ה׳ א מ ת ן. שוין צײַט כ׳לעבן אונדזערע זשאַרגאָנישע קריטיקער און רעצענזענטן זאָלן פאַרשטיין, אַז זיי זײַנען נישט קיין לערער, וואָס שטעלן די שילער זייערע אָטמעטקעס (באַלן): דעם אַ דרײַ מיט אַ מינוס, יענעם אַ פינף מיט אַ פּליוס, אָן טענות און אָן פּירושים. אין אַזעלכע זאַכן העלפן נאמנות גאָר ווינציק; איך מעג קענען ה׳ א מ ת ן פאַר אַן אמת ערלעכן מאַן, האָב איך פאָרט אין זײַנע רעצענזיעס קיין אמונה נישט, אפילו ער וועט זיך שווערן בײַ באָרד און פּאות, אַז דאָס איז גוט און יענס איז שלעכט. זאָגט, רבי לעבן, פאַר־וואָס? אַז נישט מאַכט אין גאַנצן אַ שווײַג: איידער אַזעלכע רעצענזיעס, איז גלײַכער גאָרנישט״.

ראַוויניצקיס קריטיקן האָבן טאַקע אין זיך אַן ענטפער אויף דעם „פאַרוואָס״, — דאָס, וואָס ער האָט געפאָדערט פון זײַנע קאָלעגן־קריטי־קער און רעצענזענטן. ער האָט שטענדיק געפּילט אין זיך, ווי מיר האָבן אין אָנהייב דערמאָנט, אַ מוז „צוגיין באַטראַכטן פון נאָענט״ יעדע זאַך, וואָס ער האָט באַהאַנדלט. ער האָט געפּילט אין זיך אַ מוז „פאַנאַנדער־צוגלידערן״ יעדן ענין. דאָס איז געווען חל אויף אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן. דאָס איז געווען אויך חל אויף זײַן קריטיק. אין זײַן ערשטער קריטישער אַרבעט האָט ער זיך גענומען צו די „העכסט־אינטערעסאַנטע״ „שמאַטעס״. זײַן אַרבעט וועגן דעם ענין הייסט טאַקע „אַן עסק מיט שמאַ־טעס״, געדרוקט אין דער „בײַלאַגע צום יודישן פאָלקסבלאַט״ פאַרן יאָר 1888, אין די נומערן 4, 5, 13־14, 15, 32 און 33. אין אָט דער סעריע קריטישע אַרטיקלען טרעט ער (אונטערן פּסעוודאָנים רבי־קצין) שאַרף אַרויס קעגן דער שונד־ליטעראַטור פון שמ״ר, בעקערמאַן און א. י. בוכ־בינדער. ער דריקט זיך אויס נישט איינמאָל, אַז אים איז איבערדריסיק ביז חלשות איבערדריסיק, פאַרנעמען זיך מיט „די שמאַטעס״. און ער פאַזיכערט, ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט פאַרנומען מיט זיי, — פּונקט ווי מען פאַרנעמט זיך נישט מיט זיי אין קיין שום אָנשטענדיקער ליטע־ראַטור. אָבער דער צושטאַנד פון אָרעמען אײַנגעבילדעטן יידישן לייענער צווינגט אים אָוועקצוגעבן צײַט און מי „אָפּצורייניקן די ליטעראַטור פון דער מגפה העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען״.

די כוונה „ניצלעכקייט״ שפּילט דאָ, פאַרשטייט זיך, די ערשטע

ראָלע. צו וואָס פאַר אַן אַרבעטן ער האָט זיך נישט גענומען אין זײַן לעבן, איז עס אַלץ געווען צוליב ניצלעכקייט פאַר זײַנע ברידער. און עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס אפילו אין יאָר 1899, עלף יאָר נאָכדעם ווי ער האָט געשריבן בפירוש אַנאַליטישע קריטיק, און 30 יאָר נאָך צעדערבוימס „ביבליאָגראַפישע נאָטיצן", האָט ער נאָך אַלץ אַרויסגע־שטעלט דעם ענין „ניצלעכקייט" אין סאַמע פאָרנט.

מיר זעען עס אויך אין יעדער רעצענזיע זײַנער אין „יוד", אונטערן פּסעוודאָנים „בת־קול".

אין זײַן רעצענזיע וועגן אַלי אביונס „יודישע קינדער" („דער יוד", נומ. 2, יאַנ. 1899) שרײַבט ער: „שוין לאַנג האָט יעדער אמתער פאָלקס־פרײַנד געפילט ווי ווײַט עס פעלן אויף פּראָסט יידיש רעכטע ספרים צום לייענען, און ווי ווײַט ס'איז נייטיק אַ באַזונדער פאַרלאַג, אויף אַרויסצוגעבן ניצלעכע ביכער פאַרן פאָלק".

אין דער רעצענזיע וועגן מאָרדאָווצעווס „די העלדן פון ירושלים", איבערגעזעצט פון מ. נ. פרייד („דער יוד", נומ. 5, מערץ 1899), לייענען מיר: „אַלס היסטאָרישע דערציילונג, ווו די וואונדערלעכע גבורות פון די יודישע העלדן אין דער צײַט פון חורבן־בית־שני זײַנען באַשריבן אויס־פירלעך און מיט ליבע, איז דאָס בוך געווים זייער ניצלעך פאַר די יודישע לייענער, וואָס וויסן בכלל כמעט גאָרנישט פון זייערע העלדן".

דאָס זעלביקע כמעט קען מען לייענען אויך אין דער רעצענזיע וועגן ש. א. האָראָדעצקיס „רבי שלמה לוריא" („דער יוד", נומ. 16, אויגוסט, 1899): „...אַזאַ מוסר איז אַוודאי זייער ניצלעך, ס'איז געווים זייער נייטיק אויפמערקזאַם מאַכן דעם פאָלק, אַז ער איז מחויב צו לערנען און צו וויסן זײַן אייגענע געשיכטע. נאָר נאָך נייטיקער און ניצלעכער וואָלט געווען אַז אונדזערע יודישע שרײַבער זאָלן זיך נישט באַגניגן מיט מוסר זאָגן אַליין..."

ווי פריער דערמאָנט, אין דעם ענין „ניצלעכקייט" איז געלעגן די כוונה פונעם ערלעכן „פאָלקספרײַנד" י. ח. ראַוויניצקין. די דאָזיקע כוונה, האָט אים געטריבן זיך נעמען פאַר ליטעראַטור־קריטיק. אָבער אַ סך אמונה אין זיך ווי אַ קריטיקער האָט ער נישט געהאַט. דאָס אָנשיקעניש „העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען" איז אין די 80ער יאָרן,

געווען אזוי אַקטועל, אַז ער האָט נישט געקענט בלײַבן גלײַכגילטיק צו אָט דער געפערלעכער מכה. איינער אַ חשובער יידישער שרײַבער, מן הסתם שלום-עליכם, האָט אין אַ בריוו אײַנגעטענהט מיט ראַווניצקין: „... אָבער ווען, כדומה למשל, אַז אַ זשאַרגאָן-זשורנאַל וועט אין דער קריטיק צעפּאַטשן די פּיסקעס דעם לײדיק-גייער מיטן הויף-משרת (מײ־נענדיק די עם-האַרצישע שונדשרײַבער — נ. ב. מ.) און וועט זיי אויפ־מערקזאַם מאַכן, אַז פון לייענען אַ ראָמאַן ביז שרײַבן אַ ראָמאַן איז ווײַט ווי פון הימל ביז דער ערד, וועלן דעמאָלט אפשר די לײדיק-גייערס מיט די הויף-משרתים נאָר ל יי ע נ ע ן, און שרײַבן וועלן יענע, וועלכע קאָנען שרײַבן און פאַרשטייען שרײַבן" („אַן עסק מיט שמאַטעס", „יודישעס פאָלקסבלאַט", נומ. 5, פעברואַר 2 (14) 1888). ראַווניצקי האָט נישט געקענט טאָן דאָס וואָס דער קאָלעגע זײַנער האָט געפאָדערט בײַם קריטיקער. דאָך, צוליב „ברענגען פיל נוצן", האָט ער זיך גענומען צו קריטיק. „דעם אמת אפילו — שרײַבט ער אין דעם נאָרוואָס אָנגע־געבענעם אַרטיקל — קאָן איך נישט פאַרלייקענען, וואָס פאַר גאָט דאָס פאַר לײַטן: איך בין נישט קיין גרויסער מומחה אויף צו געבן פלאַמענ־דיקע פּעטש, מײַן פעדער איז אויך נישט שטאַרק שטעכעדיק ווי מען דאַרף צו אַזאַ מין מלאכה. אוודאי וואָלט נישט געווען קיין גרויסע עוולה אַז עס זאָלן זיך נעמען צו דער זאַך גרעסערע קינסטלער, וואָס זייער נשמה איז מער מסוגל צו קריטיק ווי מײַנע; נאָר ווי זאָגט מען עס: „במקום שאין אנשים השתדל להיות איש", אַז קיינער איז נישטאָ אין דער היים, נעם איך זיך צו זײַן אַ מאַכער; אַלץ בעסער ע פּ ע ס וו אָ ס א י ז, איידער ג אָ ר נ י ש ט. אפשר, אויף מיר קוקנדיק, וועלן זיך געפינען באַגאַבטע, טאַלאַנטפולע קריטיקער, וועלכע וועלן זיך נעמען צו דער זאַך וואָס איז זייער נייטיק און וועלן ברענגען פיל נוצן".

אָבער נישט אין דעם פאַקט גופא — זײַן נעמען זיך צו קריטיק — ליגט זײַן אויפטו, נאָר אין ד ע ם א ו פ ן ווי אַזוי ער האָט זיך גענומען צו דער דאָזיקער נוצלעכער אַרבעט. אָט אין דעם איז ער געווען לגמרי אַנדערש ווי זײַנע געציילטע צײַט-חברים, קריטיקער, אויך — ווי די קריטיקער, די פאַרגייער. דאָ האָט שוין נישט געשפּילט קיין ראָלע „דאָס האַרץ, וואָס לאָזט אים נישט רוען" ווען „עס קומט אַ נויט", איידער

דער „חוב קודש", דער חוב צו זײַנע אָרעמע ברידער. דאָ האָט געשפּילט אַ ראָלע דער ערנסטער צוגאַנג. דאָס האָט אים געשטויסן: „צוגיין באַטראַכטן פון נאָענט" און „פאַנאַנדערגלידערן". מיט אָט־דעם אַנאַליטישן גאַנג הייבט ער אָן די זייער „אָפּשטויסנדיקע" אַרבעט צו „ראָען זיך אין די שמאַטעס" פון די פּאַרפאַסער שמ"ר, בעקערמאַן און בוכבינדער.

ראַווניצקי שרײַבט, למשל, וועגן שמעון בעקערמאַנס זייער דערפאָלגרײַכן „העכסט־אינטערעסאַנטן ראָמאַן" „די ווײַבערשע רעוואָלוציע, אַ ראָמאַן פון הײַנטיקער צײַט" (דער ראָמאַן האָט זיך שנעל פאַרקויפט אין 10.000 עקזעמפּלאַרן). טוט ער נישט ווי עס האָבן בשעתו געטאָן זײַנע צײַט־חברים. ער באַגנוגנט זיך נישט מיט אַרויסגעבן אַ פּסק־דין. ער גלידערט פאַנאַנדער דעם ראָמאַן, ווי פּײַנלעך אים זאָל נישט זײַן זיך צו פאַרנעמען מיט אָט־דער „שמאַטע". פריער גיט ער איבער דעם עצם־אינהאַלט. ער דערציילט אונדז אויך וועגן די צוויי ייִדישע פרויען, ראָזע און פייגע — „געענדיקטע אַכט קלאַסן גימנאַזיע". זיי פירן עס אָן מיטן אויפשטאַנד קעגן די מענער אין שטעטל שפּיציניץ. ראַווניצקי גיט אונדז אויך איבער וועגן די אַלע אַנדערע פּאַרשוינען און וועגן דעם „ראָמאַן" אין דעם ראָמאַן. בעת דער קריטיקער גיט אונדז איבער אַלץ וועגן דעם ראָמאַן און די פּאַרשוינען, ווײַזט ער אָן בהדרגה ווי אומגעלומפּערט עס זײַנען: דאָס עצם פאַרטראַכטן אַזאַ ראָמאַן, די אומלאָגיש־ווילדע סיטואַציעס, די עם־האַרצישע באַהויפּטונגען, די קינדערישע באַגריפן, די קוידערוועלשע, קאָמישע זאַצן און פּאַראַגראַפן, דער קאָמישער תוך, „אַז אַלע פרויען זאָלן מאַכן איין „סאַיוז" (פאַראיין — נ. ב. מ.) און פאָדערן אַז די מאַנען זאָלן געבן ,ראַוונאָפּראַוויע' " (פרויען־רעכט — נ. ב. מ.), דאָס אויפהערן זיך בונטעווען, ווי אויך דעם מהות פון „הײַנטיקן", „אומגליקלעכן" ראָמאַן.

ראַווניצקי איבערצײַגט אונדז מיט זײַן אַנאַליז. ער גלידערט אַלץ פאַנאַנדער און ווײַזט אונדז אַלץ פון דער נאָענט. און ער טוט עס מיט פּײַנעם פאָלקסטימלעכן הומאָר. און מיר דערפילן „דעם טעם און ריח" פון אַזעלכע ווערק. אַזוי טוט ער מיט שמעון בעקערמאַנס די „ווײַבערשע רעוואָלוציע", אַזוי אויך מיט דעם פאַרפאַסערס „די יודעשע קאָזאַקן, אַן אינטערעסאַנטער ראָמאַן".

נאָך אַן ערגערע מערכה האָט בײַ אים אברהם יצחק בוכבינדער, „ראָמאַניסט ... פּובליציסט, פּאָעט, היסטאָריע־שרײַבער, נאַטורפאָרשער אאַז״וו, אאַז״וו״. ער גלידערט פאַנאַנדער בוכבינדערס ווערק אויפן זעלביקן אופן ווי ער טוט עס מיט בעקערמאַנס ראָמאַנען. ער גלידערט פאַנאַנדער: סײַ בוכבינדערס ווערק אין שמ״רס נוסח, ווו די העלדן הערן זיך נישט אויף „צו קוילן, צו שטעכן, צו סמען״; און סײַ יענע ווערק, וואָס זײַנען שוין אָן סכנות, ווו ער באַשרײַבט „דאָס רוב בילדער אַזוי ווי פונעם לעבן״. בוכבינדער שנײַדט בײַ אים זייער ביטער אָפּ פאַר זײַנע ראָמאַנען, זײַן פּובליציסטיק און זײַנע וויסנשאַפטלעכע מאמרים. ער ווײַזט אויף ווי אַלץ איז בײַ אים „עפּעס אַזוי משונה פאַרדרייט״, „ער הייבט אַז מיט בוידעם און לאָזט אויס מיט פּאָלעצע...״, ווי די באַשרײַבונגען זײַנע זײַנען „צעשלאָגן, צעהרגעט, אומגעלומפּערט־ווילד...״

ראַוויניצקי אַנאַליזירט בוכבינדערס צוויי ראָמאַנען: „דער פאַלשער אַריסטאָקראַט״ אָדער „די צווייטע נישט גלײַכע שוועסטער״; און „די הײַנט מאָדישע אַריסטאָקראַטקע, איין ראָמאַן און איינע ערציילונג פון יידישן לעבן״. ער גלידערט פאַנאַנדער די הויפּט־טיילן, באַשרײַבונגען, געדאַנקען פון ווערק און ווײַזט ווי „יעדע זאַך איז אויסגעדרייט, אויסגעקרימט, און דערצו נאָך פּונקט איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף״. אַזוי אַנאַליזירט ער אויך בוכבינדערס אַנדערע פאַרפאַסונגען, וואָס זײַנען געשריבן „אָן אַ סדר און אָן אַ לאָגיק, אָן געזונט און אָן לעבן...״

אין אָט־דער סעריע „אַן עסק מיט שמאַטעס״ שטעלט זיך אָפּ ראַוויניצקי, נישט איין מאָל, אויף דעם — פאַרוואָס ער פאַרנעמט זיך מיט „די שמאַטעס״ און ווי איבערדריסיק און ווי פײַנלעך עס איז אים דער גאַנצער ענין: „אָט טאַקע, נאָר דערפאַר וואָס אונדזער עולם קלײַבט אַזוי נישט אויס און לייענט וואָס מען דערלאַנגט אים, מוז מען זיך אָפּשטעלן און מאַכן אַ טענה פון אַזעלכע שמאַטעס, וואָס אין אַן אַנדער צײַט וואָלט מען פון זיי קיין וואָרט נישט גערעדט; עס איז דאָך פּשוט אַ חרפּה, אַ בזיון צו שמועסן וועגן אַזעלכע חיבורים״ („יודישעס פאָלקסבלאַט״, נומער 15, 12 (24) אפּריל 1888).

די דאָזיקע „נוצלעכע" אַרבעט פאַרשאַפט אים „חרפה און בזיון". אָבער ער טוט עס גרינטלעך, מעטאָדיש, אַנאַליטיש, און מיט הומאָר. אָט איז אַן אָפּשניט:

„נאָך ראָזאַס אַנטלויפן פירט אונדז דער מחבר אַרײַן אין יאַקאָבס שטוב; ער, ווי געוויינלעך, זיצט זיך און האַלט אַ ברייטן און לאַנגן מאָנאָלאָג: „אַך, ווי אומגליקלעך דער מענטש אויף באָדן איז! העטעט און העטעט און נאָך אַ מאָל העטעט אאַז"וו". אַז ער האָט „אָנגעהעטעט" אַ פולן קאָפּ איז פּלוצלינג אַרײַנגעקומען מעליסאַ און פאַרפירט אַ „הי־ציקן געשפּרעך" און אים געזאָגט אין די אויגן אַז ער איז פול מיט פּאָעזיע און שמעקט פאַרטרעפלעך ווי די שענסטע בלום, און זי, מעליסע, וויל לאָזן די בלום אויפבליען מיט דעם תנאי, אַז קוים וועט (ווערט?) זי, די בלום, צײַטיק, זאָל זי גלײַך אין אירע הענט אַרײַנפאַלן, דאָס הייסט אויף פּראָסט פּראָזע, זי וויל אים געבן 300 רובל, ער זאָל פאָרן שטודירן אויף דאָקטער און דערנאָך זאָל ער געהערן צו איר אויף אייביק" (דאָרט, נומער 32, 9 (21) אויגוסט, 1888).

אויף אָט דעם דרך — פאַנאַנדערגלידערן אַ ווערק און ברענגען עס צו אַן אויספּיר — אויף אָט דעם דרך האָט ער זיך פאַרנומען אויך אין זײַנע גרעסערע קריטישע אַרטיקלען אין שלום־עליכמס „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק" 1888־1889. דאָ האָט ער נישט באַדאַרפט זיך ראַנגלען מיט אָפּשטויסנדיקע געפילן, וואָס עס האָבן אין אים אַרויסגערופן די פריער־דיקע קריטיקן קעגן די „העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען". דער אָטעם איז דאָ אַ פרײַער, דער לערערישער טייטל קען שוין דאָ אָנווײַזן אויף ליטעראַרישע ענינים, אויף דעם סאַמע פּראָצעס פון שאַפן. ראַווניצקי שטייט שוין דאָ פאַר אַ וויכטיקער געשעעניש אין דער יידישער ליטעראַ־טור: מע דערקענט אין דער „זשאַרגאָנישער ליטעראַטור" אַן אויפלע־בונג, „עפּעס אַן אַנדער חיות"; „די אַמאָליקע אייניקע אויסגעשמירטע וויקעלעך האָט זי פון זיך אַראָפּגעשלײַדערט, און צו ביסלעכווײַז הייבט זי אויך אָן אויסצוטאָן די אַלטע קינדערשע שיכלעך". אין דער יידישער ליטעראַטור האָבן זיך דעמאָלט באַוויזן נעמען פון וויכטיקע העברעיִשע און רוסישע שרײַבערס. און די זאַמלביכער — שלום־עליכמס „יודישע

פאָלקס־ביבליאָטעק" און מ. ספעקטאָרס „הויז־פרײַנד" — האָבן געהאַט א גרויסן חלק אין אָט־דער אויפלעבונג.

בעת ער שרײַבט וועגן מ. ספעקטאָרס „הויז־פרײַנד" (1888) און וועגן „פאַמיליען־פרײַנד" (דער פרעמיע צום „הויז־פרײַנד") דריקט ער אויס א סך געדאַנקען וועגן קריטיק. ער גלידערט פאַנאַנדער די קריטישע אַרבעטן פון יעקב דינעזאָן, ה. מזח און דער רעדאַקטאָר מ. ספעקטאָר (ה. אמת), און ער פאָדערט פון זיי — נישט סתם מיינונגען אָדער סתם מבינות, נאָר „געדאַנקען" און „באַווײַזן". ער מאָנט פון זיי דעם „פאַר־וואָס" און דעם „פאַרוועז". ראַווניצקי אַליין באַמיט זיך דערקלערן, אַרומ־ריידן, געבן זײַנע „טענות און פירושים" כמעט אויף זײַן יעדער מיינונג. אַזוי איז ער זיך נוהג ווען ער רעדט וועגן דעם חלק שירים אין זאַמלבוך, סײַ וועגן „די גוטע לידער", סײַ וועגן דער „פּראָזע אין גראַמען". מ'דאַרף נישט מיינען, אַז ראַווניצקיס אופן שרײַבן קריטיק איז געווען אַן אַנאַ־ליטישער אין דעם זינען ווי מיר פאַרשטייען דאָס איצט. זײַן קריטיק איז געווען אַ מין פירוש, דערקלערונג, אויסטײַטשונג; ער איז געווען איינפאַך, אָבער ער האָט דאָך באַוויזן צו זײַן דער איינציקער צווישן קריטיקער, וואָס האָט „פאַנאַנדערגעגלידערט" די באַהאַלטענע ווערק. ער זאָגט אַרויס אינטערעסאַנטע באַמערקונגען — און ער באַווײַזט זיי, דערקלערט זיי — וועגן פרוגס סוד הצמצום, וועגן מ. וו. זאַטולאָווסקיס און א. מ. ה.ס „גראַמערײַען". ווען ער שרײַבט וועגן „פאַמיליען־פרײַנד" לויבט ער אברהם גאָלדפאַדענס פּאָעטישן סטיל, די פאָרם אין זײַן „די קינדערשע זאַך", ווי „אַן אמתן פּערל" אין דעם ים גראַמען בײַ אַנדערע פּאָעטן. אָבער ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם רעיון פון דער זאַך און דער־קלערט ווי קינדעריש איז גאָלדפאַדענס געדאַנק. ווען דאָס יידישע קינד שלעפּט אַרויס דעם אפיקומן, ווערט עס „ווילנדיק, נישט ווילנדיק אַ גנב ביזן טויט"? ער באַהאַנדלט קריטיש־קלאָר און געניט אליקום צונזערס „דער קאָנטראַקט" (אין „פאַמיליען־פרײַנד"). ער נעמט זיך אָן פאַרן וואָרט „פאָלקס־דיכטער" למאי מע רופט אָן צונזערן מיט אָט דעם נאָמען, פּונקט ווי אברהם גאָלדפאַדענען. ער וווּנדערט זיך: „יעדן, וואָס מאַכט נאָר לידער און גראַמען, דאַרף מען שוין אַרײַפּזעצן אויפן קאָפּ די פּאָעטן־קרוין?" ער שעצט צונזערס „היים יידיש פּאַטריאָטיש האַרץ", אָבער

מיט אַ „חיים האָרץ אַליין" קען מען נישט יוצא זײַן. צו שרײַבן פּאָעזיע. אמתע פּאָעזיע דאַרף מען האָבן נאָך עפּעס אַ חוץ אַ „האָרץ". ער אַנאַליזירט דעם „קאָנטראַקט", זײַן געדאַנק, שפּראַך, לאָגיק. ער וואַרפט אים אויף, צווישן אַנדערע זאַכן, וואָס צונזער צעלייגט זײַן געדאַנק „אויפן טעלער און קײַעט איבער איין זאַך, ווייס איך וויפל מאָל", אַזוי אַז „ערטערווײַז שלאָגט שוין צום האַרצן..." דערבײַ גיט ער צו: „אַן אמתער משורר טאָר נישט נעמען איבערזינגען איין תנועהלע מיט משונה העוויות: יעדעס וואָרט מוז זײַן אײַנגעפּאַסט אויף זײַן אָרט און קיין איבעריקע דיבורים טאָר נישט זײַן".

פון איין זײַט איז ער צופרידן, וואָס וויכטיקע שרײַבערס נעמען זיך פאַר דער „זשאַרגאָנישער" פּען, פון דער אַנדער זײַט וואַרפט ער אויף געוויסע שרײַבערס „די צרה מכוח דעם נישט־אויסגעאַרבעטן זשאַרגאָן־לשון", „וואָס בייגט אויך אין דרײַען ה' דאַליצקים פּאָעזיע אין זײַן געדיכט „יהודה המכבי" און לאָזט איר קיין קאָפּ נישט אויפהייבן".

אַזוי גלידערט ראַוויניצקי פאַנאַנדער איטלעכן שרײַבער, וואָס באַטייליקט זיך אין דער זאַמלונג, אַזוי שרײַבט ער אויך וועגן אַנדערע ביכער, וואָס ער רעצענזירט אין דער „ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק". זײַנע מער אויספירלעכע און אויפטועריש אַרבעטן זײַנען: וועגן אַ טייל פון מ. ספּעקטאָרס נײַעם ראָמאַן „יודישע טאָכטער" (געדרוקט אין „הויזפרײַנד") און וועגן מענדעלען.

דעם געוויינלעכן מעטאָד ראַוויניצקיס זעט מען צום בולטסטן אין די עטלעכע זײַטלעך, וואָס ער שרײַבט וועגן מ. ספּעקטאָרן. פריער קומט אַן אַלגעמיינע, גאַנץ טרעפלעכע, כאַראַקטעריסטיק, מכוח ספּעקטאָרס פריערדיקע ווערק; שפּעטער אַנאַליזירט ער דעם טייל געדרוקטן ראָמאַן; און, צולעצט — אַ כּוללדיקער אויספיר מיט אַן אַלגעמיינער באַטראַכטונג.

עס איז כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף זיין קריטיק וועגן ספּעקטאָרן. דאָ איז ראַוויניצקי אין זײַן עלעמענט, אין סאַמע אָנהייב לויבט ער ספּעקטאָרן פאַר זײַן גרויסער מעלה „טיף באַאָבאַכטן און באַמערקן דאָס אמתע ייִדישע לעבן". ער באַטאָנט אָבער: די דאָזיקע קראַפט פעלט אים לגבי דעם יחיד. „ה' ספּעקטאָר איז נישט קיין פּסיכאָלאָג: ער קען נישט אַרײַנקוקן טיף אין דער נשמה פון זײַנע העלדן, צו באַטראַכטן און צוהערן

זיך, וואָס דאָרט גייט פאָר אין דער פינצטער אין די פאַרוויקלטע, באַ־האַלטענע שפּאַלטן... ער איז אויך נישט קיין גרויסער דענקער, און דאָרט, וווּ ער לאָזט זיך אַרײַן אין זײַטיקע חקירות, קריכט ער דאָס רוב אַראָפּ פון גלײַכן וועג. נאָר, אַז ער נעמט מאָלן, אָן איבעריקע חכמות, בילדער פונעם לעבן — דאָ איז ער בײַ זיך אין דער היים און שרײַבט, ווי אַן אמתער קינסטלער, און פיל סצענעס, וואָס גייען אַרויס פון זײַן טאַלאַנטפולער פעדער, מעגן זיך נישט שעמען צו שטיין אין יעדער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור" („יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", 1, ז' 313).

נאָכדעם קומט דער אַנאַליז. פריער ווי אַלץ וויקלט ער פאַנאַנדער דעם אינהאַלט און דעם געדאַנק פון ווערק. און ווען ער ווערט פאַרטיק דערמיט, ווײַזט ער אָן ווי אַזוי ספּעקטאָר בויט דעם ראָמאַן און שילדערט די פּאַרשוינען.

די חסרונות אין דעם געבוי שרײַבט ער צו צו דער „קרענק, וואָס אַלע זשאַרגאָנישע שרײַבער לײַדן דערפון... דער מאַנגל אין אַן אָפּ־געוווּיגענעם און אַן אָפּגעמאָסטענעם געפיל..." ער ווײַזט אָן אויף ספּעקטאָרס איבעריקע, גאָרנישט נייטיקע טיילן אין ראָמאַן. אין דעם קאַפּיטל „מײַנע א באַקאַנטע דאַמע", דערשײַנט פּלוצלינג דער מחבר אַליין און דערציילט וועגן זיך און זײַנע באַטראַכטונגען. דער קאַפּיטל האָט לחלוטין גאָרנישט צו טאָן מיט דער דערציילונג. אומנייטיק איז אויך דער קאַפּיטל „אַ העברעיִשע קאָרעספּאָנדענציע פון אַריבאַטאָוקע". דאָרטן איז פאַראַן אַן „אָנמערקונג פון דער רעדאַקציע" — אַן „אומזיסט־אומ־נישט" נאָכשלעפּעניש.

און ווען ער אַנאַליזירט די פּאַרשוינען, זעט מען, ווי זײַן ערשטע באַהויפּטונג וועגן ספּעקטאָרס אָרעמקייט און פּסיכאָלאָגישער שילדערונג איז אַ ריכטיקע. ספּעקטאָר שילדערט טאַקע נישט קיין פּאַרשוינען פון אינעווייניק אַרויס. ער באַשרײַבט זיי מיט דרויסנדיקע שטריכן, און דער לייענער מוז אים גלייבן אויפן וואָרט. קיין פּסיכאָלאָגישע מאָטיווירונג אָדער ריין־לאָגישע אויסוויקלונג איז נישטאָ. די העלדן אָטעמען נישט האַנדלען נישט לויט אַ וואָסער־עס־איז מוז.

ראַווניצקי ווײַזט אויך אָן אויף געוויסע גוזמאות אין ראָמאַן. און ער קומט צו אַן אַלגעמיינעם אויספיר:

„גוואַלד אַ מאָס, אַ מאָס, — דאָס איז נישט קיין קלייניקייט! די זשאַרגאָנישע מוזע דאַרף פאַלן אויף די קני פאַרן רבונו של עולם און מיט טרערן בעטן רחמים, ער זאָל איר שענקען אַ מתנה אַ רעכטע מאָס אין דער רעכטער האַנט. דען נאָר דעמאָלט קען זי אויפהערן צו האָבן אַ משונה פּנים פון אַ קאַריקאַטור און אָנהייבן זיך צו גלײַכן צו די אַנדערע שוועסטער..." (דאָרט, ז' 319).

אַחוץ „מאָס" האָט ראַוויניצקי געפאָדערט „האַרמאָניע". מאָס און האַרמאָניע — דאָס זײַנען ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט געשמאַק, אָבער אויך מיט עסטעטישע ווערטן. אָן זיי איז אַ ליטעראַריש ווערק נישט קיין כלי שלם, איז נישט קינסטלעריש, הגם געוויסע איינצלנע טיילן אָדער פּרטים קענען דאָרט פינקלען מיט קינסטלערישן לעבן. האַר־מאָניע האָט ביי ראַוויניצקין געמיינט נישט נאָר די אָרדענונג, וואָס שאַפט שיינקייט, נאָר אויך דער קינסטלערישער טאַקט, דער קינסטלערישער טעם און דער קינסטלערישער שכל־הישר. און ער באַטראַכט טאַקע דעם ענין האַרמאָניע ווי אַן עסטעטישן עלעמענט.

אין קריטיקירן ווי בריינין האָט געשריבן פּרץ סמאָלענסקים ביאָ־גראַפיע גיט ראַוויניצקי איבער („פּרדס", ספר שלישי) אַ גאַנצע רשימה בריינינס ציטאַטן. זיי ווײַזן אונדז סמאָלענסקין אין נישט גאָר קיין שיין ליכט. ראַוויניצקי איז אַן ערלעכער רעאַליסט. נאָך אים נאָך טאָר אַ קרי־טיקער נישט פאַרקוקן די חסרונות און פעלערן. דער קריטיקער צי דער ביאָגראַף טאָר נישט און „ער האָט נישט קיין רעכט צו פאַרשענערן און פאַרפוצן די פּערזענלעכקייט, וואָס ער שילדערט". דער אמת שטייט בײַ ראַוויניצקין העכער ווי אַלץ. אָבער ווען מע ווײַזט אונדז דעם אמת מיט צופיל אייפער, מיט צו דיקע פאַרבן, — דעמאָלט צעקרימט מען דעם דאָזיקן אמת. און דער כלומרשטער אמת ווערט אויס אמת.

ראַוויניצקי האָט טענות צו בריינינען. בײַם שילדערן דעם אמת וועגן סמאָלענסקין רעדט בריינין וועגן סמאָלענסקיס חסרונות און פעלערן „מיט איבעריקער ליבע". בריינין, טענהט ראַוויניצקי, איז מאריך דאָרטן ווו מע וואָלט באַדאַרפט מקצר זײַן, „גלײַך ווי ער (בריינין) וואָלט געקומען פירן אַ וויכוח מיט די יענע, וואָס לייקענען דאָס אָפּ, און דעריבער שטאַרקט

ער זיך צו באַווייזן מיט אותות ומופתים, אַז מ'טאָר דעם ליכטיקן אמת נישט פאַרטושן און זיין כבוד נישט פאַרשווען".

ראַוויניצקי האַלט פאַר בריינינען: אין נאָמען פון כלומרשטן אמת, גייט בריינין אָפּטמאָל אַריבער די גרענעצן „פון אָנשטענדיקייט און גע־וויינלעכן דרך ארץ". אַזאַ אייפער, אַזאַ אײַנשטעלן זיך פאַרן אמת, צע־קרימט דעם אמת און צעשטערט די האַרמאָניע אין בריינינס סמאָלענסקין־ביאָגראַפיע.

ראַוויניצקין געפעלט נישט ווי אַזוי בריינין לאַכט אָפּ פון סמאָ־לענסקין. ער חידושט זיך, וואָס דאָס טוט אַזוי אַ מענטש מיט אַ געשמאַק ווי בריינין. אָבער דאָ זעט מען, ווי ראַוויניצקי באַמערקט און דערפילט אַ דיסהאַרמאָניע. די דאָזיקע דיסהאַרמאָניע צעשטערט די אָרדענונג אין דער וואָרט־קונסט. ס'איז אַן עסטעטישער צוגאַנג אין פולן זינען פון וואָרט. די שאַרפסטע טענה ראַוויניצקיס צו בריינינען איז, וואָס אַ שרײַ־בער פון בריינינס שניט פעלט דער חוש פאַר האַרמאָניע. אַ לײַכטער פע־ליעטאָן־סטיל און דאָס גראָבע אָפּחוזקן פאַסן זיך אין אַ ביאָגראַפיע ווי אַ פּאַטש צו גוט־שבת. און אויב בריינין האָט עס נישט דערפילט, איז עס בײַ ראַוויניצקין אַ גרויסער חיסרון. „אַזאַ פעליעטאָן־סטיל פון באַ־ווּסטן מין — שרײַבט ראַוויניצקי — און אַזאַ גראָב אָפּחוזקן איז זייער נישט שיין אין אַ ביאָגראַפיע. צי דען ווייס עס נישט און פאַרשטייט נישט אַזאַ שרײַבער מיט אַ געשמאַק ווי בריינין?"

בײַ ראַוויניצקין גייט שטענדיק האַנט אין האַנט: געזונטער חוש פאַרן תוך, שכל־הישר, צוזאַמען מיט עסטעטישן געשמאַק. ער קען טאַקע נישט פאַרטראָגן קיין פּוסטע רייד, זיי האָבן נישט קיין תוך אין זיך. און אין שרײַבן, האַלט ער, איז עס אַ דיסאָנאַנס. ווי קען אַ ביאָגראַפיע זײַן האַרמאָניש, גאַנץ, ווען דער מחבר פירט אַרײַן אומנייטיקע ענינים און שטעלט אַרויס אומגערעכטע, זײַטיקע טענות? בריינין וואַרפט פאַר סמאָלענסקין, פאַרוואָס ער, סמאָלענסקין, צייכנט זיך נישט אויס מיט יענעם טיפן און איידעלן געפיל, וואָס מיט אים האָט זיך אויסגעצייכנט ביעלינסקי. אָדער ער טענהט — אומזיסט וועט מען בײַ סמאָלענסקין זוכן דעם טיפן אַנאַליז אין וויסנשאַפטלעכן גײַסט פון אַן איפּאָליט טען. אָדער

גאַר — בײַ סמאָלענסקין וועט מען נישט געפֿונען אַזעלכע אײגנשאַפֿטן, וואָס זאָלן אים פֿאַרגלײַכן מיט געאָרג בראַנדעסן.

שטאָט געבן אַ מענטשנס ביאָגראַפֿיע, פֿאַרוואַנדלט ברײַנין אַ סך קליינע, זײַטיקע פּרטים אין אַ שפּאַט־ענין. און ראַווניצקי הייבט טאַקע אַרויס אַזעלכע שטעלן. צוליב וואָס דאַרף ברײַנין אויסלאַכן סמאָלענסקין, בעת ער וויל גאַר שרײַבן זײַן ביאָגראַפֿיע? ברײַנין גיט איבער, למשל, ווי אַזוי סמאָלענסקין בעט סליחה ומחילה בײַ זײַנע לייענער פֿאַר דורכ־לאָזן זײַנע אַרטיקלען אין איינעם אָדער צוויי נומערן, מחמת ער האָט חתונה געהאַט און דאָס האָט אים געשטערט שרײַבן. איז ברײַנין מוסיף: „אַקוראַט ווי די וועלט וואָלט צוליב דעם חרוב געוואָרן און טאַקע צוליב זײַן שולד".

ראַווניצקי לאָזט נישט אָפּ ברײַנינען. וואָס חוזקט ברײַנין פֿון סמאָ־לענסקין אין אַ ווערק, וווּ אַזאַ מין שרײַבן איז לחלוטין איבעריק? ברײַ־נין, דער ביאָגראַף, טשעפּעט זיך צו סמאָלענסקין און לאַכט אים אויס, אַנשטאָט איבערגעבן און באַלײַכטן ביאָגראַפֿישע פּרטים. אָט, למשל, איז אַ מוסטער פֿון ברײַנינס שאַרף סוביעקטיוון צוגאַנג, ווי אַזוי ער טשעפּעט זיך צו סמאָלענסקין. סמאָלענסקין דערציילט: עטלעכע רומענישע אַנטי־סעמיטן זײַנען געקומען אין שול זען ווי ייִדן דאַווענען. האָט סמאָלענסקין זיי פֿאַרטײַטשט אויף פֿראַנצויזיש אונדזערע הייליקע תפֿילות. איז וואָס דאַרף מען חוזקן? ברענגט טאַקע ראַווניצקי בכּיוון ברײַנינס ווערטער צו ווײַזן, ווי דאָ האָט ברײַנינען, דעם ביאָגראַף, פֿאַרפֿעלט טאַקט און חוש פֿאַר האַרמאָניע. אָט איז ברײַנינס חוזק־פּירוש: „שטעלט זיך פֿאָר וואָס פֿאַר אַ רושם עס וועט מאַכן אַזאַ געשיכטע אויף אַ פּשוטן ייִדן פֿון תּחום: דער אפּיקורס סמאָלענסקין זיצט אין שול אויף איין באַנק, זײַט בײַ זײַט, מיט הויכע מלוכה־לײַט, אונדזערע גרעסטע שונאים און צוררים, וואָס זייער נאָמען ווערט פֿאַרשאָלטן פֿון אַלע ייִדן — די ה"ה בראַטיאַנו און יונעסקו און נאָך צוויי פֿון די באַוווּסטע צוררי ישׂראל, — און סמאָלענס־קין נעמט זײַן סידור און ווײַזט אָט־די בני־המן עטלעכע תּפֿילות, און ווען ער זעט, אַז זיי קוקן אין סידור ווי „הענער אין בני אָדם", פֿאַר־טײַטשט ער אָט־די ערלים די תּפֿילות אויף פֿראַנצויזיש און די דאָזיקע

ייִדן־האָסער זײַנען דערשטוינט און פֿאַרװוּנדערט פֿון דער שײנער מליצה פֿון „אדון עולם" און „יגדל" און זײ לעקן דערפֿון זײערע פֿינגער".

ראַװניצקיס אינטערעסאַנטע אַרבעט איז װעגן מענדעלעס „קלײַ־טשע" („ייִדישע פֿאָלקס־ביבליאָטעק", בוך 2, ז"ז 274-288). דאָ איז ער ניט פֿאַראינטערעסירט, דער לײענער זאָל „װיסן װאָס גוטס און שלעכטס". צען יאָר אײדער בעל־מחשבות האָט זיך באַװיזן אין דער ייִדישער ליטעראַטור ברענגט ראַװניצקי אַרויס די װיכטיקסטע עלעמענטן אין מענדעלעס שאַפֿן.

פֿריער װי אַלץ שילדערט ער מענדעלען, דעם „אַלטן ייִדן מיט אַ גרויער באָרד, מיט אַן ערנסט קלוג פּנים, מיט שכלדיקע קנײטשן, מיט לעבעדיקע ליכטיקע אויגן, מיט אַ שטענדיק זיס־ביטער שמײכעלע אויף די ליפּן".

דאָס איז אַ מין אַרײַנפֿיר. שפּעטער הייבט ראַװניצקי אַרויס פֿיר עיקרים: א) „װאָס" מענדעלע דערצײלט; ב) „װי אַזױ" ער דערצײלט; ג) מענדעלעס סאַטירע; און ד) מענדעלעס פּאַטעטישקייט.

מענדעלע, װײַזט אָן ראַװניצקי, האָט געשריבן װעגן דעם תהום אין ייִדישן לעבן. ער, דער גרויסער בעל נסיון, האָט דעם דאָזיקן מאָוים־דיקן תהום געזען אין אַלע ייִדישע געטאָס. אַ טיף ערנסטער מענטש, האָט ער נאָך דערצו געהאַט אַ טבע זיך צוקוקן צו אַלץ, און יעטװעדע זאַך באַטראַכטן, „יעדעס װינקעלע, איטלעכעס ברעקעלע באַזונדער". „ער, מיט זײַן שאַרף אויג, קאָן גאָר אַנדערש אויספֿאָרשן אַ זאַך, ער נעמט עס פֿון אַלע זײַטן דורך און דורך, ער קריכט אַרײַן טיף טיף אינעם תהום פֿונעם לעבן אין דער ייִדישער גאַס".

„און פֿאַר זײַנע אויגן װערן אויפֿגעדעקט נאָר באַהאַלטענע זאַכן, װאָס זײַנען לחלוטין פֿאַרדעקט פֿאַר אַנדערע מענטשן". דערנאָך װײַזט ראַװניצקי אָן, אויך בקיצור, „װי אַזױ" מענדעלע דערצײלט. ראַװניצקי באַװוּנדערט מענדעלעס געצײלטע װערטער, ער באַװוּנדערט װי „אַלץ (איז) בײַ מענדעלען געװויגן און געשליפֿן, געמאָסטן און געטאָקט", װי דער קינסטלער האָט „דעם גאַנצן אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך" בײַ זיך אין דער האַנט, װאָס יעדע זאַך האָט בײַ אים אַ מיין, אַ טיפֿע כּוונה און װי אַזױ „זײַנע פּסוקים לאָזן הערן צװײ זאַכן מיטאַמאָל, אויסער

דעם פשוטן פשט פון אויבן, ליגט נאָך דאָרט באַהאַלטן אינעווייניק אַנדערע רמזים און סודות״...

ווען ער כאַראַקטעריזירט מענדעלען, דריקט ער זיך אויס וועגן אים — ער איז „אַ דענקער, אַ סאַטיריקער און אַ פּאָעט״. און ווײַטער זאָגט ער וועגן אים: „דאָס אַלץ אינאיינעם צונויפגענומען, צוזאַמענגעשמאָלצן, און אויף דעם אַלעמען ליגט זיך אויסגעגאָסן אַ זעלטענע חתימה, גאָר לחלוטין אַן אָריגינעלע, און דערצו אַן עכט יידישע חתימה״...

נאָך דרײַ זײַטן מיט אַלגעמיינע הנחות, נעמט ער זיך פאַנאַנדערגלידערן מענדעלעס „קליאַטשע״. פאַר ראַווניצקין איז די „קליאַטשע״ מענדעלעס מײַסטערווערק, מענדעלעס „שיר השירים״. דאָ, אין דער „קליאַטשע״, פעלן מענדעלעס געוויסע חסרונות. ראַווניצקי איז דער ערשטער אָנצוווײַזן די חסרונות: מענדעלעס סיפּור איז ניט אויסגעגאָסן אין איין פאָרם, נאָר אַלץ איז ביי אים „פון צונויפגעשטעלטע שטיקלעך, פון צוגעקינצלטע אינטריגעס״. „עס ציט זיך אים ניט איבער דעם סיפּור — שרײַבט ראַווניצקי — אַ דורכגעשנורעוועטער גלײַכער און גלאַטער פאָדעם, עס זעען זיך אַרויס די געמאַכטע קניפּ אָפּטמאָל גאָרנישט בריה׳ש״. ראַווניצקי איז אין תוך באַגײַסטערט פאַרן גרויסן מייסטער. ער ווײַזט אָבער אָן, ווי בײַ מענדעלען ריידן „אָפט די פאַרשוינען גאָרנישט אויף זייער שטייגער ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט ריידן״, מענדעלע אַליין „לאָזט זיך הערן אומעטום״, „אין יעדן פרעמדן שמועס ווײַזט ער זיך מיט זײַן לשון, מיט זײַן גאַנצן סגנון״.

אָט־די פעלערן זײַנען נישטאָ אין דער „קליאַטשע״. און דאָס איז אַ גרויס געווינס אין ראַווניצקיס אויגן. פון דער אַנדערער זײַט שטייט „די קליאַטשע״ העכער פאַר מענדעלעס אַנדערע ווערק מחמת דעם וואָס דאָ זײַנען נישטאָ קיין באַזונדערע דיבורים מיט באַהאַלטענע כוונות. דאָס ווערק איז אינגאַנצן איין שטיק אַלעגאָריע, איבער גאָר אַ הויכן ענין, און דעריבער ווײַזט זיך דאָ מענדעלע אַרויס „מיט זײַן גאַנצן כוח און גלאַנץ״.

נאָך אָט־די באַטראַכטונגען קומט אַ לאַנגער שמועס וועגן דער אַלעגאָריע גופא. און דער שמועס איז באמת אַ זייער אינטערעסאַנטער, מיט אַן אַ שיעור אָנדײַטן.

אויף צוויי חסרונות אין דעם מײַסטערווערק ווײַזט ער אָן גאַנץ טרעפלעך. דער ערשטער חסרון איז דעם מחברס שאַרפער איבערגאַנג (אין עטלעכע ערטער) פונעם משל צום נמשל. למשל — אינעם קאַפּיטל „זי איז קוים לעבעדיק פון זייער העגט אַרויס", ווו די קליאַטשע דערציילט „פון די פאַרשווינדלעך, וועלכע האָבן זי ערשט נישט לאַנג פאַרמוטשעט". ראַוויניצקי ווײַזט אָן: דאָרט גייט מענדעלע אַביסל ווײַט אַוועק „פונעם כלל צום פּרט", ער שטעלט זיך צופיל אָפּ אויף איינצלנע פּערזאָנען. דעם צווייטן חסרון זעט ער אין דעם, וואָס אין בוך געפינט זיך ווינציק פּאָעזיע. און פּאָעזיע אין פּראָזאַישע ווערק האָט בײַ ראַוויניצקין געמיינט — מאָלן די נאַטור. אין פּרט פּאָעזיע שטעלט ראַוויניצקי מענדעלעס „פּישקע דער קרומער" העכער פאַר דער „קליאַטשע". דאָך ווײַזט ער אָן ווי פּרעכטיק מענדעלע באַשרײַבט דעם וואַלד בעת אַ שטורעם.

ראַוויניצקי האָט זיך פאַרנומען אויפן דרך „צוצוגיין נעענטער צו אַ ווערק און עס „פאַנאַנדערגלידערן". דערמיט האָט ער בפירוש געשאַפן דאָס, וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטערן נאָמען קריטיק. מיט באַגרענעצטע מיטלען האָט ער זיך באַמיט אויפדעקן ליטעראַרישע ווערטן. און ער האָט עס דערגרייכט. זײַנע באַגריפן וועגן קריטיק האָבן געפירט דערצו. אויך — זײַן אופן אַנאַליזירן, כאַראַקטעריזירן די אויספירן, אורטיילן, דערהויפט וועגן ספּעקטאָרן און מענדעלען. מיטן אויסנאַם פון י. י. לערנערן איז ראַוויניצקי אין די אַלע פּרטים אין זײַן צײַט געווען אַ יחיד במינו, אַ מענטש, וואָס האָט געהאָלפן אַוועקשטעלן, באמת אַוועקשטעלן, די ייִדישע קריטיק אויף אַ נײַעם יסוד, אויף אַנאַליז. ער האָט געהאָלפן שאַפן אַ נײַעם צווײַג אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ליטעראַטור־היסטאָריש איז ער נישט געווען דער ערשטער, אָבער ליטעראַטור־קריטיש און עסטעטיש איז אָט דער „אוטיליטאַריער", אָט דער „פאָלקספרײַנד", געווען צווישן די ערשטע ייִדישע פּיאָנערן קריטיקער אין פולן זינען פון וואָרט.

# גײַסטיקע ירושה

אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן אין די 90ער יאָרן איז יואל ענטין געווען אַ חד במינו. זײַן אַרבעט איז געווען אַ פּיאָנערישע. פּיאָנעריש איז אויך געווען זײַן ניוואָ אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אין ייִדישן טעאַטער. ער איז אַ פּיאָנער אין דער שפּעטערדיקער ייִדישער שול־באַוועגונג. דאָס אַלץ האָט אין אים געלעבט האַרמאָניש. דאָס איז, אײגנטלעך, געווען איין אויסדרוק פון אַ סך נייטן. און אַ געוויסע לאָגיק, אַ געוויסע געזעצמעסיקייט איז פֿאַראַן אין אָט־דעם פּילזײַטיקן אינטע־רעסאַנטן פּיאָנער. מיטן אויסנאַם פון אַלעקסאַנדער האַרקאַווי איז ער געווען אפשר דער ערשטער באַוווּסטזיניקער ייִדישיסט אין אַמעריקע. זיכער — דער ערשטער ייִדישער קולטוריסט אין אונדזער איצטיקן באַ־גריף פון וואָרט.

דאָס גאַנצע ראַדיקאַלע ייִדישע לעבן אין די 90ער יאָרן איז גע־שטאַנען אונטערן צייכן — „האָמאָ עקאָנאָמיקוס", „עקאָנאָמישער דע־טערמינאַציע". די גאַנצע אַרבעטער און ראַדיקאַלע אינטעליגענץ איז געווען דורכגענומען מיט אוטיליטאַרישע באַגריפן וועגן קולטור. קולטור האָט בײַ זיי געמיינט אַ ווירדיקן בלײַ־זײַן אין די אַרבעטער־הענט אין קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן יאָך.

אויך ענטין איז אין אַ געוויסער מאָס געווען אַן אוטיליטאַריער. אָבער גאָר פון אַן אַנדערן מין. נישט דער ביטערער עקאָנאָמישער מצב פון די ייִדישע מאַסן, נישט די פינצטערע עקספּלואַטאַציע האָט אים גע־טריבן דינען דעם פאָלק. דער דראַנג צו פאַרשפּרייטן וויסן, אויסצו־איידלען דעם פאָלקס נשמה האָט אים געצווונגען צו טאָן ליטעראַרישע

און קולטור־אַרבעט. וויסן בײַ ענטינען האָט נישט געמיינט בלויז — האָבן אַ געוועהר אין האַנט און מיט אים פֿאַרבעסערן די עקאָנאָמישע מערכה. פֿאַר אים האָט וויסן געמיינט אי דאָס און נאָך עפּעס: דערהייבן דעם מענטש, פֿאַרוואַנדלען אים אין אַ העכער וועזן און פֿאַרמערן יושר און שיינקייט. וויסן איז נישט נאָר אַ מיטל צו אַ ציל אָדער אַ פּועל־יוצא, נאָר אַ ציל פֿאַר זיך אַליין. אייגנטלעך, האָט אים אינטערעסירט דער גײַסטיקער אינהאַלט אין יעדער דערשײַנונג, דער טיפֿערער זינען. ענטין האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט אויסאיידלען דעם געשמאַק פֿון ייִדישן אַרבעטער, פֿאַרענטפֿערן זײַנע קולטור־באַדערפֿענישן און אַנטוויקלען זײַן ליבע צו שיינקייט. אַ מאָדנער אוטיליטאַריער איז ענטין געווען. ער האָט געטראַכט אין טראַדיציאָנעל־ייִדישע און עסטעטישע קאַטע־גאָריעס. ביידע זאַכן זײַנען געווען אויסטערליש פֿאַר יענער צײַט. אָבער די נטיה צו גײַסטיקע אינטערעסן איז געלעגן אין ענטינס בלוט. דאָס איז געווען זײַן לעבן.

ביאָגראַפֿישע פּרטים קענען זייער אָפֿט דערקלערן אַ מענטשנס האַנד־לונגען. זייער אָפֿט — זײַן גאַנצן מהות. ענטינס חלומות און אינטערעסן ליגן טאַקע פֿאַרוואָרצלט אין זײַן אָפּשטאַם און קינדהייט. ער רעדט וועגן דעם אין זײַנע בעלעטריסטישע זאַכן. און דאָס איז נישט קיין צופֿאַל. און נישט נאָר וואָס ער רעדט וועגן דעם איז וויכטיק. דאָס וואָלט מען גע־קענט אָננעמען ווי זכרונות אָדער שאַטנס פֿון דעם וואָס עלטערע מענטשן האָבן דערציילט וועגן זײַן קינדהייט. וויכטיק איז דאָ אַ געוויסער תוך, וואָס ער וויל שטענדיק אַרויסברענגען, און נאָך וויכטיקער — דער אופֿן ווי אַזוי ער ברענגט עס אַרויס. עס איז כדאַי זיך אָפּשטעלן אויף דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן פּרט. מ׳דאַרף אָבער געדענקען, דער דאָזיקער וויכטיקער פּיאָנער־קריטיקער און קולטור־בויער אין אַמעריקע האָט זײַן בעלעטריסטיש שאַפֿן כמעט אינגאַנצן אָפּגעגעבן: די זכרונות וועגן זײַן קינדהייט, באַשרײַבן ייִדישע יום־טובים און דעם ייִדישן אַמאָליקן שטיי־גער־לעבן. און דאָס האָט ער געטאָן בעת די ראַדיקאַלע וועלט האָט געפֿירט מלחמות קעגן גאָט, אמונה, טראַדיציע און ייִדישן לעבנסשטייגער. אין דעם ליגט טאַקע דער שליסל צו ענטינס פּערזענלעכקייט, צו זײַן גאַנצער

פּרוכפּערדיקער ליטעראַרישער אַרבעט און צו זײַן אַרבעט לטובת דער יידישער קולטור.

אין זײַן קינדהייט האָט ענטין געלעבט אין אַ טיף־יידישער אַטמאָס־פערע. דער פרום־טראַדיציאָנעלער שטייגער איז געווען דער הויפּט־אינהאַלט פון דעם דאָזיקן לעבן. נאָכמער — דער ריין־גײַסטיקער. רעליגיעז־גײַסטי־קער תכלית איז איז זײַן משפּחה געווען אי די כוונה, אי דער טיפסטער זינען פון לעבן.

די אַטמאָספערע צווישן די ראַדיקאַלן אין אַמעריקע אין די 90ער יאָרן איז געווען אינגאַנצן אַ קאָסמאָפּאָליטישע, אַן אַנטי־רעליגיעזע, אין בעסטן פאַל — פרעמד דעם יידישן טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער. און אין דער דאָזיקער סאָציאַליסטיש־טרעיד־יוניאָניסטישער אַטמאָספערע האָט זיך אַנטוויקלט דער יונגער זוכנדיקער ראָמאַנטיקער און דער נעכטיקער חיבת ציוניק.

## אין דער ראָם פון צייט

ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען — אָט־דער כמעט ערשטער יידישיסט און, זיכער, דער ערשטער יידישער קולטוריסט אין אַמעריקע, האָט אָפּגעדרוקט זײַן ערשט ליטעראַריש ווערק דווקא אין ענגליש. דאָס איז געווען אַ ליד וועגן דער ערשטער־מאַי־פּראָצעסיע, — געדרוקט אין דעם וואָכנבלאַט „דהי פּיפּל", אָפיציעלן אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי (סאָושעליסט לייבאָר פּאַרטי). די אונטערשריפט בײַם ליד איז באַשטאַנען פון צוויי ענגלישע אותיות — „אי" און „דזשעי" (ענטין דזשאָועל). דערשינען איז דאָס ליד אין חודש מאַי 1896.

זומער, דעם זעלביקן יאָר, דרוקט ער אין דער זונטיק־אויסגאַבע פון „אַבענד־בלאַט" זײַן ערשטע אַרבעט אין יידיש — אַן איבערזעצונג פון עדוואַרד באַרעט טיילערס „פּרימיטיווע קולטור" (פּרימיטיוו קאָלטשאָר). ער נעמט דאָרטן אַרויס די מעשה בראשית בײַ די מאָאָרן. אין יענער צײַט האָט מען זיך אינטערעסירט מיט די באַשאַף־מעשיות בײַ פאַרשיידענע פעל־קער. געטייטשט האָט מען זיי על־פּי שכל אָדער על־פּי פאָלקלאָר. דער־

מיט האָט מען געוואָלט אָראָפּנעמען דעם הייליקן שלייער פון דער שענס־טער מעשה אין דער וועלט.

אין עטלעכע וואָכן אַרום זעצט ער איבער דעליאָנס אַרטיקל וועגן סאָציאַליזם, אַלץ אונטער די ענגלישע אותיות „אי. דזשעי". שפּעטער זעצט ער איבער דיקענסעס „איטענסווילס עלעקשאָן".

אָבער זײַן ערשטע אָריגינעלע זאַך אין יידיש דרוקט ער איז 1897 וועגן טעאַטער. מיט אָט־דעם ענין האָט ער זיך באַשעפטיקט דאָס גאַנצע לעבן. די זאַך הייסט „וואָס האָט מען פון טעאַטער?", געדרוקט אין דער „פרײַער יודישער פאָלקסביהנע" (34 זז.). זי איז טאַקע אַרויס אונ־טער יואל ענטינס רעדאַקציע. ווי קומט אַן אָנפאַנגער ווערן אַ רעדאַקטאָר פון אַ שריפט מיט דער חתימה פון געזעלשאַפטלעכער אחריות? די סיבה ליגט אין דעם ווי אַזוי עס האָט זיך אַנטוויקלט די טעאַטער־געזעלשאַפט „די פרײַע יידישע פאָלקסבינע".

דער יידישער טעאַטער אין די 90־ער יאָרן האָט, באמת, אַרויסגע־רופן צום לעבן דעם פאַריין „די פרײַע יידישע פאָלקסבינע". עס איז אַ דבר ידוע, אין יענער צײַט איז דער יידישער טעאַטער געשטאַנען אויף אַ זייער אַון זייער נידעריקער מדרגה. וועגן איינעם, דעם ענערגישסטן פּיעסן־ליפעראַנט אין יענער צײַט, דריקט זיך אויס אב. קאַהאַן, איינער צווישן די ערשטע טעאַטער־רעצענזענטן: „דיזע „היסטאָרישע אָפּערעס" זײַנען געווען אַן „ערפינדונג" פון „פּראָפעסאָר" הורוויץ, און זיי האָבן דערגרייכט די נידעריקסטע מדרגות פון אונזין און געשמאַקלאָזיקייט, צו וועלכער דער יידישער טעאַטער איז ווען־עס־איז דערגאַנגען" („בלעטער פון מײַן לעבן", ב. 2, ז' 384). און אין דער „פרײַער יודישער פאָלקס־ביהנע" (1897) זאָגט די הקדמה „אונדזער פּלאַטפאָרם" וועגן דעמאָלטיקן יידישן טעאַטער: „אַנשטאָט צו ווערן איינע שולע פון ערציאונג, פאַלט דער טעאַטער מיט יעדן יאָר, און ווערט אַ שולע פון פאַרדאָרבנהייט". און די „פרײַע יידישע פאָלקס־בינע" דערקלערט: זי קומט צו קעמפן פאַר אַ בעסערן יידישן טעאַטער, וואָרן ער „איז איינע פון די מעכטיקסטע מיט־לען צו קולטיווירן דאָס פאָלק".

די איניציאַטאָרס זײַנען גאָר געווען צוויי רוסן, רעוואָלוציאָנערן. זיי האָבן זיך פון קובא דערשלאָגן קיין ניו־יאָרק. איינער איז געווען

אמאָל אַן אָפּיצער אין דער צאַרישער אַרמיי; דער צווייטער — אַ קינסטלער. דער באַוווּסטער פּאַרלעגער עוואַלענקאָ, דער געהיימער אַגענט פאַר דער צאַרישער אָכראַנע, האָט זיי געבראַכט אין דער רוסישער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט (רוסקאַיע סאָציאַל־דעמאָקראַטיטשעס־קאַיע אָבשטשעסטוואָ). צווישן אַנדערע האָבן אויך זיי געהאַלטן דאָרטן לעקציעס. אָבער דער סאַמע פּאָפּולערסטער לעקטאָר איז געווען יעקב גאָרדין. ער האָט דעמאָלט געהאַלטן אַ סעריע לעקציעס וועגן שעקספּירן, מאָליערן, טאָלסטאָיען. איינמאָל קומען די צוויי רוסן צו זײַנער אַ לעקציע וועגן „קעניג ליר״. דער אָפּיצער־רעוואָלוציאָנער האָט שוין דעמאָלט גע־האַט געזען דעם יידישן טעאַטער אין ניויאָרק. נאָך דער לעקציע איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַזעלכע דיבורים: „וואָס? וועגן שעקספּירן? עס זײַנען דאָ מענטשן, וואָס קענען אַזוי פֿײַן ריידן וועגן שעקספּירן און עס זײַנען דאָ מענטשן, וואָס ווילן הערן אַזעלכע לעקציעס, און גיט אַ קוק וואָס פאַר אַ טעאַטער איר האָט. אָט דאָס איז אַ טעאַטער? שעמען מעגט איר זיך״. האָט מען תיכּף אויפן אָרט באַשלאָסן: מ׳דאַרף זוכן מיטלען ווי אַזוי רעפאָרמירן און אויסבעסערן דאָס יידישע טעאַטער. און דער רעוואָלוציאָנער־אָפּיצער קאָנסטאַנטינאָוויטש איז געוואָרן אַקטיוו אין דער נײַער גרופּע. געווען איז דאָס אין יאָר 1896. ענטין האָט זיך שטענ־דיק אַרומגעטראָגן מיט דעם זעלביקן געדאַנק. ווען ער האָט דערהערט וועגן דעם נײַעם פאַריין, וואָס וועט קעמפן פאַר אַ בעסערן יידישן טעאַטער, האָט ער זיך אַרײַנגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט לײַב און לעבן. ער ווערט סעקרעטאַר פון פאַריין, האַלט דאָרטן זײַן ערשטע לעקציע וועגן „מעדעאַ״. בעת מע באַשליסט אַרויסגעבן אַ זאַמלבוך אונ־טערן זעלביקן נאָמען, קלײַבט מען אויס צוויי רעדאַקטאָרן: יואל ענטינען און באָריס באָגינען, דעם שפּעטער באַוווּסטן דזשאָינט־פירער. גאָרדינען האָט מען נישט געקענט רעקאָמענדירן פאַרן רעדאַקטאָר, אין זײַן נאָמען האָט מען דאָך געזאָלט פירן דעם קאַמף קעגן אַלטן טעאַטער. און דאָ מאַכט זיך — די צוויי דערווײַלטע רעדאַקטאָרן קענען נישט אויסקומען צווישן זיך. באָגין דערווײַטערט זיך און ענטינען קומט אוים צונויפצו־שטעלן דאָס זאַמלבוך. פאַר דעם דאָזיקן זאַמלבוך האָט ענטין באַאַרבעט אַליוועד גאָלדסמיטס „טראַגעדיע און קאָמעדיע״, ער שרײַבט די אָפּטיי־

לונג „געדאַנקען און טעאַטער־אַנעקדאָטן" און זײַן ערשטע אָריגינעלע אַר־בעט „וואָס האָט מען פון טעאַטער?" מיטן אויסנאַם פון ליעסינס ליד „אָסיען־מאַטיוון" און הארקאַווים „איז יִידיש אַ שפּראַך פיר דראַמאַ" געהערן די איבעריקע זאַכן צו יעקב גאָרדינס פּען: „די פּלאַטפאָרמע פון פּאַראַיין" (נישט אונטערגעשריבן דער נאָמען), „דער רוסישער ייִד שטאַרבט" (עפּילאָגן פון אַ רעאַליסטישער פּיעסע), „האַלדעק איז נפטר געוואָרן" און אַ רעצענזיע איבער דער זאַמלונג — „דיא אידישע ביהנע".

אין דעם זעלביקן יאָר דרוקט ענטין ליטעראַטור־קריטיק און בע־לעטריסטיק. אויף די דאָזיקע דרײַ הויפּט־ליניעס — טעאַטער, ליטעראַ־טור־קריטיק און בעלעטריסטיק — הייבט ער זיך אָן צו באַוועגן. חוץ דעם איז ער פאַרנומען ווי אַן איבערזעצער, פּובליציסט, געזעלשאַפטלע־כער טוער, ער קעמפט פאַר מאָדערניזם, פאַרלייגט דעם יסוד פאַר דער מאָדערנער ייִדישער שול־באַוועגונג אין אַמעריקע. ער וועקט דאָס נאַציאָ־נאַלע באַוווסטזײַן בײַ די מאַסן. די אַלע טעטיקייטן זײַנען געווען אייגנ־אַרטיקע. באַזונדערס — אין דער דעמאָלטיקער קאָסמאָפּאָליטישער, אַסי־מילאַטאָרישער אַטמאָספערע צווישן ייִדישע ראַדיקאַלן. און אַלץ האָט געשטימט אין דעם דאָזיקן איבערגעגעבענעם לערער, מדריך און פּיאָנער. אין דעם כּאַאָטישן לעבן אָן טראַדיציעס, אין ים „קאָלאָניאַלע זיטן" און „אַפּיקורסות" האָט ער מיט ציין און נעגל זיך אָנגעהאַלטן אָן די טיפע וואָרצלען ייִדישער טראַדיציע. נישט די מעכאַנישע רגילותן אין דער טראַדיציע, האָבן אים געצויגן, נאָר עפּעס, וואָס איז געווען זײַן צווייטע נאַטור. דאָס איז געווען זײַן נטיה צו גײַסטיקע ווערטן, צו אַלץ, וואָס איז געווען אידעאַליזירט און אפילו איראַציאָנאַל. מע דאַרף געדענקען, זײַן סביבה איז געווען ראַציאָנאַליסטיש, דעטערמיניסטיש און פאַרשאַרפט־רעוואָלוציאָנער.

ווען מע באַטראַכט ענטינען דעם בעלעטריסט, ליטעראַטור־קריטי־קער און טעאַטער־קריטיקער, זעט מען ערשט אײַן וואָס פאַר אַן אייגנ־אַרטיקער עקשנותדיקער מענטש ער האָט געמוזט זײַן, כּדי אָנהאַלטן זײַן דרך אין ייִדישן לעבן. אין דעם זעט מען אויך — זײַנע ליטעראַרישע פאַר־דינסטן.

יואל ענטין

# בעלעטריסט

אין זײַן ערשטער בעלעטריסטישער ארבעט קען מען זען ענטינס ראָמאַנטיזם אַ סך בולטער ווי אין זײַנע ערשטע קריטישע אַרטיקלען. ער האָט געשריבן זײַנע בעלעטריסטישע זאַכן אין אַ סענטימענטאַלן טאָן, אין אַ טאָן, וואָס אידעאַליזירט דאָס יידישע לעבן. געשריבן זײַנען זיי ווי דערינערונגען, בילדער פון קינדהייט, יידישע יום־טובים און אַמאָליקן לעבנסשטייגער. און איבער זײַן ראָמאַנטיזם שוועבט תמימות.

ווען מע לייענט זיי איצט נאָכאַנאַנד — צעוואָרפן אין צײַטונגען און זשורנאַלן — זעט מען אײַן ענטינס כוונה: באַווײַזן די שיינקייטן אין יידישן לעבן. אין דעם זינען איז ער געווען צווישן די גאָר ערשטע, און אפשר אונדזער ערשטער בעלעטריסט־ראָמאַנטיקער אין אַמעריקע, וואָס האָט פאַרהערלעכט דאָס יידישע לעבן. און דאָס האָט ער געטאָן בעת די יום־כפור־בעלער און די „תפילה־זכות" האָבן אַרויסגערופן דעם אַנטי־טראַדיציאָנעלן געמיט־צושטאַנד צווישן די יידישע מאַסן. און אויב די סאָציאַליסטן, להיפוך די אַנאַרכיסטן, זײַנען געווען קעגן די יום־כיפור־בעלער, האָבן זיי אָבער פאַרלייקנט דאָס יידיש־טראַדיציאָנאַלע אַ פשיטא שוין, דאָס רעליגיעזע לעבן. און דאָ באַווײַזט זיך ענטין, טאַקע אין די סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע צײַטונגען און זשורנאַלן מיט זײַן אידעאַליזירן דעם יידישן לעבנס־שטייגער.

זײַן ערשטע בעלעטריסטישע זאַך האָט ער אָפּגעדרוקט אין „פ אָ ר־ וו ע ר ט ס", דעם 13־טן און 14־טן סעפּטעמבער, 1897, אונטערן נאָמען „צוויי בילדער". ער הייבט אָן די „בילדער" אַזוי:

„איך ליג אַלץ און קוק אויף דעם גרינעם בית־עולם־באַרג. אין דער פרי, ווי איך כאַפּ זיך אויף פון שלאָף, דערזע איך גלײַך דעם באַרג אַ באַגאָסענעם מיט דער זונס העלער ליכטיקייט. בײַ דער נאַכט, אַ לאַנגע צײַט איידער מײַן ביטערער הוסט לאָזט מיך אַנטשלאָפן ווערן, קוק איך ווידער אויפן באַרג, ווי ער ליגט זיך איבערגעצויגן מיט די שאָטנס פון זײַן אייגענער משונהדיקייט.

דער באַרג דערוועקט אין מיר פיל מחשבות... ער דערמאָנט מיך אָן זאַכן, וואָס האָבן זיך געטראָפן העט, העט, ווי לאַנג... נאָך גאָר אין מײַנע קינדער־יאָרן. אָבער מער פון אַלץ דערמאָנט ער מיך אָן ציביקאָוועקער בית־עולם און אָן דאָס, וואָס איז מיט אים צונויפגעפלאָנטערט אין מײַן זכרון. עפּעס אַ מין רוח נבואה כאַפּט מיך אָן, און טראָגט מיך אַוועק אין דער ליטע, אין מײַן ערשטער היים. אָט בין איך לעבן געבורט־שטעטעלע. פון ווײַטן זע איך אונדזער בית־הקברות — אַ היפּשן בערגל, ווילד באַוואָקסן מיט הויכע גראָזן, מיט אַלטע זייער דיקע סכך־ביימער, בעריאָזעס, ריאַבינעס און פילע אַנדערע ביימער... די בערגעלע קוקט אַראָפּ אויף מיר מיט אַ פּנים פון אָן אַלטן באַקאַנטן: מײַנע זיידעס און עלטער־זיידעס ליגן באַהאַלטן אין איר שויס: דאָך שרעקט מיך די בערגל, און וועקט אין מיר אויף טרויעריקע געפילן. זיי דערמאָנען מיך אָן די מתים, וואָס קומען בײַ דער נאַכט צוגיין אָנגעטאָן אין קיטלען; אָן דעם מלאך־המוות מיט זײַן גוף פול מיט אויגן, מיט זײַן לאַנגן חלף, מיט זײַן צעבער בלוט..."

ער באַשרײַבט אַ תשעה־באב אויפן בית־עולם. דער גאַנצער עולם יידן און יינגלעך אין זאָקן גייען אויפן גוטן אָרט. מע היט זיך „נישט אַרויפטרעטן אויף אַ קבר, חלילה". ער באַשרײַבט די בערגלעך, די מצבות...

„די אַלטע יידן צעזייען זיך אויבן־אָן אין די רומיזשניקעס פון בית־עלמן, אין ווילדע ערטער, אין סטיעזשקעס, וואָס ווײַזן אונדז יינגלעך אויס ווי אַ ווײַטער, פאַרבאַהאַלטענער געגנט, וווּהין מיר טאָרן נישט אַרײַנטרעטן.

די יינגלעך פאַרבלײַבן פון פאָרנט, נישט ווײַט פון אוהל. מיר זוכן אויס די קברים פון אונדזערע פאַרשטאָרבענע טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער, פעטערס, מומעס, און מיר צעברעכן אונדזערע הילצערנע, שיין־אויסגעשניצטע שווערדלעך אין צווייען, און מיר שטעקן זיי אַרײַן די בערגלעך זאַמד און מיר פילן דערבײַ ווי מיר וואָלטן אונדזערע פאַרשטאָרבענע קרובים געבראַכט אַ גאָשצענעס".

אין זײַן לירישן טאָן דערציילט ער ווי די אַלטע ייִדן „זאַמען זיך... זוכן אָפּ אַלטע פאַרגעסענע קברים און ווײַזן זיי צו די ייִנגערע ייִדן, אום זיי זאָלן וויסן וווּ ווער עס ליגט, און זאָלן עס ווײַזן די נאָך ייִנגערע דורות, ווען די אַלטע ייִדן וועלן שוין אויך ליגן אויפן גרינעם באַרג". די ייִנגלעך שטייען פון ווײַטן און הערן זיך אײַן ווי די אַלטע שמועסן.

נאָכדעם באַשרײַבט דער מחבר ווי אַזוי די כהנים זיצן אויפן פּלויט, וואָס אַרום דעם בית עלמין, קוקן פון ווײַטן אויף די קרובימס קברים, און וואַגן נישט אַריבער דעם פּלויט. ער באַשרײַבט אַ סצענע מיט אַ כהן אַ ליץ. דער כהן רופט אַרויס אַ געלעכטער מיט זײַן שרײַען צום פאַרשטאַר־בענעם ניסל דעם מעשוגענעם, וואָס ליגט דאָ נישט ווײַט פון אַ בערגל. נאָכדעם באַשרײַבט ער ווי מע קערט זיך אום אַהיים. די שמועסן צווישן די אַלטע ייִדן וועגן די טויטע. די קינדער לצעווען, שטיפן, וואַרפן זיך מיט באַדיקעס. אויפן וועג באַגעגענען זיי „די ווײַבער גייענדיק אויפן בית־עולם, מיט פאַרטיקע טרערן, און מיט פאַרקרימטע צורות".

דאָס צווייטע בילד איז ווידער אַ בית־עולם באַשרײַבונג וועגן דעם ווי דער שמש און אַ גאַנצע כאַליאַסטרע ייִנגלעך זײַנען מקבר די שמות. „עפּעס אַ ראש חודש סוף־זומער, אָדער אַ טאָג אין סוף־זמן... דער יום־טוב איז וואָס מען איז הײַנט מקבר די שמות".

די ייִנגלעך לויפן איבער די הײַזער, קלײַבן צעבראָכענע לייטענע הלאָקעס, קריגלעך און אַנדערע כלים. נאָכן דאַווענען, אונטער דעם שמש'ס השגחה, עפנט מען דעם דיל פון באַלעמער, מע נעמט פון דאָרטן אַרויס די שמות און מע פּירט זיי אויפן הייליקן אָרט. הײַנט האָט מען נישט מורא פאַרן שמש. הײַנט קוקט ער מיט צערטלעכקייט אויף די „שקצים", ער לאַכט צו זיי אונטער.

„מיר זעען פון ווײַטן ווי בײַ אים אונטער דער פאָלע בויטשעט זיך אַ היפּשע לײַוונטענע טאָרבע. זיי ווייסן וואָס עס ליגט אין דער טאָרבע, און זיי קוועלן פון נחת און פון די זיסע דערוואַר־טונגען...

און נאָכדעם ווי מ'גראָבט אויס אַ קבר און מ'איז מקבר די שמות „קומט אָן אַ שטילשווײַגן". „גוטמוטיק און פאַוואָלינקע בינדט

ער (דער שמש) אָפּ דעם גאַרטל, נעמט פּאַנאַנדער די פּאָלעס, נעמט אַרויס די טאָרבע, און הייבט אָן אויסצוטיילן אונדזער שכר־עבודה: וועמען אַן עפּל, וועמען אַ באַרענע, וועמען אַ פּלוים און וועמען אַ שטיקל לעקעך.

דער שמש בלײַבט נאָך אַ ביסל שטיין און באַטראַכט דעם פּאַרקאַן. דערזעענדיק, אַז ער איז שוין באַלד אינגאַנצן אײַנגעפאַלן, און אַז מע וועט דאַרפן מאַכן אַ נײַעם, שטעלט ער זיך אָפּ בײַ אַ צוויי־דרײַ מצבות, און מיטן שטעקן מאַכט ער פון זיי אַוועק די פּאַוטינע".

פּונקט אַזוי פאַרהערלעכט און אין דער זעלביקער שטימונג, שרײַבט ער אַלע זײַנע בילדער. אַזוי איז דאָס בילד „די טײַך" (פאָרווערטס", דעם 16־טן יולי, 1901). ער באַשרײַבט אָן אומדערטרעגלעך־הייסן טאָג אין תמוז. דאָס לעבן און די באַוועגונגען אַרום דעם טײַך זעט ער מיט ראָמאַנטישע אויגן:

„העי חברה, באָדן זיך! דער רבי האָט געהייסן. אויף גיך, לאָמען זיך נעמען פאַבריקעווען! — העי, שקצים, אַהערצו גייט! ווו וועט איר זיך באָדן, ווו? גערדענקט־זשע עכברשים, איר זאָלט זיך וואַשן בײַם ברעג! אָן קונצן, איר הערט? אַז איינער פון אײַך וועט זיך לאָזן צו די צוויי פאַליעס, אָדער וועט גיין אונטערן ראָד, וועל איך אים די הויט אַראָפּשינדן! איר וועט זיך נאָך דערטרינקען, אין אַלע שווארצע יאָרן.

בײַם טײַך קאָכט — ייִדן, ייִנגלעך. כאַניע ניסנס באָדט זײַן קליאַטשע, אָן אָרימע ייִדישע קליאַטשע, „אָן אײַנגעדאַרטע, מיט טיפע גריבער אין די זײַטן, מיט אַרויסגעטשאַרטשענע ביינער און מיט זייער אַ שיטערער גריווע".

נישט ווײַט פון די קונדסים שטייט דוואָשע די יאַוונטע איבער אַ שוואַרצער בהמה, וואָס ליגט אויף אַ זײַט בײַם ברעג אָזערע, לעבן די געמייזעכץ, און שמײַסנדיק זי מיט ריטער, וואָס זי האָט אַראָפּגעריסן פון די ביימער, ציט זי זיך בײַ איר אויס בעטנדיק, זי זאָל כאָטש גיין אַ ביסל ווײַטער אין וואַסער".

נאָכדעם באַשרײַבט ער ווי שטיל, פּריציש עס שווימען זיך די ענט־לעך, אויך ווי די קונדסים שטיפן בײַם ברעג טײַך, אין טײַך גופא. שיל־דערט ער אויך ווי אַזוי אַ יונגל טרינקט זיך און ווי אַזוי מע ראַטעוועט אים אַרויס. אַ סך מער לעבנסשטייגער זעט מען אין זײַן בילד „שבת בין מנחה למעריב" („פּאָרווערטס", דעם 23־טן יולי, 1901).

אין דעם דאָזיקן בילד איז כדאי זיך אָפּשטעלן נישט נאָר אויף דער מעשה מיט ר' משהן, נאָר אויפן אָנהייב און סוף בילד. פול מיט שטימונג איז דער שבת בין מנחה למעריב. די זײַטיקע באַמערקונגען זײַנען נישט סתם באַמערקונגען. זיי זיינען אָנגעפּיקעוועט מיט פאַרשיידענע באַ־טייטן, ווי, למשל, דער סאַמע אָנהייב: „שבת, זומער בין מנחה למעריב איז אַ גאָלדענע צײַט. וואָס ווייס עשו, וואָס אדום, וואָס עמלק פון אַזעלכע צײַטן ? מאַמע, מאַמע, אַ חיות גייט אַזש נאָר אַריבער איבערן לײַב, ווען מען דערמאָנט זיך נאָר".

סודותדיק, ראָמאַנטיש־פאַרטראָגן איז דאָס בילד „דער וואַלד" („פאָר־ווערטס", דעם 30־31־טן יולי 1901). ענטין באַשרײַבט דאָרטן ווי דער מאָרגן „גיט זיך אַ ריר", קאַיאָר, און ווי חברה פאַרנעמט זיך אין וואַלד קלײַבן יאַגעדעס. כאַראַקטעריסטיש איז דער אָנהייב. כמעט זײַן יעדע בע־לעטריסטישע זאַך הייבט ער אָן מיט נאַטור־שילדערונג און מיט שילדערן דעם אַרום. דאָס שאַפט נישט נאָר הינטערגרונט, נאָר אויך די אַלגעמיינע שטימונג.

ער באַשרײַבט ווי ער שטעלט זיך דאַווענען בײַם קלײַבן די יאַגדעס. ער דאַוונט אָן אַ סידור. און דאָ קומען זײַטיקע שילדערונגען. זיי מאַכן פולער און באַלעבן דאָס בילד. זיי געהערן אייגנטלעך, צו דער גאַנצער באַשרײַבונג.

אין זײַן באַשרײַבן די נאַטור, זאַכן און לעבעדיקע באַשעפענישן פילט מען אַ באַזונדערע ייִדישע אַטמאָספערע. דער עצם סיפור־המשה איז אַרײַנגעוועבט צווישן די דאָזיקע באַשרײַבונגען.

אַזוי אויך — וועגן דעם אייגנאַרטיקן ייִדישן לעבנסשטייגער אָדער באַזונדערס טיף־ייִדישע פּסיכאָלאָגישע שטריכן. און אַלץ איז פּשטותדיק ראָמאַנטיש. סײַ דער סיפור־המעשה, סײַ די באַשרײַבונגען האַלטן זיך אין איין בײַטן, זיי ווערן אַרײַנגעוועבט איינס אין צווייטן. אָט נאָך דעם

ווי ער באשרייבט די „וואראבייטשיקעס" קומט די שטעל „ותחזינה", און די דאזיקע שטעל, ווי א סך אנדערע, איז א טיף־דירנדיקע און א טיף־אמתע באשרייבונג. דאס איז דער פארבארגענער געמיט־צושטאנד ביי א פרום יידיש יונגעלע.

צו לייענען אזא דערציילונג אין „פארווערטס" אין יאר 1901 איז א חידוש. די איינציקע דערקלערונג איז, וואס דעמאלט, ווי איצט, האט מען, ווייזט אויס, בעלעטריסטן און פאעטן דערלויבט מער פרייהייט ווי עמיצן אנדערש. אזעלכע זאכן האט מען, מן הסתם, פארענטפערט מיטן ווארט — שטימונגען. ווען ענטין וואלט דעמאלט געוואלט באהאנדלען פובליציסטיש די פראבלעם „עס ציט מיך צו גאט", איז א גרויסער ספק צי די זייטן פון דעם דעמאלטיקן „פארווערטס" וואלטן פאר אים געווען אפן. אבער אחוץ דעם דאזיקן חידוש איז נאך מער חידוש ענטין אליין. ער איז, מן הסתם, געווען צווישן די גאר געציילטע און אפשר דער איינציקער סאציאליסט אין יענער צייט, וואס איז געווען טיף־יידיש גע־שטימט. און אדאנק זיין עקשנות און טיף געפיל איז ער נישט געווארן בטל בשישים אין די ברויזנדיקע כוואליעס פון דעם דעמאלטיקן ראדי־קאליזם. און עס איבערראשט טאקע זיין אויסגעשריי „גרויסער גאט, אך ווי שיין די מעשות פון די נביאים ראשונים קלינגען פארן קינדערשן שכל". אמת ער האט עס ארייגעשמוגלט אין דער ראדיקאלער פרעסע ווי שיינקייטן „פארן קינדערשן שכל". אבער די פארהערלעכונג, די כוונה, און דער גאנצער געמיט־צושטאנד איז דא א קלארער, א טיף־רעליגיעז־יידישער. מע דארף נישט פארגעסן, דאס האט געשריבן א סאציאליסט אין דעם קאסמאפאליטישן וועלטל צווישן יידישע ראדיקאלע אסימילא־טארן. דערפאר האט עס א נישט קליינעם באדייט פאר יואל ענטינס אייגנארטיקן פארטרעט.

דער ראמאנטיקער ענטין האט אין דער „נאטוראליסטישער" און „אפיקורסישער" איסט־סייד געהערט „די ווונדערבארע מעלאדיע, צעגיסנ־דיק זיך איבער דעם ברייטן ירדן..." ער האט געלעבט מיט אט־די טרא־דיציאנעל־יידישע שיינקייטן. און אין זיין בעלעטריסטיק האט ער גע־האלטן אין איין פארזייען די קערנער פון אט־דער בענקשאפט. אבער נישט זעלטן איז אים באפאלן יאוש און צער, ווי דאס געשעט מיט אן

איינזאמען, נישט פארשטאנענעם טרוימער און פארטיפטן זוכער. צוזא־מען מיט פערזענלעכע איבערלעבונגען האבן די דאזיקע געפילן געפונען א וועג אין אזעלכע פעסימיסטיש־געשטימטע זאכן ווי „א לעצטעס ווארט" (געשפראכן פון א יונגן רוסיש־יידישן זעלבסטמערדער), געדרוקט אין דער „נייער צייט", סעפטעמבער, 1898. דער וואס ווערט דורכגענומען מיט ענטינס תמימות און פשטותדיקער ערלעכקייט, דער וועט דערפילן דעם זעלבסטמערדערס מאנאלאג. דאס איז נישט געווען קיין אויסגע־טראכטע מעשה. דאס זיינען געווען ערנסטע מחשבות פון אן אנטוישטן יונגנמאן צו באגיין זעלבסטמארד. און היינעס מאטא „איין פאסטן איז וואקאנט" איז נישט קיין פראזע ביי דעם ערנסטן ענטינען. די זעלביקע שטימונג, צער און בענקשאפט נאך דעם גאנצן פריערדיקן לעבן — דאס אלץ האט געפונען א וועג אין זיינע זאכן „א גארטן" און אין דער מעשה וועגן די צוויי ישיבה־בחורים.

זיינע אלע שטימונגען אי די ליכטיקע, אי די מרה־שחורהדיקע, האט ער, בלי שום ספק, אויסגעדריקט אין דער בעלעטריסטישער פארם, מחמת א פשוטן טעם. ער האט געהאט א שטארקע נטיה צו בעלעטריס־טיק. ער איז געווען זייער סענטימענטאל און ליריש געשטימט. דער דראנג זיך אויסצודריקן האט דא געשפילט א גרויסע ראלע. אבער איין זאך קענען מיר נישט פארזען. הינטער דעם אלעם ליגט זיין אינערלעך לעבן. ער האט אפשר נישט געוואלט שרייבן די אלע בעלעטריסטישע זאכן מיט א באשטימטער כוונה. אבער אומבאוווסט פאר זיך אליין איז דא ארויסגעשוווּמען זיין וועלן פארשענערן, פארהייליקן, אידעאליזירן און ממשיך זיין אלע יידישע שיינקייטן. ער האט דאך זיי געפילט און געזען אין דעם יידישן טראדיציאנעל־רעליגיעזן לעבנסשטייגער, אין דער יידישער פסיכיק און אין יידישע יום־טובים. ווי א סאציאליסט, אן אוטי־ליטאריער, האט ער געוואלט און טאקע געשטרעבט אויסאיידלען די יידי־שע מאסן, די פארווארלאזטע, נישט־איינגעסמאלירטע אין דעם מוטוויל פון דער עמיגראציע. ער האט געהאלטן אין איין אנווייזן אויף יענע הערלעכקייטן, אויף יענע גייסטיקע וועגן, וואס קענען זיי פירן דערצו. ענטינס סאציאליזם און ענטינס געפיל פאר נוצלעכקייט איז געווען לגמרי אנדערש. און דאס איז געלעגן אין זיין ראמאנטיזם און אין

זײַנע טיפֿע רעליגיעז־ייִדישע װאָרצלען. באמת איז עס געװען אַ מין עס־טעטיש רעליגיעז־ייִדיש לעבנס־געפֿיל.

## ליטעראַטור־קריטיקער

די 80ער און 90ער יאָרן פֿון לעצטן יאָרהונדערט זײַנען די פּיאָנערן־יאָרן אין גײַסטיקן לעבן בײַ די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן אין אַמעריקע. בעת מיר האָבן אין די 80ער יאָרן געהאַט שוין קאָנטיקע פּאָעטן (ווינ־טשעווסקי, ראָזענפעלד, עדעלשטאַט), האָבן זיך דערצײלער ווייניק־וואָס אַנגעזען. און קריטיק — נישט רעצענזיעס — איז נאָך אינגאַנצן נישט געווען בנמצא. אָפּטע רעצענזיעס, וועגן טעאַטער, זײַנען דערשינען, אין דער צווייטער העלפֿט 80ער יאָרן, אין „ניו־יאָרקער יודישע פֿאָלקס־צײַטונג". צווישן די ערשטע רעצענזיעס וועגן טעאַטער געהערט אויך אַב. קאַהאַנס אַרטיקל וועגן יעקב גאָרדינס ערשטע פּיעסע „סיביריאַ" געשפּילט אין יוניאָן טעאַטער („די אַרבייטער צײַטונג", דעם 20טן נאָ־וועמבער, 1891). מיט העכער אַ יאָר פֿאַר דעם האָט „סמבטיון" (געצל זעליקאָוויטש) געדרוקט אין דער זעלביקער „אַרבייטער צײַטונג" (נומער 27) אַן אַרטיקל, וווּ ער ווײַזט אָן אויף דעם נידעריקן מצב פֿונעם ייִדישן טעאַטער. געצל זעליקאָוויטש האָט אויך געשריבן רעצענזיעס, סוף 80ער יאָרן, אין דער פֿריִער־דערמאָנטער „ניו־יאָרקער יודישער פֿאָלקס־צײַטונג".

די ליטעראַטור־קריטיק איז אויך געלעגן אין די וויקעלעך. מע האָט ערשט אָנגעהויבן דערציילן דעם לייענער וואָס עס מיינט אַ ליטעראַריש ווערק, אָנווײַזן אים אויף דעם אונטערשייד צווישן שונד און ליטעראַ־טור. און געטאָן האָט מען עס אויף אַ זייער פּראָסט־פּשוטן שטייגער. מע האָט געמוזט דערקלערן דעם עולם ווי טיף דער ייִדישער ראָמאַן איז געזונקען, ווי דאָס באַמערקט, למשל, טאַקע געצל זעליקאָוויטש אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל אין דער „אַרבייטער צײַטונג".

מע באַקענט דעם עולם סײַ מיטן עצם ענין ליטעראַטור, ווי דאָס טוט, למשל, באַראַנאָוו אין דער „אַרבייטער־צײַטונג" מיט זײַנע אַרטיק־לען „וואָס איז פּאָעזיע" (דעם 13טן מערץ, 1896), „פֿון וואַנעט האָבן זיך גענומען פּאָעטן?", נאָך ה. ספּענסערן (דעם 27טן מערץ 1896), „די

דראַמאַטישע קונסט" (דעם 10טן אַפּריל), „פון וואַנעט האָבן זיך גענו־
מען ביאָגראַפן?" נאָך הערבערט ספּענסערן (דעם 18טן מאַי, 1896)
אַא"וו. צו דעם זעלבן מין פּאָפּולאַריזאַציע געהערן אויך די אַרטיקלען,
געשריבן מיט אַ יאָר צוויי פאַר באַראָנאָוון. דאָס זײַנען: אַב. קאַהאַנס
„פּאָעזיע און ווי מע שרײַבט איר" („צוקונפט", פעברואַר און מאַי,
1894); איזאַק ספּעקטאָרסקיס „נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן פּאָעזיע"
(„צוקונפט", יוני, 1894).

אין אַנדער מין ליטעראַטור־קריטיק אין יענער צײַט זײַנען די אָפּ־
האַנדלונגען וועגן די מײַסטערווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור. צו דעם
מין געהערן, למשל, מ. לעאָנטיעווס (מ. מאַיסעיעווס) אַרטיקלען וועגן
עמיל זאָלאַס „לורד", וועגן הענריק איבסענען (ביידע געדרוקט אין המ־
שכים אין דער „פרײַער געזעלשאַפט" 1895). צו דעם זעלביקן מין גע־
הערן אויך משה קאַטצעס אָפּהאַנדלונגען.

ארום יענער צײַט, הייבט זיך אויך אָן באַווײַזן די קריטיק איבער
ייִדישער ליטעראַטור. דאָס איז דער דריטער מין קריטיק. אין דע־
צעמבער־נומער „צוקונפט" פון 1894 געפינען מיר שוין ב. גאָרינס אַר־
טיקל „די נײַע זשאַרגאָנישע ליטעראַטור", און אין 1896 לייענען מיר
דאָרטן אַב. קאַהאַנס „קריטישע סטודיעס איבער זשאַרגאָנישע מײַסטער־
ווערק. (אַפּריל, מאַי, אָקטאָבער, נאָוועמבער און דעצעמבער).

מיט יאָרן פאַר זיי האָט דוד עדעלשטאַט געשריבן פּאָלעמישע אַר־
טיקלען אין דער „פרײַער אַרבעטער שטימע": זשאַרגאָנישער דיכטער
(אויגוסט 29, 1890) און „די פּרינציפּנלאָזיקייט פון דער זשאַרגאָנישער
ליטעראַטור אין אַמעריקע" (אָקטאָבער 10, 1890).

איצט קען מען לײַכט זען די באַזונדערע נוסחאות אין יענער קריטיק.
אָבער דעמאָלט, אין די 90ער יאָרן, איז דער ענין נישט געווען אינגאַנצן
קלאָר. ער איז נישט געווען קלאָר פאַר די שרײַבער גופא. אָבער איין
זאַך האָבן זיי אַלע אָנגענומען: ליטעראַטור מוז זײַן געקניפּט און גע־
בונדן מיטן לעבן. און די אַלע מינים און שאַטירונגען אין דער אָנפאַנגע־
רישער קריטיק האָבן געהאַט איין ציל, דעם זעלביקן ציל, ווי די פריע־
דיקע משכילים האָבן געהאַט, דהיינו — ברענגען נוצן דעם פאָלק.

דעם דאָזיקן אײַנשטעל האָט אויך דער פּיאָנער־קריטיקער ענטין זיך

געמיט פּאַרפּעסטיקן אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אָבער זײַן דרך אין געווען אײַנגאַנצן אַן אַנדערער. אויבנאויף זעט טאַקע אויס זײַן קריטיק אַזוי אויפקלערעריש, ווי בײַ זײַנע בני־דור. ווען מע קוקט זיך אָבער צו, וואָס אים האָט אינטערעסירט און וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען, זעט מען עפּעס נײַעס. ער איז בשעתו געווען דער פּראָגרעסיווסטער און מאָדערנסטער קריטיקער.

אין זײַן ערשטער קריטישער אָפּהאַנדלונג וויל ער אַרויסברענגען געוויסע עסטעטישע ווערטן. ווען מע גייט אים נאָך טריט נאָך טריט, באַמערקט מען עס. די פאָרם־פּראָבלעמען אין קונסט האָבן אים נישט געלאָזט רוען. זיי האָבן געהאַט, נאָך זײַן מיינונג, די וויכטיקסטע שליחות — דערקלערן די טיפערע סודות אין קונסט. דערמיט, פאַרשטייט זיך, קען מען דערהייבן דעם פאָלקס געשמאַק און וועקן אין אים דעם באַגער נאָך העכערע ווערטן אין דער ליטעראַטור.

אגב, דער אופן ווי אַזוי ער האָט זיך באַוויזן ווי אַ קריטיקער איז זייער אַן אייגנאַרטיקער. דעם 25טן און 29טן סעפּטעמבער 1897 דרוקט זיך אין „פאָרווערטס" וואַשינגטאָן אירווינגס „די שענסטע מיידל אין דאָרף", אין ענטינס איבערזעצונג. גלײַך נאָך דעם, דעם 30טן סעפּטעמבער, דעם ערשטן און פערטן אָקטאָבער, האָט ער דאָרטן געדרוקט א. ס. טורגעניעווס „צום לעצטן מאָל געזען זיך". און נאָך די איבערזעצונגען האָט זיך באַוויזן זײַנע אַן אָפּהאַנדלונג וועגן די דאָזיקע צוויי דערציילונגען „צוויי סקיצן, אָדער די נאַראַטיווע מעטאָדע און די דראַמאַטישע מעטאָדע" („פאָרווערטס", דעם 5טן און 7טן אָקטאָבער, 1897).

ענטין האָט אויסגעקליבן די דאָזיקע צוויי דערציילונגען מחמת אין געוויסע פּרטים זײַנען זיי זייער ענלעך צווישן זיך. דער וויכטיקסטער טייל אינעם אינהאַלט איז כמעט איין און דערזעלביקער. אירווינג שילדערט אין זײַן דערציילונג ווי אַזוי אַן אָפיציר, „אַ פאַרשטייער פון דער בלומרשטיקער ציוויליזאַציע", שדכנט זיך צו אַ נאַיִוו דאָרפיש מיידל, געווינט איר האַרץ און, לסוף, פאַרלאָזט ער זי בשעת זי געפינט זיך אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג. טורגעניעוו שילדערט אין זײַן דערציילונג — אויך „אַן אומשולדיק נאַטור־קינד" אַקולינע. דאָ איז דער מענטש־אָן־רחמנות איינער אַ וויקטאָר מיטן „בלומרשט אָפּגעהובלטן לאַק", „אַ

פאַרשטייער פון דער בלומרשטיקער ציוויליזאַציע". אויך וויקטאָר פאַר־לאָזט אַקולינען בעת זי געפינט זיך אין אַ פאַרצווייפלטער, „עלנדער לאַגע".

ענטין ווײַזט אָן, ווי איןביידע דערציילונגען איז דער סוזשעט זייער ענלעך. נאָכמער — די כאַראַקטערן בײַ די צוויי מיידלעך זיינען ענ־לעך. ער שרײַבט: „ביידע זיינען זיי זייער אומשולדיק, זייער נאַיוו, זייער אָרנטלעך, זייער געפילפול. ביידע זײַנען זיי אמתע נאַטור־קינדער, ד"ה די גרויסע וועלט מיט אירע פירונגען איז נאָך צו זיי גאַרנישט צו־געקומען; ביידע האָבן געקראָגן נישט מער ווי אַן איינפאַכע דאָרפישע דערציִונג; ביידע דענקען, אַז דאָרטן, אין דער גרויסער וועלט, איז אַלעס ערהאבן, ווונדערשיין, און דאַרום ווען זיי באַגעגענען איינעם פון יענעם צויבער־קאַנט, פאַרגעטערן זיי אים. אויף די ביידע מיידלעך האָט די אַרומיקע נאַטור און דער שטילער דאָרפישער לעבן שטאַרק געווירקט, זיי זײַנען ביידע ראָמאַנטיש, ד"ה זיי זײַנען פּאָעטישע נשמות: אויער־ווינגס מיידל צײַגט עס אַרויס מיט דעם, וואָס זי בלאָנדזשעט אַרום אין „וועגעלעך און שטעגעלעך", זינגט אַלטע לידלעך, און געפינט טרייסט אין קלויסטער; און טורגעניעווס מיידל זאָגט עס אַרויס מיט דעם, וואָס זי גייט אין פעלד און רײַסט אָן קראַסקעס און קיפּייעט איבער די „פאַר־געס מיך נישט". די ביידע מיידלעך זײַנען שוואַך אין כאַראַקטער, און ווען זייער ליבע באַטריגט זיי, ווערט פון זיי ביידן אַ תל".

אחוץ די צוויי נאָרוואָס־דערמאָנטע ענלעכע פּרטים — אינהאַלט אין דער דערציילונג און די כאַראַקטערן בײַ די מיידלעך — איז פאַראַן נאָך אַן ענלעכער פּרט: דער ציל. די כוונה בײַ ביידע שרײַבערס איז: „אָפּצומאָלן אין וואָס פאַראַ גײַסטיקער רוינע דאָס נאַיווע דאָרף־קינד ווערט פאַרוואַנדלט נאָך דעם, ווי דער מער אָדער ווייניקער גרויס־שטאָטישער שפּילט זיך אָן מיט איר הארץ און וואַרפט זי אַוועק".

נאָכדעם ווי ענטין ווײַז־אָן ווי ענלעך עס זײַנען די צוויי דערציילונ־גען, פרעגט ער פאַרוואָס זיי לאָזן נישט איבער דעם זעלביקן רושם. „דער געפיל פון מיטלײַד — שרײַבט ענטין — וואָס דער לייענער פילט צו אוירווינגס מיידל, האָט געדאַרפט זײַן נישט שוואַכער פון דעם, וואָס ער פילט צו טורגעניעווס מיידל". און דאָך — מאַכט טורגעניעווס דערציי־

לונג אָן אומגעהייער־גרעסערן אײַנדרוק ווי אוירווינגס. און ענטין פרעגט: „פּאַרוואָס־זשע פילן מיר מיט אַקולינען פיל מער מיטלײַד ווי מיט אויר־ווינגס מיידל?”

ענטין באַטאָנט — די דאָזיקע „פּראַגע שטעלט זיך אַוועק מיט נאָך מער ברייטקייט, ווען מיר באַמערקן, אַז אין אוירווינגס סקיצע זײַנען דאָ אַזעלכע אייגנשאַפטן, וואָס העלפן פיל מיט, אום צו מאַכן דעם אײַנדרוק שטאַרקער און אַרויסרופן מער מיטלײַד צו די העלדינען, וועלכע אין טורגעניעווס סקיצע זײַנען נישטאָ”. און ער רעכנט דערבײַ אויס אַ צעטל סיבות.

ערשטנס, — „איז אין אוירווינגס סקיצן פאַראַן דאָ סענטימענטאַ־ליטעט: ד”ה אַז דער פאַרפאַסער גיט זיך אָפּ מיט די געפילן, אַזוי דאָס אַמאָל איז ער אַביסל מגזם, שילדערנדיק זײַן העלדינס געפילן, און אַמאָל איז ער פאַנטאַסטיש”. פאַר אַ בײַשפּיל ווי אַזוי אוירווינג איז סענטי־מענטאַל, ברענגט ענטין די „סצענע, ווו דער שרײַבער שטעלט פאַר די מיידל, ווי זי זיצט בײַם פענצטער דעם זונטיק־פאַרנאַכט ווען זי איז געשטאָרבן... באַלד האָט אין איר ווייכער, בלויער אויג גענומען ציטערן אַ טרער... וועגן וואָס האָט זי עס געקענט דענקען? האָט זי זיך דער־מאָנט אויף איר אומטרײַען ליבהאָבער, אָדער האָבן אירע געדאַנקען אַרומ־געבלאָנדזשעט אויף דער בית־עלמין בערגעלע אַרום קלויסטער, וואָס האָט באַלד געזאָלט אַרײַננעמען אירע אויסגעמאַטערטע ביינער אין שוים? נו, סענטימענטאַליטעט ווערט הײַנט באַטראַכט פאַר אַ גוטער מידה אין לי־טעראַטור. אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט די ווירקונג, וואָס ער האָט אויף די נערוון, איז די סענטימענטאַליטעט אָן צווייפל זייער ווירקזאַם”.

צווייטנס, — אוירווינגס אַ געראָטענער אײַנפאַל פאַראינטערעסירט דעם לייענער: „ער פירט דעם לייענער פריער פון אַלץ אַרויף אויף אַ בית־עלמין אין אַ כמאַרנעם טאָג, ווען „די האַרץ וויינט אין אונדז”, און ווײַזט אונדז די טרויעריקע באַגרעבעניש פון דער יונגער מיידעלע. דעם לייענער, גראַדע ווי דעם שרײַבער מוז זיך פאַרוועלן וויסן פון וואָס אַי־דאָס אַזאַ יונגע קינד געשטאָרבן? אויף אַזאַ אופן הייבט דער לייענער פון אָנפאַנג אָן צו פילן עפּעס אַ סאָרט צערטלעכקייט צו דער מיידל”.

דריטנס, — אין אוירווינגס דערציילונג פילט מען ווי אַזוי דער פאַר־

פאַסער באַציט זיך צו זײַן אומגליקלעכער העלדין: „ער רופט זי אָן מיט אַזעלכע זיסע נעמען, ער לאַסצעט זי, האַלובעט זי, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אירער אַ זיידע". ענטין גיט־צו: דאָס איז אפשר „נישט קיין כשרע זאַך אין קונסט, דען ווען דער מאָלער האָט זײַנע טיפן צופיל ליב, קען ער נישט אַלעמאָל אויסמאָלן זיי ריכטיק, דאַך ווערט דערפון דער לייענער געכאַפּט. און דעריבער קומט אויס, אַז דער לייענער האָט אויך אוירווינגס מיידל זייער האָלט, און ממילא טוט אים זייער ווייַ די האַרץ איבער איר".

פערטנס, — טורגעניעוו לאָזט איבער די אומגליקלעכע אַקולינע אַליין אין וואַלד אין שעה פון גרעסטן אומגליק. אָבער אוירווינג דערציילט אונדז די גאַנצע געשיכטע וועגן זײַן מיידל — זינט דער מינוט ווען זי אַנטלויפט פונעם אָפיציר, ביז זי שטאַרבט. ער פירט דעם לייענער אויף די „וועגעלעך און שטעגעלעך", ווו זי בלאָנדזשעט אַרום, לאָזט אים הערן אירע לידער, „וואָס זי זינגט שפּעט אין אָוונט אין שווינטאַר". ער ווייַזט דעם לייענער ווי זי בעט גאָט אין קלויסטער, ער פאַרהאַלט אים בײַ איר גסיסה און מאַכט איר צו די אויגן, ווען זי שטאַרבט.

דאָס אַלץ האָט אַ גוואַלדיקע ווירקונג אויפן לייענער. און דאַך — טורגעניעווס דערציילונג לאָזט איבער אַ שטאַרקערן, אַ טיפערן רושם ווי אוירווינגס.

מיר האָבן זיך מיט אַ כיוון אָפּגעשטעלט אויף דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג און אויף ענטינס פּראַגעס. אין זײַנע ענטפערס ליגט דער שליסל צו ענטינס קריטישן מעטאָד. אין די ענטפערס גיט ער עסטעטישע, בעסער געזאָגט, עסטעטיש־פאָרמאַליסטישע דערקלערונגען. די דאָזיקע עסטעטיש־פאָרמאַליסטישע ענינים האָט מען בשתם נישט איין מאָל אַרומגערעדט אין געווייסע אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור. אָבער ניצן זיי ווי אַ מעטאָד אין דער קריטיק, דאָס האָט ענטין צום ערשטן מאָל אײַנגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור. אין זײַנע ענטפערס רירט ענטין אָן אַ פאָרמאַליסטישע פּראָבלעם,וואָס איז פאַרבונדן מיט פּסיכאָלאָגיע פון דערציילונג און ראָמאַן — מיט דעם „רעסי", ווי די פראַנצויזן רופן עס אָן. אין ערשטן פאַל ווערט דערציילט וועגן אַ לעבן. אין צווייטן פאַל וויקלט זיך פונאַנדער אַ לעבן פאַר דעם לייענערס אויגן, און בײַם סוף

דוכט זיך אויס דעם לייענער, ווי ער וואָלט אַליין געלעבט דאָס דאָזיקע לעבן.

ענטין ענטפערט בזה הלשון: „טורגעניעוו איז הויפּטזאַכלעך אַ מאָלער, און אוירווינג הויפּטזאַכלעך אַ מעשה־דערציילער". טורגעניעוו גיט איבער די פאַקטן, „אַזוי און אַזוי האָט זיך געטראָפן". באַשרײַבן די פאַקטן איז אים מער צום הארצן. „און באַשרײַבן — זאָגט ענטין — הייסט, אייגנטלעך, אָפּמאָלן אַ בילד, וואָס אָנשטאָט קאָלירן, ליכט און שאָטן, זאָלן שטיין פּאַסנדע קרעפּטיקע אײַנדרוקספולע ווערטער". טורגעניעוו וויל נישט, מ'זאָל אים גלייבן אויפן וואָרט, מ'זאָל זיך פאַרלאָזן אויף זײַן געשמאַק. ער לאָזט דעם לייענער אַליין זען.

ענטין שטעלט זיך אָפּ אויף נאָך אַ פּונקט: „אוירווינג האָט פיל מער געערדט אין זײַן סקיצע פון דער מיידל און דעם אָפיציר, און דאָך, זײַט אַ בריה און זאָגט אדרבה אויף באַשטימט, וואָס פאַר אַן אָנבליק האָט דער אָפיציר, די מיידל?" טורגעניעוו רעדט ווייניקער וועגן וויקטאָרן און אַקולינען, — און ווי לײַכט עס איז זיך פאַרשטעלן „דעם גענויעם אויסזען פון דעם לאַקיי און די מיידל". און דער אויספיר איז: דער מעשה־דערציילער אורווינג באַנוצט זיך מיטן נאַראַטיוון מעטאָד; טורגעניעוו, דער מאָלער, מוז זיך באַנוצן מיטן דראַמאַטישן מעטאָד.

אין דעם נאַראַטיוון מעטאָד „באַגעגנט מען זעלטן־ווען אַ געשפּרעך צווישן די פּערזאָנען, וועגן וועלכע דער דיכטער דערציילט". דאָס קומט אָן דעם לייענער „נישט גלײַך פון די ליפּן פון די רעדערס נאָר דורך אַ ממוצע, דורך דעם דערציילער". אַזוי ווי דאָס קומט צום לייענער דורך אַ פאַרמיטלונג, „ווערט ער, דער געשפּרעך, אַביסל פאַרפּיאַטשקעט אויפן וועג; ער קומט צו אונדז נישט אָן אין זײַן ערשטער אומגעטשעפּעטער פרישקייט. דער דערציילער, דער שליח, גיט צו אים צו זײַנע אייגענע פּאַסיקלעך און פּינטעלעך, און מעקט אַמאָל אָפּ די פּאַסיקלעך און פּינטעלעך, וואָס די רעדערס גופא האָבן אויף אים אָנגעצייכנט". דער דראַמאַטישער מעטאָד, ווידער — דאָ, „האַלט זיך דער דיכטער אינגאַנצן באַהאַלטן פונעם לייענער; נישט איין וואָרט רעדט ער וועגן זיך אָדער וועגן די פּערזאָנען פון דער פּאָעמע: די פּערזאָנען ריידן פאַר זיך: אַמאָל צווישן אַן אַנדער, אַמאָל צו זיך אַליין". „אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע אַנט־

שפּרעכן געגצלעך, אויב זיי זײַנען נאָר גוט צוגעפּאַסט, די געפילן און געדאַנקען פון די פּערזאָנען... דען צווישן זיי, די ווערטער, און צווישן דעם צוהערער איז נישטאָ קיין דריטער צונג וואָס פאַרדרייט זיי". און ענטין פירט אויס: „די ווערטער אין אַ נאַראַטיוון סאָרט שרײַבן זיינען פיל שוואַכער, זײַנען ווייניקער מאָלעריש ווי די ווערטער אין אַ דראַמאַטישן סאָרט שרײַבן".

אין אוירווינגס דערציילונג „איז נישטאָ קיין איין וואָרט, וואָס די מיידל אָדער דער אָפיציר זאָל ריידן. בלויז אורווינג רעדט און נישט די העלדן. בײַ טורגעניעוון, ווידער, ריידן די העלדן. טורגעניעוו אַליין רעדט נאָר דאָרטן, ווו דאָס איז אַבסאָלוט נייטיק. ענטין באַקרעפטיקט די דאָזיקע באַהויפּטונג מיט געלונגענע בײַשפּילן און קומט צו דער מסקנא: „ווי איר זעט איז אוירווינגס סקיצע נישט נאָר לעבהאַפט, ווײַל די מעטאָדע, מיט וועלכער דער פאַרפאַסער האָט זיך באַנוצט, איז די נאַראַטיווע מעטאָדע, ווײַל אנשטאָט צו לאָזן די פּערזאָנען ריידן, רעדט ער אַליין. טורגעניעווס סקיצע איז קרעפטיקער, ווײַל ער אַליין רעדט כמעט נאָר ווו עס איז נייטיק פאַר אים ריידן, און ווײַטער לאָזט ער די פּערזאָנען ריידן פאַר זיך. אין קורצן, טורגעניעווס סקיצע איז שטאַרקער, ווײַל ער באַנוצט זיך פיל מיטן געשפּרעך צווישן די פּערזאָנען".

דער גאַנצער מעטאָד ענטינס איז טאַקע אַן אויפקלערערישער. ער וויל באַקענען דעם לייענער מיט ליטעראַטור־וויסנשאַפט, מיט ליטעראַטור־טעכניק, כדי דערמיט פאַרפײַנערן דעם לייענערס געשמאַק. דער דאָזיקער מעטאָד הייבט זיך אָן מיט פאָרמאַליסטישע דערקלערונגען, און ווײַטער פירט עס צו דער פילאָסאָפישער עסטעטיק. אין קורצן לאָזט זיך עס פאָרמולירן אַזוי: 1) אויב מע פאַרשטייט קלאָר די טעכניק אין ליטעראַרישע ווערק, באַגרײַפט מען בעסער פאַרוואָס איין ווערק לאָזט איבער אַ שטאַרקערן רושם ווי אַן אַנדער ווערק; 2) אַדאַנק דעם קען מען בעסער אויפנעמען און פאַרשטיין אַ סך אומפאַרשטענדלעכע זאַכן אין קונסט; 3) מע קען דורכדעם זען ווי געזעצמעסיק די קונסט איז.

דעם זעלביקן פאָרמאַליסטיש־עסטעטישן אַנאַליז נוצט ענטין ווען ער שרײַבט אויך וועגן דער דראַמע. אַזוי איז זײַן אַרבעט אין דעם „נײַעם גײַסט" (1898) „די טעכניק פון דער דראַמע" (פּרײַ באַאַרבעט נאָך גוס־

טאָוו פּרייטאַגן). אַזוי איז זײַן מער אָריגינעלע אַרבעט אין דער „פרײַער געזעלשאַפט" (פעברואַר, 1900) „דראַמאַ" (אַלגעמיינע באַטראַכטונג). אין דער אַרבעט באַרירט ער נישט נאָר די טעכניק, נאָר אויך אַ סך ברייטערע פּראָבלעמען: דעם געזעלשאַפטלעכן באַטײַט פון דראַמע, איר קראַפט, איר שיינקייט און ווירקונג.

אין זײַן בעלעטריסטיק איז ענטין איינער צווישן די ערשטע ראָמאַנטיקער אין דער ייִדישער ראַדיקאַלער אַמעריקע. און די ראָמאַנטישע נייגונגען זיינען געוואָרן קלאָר און בולט, אַביסל שפּעטער, אויך אין זײַן קריטיק. אָבער ער האָט גוט פאַרשטאַנען: טעכניק, וויסנשאַפט און פאָרמאַליזם אין דער ליטעראַטור דאַרפן גראָד נישט זײַן להיפוך „דעם ליבטיקן נעפל פון כישוף־וווּנדער, פון פּאָעזיע".

איז מעגלעך, אַז דער איידעלער ד"ר קאַספּע, ענטינס לערער, האָט אויף אים געהאַט די דאָזיקע השפּעה?

אין זײַנעם אַן אַרטיקל וועגן קאַספּען „ער האָט דערצויגן אַ דור פון דאָקטוירים" („מאָרגן זשורנאַל" דעם 3טן אָקטאָבער, 1943) דערציילט אונדז ענטין וועגן דעם גײַסטיקן אײַנשטעל אין די היגע ייִדיש־רוסישע סאָציאַליסטישע קרײַזן און וועגן זײַנע שמועסן מיט קאַספּען.

„...אין יענע צײַטן — שרײַבט ענטין — פון גליקלעכער אָנגעשיכורטקייט מיט דער לערער פון עוואָלוציע אין דער סאָציאַליסטישער וועלט... (האָט) געלעבט דער גלויבן, אַז סאָציאַליזם און נאַטור־וויסנשאַפטן, ריכטיקער דער דאַרוויניזם, און קולטור־געשיכטע זײַנען אַ מין חוט־המשולש און אַז קאַרל מאַרקסעס „קאַפּיטאַל" און טשאַרלז דאַרווינס „אורשפּרונג פון די מינים" און הענרי מאָרגאַנס „פּאַרצײַטיקע געזעלשאַפט" זײַנען אַ מין וויסנשאַפטלעכער סיאַמער דרײַלינג, נישט אָפּצורײַסן, נישט אָפּצושנײַדן, האָט קאַספּע אויך אַ סך געלערנט קולטור־געשיכטע. וואָס שײַך נאַטור־וויסנשאַפטן בכלל, איז דאָס געווען קאַספּעס לעבנס־אַרבעט, קענענדיק זיי, תמיד אַרבעטנדיק אויף זיי, בשעת דער דאַרוויניזם איז בײַ אים געווען שיעור נישט אַ רעליגיע".

„איין מאָל, געדענק איך — שרײַבט ענטין ווײַטער — אין אַ שטילפרילינגדיקן אָוונט, זײַנען מירביידע געזעסן בײַם ברעג ים, זיך געיחוסט מיט דער סודותדיקער נאַטור און געשמועסט. איך בין אַרויסגע־

טראַטן מיט אַ טענה קעגן קאַספּען און זײַן נאַטור־וויסנשאַפטלעכקייט.
זײַענדיק דעמלט אַנגעזאָפּט מיט גריכישער מיטאָלאָגיע, האָב איך גע־זאָגט: די מיטאָלאָגיע, זײַענדיק אומוויסנדיק, בלויז פּאָעטיש, מאַכט די נאַטור אַזוי שיין, אַזוי סודותדיק־וווּנדערלעך, באַלעבט זי דאָך די נאַטור, פילט זי איר יעדן קליפּערל אָן מיט וווּנדערלעכן לעבן. קומט אײַער נאַטור־וויסנשאַפט, דערקלערט אַלץ אַזוי פּשוט, אַזוי וואָכעדיק און פאַר־טרײַבט די פּאָעזיע".

פאַר ענטינען, דעם יונגן ראָמאַנטיקער, דעם סענטימענטאַלן ראָמאַנ־טיקער, איז אָט די טענה געווען אַ נאַטירלעכע. זי איז נאָך עד היום נאַ־טירלעך פאַר גאָר אַ סך מענטשן. די וויסנשאַפט, האַלטן זיי, איז בלומרשט לויטער קאָפּ־אַרבעט, זי איז מעכאַניסטיש. און דעריבער איז זי אַנטי־קינסטלעריש, אַנטי־פּאָעטיש.

פאַר ענטינען, דעם יונגן קריטיקער, איז אַלץ נישט געווען אַזוי פּשוט, אַזוי וואָכעדיק, ווי די וויסנשאַפט דערקלערט. דאָך האָבן אים אָנגעהויבן אינטערעסירן די בלומרשט טעכנישע מיטלען אין דער קונסט. שפּעטער זײַנען די דאָזיקע מיטלען געוואָרן אין ענטינס אויגן מער ווי מיטלען. אין געוויסע פּרטים זײַנען זיי פאַר אים געוואָרן ממש די יסודות אין קונסט. אין דער פאָרעם האָט ער דערזען די יצירה — געשטאַלטיקט און אויפגעשטראַלט.

ווי אַזוי איז עס געשען? אין קאַספּעס דעמאָלטיקן ענטפער ליגט די דערקלערונג.

קאַספּע האָט ענטינען געענטפערט ווי דאָס טוען אַלע טראַכטנדיקע און ערנסטע וויסנשאַפטלער. ענטין דערציילט טאַקע וועגן דעם:

„פונקט פאַרקערט", האָט קאַספּע זיך היים אָנגערופן, זיך אָננעמענ־דיק מיט באַהאַרצטער פעסטקייט פאַר די נאַטור־וויסנשאַפטן. „פונקט פאַרקערט", די נאַטור־וויסנשאַפט באַלעבט די נאַטור אויף צו אמתן, זי ווײַזט אָן, אַז די נאַטור איז פול מיט לעבן, איז אויסגעפילט מיט לעבן. אָנווײַזנדיק, אַז די נאַטור איז פול מיט לעבן, ווײַזט די נאַטור־וויסנשאַפט גלײַכצײַטיק אָן, אַז די וועלט איז פול מיט סוד פון לעבן, איז פול מיט סודות. אַלץ לעבט, אַלץ רעגט זיך, אַלץ איז פושט צורה ולובש צורה. ערשט די נאַטור־וויסנשאַפט הייבט אויף דעם שלייער פון סוד היצירה

און פון סוד הבריאה, און ערשט זי שפּרייט אויס איבער מענטש און וועלט דעם ליַיכטן נעפּל פון כּישוף־וווּנדער, פון פּאָעזיע".

מיר קענען זיך גרינג פאָרשטעלן: אַזעלכע שמועסן האָבן זיכער געווירקט אויף דעם ערנסט־זוכנדיקן ענטינען. ער איז געקומען צו אַ וויכטיקער מסקנה. אַנטפּלעקן פאַרבאָרגענע געזעצן מיינט אַנטפּלעקן טיפערע סודות, גרעסערע געהיימנישן. עס איז אים קלאָר געוואָרן — דערקלערן קונסט־פּראָצעסן, אַראָפּנעמען שלייער נאָך שלייער פון די געהיימנישן, קען מען נאָר דורך דערקענען די פאָרם. און עס דאַרף אונדז נישט אָפּהאַלטן, וואָס דאָס אַנטפּלעקטע ווערט נאָך גרעסערער סוד.

אויף אַזאַ אופן איז ענטינס ראָמאַנטיזם נישט אָפּגעשוואַכט. פאַרקערט. ענטין, דער ערלעכער אידעאַליסט, האָט געוואָלט געפינען דעם טיפערן סדר, די פאַרבאָרגענע געזעצן. ער האָט געזוכט דעם מהות אין דער קינסטלערישער טעכניק. ער האָט עס אָבער געוואָלט דערגרייכן אויף אַ קלאָרן, געסדרטן אופן. שטאָט גיין לערנען צו ווערן אַ פּראָפעסיאָנאַל — אַ דאָקטער, אַ דענטיסט, אַן אַדוואָקאַט — ווי דאָס האָבן געטאָן אַ סך „אידעאַליסטן" פון זיַין ציַיט — איז דער אומפּראַקטישער ענטין אַוועק לערנען לשמה. ער קומט אָן אין קאָלאָמביע קאָלעדזש שטודירן. ער לערנט דאָרטן ליטעראַטור־פילאָסאָפיע, און ליטעראַטור־עסטעטיק, ענגלישע און פאַרגליַיכלעכע ליטעראַטור, פּסיכאָלאָגיע און אַנטראָפּאָלאָגיע.

דאָס אַלץ פאַלט זיך צונויף מיט דעם פּעדאַגאָגיש־אויפקלערערישן באַגריף ווי אַזוי צו פאַרשפּרייטן ליטעראַטור אין פאָלק. צווישן די קריטיקער אין יענער ציַיט איז ענטין דער איינציק־געשולטער און ליטעראַריש־געבילדעטער. זיַין טרוים ווערט מקוים. און דער טרוים איז געווען — באַקענען זיך מיט די הויפּט־יסודות פון שאַפן, דורך דער טעכניק צוקומען צו וואָס גרעסערע אַנטפּלעקונגען און שיינקייט, אָננעמען זיך מיט אַלוועלטלעכע דערגרייכונגען און איבערגעבן זיי דעם יידישן לייענער. און אַזוי באַוועגט זיך זיַין קריטיק: לערנען פאָרמאַליסטיש דעם מהות פון ליטעראַרישע דערשיַינונגען און נוצן פאָרמאַליסטישע מעטאָדן ביַים דערקלערן די הויפּט־עלעמענטן אין אַ ווערק.

עס פאַרשטייט זיך, ענטין נעמט עס נישט אָן ווי דעם איינציקן

אופן ווי מ׳דאַרף שרייַבן קריטיק. ער נעמט צוהילף אויך סביבה, ירושה, אָבער דאָס אַלץ ווערט באַנוצט, כדי דערקלערן דאָס ווערק דורך פאָרם.

און ווייַל ער איז בשעתו געווען דער געשולטסטער קריטיקער האָט ער אויך אָנגערירט פּראָבלעמען, וואָס זייַנען ווייניק־וואָס געווען באַקאַנט די ברייטערע יידישע קרייַזן אין אַמעריקע. ער באַקענט דעם עולם מיט די פּראָגרעסיווסטע ליטעראַרישע דערשייַנונגען אין דער וועלט־ליטע־ראַטור. איז עס גאָרנישט קיין צופאַל, וואָס בייַם אויפקום פון מאָדערניזם אין דער יידישער אַמעריקע האָט ענטין געשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָלע. די גרופּע „די יוגענד״, וואָס האָט באמת צוגעגרייט די שפּעטערדיקע גרופּע „די יונגע״, האָט אין 1907 אַרויסגעגעבן דעם ערשטן נומער „די יוגענד״. דאָרטן האָבן געדרוקט זייערע זאַכן די דעמאָלטיקע מאָדערניסטן ווי יוסף באָנק, מ. י. חאַימאָוויטש, יעקב אַדלער, ד. בענדזשאַמין, מאַני־לייב, י. ראָלניק, א. ראַבאָי, י. י. שוואַרץ און ש. ח. שנייַדער. אַרום אָט־דעם ערשטן נומער האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל. מע האָט אָנגעהויבן באַפאַלן די „דעקאַדענטן״. איז יואל ענטין געווען דער שטאַרקסטער פּאַרטיידיקער זייערער. און פון דעם צווייטן נומער אָן האָט דער רעדאַק־טאָר, דער דערציילער ב. סענטער, איבערגעגעבן די רעדאַקציע ענטינען, שמואלזאָנען, חאַימאָוויטשן און ידידיה מרגליתן (זע דוד איגנאַטאָווס „אַ קאַפּיטל „יונגע״, „צוקונפט״, דעצעמבער 1944). אין צווייטן נומער פון דעם דאָזיקן זשורנאַל האָבן זיך געדרוקט נייַע מיטאַרבעטער ווי ה. רויזענבלאַט, יואל סלאָנים, שמואלזאָן און דער פריערדיקער רעדאַקטאָר ב. סענטער. באַווייַזט זיך צווישן זיי ענטין מיט אַ קריטיק „ליטעראַרישע איבערזיכט״. געווען איז עס אַן אַרטיקל וועגן יעקב אַדלערס ביכל לידער „זכרונות״.

ווען מע לייענט דעם דאָזיקן אַרטיקל ווערן קלאָר די אַלע טענות און תביעות מצד די שפּעטערדיקע „יונגע״. אָט זייַנען ענטינס באַמער־קונגען :

„אַזויפיל יונגע ליטעראַרישע כוחות ווערן פאַרלאָרן און פאַרזונקען אין דעם תהום פון אונדזער ביזנעס אָדער פּאַרטיי־פּרעסע, און לאָזן היני־טער זיך קוים איבער אַ שפּור, אַזוי ווי פריש־קוועליקעס וואַסער וואָס ווערט אייַנגעשלונגען פון אַ וויסטן, פאַרדאַרטן פּליין״.

ענטין זאָגט וועגן אַדלערס זאַמלונג: „דאָס גאַנצע ביכל איז אַ יאָמער־ליד פון אַ מידער, צאַרטער זעלע, וועלכע בענקט נאָך דער היים, נאָך די קינדער־יאָרן אא״וו, און א״וו". אײדער דאָס ביכל איז אַרויס האָט ער, ענטין, ווען־נישט־ווען געלייענט אין דער פּרעסע אַדלערס „אַן אייגענע הערצנס־מעלאָדיע, אַ בילד פון די יאָרן און ווערטער וועלכע קנעטן אויס דעם דיכטערס נשמה, אַ געפיל, וואָס איז אינערלעך און שטאַרק". דערבײַ כאַפּט זיך ענטין אַרויס מיט באַמערקונגען קעגן דער אָפיציעלער פּאָעזיע אין יענער צײַט, קעגן „די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען (וואָס) האָבן בײַ זיך געהאַט גראַמען־דעפּאַרטאַמענטן", ווי זישאָ לאַנדוי האָט זיך אויסגעדריקט מיט צוועלף יאָר שפּעטער (זע ז. לאַנדויס הקדמה צו זײַן אַנטאָלאָגיע, ניו־יאָרק, 1919): „מייסטנס אָבער, לידער געזונגען אין כאָר פון פּראָפעסיאָנעלע אבלים, אָדער אָפּ־קלאַנגען פון רעדנערישע אויסגעשרייען".

„דער ריינער פלאָם האָט געשלומערט אונטער בערגלעך הייסלעכן פלאַטפאָרמע־אַש".

„י. אַדלער האָט אַ פאַרנעמנדן מוזיקאַלישן אויער — נישט אומ־זיסט קלינגען זײַנע לידער אַזוי רעגלמעסיק־ריטמיש און שיין".

„י. אַדלער האָט אַ פונק פון צאַרט־געהיימניספול־רעליגיעזע פאַנ־טאַזיע. ער פילט די געהיימניספולע קדושה, וועלכע צעגיסט זיך איבער דער פרום־גאַליציאַנער יידישער שטיבל פרײַטיק־צו־נאַכט פון די בענטש־ליכט און פון די שײַנענדע פנימער פון טאַטע־מאַמע און פון דעם אומ־באַמערקבאַרן פאָך פון די מלאכי השרת פליגלען. און גייט דער שבת קודש אַוועק אויף מאָרגן בײַנאַכט נאָכן שטערן אַרויסגאַנג און דאָס פרומע הײַזל ווערט אײַנגעוויקלט אין געהיימניספול־וואָכעדיקע שאָטנס און אָנגעפילט מיט אַן אונטערטעניק־פאַטאַליסטישער שטילקייט, דאַן פאַנגט אַ טיפע בענקשאַפט און אומעט אָן צו דריקן דעם דיכטער־קינדס האַרץ, דאַן פילט דער יינגל־דיכטער אין אַן אלול־פאַרטאָג אין קלייזל צו סליחות, דאַן פילט ער דעם „סוד וואָס איז אויסגעשפינט איבער אַלע הײַזלעך" און ווי „די שטילע פרומע נאַכט שושקעט זיך מיט גאָט".

אויב נישט פונקט די זעלביקע ווערטער, אָבער די געדאַנקען, די שטימונגען הינטער די ווערטער — אין זיי פילן זיך די שפּעטערדיקע

שפּירונגען און אָנונגען בײַ די „יונגע". און עס איז גאָרנישט אויסגע־שלאָסן, אפשר איז דער ערשטער אויסדרוק בײַ די שפּעטערדיקע „יונגע" אויפגעקומען אונטער ענטינס השפּעה.

עס איז גאָרנישט קיין צופאַל, וואָס ענטין רעדאַקטירט, צוזאַמען מיט סלאָנימען און האימאָוויטשן דאָס זאַמלבוך „ליטעראַטור", יולי, 1910. אגב, דרוקט ער דאָרטן אַ גאָר אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן סימ־באָליזם אין דער וועלט־ליטעראַטור אונטערן נאָמען „צווישן מזרח און מערב". אין דער דאָזיקער עסיי, כמעט 30 גרויסע זײַטן, גיט ער איבער דעם כאַראַקטער, די פילאָסאָפיע, דעם הינטערגרונט און די אַספּיראַציע פון סימבאָליזם. אָבער דאָ און דאָרטן וואַרפן זיך דורך פיל־באַדײַטנדיקע באַמערקונגען. זיי האָבן זיכער געלאָזן טיפע סימנים אין „די יונגע".

„די לאַסט פון דער ווירקלעכקייט דריקט צו שווער אויף דער מענטש־הייטס מוח. מאָס און פאַרנונפט ווערן איר צו נודנע, די קלאָרקייט ווערט איר צו קאַלט און איבערפלעכלעך, און זי פאַרבענקט זיך פון דאָס נײַ צו די געהיימניספולע צויבערשאַטנס פון אַמאָל..." (ז' 511). אָדער אַזאַ באַמערקונג, וואָס די „יונגע" האָבן שפּעטער אַ סך מאָל אויסגע־דריקט אויף פאַרשיידענע אופנים: „אָבער וואָס הייסט אויסדריקן! פאָ־עזיע טאָר מען ניט, קען מען ניט אויסדריקן. אויסדריקן מאַכט וואָכעדיק, באַשרענקט, גיט באַשטימטקייט דאָרט וווּ עס טאָר קיין באַשטימטקייט נישט זײַן. דעריבער דאַרף מען ניט קיין נעמען נאָר אָנדײַטונגען, נישט בילדער נאָר סימבאָלן, דעריבער דאַרף מען נישט קיין שפּראַך נאָר זיכטבאַרע מוזיק". (ז' 64).

מיט דער דאָזיקער עסיי וועגן סימבאָליזם האָט ענטין זיכער אַ סך אויפגעטאָן פאַרן מאָדערניזם אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. נאָך מער האָט ער אויפגעטאָן פאַר דעם נײַעם ראָמאַנטיזם, וואָס די „יונגע" האָבן אַנטוויקלט, מיט זײַן גאָר אָריגינעלער עסיי „אַ יידישער ראָמאַנ־טיזם", געדרוקט מיט אַ יאָר פריִער פאַר זײַן אַרבעט וועגן סימבאָליזם, ד"ה אין יאָר 1909, אין דעם ליטעראַרישן זאַמלבוך „טרוימען און ווירק־לעכקייט", רעדאַקטירט פון י. אַדלער און יואל סלאָנים, אַרויסגעגעבן פון א. קאַרלין.

אין דער דאָזיקער עסיי „אַ יידישער ראָמאַנטיזם" שטעלט ער זיך

אָפּ אויף די וויכטיקסטע כאַראַקטער־שטריכן אין דער ייִדישער ליטעראַ־טור אין אַמעריקע. ער פֿאַרגלײַכט זי מיט „אַ פֿאַרדאַרטן וועלדל ערגעץ אין אַ מדבר־לאַנד, נישט געוואַשן פֿון גאָטס רעגן, נישט געבאָדן אין פֿרישן מאָרגנטוי, נישט אָנגעטרונקען פֿון קרישטאָל־קלאָרע טײַכלעך". ער טרעט אַרויס קעגן דער דאָזיקער ליטעראַטור, וואָס גיט זיך אָפּ מיט „קאַלט, קליינלעכע, אָפּגעריסענע פֿאַקטן פֿון דער גרויסער אַלטעגלעכ־קייט". ער פֿאָדערט, וואָס די „יונגע" האָבן שפּעטער אָנגעהויבן פֿאָדערן און זיך באַמיט טאַקע אַריינברענגען אין דער ליטעראַטור. ער פֿאָדערט „די רוחניותדיקע פּײַכטקייט פֿון פּאָעזיע, פֿאַנטאַסטיק און אַ העכערן איבער־ערדישן סטיל". ער פֿאָדערט דאָס, וואָס איר פֿעלט, און עס פֿעלט איר: „דער סודותדיק־צופֿליסטערנדער שאָרך פֿון שטילע טריט צווישן אָנגעוואָרפֿענע וואַלד־בלעטער, דער צויבערלעכער וויספּערן פֿון דעם בין־השמשותדיקן צונויפֿגיסן זיך פֿון הימל און ערד, דער פֿליגל־געררויש פֿונעם טויט, פֿאַכעדיק איבערן לעבן, דער דונקעלער מורמל פֿון דער לעגענדע פֿון דעם ווײַטן אַמאָל און דעם ווײַטן לעתיד לבוא, פֿון פֿאַר־איבערגעגנגלעכקייט אין אייביקייט".

ווען מע לייענט די דאָזיקע עסיי, שפּעטער זײַן אָפּהאַנדלונג וועגן סימבאָליזם, קומט אויף אַ פֿראַגע: ווען האָט ער זיי געשריבן? ענטין האָט געשריבן די עסייען אין די יאָרן 1909 און 1910. ווערט קלאָר: ער איז געווען דער טעאָרעטיקער פֿון מאָדערניזם דאָ אין אַמעריקע, דאָס מיינט פֿון די „יונגע".

ענטין באַקענט דעם לייענער — און אפשר האָט ער אין דעם פֿאַל מער אין זינען געהאַט דעם יונגן קינסטלער — מיט די ראָמאַנטיזם־פּראָבלעמען אין דער וועלט־ליטעראַטור, מיט די אויפֿטואונגען, ווי אַזוי ראָמאַנטיזם האָט באַקליידט די ליטעראַטורן „מיט אַ גראַנדיעזן טראַגיזם, מיט אַ שיקזאַלהאַפֿטער גרויסקייט", און ווי אַזוי „די מענטשלעכע פֿאַנ־טאַזיע איז באַפֿרײַט געוואָרן".

ער האָט טאַקע געוואָלט זען דעם דאָזיקן ראָמאַנטיזם אין דער ייִדישער ליטעראַטור. די גרויע טאָגטעגלעכע טענער זאָלן „אַ הויכן וועלט־קלאַנג באַקומען", „דעם מענטשנס טריט (זאָלן) אַ ריזן ווירדע" אָננע־

מען... „זײַן נשמה (זאָל) אײַנגעטונקט װערן אינעם מיסטישן גלאַנץ פֿון װעלטן פֿון אַמאָל און פֿון שפּעטער".

דעם טיפֿן ייִדן ענטינען אינטערעסירט נישט בלויז דער ראָמאַנטיזם בכלל, נאָר דער ייִדישער ראָמאַנטיזם. ער זעט דעם יסוד פֿאַר אַזאַ מין ראָמאַנטיזם אין ייִדישער רעליגיע, אין ייִדישער געשיכטע און אין ייִדישע פֿאָלק־חלומות. דאָס איז, נאָך זײַן מיינונג נאָך, „אַ ריזיקער פֿונדאַמענט פֿון גײַסטיקע אוצרות". אויף אים קען מען אויפֿבויען „צויבערשלעסער, הימל־גרוים, פֿײַער־פֿאַרביק און פֿאַנטאַסטיש װי די פֿאַטאַמאָרגאַנאַס פֿון הימלישע ברעגעס".

דאָס ביסל עכט־ראָמאַנטישע אין דער ייִדישער ליטעראַטור בשעתו האַלט ענטין פֿאַר אַ צופֿאַל, פֿאַר „אַ גליקלעכע אויסנאַמע". „דאָס ביסל עכט־ראָמאַנטישע איז אַנגעװויט געװאָרן אויף אונדזער ליטעראַטור מיט דעם האַלבן באַװוסטזײַן פֿון אירע שעפֿער". באַזונדערס, גלייבט ער, איז „קאַלט און טרוקן" די פּראָזע־ליטעראַטור אין זײַן צײַט.

ער זעט פֿאָרויס גרויסע מעגלעכקייטן פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור, אויב זי זאָל זיך באַװוסטזיניק אָפּגעבן מיט טיפֿערן ראָמאַנטיזם. און ער ענדיקט זײַן אינטערעסאַנטע עסיי מיט די װערטער:

„אַ ייִדישער ראָמאַנטיזם װעט די ייִדישע ליטעראַטור אָנטרינקען מיט הימלישן טוי און זי באַגיסן מיט קרישטאָל־קלאָרע טײַכן. ער װעט אין איר אַרײַנלאָזן אַ שפּריץ־רעגן פֿון גן־עדן פֿאַרבן און איבער איר אויסשפּרייטן אַ חופּה פֿון צויבערהאַפֿטע נעפּל־מיראַזשן. ער װעט אירע װאָרצלען אײַנפֿלאַנצן אין דער פֿעסטער ערד און אירע שפּיצן מיט הימל־מיסטעריען און אייביקייטס־פֿאַנטאַסטיק באַגולדן. ער װעט איר װאָרעם אומהויכן מיט פֿאָלקסטימלעכע נאַיװקייט און מיט טראַגישער װירדע און אַל־װעלט־ערנסט באַקרוינען. ער װעט איר מיט אַ געזונט־קרעפּטיקן לעבנס־זאַפֿט אָנטרינקען און מיט דעם הערלעכן בלומען־רייך פֿון פּאָעזיע אומװעבן".

„אַ ייִדישער ראָמאַנטיזם װעט דער ייִדישער ליטעראַטור אייגנאַרטיק מאַכן, צוריק צום אור־קװאַל ברענגען, דאַן װעט זי װערן דער הייליקנס־ברונעם פֿונעם מידן איבערזעטיקטן אינטעליגענט און

די ליבע אַלטע, מיט מאָך באַוואַקסענע קרעניצע פונעם פּשוטן דאָרפס־מענטשן״.

עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס ענטין האָט געשטויסן די „יונגע״ אויפן וועג צום נייעם ראָמאַנטיזם. ער האָט זיי אָנגעוויזן דעם דאָזיקן ווענדפּונקט אין דער יידישער ליטעראַטור. ער באַקענט זיי מיט פּראָבלעמען אין דער דעמאָלטיקער מאָדערנער ליטעראַטור. ווי פריִער שוין באַמערקט, — ענטין איז געווען אַ פאַרפאַלענער ראָמאַנטיקער פון סאַמע אָנהייב אָן, איידער נאָך די „יונגע״ זיינען אויפגעקומען. ענטינס ראָמאַנטיזם איז געקומען צום אויסדרוק שוין אין זיין בעלעטריסטיק. כאַראַקטעריסטיש איז אַזאַ שטעלע פאַר דעם סענטימענטאַלן ענטינען:

„איך זעט מיין וויגעלע? — נישט קיין וויגעלע איז עס, דאָס איז אָן אָקרענט אויסגעבויט מיטן שם המפורש. איך זעט די שטריקלעך וואָס בינדען צו די וויגעלע צו דער סטעליע? — דאָס זיינען נישט קיין שטריקלעך, דאָס זיינען זיידענע זעגלען, געשפּונען און געוועבט פון די יריעות פון משכן. איך זעט ווי די וויגעלע הוידעט זיך אום הו־או־או־הא־הא־הא איבערן חדר? — דאָס שווימט מיין אָקרענט איבער דעם שטילן, דעם בוימלדיקן ירושלים־טייכל שילוח״.

דאָס איז געווען געדרוקט יאָרן איידער די „יונגע״ האָבן זיך באַוויזן, אין מאַי 1900, אין דער „פריינד געזעלשאַפט״. און נאָך מיט דריי יאָר פריִער האָט ער ענלעכע פאַרראָמאַנטיזירטע בלעטער וועגן זיינע קינדער־יאָרן געדרוקט אין „פאָרווערטס״.

צי די „יונגע״ האָבן אויפגענומען זיין אָמאַנטיזם, זיין גרויס־צוגיקן ראָמאַנטיזם וואָס האָט געזאָלט אויך האָבן אין זיך אַ גרויסן חלום, אַ גרויסן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן אינהאַלט, — וועגן דעם איז נישט דאָ דער פּלאַץ צו ריידן, וויכטיק אָבער איז אָנווייזן — ענטין איז געווען זייער פאַרקעמפער און מדריך, לערער און פאָרויסגייער. און דאָס זיינען גאָרנישט קיין קליינע פאַרדינסטן.

און זיין ראָמאַנטיזם האָט נישט נאָר געהאַט אין זיך אַ נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן חלום, נאָר אויך — אויב מע מעג זיך אַזוי אויסדריקן — אַ פאָרמאַליסטישן חלום וועגן דעם קינסטלערישן הויכן סדר. פאָרם

און ראָמאַנטיזם, ווײַזט אויס, גייען זייער אָפּט האַנט אין האַנט. ביידע גיבן זיך וויייניק אָפּ בלויז מיטן אינהאַלט, מיט דער באַשיינפּערלעכער ווירקלעכקייט. אין דעם ליגט די דערקלערונג, וואָס ענטין דער ראָמאַנ־טיקער איז אויך געווען אַ פאָרמאַליסט.

אין זײַנע זייער אינטערעסאַנטע שטודיעס וועגן די דרײַ יִדישע קלאַסיקער, „די זײַלן פון דער נײַער יִדישער ליטעראַטור" (1923), וויקלט ער פונאַנדער זײַנע געדאַנקען בהדרגה, מיט אַ סדר. ער דערפירט זיי צו דעם טעכנישן אַספּעקט אין דער עסטעטיק. זײַנע קריטישע המצאות זײַנען באמת נישט קיין המצאות. זיי זײַנען דורכגעטראַכטע אויספירן. ער קומט צו זיי נאָך לאַנגן לערנען, טראַכטן און איבערטראַכטן. ווען ער האַלט זיך אין די דאָזיקע גרענעצן און לאָזט נישט, דער סענטימענטאַליזם זאָל אים פאַרפירן אויף פרײַע אימפּרעסיאָניסטישע וועגן, דעמאָלט איז ער סאָליד, קלאָר, ער איבערצײַגט און באַלערנט. דאָס האָבן באַוויזן זײַנע זייער אינטערעסאַנטע אַרטיקלען וועגן די בויער פון דער יִדישער ליטע־ראַטור אין אַמעריקע, וואָס ער האָט בשעתו געדרוקט אין „מאָרגן־זשור־נאַל".

זײַן טעאָריע, למשל, וועגן מענדעלע דעם מגיד און וועגן מענדעלעס מגידישן סטיל איז נישט קיין המצאה. דערצו האָט אים געבראַכט די עסטעטיק פון מגידות און דער עצם כאַראַקטער פון מענדעלעס ווערק.

ער שטעלט מענדעלען אַוועק צווישן דעם קעלמער מגיד און חיים רומשינסקער. אין דעם קעלמער מגיד זעט ער אַ וועקער, אַ שטראָפער. אין חיים רומשינסקערן זעט ער אַ מאָדערניזירטן מגיד, אַ בעל דרשן מיט אַ „ווײַס־האַרץ", וואָס רעדט וועגן יִדישקייט אין הסכם מיטן גײַסט פון דער צײַט, ד"ה אַ משכיל־מגיד. און צווישן די צוויי געפינט זיך, נאָך ענטינס מיינונג, מענדעלעס אָרט. ער ווײַזט אָן אויף מענדעלעס פאַרבינדונג מיט דער מוסר־ליטעראַטור („דאָס קליינמענטשעלע", למשל). ער גיט אונדז דאָ, פאַרשטייט זיך, די סיבות פאַרוואָס ער נעמט אָן, אַז „דאָס קליינמענטשעלע (איז) אין תוך אַ מגידיש מוסר־ספרל קעגן די קהלשע פירער", „שטראָפנדיק די נגידים, די תקיפים, די קהלשע מאַכערס". דערבײַ ווײַזט ער אָן, דער מגיד שרײַט אַרויס פון דעם „קליינמענטשעלע": „זעט איר אומגליקלעכע מענטשן... נעמט אײַך אַראָפּ אַ מוסר פון

יצחק אברהם תקיף". ער שטעלט זיך אויך אָפּ אויף מענדעלען דעם נביא. מענדעלע האָט אין דער „קליאַטשע" פּאָרויסגעזאָגט „דעם מאַראַלן אונטערגאַנג פון דער השכלה". ער ווײַזט אָן אויף דעם ווי אַזוי די השכלה האָט מענדעלען „באַגײַסטערט, זײַן טאַלאַנט געשפּײַזט". ער באַווײַזט אָבער אויך ווי אַזוי זי האָט אים געשטערט, „און נישט זעלטן טאַקע פאַרהויקערט". „פון דער נאַטור אַ מאָלער, אַ פּאָעט — שרײַבט ענטין — האָט אים זײַן השכלהדיק באַוווּסטזײַן שטענדיק געריסן צו פּריידיקן, צו דרשענען". און צו די גרויסע חסרונות מענדעלעס רעכנט ער צו מענדעלעס דערציילערישקייט. זי האָט גוואַלדיק געליטן מחמת שלעכטער טעכניק, מחמת נישט געלונגענער פאָרם. און נאָך ערגער ווי די שלעכטע טעכניק — ווײַזט ענטין אָן — איז די „טאָטאַלע אָפּוועזנקייט פון פּסי־כאָלאָגיע אין אַבראַמאָוויטשעס ראָמאַנען". אָבער אַלץ ווערט דערקלערט, ער איז מלמד זכות, און אַלץ ווערט אַרויסגעוויקלט פון דער פּראָבלעם — פאָרם. ער האַלט מענדעלען פאַר דעם שפּראַך־מײַסטער, פאַר דעם שאַפער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַרישער שפּראַך. מענדעלע איז „אונדזער בעסטער נאַטור־מאָלער, אונדזער בעסטער פּײַזאַזשיסט". ער איז „אפשר אונדזער גרעסטער פּאָעט אין פּראָזע", וואָס איז „מער ווי אַ לירישער פּאָעט". ער איז דער גרויסער פּאָעט, וואָס זינגט אָדער קלאָגט מיטן טאָן פון די אַלטע העלדן־לידער. מענדעלע איז אַ מערקוויר־דיקער עפּיקער. ער קען „אַזוי שיין צונויפגיסן דעם עפּיקער מיטן ייִדן". ענטין קומט נישט אָפּ מיט סתם באַהויפּטונגען. ער דערקלערט, ער באַ־קרעפטיקט אַלץ מיט באַווײַזן. ווי פריִער דערמאָנט, ער דערפירט אַלץ צו די פּראָבלעמען — טעכניק און פאָרם. דאָ און דאָרטן דערזעט מען בײַ אים אַנדערע פּראָבלעמען, למשל, די שייכות צווישן שפּראַך און סטיל, דער אונטערשייד צווישן אינדיווידועלער און פאָלקלעכער פּסיכאָלאָגיע, וואָס איז אַ טיפּ, אא"וו.

ענטין באַנוצט זיך מיט דעם זעלביקן מעטאָד בעת ער רעדט וועגן שלום־עליכמען און פּרצן. ער אַנאַליזירט זייער אינטערעסאַנט, צום פּונקט, שלום־עליכמס דערגרייכונגען ווי אויך זײַנע דורכפאַלן. בײַ שלום־עליכמען שטעלט ער זיך באַזונדערס אָפּ אויף דער פּראָבלעם — טיפּן, אויף שלום־עליכמס באַציִונג צו זײַנע אייגענע טיפּן, די שייכות צווישן שלום־עליכמס

באַצױנג צו זײַנע טיפּן מיט דעם פּאַטאָס אין זײַנע דערצײלונגען, מדרגות אין הומאָר אאַ״װ. דער זעלביקער פאָרמאַליסטיש־עסטעטישער אַנאַליז גײט דורך דורך זײַן באַלערנדיקער און גוט־קלאַסיפיצירטער אַרבעט װעגן פּרצן.

אָט אַזױ איז אונדזער ערשטער ראָמאַנטיקער־בעלעטריסט געװאָרן דער ערשטער קריטיקער־פאָרמאַליסט. און מיט אוטיליטאַרישע כּװנות, װי זײַן צײַט האָט עס געפאָדערט. אָבער אױך מיט טרױמען װעגן אַ ייִדישן ראָמאַנטיזם אין אַ גרױסן פאַרנעם, און מיט אַן אָפן האַרץ פאַר אַלץ, װאָס איז געװען מאָדערן, פּראָגרעסיװ און שעפעריש.

## טעאַטער־קריטיקער

אױך אין טעאַטער־קריטיק אין אַמעריקע געהערט ענטין צום פּיאָנערן־דור. בעת ער האָט אין 1897 אָפּגעדרוקט זײַן ערשטן אַרטיקל װעגן טעאַטער „װאָס האָט מען פון טעאַטער?״ („די פרײַע ייִדישע פאָלקסבינע״ רעדאַקטירט פון י. ענטין), זײַנען דעמאָלט נאָך נישט געװען קײן טעאַטער־קריטיקער. דעם גרעסטן טײל בײַטראָגן אין דער „י י ד י ש ע ר ב י נ ע״, װאָס יהודה קאַצענעלענבױגן האָט דעם זעלביקן יאָר (1897) אַרױסגעגעבן אונטער חנן מיניקעסעס רעדאַקציע, האָבן געשריבן באַװוּסטע שרײַבער, אָבער נישט קײן אַנערקענטע טעאַטער־קריטיקער. ב. גאָרין איז עס נאָך דעמאָלט נישט געװען. ער איז עס שפּעטער געװאָרן. אין דער דערמאָנטער אױסגאַבע איז גאָרין (דעמאָלט דער רעדאַקטאָר פון דער יודיש־אַמעריקאַנער פאָלקס־ביבליאָטעק) פאַרטראָטן מיט אַ בעלעטריסטישער אַרבעט „זעלדע גײט אין טעאַטער״ (אַ בילד פון דעם ייִדיש־אַמעריקאַנישן לעבן). חנן י. מיניקעס, דער צונױפשטעלער פון דער דאָזיקער יובילײ־אױסגאַבע, האָט דאָרטן אַ קריטישע שטודיע „די ייִדישע בינע״. אָבער קײן טעאַטער־קריטיקער איז ער נישט געװאָרן. דאָס זעלבע קען מען זאָגן װעגן יעקב גאָרדינען. ער האָט אין דער דאָזיקער אױסגאַבע — און אױך שפּעטער — געשריבן װעגן, למשל, „װי צו פאַרשטײן אַ דראַמע״ (טאַקע אין דער דערמאָנטער אױסגאַבע). אַזױ איז געװען אױך מיט די אַנדערע. ב. פײַגענבױם האָט דאָרטן געדרוקט אַן אָפּהאַנדלונג „צו

וואָס טויג טעאַטער?"; נ. מ. שײַקעוויטש (שמ"ר) — „טעאַטער און שוישפּילער"; מאָרים ראָזענפעלד — „ווער איז שולדיק?" אאַ"וו. מ. זייפערט האָט אָנגעשריבן אַ ראשונדיקע אַרבעט: „די געשיכטע פון יידישן טעאַטער — אין דרײַ צײַט־פּעריאָדן" (זײַן גרינדונג, אַנטוויקלונג און זײַן קעגנוואַרטיקע לאַגע). ער איז אויך נישט געוואָרן ד ע ר טעאַטער־קריטיקער.

אַזאַ מצב אין טעאַטער־קריטיק האָט עקזיסטירט אין יאָר 1897, נאָך איין און צוואַנציק יאָר טעאַטער אין אייראָפּע און דרײַצן־פערצן יאָר אין אַמעריקע.

די אַרטיקלען וועגן טעאַטער זײַנען דעמאָלט, און אויך פריִער, געווען נישט מער ווי צופעליקע קריטיקן. אין אַזאַ אָנהייב־צײַט און בײַ אַזאַ צושטאַנד איז יעדער איינער, וואָס האָט געשריבן וועגן טעאַטער און דראַמע, געווען אַ פּיאָנער. אָבער נישט יעדער איינער איז געוואָרן אַ טעאַטער־קריטיקער. יואל ענטין איז עס געוואָרן. ער איז צווישן די גאָר ווייניקע, וואָס האָט זיך שפּעטער אָפּגעגעבן מיט טעאַטער. סײַ אין זײַן שרײַבן און סײַ ווי אַ פּראַקטישער טוער. זײַן טעטיקייט אין דער „פרײַער יידישער פאָלקסבינע" און דער עיקר, אין דעם „פּראָגרעסיוו דראַמאַטיק קלוב" איז אַ וויכטיקער קאַפּיטל פאַר זיך אַליין.

ווען מע קוקט דורך די אַלע דעמאָלטיקע אַרטיקלען און רעצענזיעס זעט מען ווי די גאַנצע קריטיק פאַרנעמט זיך מיט אויפקלערן דעם עולם וואָס אַזוינס איז טעאַטער, צו וואָס מע דאַרף אים, און וואָס איז זײַן ווירקונג. אויב מע איז אַביסל טיפער אַוועק פון דער דאָזיקער אַלגעמיינער אויפקלערונג, האָט מען זיך אָבער אַלץ געהאַלטן בײַ די סאַמע עלעמענטאַרסטע באַגריפן וועגן דער דראַמע און טעאַטער. במשך אַ לאַנגע צײַט איז דאָס גאַנצע שרײַבן וועגן טעאַטער געווען אַ קאַמף אויף טויט און אויף לעבן קעגן שונד. און די עלעמענטאַרסטע אויפקלערערישע אַרבעט איז געווען אומגעהייער נייטיק.

נאָך מיט יאָרן שפּעטער, אַזוי שפּעט ווי אין יאָר 1908, האָט דוד פּינסקי געשריבן אין זײַן זייער אינטערעסאַנטער שטודיע, „י י ד י ש ע ד ר אַ מ ע" (אַן איבערבליק איבער איר אַנטוויקלונג):

„זיי (די טעאַטער־שוישפּילער, וואָס זײַנען געקומען נאָך

גאָלדפאַדענען — נ. ב. מ.) זײַנען געווען פּאַיאַצן אין דעם ערנסטן טייל פון זייערע פּיעסן, און אין דעם פּאַיאַציזם איז דער פּאַיאַץ פאַרכפּלט געוואָרן. ווערליק גאָלדפאַדען האָט באַשאַפן קאַריקאַטורן פול מיט פאָלקס־הומאָר, האָבן זיי באַשאַפן נישט מער ווי אויס־געלאַסענע ליצנות. זיי האָבן נאָכגעמאַכט גאָלדפאַדענען, ווי אַ שלעכטער בדחן מאַכט נאָך אַ גוטן. זייער פרייל עכקייט איז באַ־שטאַנען אין איינפאַכן ברעכן־זיך, אין די ביליקסטע קלאָונישע שטיק. זייער הומאָר — אין ציניזמען, אין ניבול־פּה, אין גראָבע, צוויידײַטיקע און גאָרנישט צוויידײַטיקע ווערטלעך. און אויך דאָ, אין דעם פרייל עכן טייל, זײַנען זיי נישט בלויז שונדיקער געוואָרן, נאָר אויך ווייניקער ייִדיש, ווײַל זייער הומאָר שטאַמט אָפּ פון אַזאַ אומרייניקעם אָרט ווי די וואָדעוויל־הײַזער אויף דער באַוערי". (ז' 13).

„אויף דער זעלביקער בינע — שרײַבט דער ערשטער טעאַטער־היס־טאָריקער מ. זייפערט אין דער „ייִדישער בינע" — וווּ מען האָט אַמאָל געהערט אַזעלכע וואַרעמע ייִדישע לידער ווי אין אברהם גאָלדפאַדנס פּיעסן, הערט מען איצט פּוסטע גראַמען, פול מיט ציניזמוס, וועלכע אַ קאָזאַק וואָלט זיך שעמען זיי עפנטלעך אין זײַן קאַזאַרמע צו זינגען, און דיזע לידער ווערן געזונגען אין דער געגנוואַרט פון דאַמען, פון אַנשטענ־דיקע דאַמען, וואָס ווערן געל און גרין, ווען זיי הערן עס, אָבער וואָס אַרט עס דעם שוישפּילער? זאָל זיך געל און גרין ווערן ווער עס וויל, אַבי די פּאָר צענדליק לויפער פון דער גאַלעריע וועט אַפּלאָדירן און דער אַפּלויז איז דאָך דער עיקר!"

אַ צווייטער שרײַבער אין יענער צײַט יאָאַן פּאַליי, שרײַבט (אין דער זעלביקער „די ייִדישע בינע"): „קריטיקער באַקלאָגן זיך, וואָס די ייִדישע אַקטיאָרן באַהויבן זיך גראָב מיטן פּובליקום. גראָבע וויצן ווערן געשפּראָכן, גראָבע האַלטונגען ווערן געוויזן. דאָס איז פּילײַכט(?) אמת. אָבער זעט נאָר וואָס טוט דאָס פּובליקום? די גאַלערייע אין ייִדישן טעאַטער — איז ווי דער פּאָל אין אַ רוסישער שוויץ־באָד. דאָרט בעזימט מען זיך, דאָרט שרײַט מען, דאָרט שילט מען, דאָרט זיצט מען אָן רעק און אַמאָל

אַן שיך, דאָרט קלאַפּט מען מיט העלצער און דאָרט פּייט מען זיך אויס דעם אורטייל איבער אַ שטיק. פון דאָרט ערינערט מען דעם אַקטיאָר אַלע גראָבע פאָלקס-ווערטער, אַלע גאַס-וויצן".

יעקב גאָרדין גיט איבער (אין דער זעלבער „יידישער בינע") ווי אַזוי דער יידישער טעאַטער האָט אים ממש געפּלעפט: „אַלץ וואָס איך האָב געהערט און געזען איז געווען ווייט פון יידישן לעבן, גראָב, אומעס-טעטיש, פאַלש, געמיין און פאַרדאָרבן".

די שטימונג ביי דער אינטעליגענץ מכוח דעם דעמאָלטיקן טעאַטער ווערט קלאָר אויסגעדריקט (אין דער „ארבייטער ציַיטונג" פון 1890) אין אַן ענטפער צו אַ לייענער, געדרוקט אין בריווקאַסטן:

„געג. ס. טיפּאָגראַף: מיר קאָנען זיך נישט אָפּגעבן מיט טעאַטער-קריטיק, ווייל די גרעסטע טייל פון די יידישע לייענער פאַרשטייען לוידער נישט וואָס ריכטיקע קריטיק איז און וויל מיר ווען דערמיט אויך נישט בעסער מאַכן דעם יידישן טעאַטער. די מייסטע שטיקער, וואָס ווערן גע-וויינטלעך געשפּילט זיינען גאַרנישט ווערט סעריעז קריטיקירט צו ווערן. די גאַנצע שולד ליגט אין דעם שלעכטן געשמאַק פון דאָס יידישע פּוב-ליקום".

ווען ענטין האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט דער דראַמע און מיטן יידישן טעאַטער איז ד אָ ס געווען דער קולטורעלער מצב אין יידישן טעאַטער. קעגן אַזאַ הינטערגרונט האָט זיך אָנגעהויבן זיין אַרבעט.

„גרויס, שיין, נוצלעך, באַלערנד און אָנגענעם איז די טעאַטער-קונסט", שרייבט ענטין אינעם לעצטן פּאַראַגראַף פון זיין אַרטיקל „וואָס האָט מען פון טעאַטער?" („די פריַיע יידישע פאָלקסבינע", 1897). און ער ענדיקט דעם אַרטיקל מיט די ווערטער: „אָבער דאָס איז נאָר דאַן ווען דער טעאַטער שטייט אויף אַזאַ שטופע, אויף וועלכער אַ טעמפּל דער קונסט דאַרף שטיין"...

די גאַנצע דעמאָלטיקע אינטעליגענץ האָט בשום ענין ואופן נישט געקענט אָננעמען דעם יידישן טעאַטער ווי דעם „טעמפּל דער קונסט". איז דער צוגאַנג ביי קריטיקער געווען אַ צווייפאַכער: דירעקטער קאַמף קעגן שונד און אויפקלערונג.

ווען מע פאַרגלייכט די ערשטע קריטיקן וועגן טעאַטער מיט די אָפּ-

האנדלונגען, וואָס געפינען זיך אין דעם סוווועניר, אַרויסגעגעבן אין נאָוועמבער, 1901, „צו יעקב גאָרדינס צען־יעריקן יובילעאום”, זעט מען, ווי די שרײַבער וועגן טעאַטער זײַנען אָפּגעגאַנגען אַ גאַנץ היפּשן מהלך. פֿאַר יענער צײַט זײַנען די אַלע אָפּהאַנדלונגען אין יענעם סוווועניר געווען זייער וואָגיקע און וויכטיקע. צו זיי געהערן ד״ר אב. קאַספּעס „דער ווערט פֿון י. גאָרדינס דראַמען”; מ. קאַטצעס „י. גאָרדינס פֿאַרדינסט אויף דער ניו־יאָרקער יידישער בינע”; יואל ענטינס „די פֿאַרגעשיכטע פֿון דעם יידישן טעאַטער”; ד״ר ה. זאָלאָטאַראָווס „דער אָנפֿאַנג פֿון דער יידישער דראַמע אין רוסלאַנד”; און מ. לעאָנטיעפֿס „די אַנטוויקלונג פֿון דראַמאַ”.

אָבער איידער די דאָזיקע וויכטיקע אויפֿקלערערישע אָפּהאַנדלונגען האָבן זיך באַוויזן, האָט שוין ענטין געהאַט אָפּגעדרוקט צוויי אַרבעטן. אין יענער צײַט זײַנען זיי געווען די וואָגיקסטע אָפּהאַנדלונגען וועגן טעאַטער און דראַמע. איינע איז געווען „די טעכניק פֿון דער דראַמע” („נײַער גײַסט” 1898), אַ פֿרײַע אַרבעט נאָך גוסטאַוו פֿרייטאַג; און די צווייטע — אַן אָפּהאַנדלונג אונטערן נאָמען „דראַמע, אַלגעמיינע באַטראַכטונגען” („פֿרײַע געזעלשאַפֿט”, פֿעברואַר, 1900).

ווי אין זײַן ליטעראַטור־קריטיק האָט ענטין אויך אין זײַנע אָפּהאַנדלונגען וועגן דראַמע און טעאַטער זיך געהאַלטן אויף דער פֿאָרמאַליסטישער ליניע. ווי בײַ אַלע זײַנע צײַט־חברים איז דער ערשטער אימפּולס בײַ אים געווען — אויפֿקלערן דעם פּשוטן פֿאָלקס־לייענער די עלעמענטאַרע באַגריפֿן וועגן ליטעראַטור און טעאַטער. אָבער די כוונה דערבײַ איז געווען אַ סך אַ ברייטערע. ענטין האָט באמת פֿאַרענטפֿערט די פֿראַגע: צו וואָס דאַרף מען דאָס אַלץ האָבן? צוליב וואָס אַוועקגעבן צײַט אויף טעכנישע פּרינציפּן, און גרונטגעזעצן אין באַשטימטע פֿאָרמען? וווּהין פֿירט דאָס אַלץ?

ווען מע לייענט געניי די דערמאָנטע צוויי אָפּהאַנדלונגען קומט אויף אַ פּירפּאַבער ענטפֿער: 1) לערנען דעם לייענער ווי צו פֿאַרשטיין די טעכניק, מיינט פֿאַרפֿײַנערן זײַן געשמאַק, אויסברייטערן און פֿאַרטיפֿן זײַן סענסיביליטעט; 2) ווען מען קען גוט די קונסט־טעכניק פֿאַרשטייט מען פֿאַרוואָס איין ווערק לאָזט איבער אַ טיפֿערן רושם ווי

אן אנדער ווערק; 3) קענען טעכניק מיינט אויך אַרײַנדרינגען טיפער אין די סודות פון וויסן, און דאָס אַלײן באַרײַכערט דאָס אינטעלעקטועלע לעבן; און ועל כולם, 4), באַגרײַפן ווי געזעצמעסיק שאַפן איז, און אָט־די געזעצן זעט מען צום קלאָרסטן אין דעם קונסטווערקס געבוי און פאָרם.

אין זײַן ערשטער גרויסער אָפּהאַנדלונג „די טעכניק פון דראַמע", פרײַ באַארבעט נאָך גוסטאַוו פרייטאַגן, האָט ער דעם טראָפּ געשטעלט אויף די פּרינציפּן, וואָס אויף זיי ווערט געבױט אַ דראַמע. פאַרשטייט זיך, אין דעם דאָזיקן פאָרמאַליזם, דעם פּעדאַגאָגישן פאָרמאַליזם, זײַנען געווען פאַרלייגט די קערנער פון פרימיטיווער עסטעטיק. אָבער אין זײַן צווייטער, דער אָריגינעלער אָפּהאַנדלונג, „די דראַמאַ, אַלגעמיינע באַטראַכטונגען", איז שוין די איינפאַכע עסטעטיק געווען פאַרבונדן מיט פאַרשיידענע קאָמפּלעקסן, מיט געוויסע מסקנות. און דאָס האָט אויסגעברייטערט און געהויבן דעם גראַד עסטעטיק, וואָס איז געבויט אויפן פאָרמאַליזם. אין דער דאָזיקער אַרבעט באַטראַכט ענטין וואָס פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן באַטײַט די דראַמע האָט, ווי אַזוי מע באַנעמט דעם ווערט פון אַ דראַמע, און איר טעכניק. ער קומט צום אויספיר, אַז צווישן אַלע קונסט־פאָרמען האָט די דראַמע די שטאַרקסטע ווירקונג אויפן מענטשן. דעריבער איז דער באַטײַט פון דער דראַמע אַזוי וויכטיק אין אַנטוויקלען דעם יחיד ווי אויך די גאַנצע געזעלשאַפט.

ווען מע באַקענט זיך מיט די טעאַטער־שטיק, געשריבן אין אַמעריקע ביז יעקב גאָרדינען, זעט מען, ווי דער פאָרמאַליסטישער מעטאָד אין דער טעאַטער־קריטיק האָט געהאַט פאַר זיך אַ וויכטיקע אויפגאַבע: געבן דעם אינטעליגענטערן טעאַטער־באַזוכער אַ געווער אין האַנט קעגן שונד, קעגן אומגעלומפּערטע נישט־מאָטיווירטע געשעענישן, קעגן אומלאָגישע וואָלגאַריזמען, וואָס האָבן געזאָלט „נעמען" דעם צושויער.

נאַטירלעך, אינאיינעם מיט לערנען דעם אינטעליגענטערן טעאַטער־באַזוכער ווי צו קעמפן פאַר אַ בעסערן פאַר אַ ליטעראַרישן טעאַטער, האָט דער פאָרמאַליזם געשאַפן גרונט־שליסלען. נאָך זיי נאָך האָט דער טעאַטער־באַזוכער געקענט ווען און מעסטן אַ פּיעסע. געוואָרן איז עס אַ דאָגמאַטיש נאָכגיין אַ באַשטימטן פּרינציפּ. אָבער דער דאָזיקער פּרינ־

ציפ איז געווען די אקס, ארום איר האָט זיך געדרייט די גאַנצע טעאַטער־קריטיק.

ביי ענטינען האָט זיך דער דאָזיקער פּרינציפּ אויסגעדריקט אין איין הויפּט־געדאַנק: קינסטלערישער אמת. ער רופט עס דעמאָלט אָן — „קינסטלערישע וואָרהייטלעכקייט", „פּסיכאָלאָגישע וואָרהייטלעכקייט". אָבער אין דעם דאָזיקן פּרינציפּ ליגן צוויי פאָדערונגען: רעאַליזם און פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז. רעאַליזם אַליין, שילדערן די ווירקלעכקייט אָדער געשעענישן — דאָס איז פאַר אים נאָך נישט גענוג. נאַטירלעך, געשעענישן קומען פאָר, אָבער פאַרוואָס קומען זיי פאָר — אָט־די לאָגיק איז זייער וויכטיק פאַרן קינסטלערישן רעאַליסט. אַלץ קען געשען אין דער ווירקלעכקייט, און דאָך קען דאָס געשעענע אויסזען אומלאָגיש, נישט ווי די וואָר. כדי אָבער די דאָזיקע ווירקלעכקייט זאָל האָבן אַ זינען, מוזן די געשעענישן און די האַנדלונגען זיין מאָטיווירט. און אין מאָטיווירן זעט מען דעם גאַנצן פּסיכאָלאָגיזם אין ליטעראַטור און אין דראַמע. אין דעם ליגט „די קינסטלערישע, די פּסיכאָלאָגישע וואָרהייטלעכקייט".

ווי אַזוי נוצט עס ענטין אין זיינע קריטיקן איבער פּיעסן? צום בולסטן קען מען עס זען אין זיין אָפּשאַצן גאָרדינס פּיעסן. עס לוינט זיך אָפּשטעלן אויף אַ סעריע אַרטיקלען, וואָס ענטין האָט געשריבן אין „יידישן קעמפער" אין יאָר 1907. אין די דאָזיקע אַרטיקלען האָט ער ניט געהאַט אין זינען צו שרייבן אויסשליסלעך אַ קריטיק איבער יעקב גאָרדינס דראַמאַטישע ווערק. ער איז מער אויסן געווען פאַרטיידיקן יעקב גאָרדינען און דעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע קעגן בעל מחשבותעס נעגאַטיווע קריטיקן אין די נומערן 40־42 אין ערשטן יאָרגאַנג „יידישן קעמפער".

פאַר אונדז איז דאָ וויכטיק ענטינס ענטפערס אויף בעל מחשבותעס צוויי באַמערקונגען. אין די דאָזיקע ענטפערס זעט מען ווי אַזוי ענטין נוצט אין זיין קריטיק דעם פּרינציפּ „פּסיכאָלאָגישע וואָרהיינליכקייט", „פּסיכאָלאָגישער רעאַליזם".

„אין „גאָט, מענטש און טייוול" — שרייבט בעל־מחשבות — זעען מיר קיין שפּור פון פּסיכאָלאָגישער נויטווענדיקייט. ר' הער־

שעלע האָט טאַקע געמעגט געווינען דעם צעטל און דאָך בלײַבן ווי געווען און טאַקע שרײַבן ספרי תורות פאַר סאָלדאַטסקע שולן. אום צו צווינגען ר׳ הערשעלע צו אַ נײַעם חטא מוז זיך שטענדיק ארײַנמישן אַ פרעמדע טײַוולאַנישע קראַפט אין געשטאַלט פון אָר־ריאַל מזיק, אין דער אמתער דראַמע איז יעדע פּערזאָן קודם־כל אַ האַנדלענדע פּערזאָן״.

אין אַ פריערדיקן טייל שרײַבט בעל־מחשבות:

„דער צווייטער, דריטער און פערטער אַקט ווײַזן אין גראָבן מעכאַנישן אופן ווי דאָס געלט (דער צעטל געווינט ג׳ אלפים קאַרבן) מאַכט פון ר׳ הערשעלען אַ חוטא שבחוטאים״.

ווי מיר זעען רירט דאָ בעל־מחשבות אָן דאָס פונדאַמענטאַלע, וואָס אויף אים האַלט זיך ענטינס קריטיק. ער רירט אָן „די פּסיכאָלאָגישע נויטווענדיקייט״, „די וואָרהייטלעכקייט״ (עס מוז זיך ארײַנמישן אָר־ריאַל־מעפּיסטאָ־מזיק).

מיר שטעלן זיך אָפּ אויף דער דאָזיקער דיסקוסיע מחמת אַ וויכ־טיקן טעם. אין יעקב גאָרדינען, מער ווי בײַ אַנדערע, האָט ענטין געזען ווי דער דראַמען־דיכטער שילדערט געטרײַ די וואָר און מאָטיווירט די האַנדלונגען און געשעענישן. ענטין האָט געזען בײַ גאָרדינען ווי דער שרײַבער ברענגט ארויס דעם „פּסיכאָלאָגישן רעאַליזם״. ער האָט באַ־שיינפּערלעך געזען ווי גאָרדין רעפאָרמירט דעם ייִדישן טעאַטער, שאַפט דעם יסוד פאַר דער צוקונפטיקער ערנסטער ייִדישער דראַמע.

אין ענטינס אויגן איז גאָרדין דער אידעאַלער ייִדישער דראַמען־שרײַבער. דאָך איז זײַן אידעאַליזירן ניט בלינד. זײַן צוגאַנג צו גאָרדינען איז באמת אַן אָביעקטיווער. ענטין האָט געקענט „אַראָפּרײַסן״ פּיעסן. זיי האָבן געקענט געהערן צו זײַנע נאָענטסטע פרײַנט און חברים. אין יאָר 1903 האָט ער אין „פּ אָ ר וו ע ר ט ס״ ארונטערגעריסן לואי מי־ללערס פּיעסע „ליזאַ קאַרלין״, בעת מיללער איז געווען זײַן רעדאַק־טאָר. געדעכט צי אומגערעכט — ענטין איז געווען אַן אומדערשראָקענער קריטיקער. געשריבן האָט ער זייער אָפט „מיט אַ האַק״. אַזוי האָט זיך געהאַט אַמאָל אויסגעדריקט דער באַוווּסטער אַרבעטער־פירער יוסף באַ־

ראַנדעס וועגן ענטינס פּובליציסטישע אַרטיקלען. און „מיט אַ האַק" האָט ענטין זייער אָפט געשריבן אויך קריטיק. אפילו צו זײַן אידעאַל, צו גאָרדינען, האָט ער זיך, צײַטנווײַז, באַצויגן זייער קריטיש. וועגן יעקב גאָרדינס „לערך מאה פּיעסן (אייגענע, באַאַרבעטע, איבערזעצטע א. א. וו.) שרײַבט ער („יודישער קעמפּער" אַפּריל 2, 1907):

„אייניקע פון דיזע פּיעסן זיינען אָפענער שונד, פילע זיינען מיטלמעסיק, האַלב־מעלאָדראַמע, האַלב־ליטעראַטור און האַלב בבא־מעשה און עפעקט־יאָגעניש. צווישן דיזע אַלע זיינען אָבער דאָ אַרום פופצן, וועלכע די היגע אינטעליגענץ מינדסטנס האַלט פאַר גוטע פּיעסן".

ווו נאָר ער געפינט אַ חיסרון אין גאָרדינען, ווײַזט ער עס אָן. ער זאָגט קלאָר וואָס אים געפעלט ניט, און פאַרוואָס די אָדער יענע זאַך געפעלט אים ניט.

„איך וויל ניט זאָגן — שרײַבט דאָרט ענטין — אַז איך בין צופרידן מיטן פּראָלאָג פון „גאָט, מענטש און טײַוול" און מיט דאָס געהיימניספולע, וועלכעס גנבעט זיך פון פּראָלאָג אַרײַן אין דער פּיעסע גופא. דער פּראָלאָג קומט מיר אויך פאָר לעכערלעך. גאָרדין איז ניט גענוג פּאָעט אום צו מאַכן אַזאַ מין זאַך פאַנטאַס־טיש גענוג, גענוג פּאָעטיש, אָן די גראָבקייטן פון דער ווירקלעכ־קייט, אָן די שווערקייטן און האַרטקייטן פון פּראָזע. ווידער באַ־זיצט ניט גאָרדין די קראַפט דאָס פאַנטאַסטישע לײַכט און אָנ־גענעם אויפלייזן אין דאָס ווירקלעכע, אַזוי אַז עס זאָל אַרויסקו־מען אַ לײַכטער, אָנגענעמער איבערגאַנג און ניט קיין רוק־ און לענד־ברעכנדיקער קפיצת־הדרך. אָבער דאָך קען איך גאַנץ גוט פאַרשטיין צוליב וואָס גאָרדין האָט דעם עלעמענט פון דאָס וווּנ־דערבאַרע אַרײַנגעבראַכט. און איך בין גאָרניט זיכער, אַז אין דער שווערקייט אין וועלכער ער האָט זיך געפונען, וואָלט אים גרינג געווען בײַצוקומען זי אויף אַן אַנדער אויפן."

ענטין טענהט זיך אוים מיט בעל־מחשבותן וועגן דעם, אַז אין

„גאָט, מענטש און טײַוול״ איז פֿאַראַן ניט בלויז אַ רמז אויפֿן קאַפּי־טאַליזם „ווי בעל־מחשבות דריקט זיך אויס איראָניש, נאָר טאַקע אַ היפּשער שטיק קאַפּיטאַליזמוס״. גאָרדינס צוועק איז געווען צו ווײַזן וואָס עס ווערט פֿון דעם תּמימותדיקן פּאַטריאַרכאַלישן ייִדישן לעבן, „ווען דער קאַפּיטאַליזמוס רײַסט זיך אַהין אַרײַן״. הערשעלע דובראָוו־נער, דער הויפּט־העלד אין דער דראַמע איז ניט קיין כאַראַקטער, נאָר אַ טיפּ. ער איז ניט קיין יחיד. ער פֿאַרקערפּערט אין זיך דעם מאַסן־מענטש, ער האָט בשותּפֿותדיקע שטריכן מיטן פֿאָלק. גאָרדין האָט גע־וואָלט ווײַזן, וואָס עס ווערט פֿון אַ טיפּישן קליינשטעטלדיקן ייִדן אונ־טער דעם דרוק פֿון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. האָט ער געהאַט פֿאַר זיך אויסערגעוויינלעך שווערע ריין־טעכנישע, פֿאָרמאַליסטישע פּראָבלעמען. גאָרדין האָט דאָס ניט געוואָלט ווײַזן, וואָס עס ווערט פֿון אַ באַשטימטן ייִדן, פֿון אַ באַשטימטן יחיד „ווען דער קאַ־פּיטאַליזם רײַסט זיך אַרײַן״ אין דעם אידילישן קליינשטעטלדיקן לעבן. ער האָט געוואָלט באַווײַזן וואָס עס ווערט פֿון ייִדן בכלל.

„ווײַזן אַזאַ איבערקערעניש — פֿאַרענטפֿערט ענטין גאָרדי־נען — דורך די בילדער פֿון אַ פּיעסע איז נאַטירלעך זייער שווער. אין דיזן פּראָצעס פֿון ווערן זײַנען דאָ צופֿיל אָפּשטופּונגען, און דער שרײַבער געפֿינט זיך אין דער שטענדיקער געפֿאַר אַרײַנצו־פֿאַלן פֿון דער דראַמע אין דער „טאַבלאָ״ פֿאָרשטעלונג, ווו די בילדער בײַטן זיך אמת ווי אין אַ פּאַנאָראַמע, דערפֿאַר אָבער זײַנען דאָס בלויז בילדער, אָן פּסיכאָלאָגישער באַלײַכטונג פֿון די בילדער אָן גײַסט, אָן לעבן הינטער די בילדער, אָן קינסטלערישער דערקלערונג, ווי אַזוי וועקסלט זיך דאָס איין בילד אָפּ פֿון דער אַנדערער״.

פֿאַר גאָרדינען, דערקלערט אונדז ענטין, איז געשטאַנען די ברירה אָדער געבן וויניק בילדער, אָדער געבן בלויז בילדער. האָט גאָרדין זיך באַנוצט „מיט דעם אַלטן געהייליקטן מיטל פֿון דער דראַמע, נעמלעך: מיטן כּוח פֿון דאָס וווּנדערבאַרע פֿון די אַמאָליקע קירכן־פּיעסן (מיס־טעריען), אָדער מיט דעם הײַנטיקן סימבאָליזם״. „און ווירקלעך — פּירט

אוים ענטין — אוריאל מזיק איז אַ געמישעכץ פוןביידן" (דאָרט). און ענטין שפּינט ווייטער דעם פֿאָדעם: אַדאַנק דעם „כוח פון ווונדער־ליכן" ד. ה., אַדאַנק אוריאל מזיקן, האָט גאָרדין זיך „באַפרייט פון דער נויטוועגדקייט (זיך) אַרײַנצולאָזן אין צופיל איינצלהייטן". וואָרן אַלץ טוט־אויף דער מזיק — הערשעלע דובראָוונער ווערט פון אָרעם רײַך; אַ פּשוטער שלש סעודות ווערט אַ קאַפּיטאַליסט א. אַ. וו. אויף אַזאַ אויפן דאַרף גאָרדין זיך שוין ניט אַרײַנלאָזן אין צופיל פּרטים, און מחמת דעם שאַפֿן נאָך און נאָך בילדער. „בלײַבט גאָרדינען מער געלעגנהייט צו מאָלן די איבעריקע בילדער איידעלער, מער פּסיכאָלאָגיש".

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז ענטין מלמד זכות אויף גאָרדינען. ער טוט עס ניט ווײַל ער איז פּאַרטייִש צו גאָרדינען און גייט צו אים צו מיט אַ ריין־סוביעקטיווער מאָס. ער גלויבט בנאמנות: דער עיקר אין דער דראַמע איז צו געבן אַלץ רעאַליסטיש־פּסיכאָלאָגיש. דאָס געבן — איז דעמאָלט געווען די טיפּסטע פּראָבלעם פון ייִדישן לעבן. וואָס ווערט פון ייִדישקייט „ווען דער קאַפּיטאַליזם רײַסט זיך אַרײַן" אין דער ייִדישער וועלט? דאָס געבן רעאַליסטיש־פּסיכאָלאָגיש וואָלט געווען צו גרויס, טעכניש אוממעגלעך — ווי מיר האָבן דאָס אויבן דערקלערט. דערפֿאַר פֿאַרענטפֿערט ענטין אויף אַ ריין־פֿאָרמאַליסטישן אופן — די אַלעגאָריע אוריאל מזיק. ענטין פּרוווט עס פֿאַרענטפֿערן. אָבער — מישן דאָס „ווונדערבאַרע" (ווי אין די קירכן־מיסטעריעס) מיט „סימבאָליזמוס" האָלט ער פֿאַר אַ גרויסן חיסרון אין דער דראַמע.

עס איז בכלל שווער צו באַשטימען צי אַ מחבר וואָלט געקענט צי ניט געקענט זיך אַן עצה געבן אויף אַ גאָר אַנדער אופן. אַזוי איז שווער צו באַשטימען צי איז טאַקע ענטין גערעכט מכוח: „איך בין גאָר ניט זיכער, אַז אין דער שווערינקייט אין וועלכער ער (גאָרדין — נ. ב. מ.) האָט זיך געפֿונען וואָלט אים גרינג געווען בײַצוקומען זי אויף אַן אַנדער אופן".

אין דעם גאַנצן ענין האָבן מיר געוואָלט באַווײַזן: א) ענטין איז געווען געגנוג אָביעקטיוו, ער האָט געקענט זען מעלות און חסרונות, אַפילו גאָרדינס מעלות און חסרונות, און, ב) זײַן צוגאַנג איז געווען אַ פֿאָרמאַליסטישער.

און אָט איז נאָך אַ יסוד אין ענטינס באַגריף — „וואָרהאַפּטיקייט". דאָס געשעענע מוז זײַן מאָטיווירט, מוז האָבן אַ סיבה. און דאָ רירט מען אָן דאָס געביט „פּסיכאָלאָגיזם".

ענטין דערקלערט בעל־מחשבותן — ניט די „פּאַסירנדיקע", די בפועל־ממשדיקע „וואָרהאַפּטיקייט" דאַרף מען זוכן אין דער ליטעראַטור, אַ פּשיטא שוין אין דער דראַמע, נאָר „די פּסיכאָלאָגישע וואָרהאַפּטיקייט". ער פירט אויס — „דער קינסטלער האָט פאַר זיך צוויי קרעפטן, וועלכע ווירקן איינע אויף די אַנדערע, שטויסן זיך אָן איינע אָן די אַנדערע און פון זיי קומען אויף פּאַסירונגען, טאַטן און האַנדלונגען..." ענטין מיינט, אַז דאָס אַלץ קומט פאָר ווען די מענטשלעכע נאַטור „ווערט געזועצט אין באַוועגונג איבער דעם באָדן פון לעבנס־אומשטענדן". „און דער גאַנג פון דיזער באַוועגונג — שרײַבט ענטין — און וואָס עס קומט פון איר אַרויס, — דאָס אינטערעסירט דעם פּסיכאָלאָגישן נאָוועליסט און דראַמאַטורג". („דער יידישער קעמפער", דעם 3טן מאַי 1907). ענטין רופט עס אָן: „די באַוועגונג פון דער מענטשלעכער נאַטור איבער די לעבנס־אומשטענדן".

אין אַ ווײַטערדיקן אַרטיקל (10טן מאַי) ווײַזט־אָן ענטין אויף דעם פּסיכאָלאָגישן מוז אין הערשעלע דובראָוונערס האַנדלונגען. ער טענהט זיך אויס וועגן הערשעלעס טויט, דעם „אַמעריקאַניזמוס", ווי בעל־מחשבות באַצייכנט עס לגנאי. פאַרקערט, ענטין באַווײַזט ווי לאָגיש עס איז הערשעלעס זיך אָנטאָן אַ מיתה. אינטערעסאַנט איז אָבער דערבײַ אָן אַנדער זאַך. ענטין ווײַזט אָן בעל־מחשבותן אָן אמתן „אַמעריקאַניזמוס". בעל־מחשבות האָט עס ניט באַמערקט. אָט־דער „אַמעריקאַניזמוס" איז לחלוטין קעגן ענטינס באַגריפן וועגן פּסיכאָלאָגישקייט. ער איז סותר ענטינס באַגריפן וועגן — מאָטיווירן אַלץ. דער „אַמעריקאַניזמוס" באַשטייט גאָר „אין דעם עפעקט פון דעם פאַרבלוטיקטן טלית — שרײַבט ענטין — אין דראַכמעס לאַנגער סאָציאַליסטישער אויסגיסערײַ איבער דעם פאַרבלוטיקטן טלית, און אין לעצטן אַקט דעם קנאַק פון זײַן דרשה, אַזוי ווי זײַן זון האָט אים מיט זײַן אָפּגעריסענער האַנט קאַליע געמאַכט אַ טלית, זאָל ער עס פאַרשרײַבן אויף זײַן רעכענונג, און

אין דעם וואָס הערשעלע דערשטיקט זיך דווקא מיט דעם פאַרבלוטיקטן טלית".

אחוץ דעם נאַרוואָס דערמאָנטן „אַמעריקאַניזמוס" האַלט ענטין הערשעלע דובראָוונער פאַר א „האַנדלענדיקער" פּערזאָן. „האַנדלען" מיינט ניט בלויז זײַן אַקטיוו, טאָן זאַכן, נאָר אויך דורכלעבן, „פּסיכאָ־לאָגיש דורכמאַכן" פּראָצעסן. זיי זיינען דאָך אַ לאָגישער פּועל־יוצא פון לעבנס־תנאים. און ענטין גלויבט, דעם באַגריף „האַנדלונג" דאַרף מען פאַרשטיין אַביסל ברייטער, „ניט בלויז אויף דעם ענג אַקאַדעמישן שטייגער": „האַנדלונג — שרײַבט ענטין — הייסט גייסטיקע איבער־לעבענישן, פּסיכאָלאָגישעם דורכמאַכן. האַנדלונג ווי אַזוי די אומשטענדן פון לעבן ווירקן אויף דעם גײַסט פון דעם מענטשן און וואָס פאַרא רע־זולטאַטן עס קומט אַרויס פון דיזער ווירקונג אויפן גײַסט פון דעם מענטשן" און ער קומט צום אויספיר: „אין דעם הינזיכט איז הער־שעלע אַ האַנדלענדע פּערזאָן אין דעם פולן זינען פון וואָרט" (דאָרט).

דאָס ,וויכטיקסטע אין דער דראַמע זעט ענטין אין רעאַליזם. נאָר וויכטיקער איז בײַ אים — דער מוז. אין גאָרדינס „שחיטה" זעט ענ־טין גאָרדינס דראַמאַטיש־פּסיכאָלאָגישע קראַפט און זײַן פּסיכאָלאָגישע מאָטיווירונג.

„די שחיטה" איז נאָך ענטינס מיינונג, „ניט קוקנדיק אויף איינ־קע גאַנץ וויכטיקע פעלערן, אַ טיף־פּסיכאָלאָגישע, שטאַרקע, ווילד־מיט־רײַסנדע, גלײַענד־דורכגעפילטע און מעכטיק איבערוועלטיקנדע דראַמע". ענטין האַלט, אגב, אַז גאָרדינען גיט זיך מער אײַן אַרויסצוברענגען אַל־געמיין־מענטשלעכע שטריכן ווי יידישע. דערפאַר, גלויבט ענטין, שטייט טאַקע „די שחיטה" — אין פּסיכאָלאָגישן זינען — אַן אַן ערך העכער ווי „גאָט, מענטש און טײַוול".

ענטין דערקלערט פאַרוואָס מע באַטראַכט „גאָט, מענטש און טײַ־וול" פאַר גאָרדינס בעסטע דראַמע. ער מיינט, דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס די דראַמע איז רײַך באַאַרבעט און אויך מחמת „די מערערע ברי־ליאַנטענע זיס־היימישע סצענקעלעך, וואָס זיינען צעזייט אויף די ברע־געס פון דעם הינטערגרונט אָדער צווישן די טראַגישע מאָמענטן". אָבער וואָס שייך „מיפקייט פון די טראַגישע מאָמענטן גופא", וואָס שייך „די

העל־גליענדע פּסיכאָלאָגישע פּלאַמען", „וועלכע די ליַידן פון דער הויפּט־העלדין שטויסן פון איר אַרויס, די פּיַינע, וואַרעמע, עלעמענטאַר הינגע־ריסענע צייכנונג פון איר צאַרטער, קרענקלעך־פילענדער פרויען־נאַטור", — אין דעם און מחמת דעם האַלט ער די „שחיטה" פאַר אַ סך אַ בעסערע דראַמע ווי „גאָט, מענטש און טיַיוול". ווען מע באַטראַכט הערשעלע דובראָוונער פּסיכאָלאָגיש, זעט ער אויס לויט ענטינען ווי אַ צו־געטראַכטער טיפּ, באַזונדערס אין פאַרגליַיך מיט אסתרן פון דער „שחיטה".

„הערשעלע דובראָוונער — שריַיבט ענטין — איז געצייכנט מער פון קאָפּ איידער פון האַרץ, פון די נערוון. אום ריכטיק צו קענען מאָלן אַ מענטשן אין דער מיט פון אַ דראַמאַטישער האַנד־לונג — איז ווייניק צוצוטראַכטן לאָגישע האַנדלונגען. לאָגיק — טענהט ענטין — איז אַ גאַנץ גוטער פערד אין אַ געוויינלעכער מאַנעוורע, אָבער ניט אויפן שלאַכטפעלד. אין אַ דראַמע דאַרף מען האָבן ליַידנשאַפט, טעמפּעראַמענט, זעלבסט־היפּנאָטיזם. דער דראַמאַטורג דאַרף מיט זיַין האַרץ און געפיל, מיט די טויזנ־טער אינסטינקטן, וועלכע שלאָפן אין אים, אַריַין אין דער לאַגע פון די מענטשן, וועלכע ער מאָלט, דורכגיין אין איינעם מיט זיי אַלע פּיַיערן און וואַסערן. ער דאַרף פילן וואָס זיי פילן, און אי־בערלעבן די גאַנצע אַגאָניע וואָס זיי לעבן איבער אויף די דראַ־מאַטישע טאָרטורעס"'

צו ווערן אידענטיש מיט די העלדן — דאָס איז דאָס סאַמע עלעמענ־טאַרסטע, אָבער אויך דאָס סאַמע וויכטיקסטע, דאָס פּסיכאָלאָגיש־אמתע אין דער דראַמע. דערפאַר קען אַ מאָדערנער מענטש באַשאַפן אַ היסטאָ־רישן טיפּ, אַ מאָראַלישן מענטשן — אַ פאַרברעכערישע נאַטור, אַ גיַיסטיק־נאָרמאַלן מענטשן, די סאַמע טיפעניש פון משוגעת.

און, לסוף קומט ענטין צום אויספיר: הערשעלע דובראָוונער, „מיט זיַין גאַנצער פיַינקייט" איז נישט איבערציַיגנדיק, בעת אסתרקע, די הויפּט־העלדין פון דער „שחיטה" איז עס יאָ.

„פּסיכאָלאָגישע וואָרהייטלעכקייט", ד"ה רעאַליזם און פּסיכאָלאָגיזם,

דאָס זײַנען — ווי מיר האָבן געזען — די הויפּט־יסודות. אויף דעם דאַרף זיך האַלטן די דראַמע. דעריבער האָט ענטין נישט געקענט אָננעמען די מאָדערניסטישע דראַמע. זי האָט, נאָך זײַן מיינונג נאָך, נישט גע־שטימט מיטן סאַמע עצם־כאַראַקטער פון דער דראַמע. זי האָט נישט געהאַט און נישט געקענט האָבן קיין שום ווירקונג אויפן פאָלק.

אין אַנדערע ליטעראַרישע צווײַגן האָט ענטין אָנגענומען דעם פרײַען מאָדערניזם. בײַ די אימפּרעסיאָניסטן אין אַמעריקע אין יאָר 1907 איז ער געווען ממש דער פאָן־טרעגער. אָבער אין דער דראַמע האָט ער נישט אָנגענומען דעם מאָדערניזם. פאַרקערט, ער האָט אים באַקעמפט. און דאָ איז ענטין געווען אויסגעהאַלטן ביז אַראָפּ. ער האָט דעם מאָדערניזם אין דער דראַמע באַטראַכט ווי אַ לוקסוס, פּזרנות, אין בעסטן פאַל, ווי אַן עקספּערימענט, און נישט מער. בײַ די אומות העולם — איז געווען זײַן מיינונג — קענען אפילו עקסיסטירן ספּעציעלע קליינע טעאַטערס, קאַמער־טעאַטערס, פאַר יחידי סגולה. אַ פאָלק, איבערגעזעטיקט מיט טעאַטער, האָט איר באַזונדערן טעאַטער פאַר די מאַסן. אַזאַ פאָלק קען זיך דערלויבן פאַרשיידענע שפּילערײַען און איבערפײַנקייטן. אָבער בײַ אונדז יידן האָט דאָס פאָלק אפילו נישט קיין געזונטן טעאַטער. בײַ אונדז קען מען זיך דערלויבן מאָדערניסטישע עקסקורסיעס בלויז ווי אַן אי־בערבײַט, ווי אַן אָפּרו. אָבער די מאָדערניסטישע דראַמע קען קיינמאָל ניט זײַן דער תוך אין יידישן טעאַטער. ווײַל די דראַמע — נאָך מער ווי די ליטעראַטור — האָט, בלויז און אויסשליסלעך, — אַ סאָציאַלע פונקציע. און דאָס דאַרף זי דורכפירן. אַנישט האָט זי נישט קיין עקסיס־טענץ־רעכט. דעריבער איז די דראַמע בײַ אונדז — נאָך מער ווי בײַ די אומות העולם — באַשטימט פאַרן דורכשניט־מענטשן. זי טאָר זיך נישט דערלויבן קיין לוקסוסן בעת דאָס פאָלק האָט נישט דאָס סאַמע עלעמענ־טאַרסטע, וואָס זאָל באַפרידיקן זײַן דורשט נאָך טעאַטער. דעריבער דאַרף דער טעאַטער בײַ אונדז לייגן זײַן הויפּט־געוויכט אויף די נאָרמאַלע גאַנצע און דורכשניטלעכע יסודות אין דער דראַמע. און די דאָזיקע עלע־מענטאַרע יסודות זײַנען קעגן דעם עצם מאָדערניזם, ווי דער אימפּרע־סיאָניזם האָט אים פאַרשטאַנען. ווײַל דער אימפּרעסיאָניזם אין דער דראַמע האָט געשטרעבט צו פולע פרײַהייטן בנוגע אויסדרוק. מחמת

אַט־די פֿרײַהייטן איז דעם דורכשניטלעכן צושויער שווער געווען צו פֿאַרשטיין די מאָדערנע דראַמע. בעת מע לייענט אַ בוך און מע טרעפֿט אָן פֿאַרשיידענע אומפֿאַרשטענדלעכע שטעלן, קען מען זיך פֿאַרטראַכטן, נאָך אַמאָל דורכלייענען די זעלביקע שטעל, דורכטראַכטן דאָס אומפֿאַרשטענדלעכע. אָבער טעאַטער איז גאָר אַן אַנדער זאַך. אין טעאַטער קען מען דאָס נישט טאָן. דער גאַנג אין דער דראַמע לאָזט נישט. איז שטימונג אַליין, ווי אין דער מאָדערניסטישער דראַמע, נישט גענוג צו באַפֿרידיקן דעם צושויער. אויך ווײַטע רמזים דערגרייכן נישט דעם ציל. דעריבער דאַרף די דראַמע זיך האַלטן אין די אַלטע אַריסטאָטעלישע כּללים. אַרײַנלעבן זיך, איבערלעבן, איבערלעבן מיט לײַדנשאַפֿט און שרעק, דינאַמיזירט ווערן מיט שפּאַנונג, ביז עס קומט דער איבערבראָך, דער קאַטאַרזיס, און ער לײַטערט אויס דעם צושויער עמאָציאָנעל. דאָס איז די מאָראַלישע פֿונקציע פֿון דער דראַמע. און דער פּועל יוצא פֿון דעם קאַטאַרזיס איז די עסטעטישע באַפֿרידיקונג. דאָס מיינט — ווערן עטיש דערהויבן, ווערן געלײַטערט פֿון לײַדנשאַפֿטן.

דאָס איז, אייגנטלעך, די דערקלערונג פֿאַרוואָס ענטין קעמפֿט פֿאַרן מאָדערניזם אין דער ליטעראַטור. און אין דער דראַמע האַלט ער זיך בײַ די טראַדיציאָנעלע יסודות. די מאָדערניסטישע דראַמאַטורגן האָבן זיך אָפֿט נישט גערעכנט מיט די טראַדיציאָנעלע כּללים. רופֿט עס ענטין אָן — „שוואַכע טעכניק", „שוואַכע דראַמאַטישקייט". אמת, ער גיט צו: עס זײַנען פֿאַראַן סימבאָלישע פּיעסן מיט אַ סך פּאָעזיע און שיינקייט; „אין אַנדערע מאָדערניסטישע פּיעסן איז דאָ פֿיל פֿײַנע שטימונג" (זע זײַנע באַמערקונגען וועגן אַנדרעיעווס „אַנאַטעמאַ", „צוקונפֿט" מערץ, 1932, ז' 189).

„דער פֿאַרהעלטניסמעסיק שוואַכער דערפֿאָלג פֿון די מייסטע פֿון אונדזערע ליטעראַרישע דראַמאַטורגן (שלום אַש, פּרץ הירשביין, אָסיפּ דימאָוו) לאָזט זיך אַמבעסטן דערקלערן מיט זייער שוואַכער טעכניק, מיט זייער שוואַכער דראַמאַטישקייט". („דוד פּינסקי דער קלאַסיקער", „צוקונפֿט", אַפּריל 1932). ענטין גיט צו, למשל, אַז אויף פּינסקין איז די דאָזיקע באַהויפּטונג נישט חל. פֿאַרקערט, ער גלייבט, אַז
„וואָס שײַך דער אַלגעמיינער טעכניק, ווי די גלאַטקייט פֿון

סטרוקטור, די איינהייט, די סימעטריע, דעם גראדן־מעסיקן אויפבוי פון א פיעסע ביז צום קלימאקס און דאן, דעם עטוואס שנעלערן, אבער נאך אלץ שטופנווייזן אראפבוי — וואס איז שייך דעם אלעמען, איז פינסקים טעכניק איינפאך קלאסיש".

פינסקי האט אפילו דעם טאלאנט פאר דער „טעכניק פון אויפבויען א סיטואציע", און דאס איז „פאר דער דראמע פיל נייטיקער". אין דעם „אוצר", זאגט ענטין, פארמאגט פינסקי, „נישט וויייניק דערפון, וואס מען קען אנרופן ד ר א מ א ט י ש ע ו ו י ז י ע, ד"ה דעם דיכטערס פעיקייט פארויסצוזאגן ווי אזוי די טויטע שורות פון זיין בוך וועלן אויסנעמען אלס ל ע ב ע ד י ק ע ס צ ע נ ע ס אויף דער בינע".

און אויך אין פינסקין זעט ער דעם קינסטלער, וואס פארלאזט אפט די טראדיציאנעלע כללים. ער נעמט אויף פינסקין דעם נאטוראליסטישן דראמען־דיכטער. ער נעמט אבער נישט אויף פינסקין דעם סימבאליסט. „זיינע פיעסן — שרייבט ענטין אין דעם דערמאנטן ארטיקל — ווערן איצט וואס אמאל אלץ מער סימבאליש, מער פערזאניפיקאציעס אנשטאט טיפן און כאראקטערן, מיט אידייען אנשטאט פסיכאלאגיע".

ענטין האלט זיך אלץ ביי דער פריערדיקער מיינונג: אונדזער טעאטער האט געהאט עקסיסטענץ־רעכט, ווען דארטן האט געהערשט גאר־דינס, קאברינס און ליבינס רעאליזם. און „אין דעם מאדערנעם (ריכטי־טיקער: מאדערניסטישן) יידישן דראמען־דיכטער, מיינט ענטין, ליגט טאקע די הויפט־סיבה פון דער טיפער ירידה פון אונדזער בינע, פון איר זייער קראנקהאפטן צושטאנד". („צו דער דערעפענונג פון טעאטער־סע־זאן", „צוקונפט", נאוועמבער, 1927).

דא איז נישט די פראגע צי עס איז ריכטיק צו זען די ירידה פון יידישן טעאטער בלויז אין איין סיבה. דא איז אויך נישט די פראגע צי דער מאדערניזם האט טאקע אנגעטאן אזויפיל שאדן דעם נישט־ראפי־נירטן און נישט־צוגעגרייטן יידישן צושויער. פאר אונדז איז אבער דא וויכטיק קלאר מאכן ענטינס מיינונגען וועגן דעם דאזיקן ענין. און דאס זעען מיר צום קלארסטן אין דעם נאר וואס דערמאנטן ארטיקל. מיר גע־פינען דארטן זיין גאנצן אני מאמין:

„דער הערשנדיקער טאָן אין אונדזער ליטעראַרישן טעאַטער איז שוין הײַנט נישט דער רעאַליזם, ווי גאָרדין, קאָברין און ליבין האָבן אים בײַ אונדז אײַנגעפירט, נאָר דער מאָדערניזם־סימבאָליזם. שוין אין דעם ליגט נישט קיין קלײנער טעות. דער סימבאָליזם פּאַסט זיך בכלל פיל ווייניקער מיטן טעאַטער ווי מיטן בוך. דער דראַמאַטיזם פון דער סימבאָלישער פּיעסע ליגט מער אין די דרויסנדיקע מיטלען פון איר אויפפירונג איידער אין אירע אינעווייניקסטע, אײַנגעבאָרגענע כוחות. נישט אומזיסט האָט דער סימבאָליזם פאַרהעלטניסמעסיק אַזוי ווייניק אויפגעטאָן אויף דער בינע. און אויב דאָס איז דער פאַל אויף די אייראָפּעישע בינען, הײַנט אויף וויפל מער דאַרף עס זײַן בײַ אונדז, בײַ אונדזער עולם, וואָס איז צום סימבאָליזם לחלוטין נישט צוגעגרייט, פאַר וועמען דער רעאַליזם איז אָט ערשט מיט גרויס העראָישקייט געוואָרן אַ ווונדערלעכע דעראָבערונג.

„אונדזער בינע, איז פון זינט גאָרדינס טויט, אמת, געוואָרן פיל ליטעראַרישער. מע וועט נישט געפינען אין די פּיעסן פון דוד פּינסקי, פּרץ הירשביין, אָסיפ דימאָוו און ה. לייוויק אַזעלכע בילינקייטן, אַזעלכע פאַלשע טענער, ווי מע קען געפינען אין די פּיעסן פון יעקב גאָרדין און זײַנע אוממיטלבאַרע נאָכפאָלגער; אויך וועט מען אין די פּיעסן פון דער עלטערער רעאַליסטישער שולע קוים געפינען אַזעלכע פּײַנקייטן, אַזאַ פרישע אָדער צאַרטע פּאָעזיע, וועד רעדט אַזאַ טיפע ייִדישלעכקייט, ווי מע געפינט אין די ווערק פון דער נאָך־גאָרדינשער, מאָדערניסטיש־סימבאָליסטישער שולע, דערפאַר, אָבער, פון דער אַנדער זײַט געפינט מען אין די פּיעסן פון דער נײַער עפּאָכע כמעט קיינמאָל נישט אַזאַ פרישקוועליק, ברויזנדיק־דראַמאַטיש בלוט ווי אין גאָרדינס און קאָברינס פּיעסן, קיינמאָל נישט אַזעלכע ברייטע, טיפע סצענעס, אַזעלכע צינדנדיקע, דראַמאַטיש־אויפרודערנדיקע, געוואַלטיק מיטרײַסנדיקע סיטואַציעס״.

„און אין אָט דעם אַראָפּפאַל פון אונדזער בינע, אין דעם אַראָפּפאַל פון סאָלידער סצענישקייט, פון דראַמאַטישער דינאַמיק״, געפינט ענטוי

„די הויפּט־סיבה פון דער ירידה פון אונדזער טעאַטער”. ענטין גלייבט, אַז „מיט זייער שוואַכער סצעניש־קייט האָבן אונדזערע פּײַן־ליטעראַרישע דראַמען־דיכטער אָפּגעפּרעמדט, דערווײַטערט דעם עולם”, און נישט נאָר די מאַסע, נאָר אויך די אינטעליגענץ.

***

ענטינס איינציקער צוגאַנג איז טאַקע געווען אַן אוטיליטאַרישער. אַנדערש קען ער נישט זײַן בײַ אַ מענטשן, וואָס זײַן קריטיש באַוווּסטזײַן האָט דערוואַכט אין די 90ער יאָרן. אַנדערש קען ער נישט זײַן וועגן אַן ענין וואָס איז אין תוך אַן ענין פאַר די מאַסן, פאַרן דורכשניט־מענטשן. אָבער אין זײַן טראַכטן וועגן טעאַטער, אין זײַן אַנאַליזירן אַליין, וואָס איז פאַרבונדן מיטן טעאַטער — דאָ האָט ער שוין געהאַט פאַר זיך אַנדערע פּראָבלעמען. ער האָט געוואָלט פאַרשטיין, און, דורך זיי, דערקענען אַלגעמיינע, פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן און טענדענצן.

איז ענטין טאַקע געקומען צו דער קריטיק ווי אַן אוטיליטאַריער. דאָס זיינען אַלע געווען אין יענער צײַט. אָבער אין דער קריטיק גופא אין אַנאַליזירן ווערק, האָט ער — דער ערשטער אַקאַדעמיש צוגעגרייטער קריטיקער — זיך געהאַלטן אין די ראַמען און אין דער דיסציפּלין פון פאָרמאַליזם. וואָס שײַך אַנאַליז איז דאָס געווען אַ גרויסער טריט פאָרויס אין דער ייִדישער קריטיק.

מען דאַרף אָבער זײַן געוואָרנט — אין זײַן פאָרמאַליזם איז ער נישט געווען אַ בלינדער דאָגמאַטיקער. זײַנע היפּוכדיקע איבערצײַגונגען מכוח ליטעראַטור און טעאַטער באַווײַזן דאָס. ער איז געווען דיאַלעקטיש־פאָרמאַליסטיש, אָדער אוטיליטאַריש־דיאַלעקטיש.

פון אויבנאויף קען עס טאַקע אויסזען מאָדנע, אָדער גאָרנישט אויסגעהאַלטן. אין דער ליטעראַטור איז ער געווען אפילו דער פאָן־טרעגער בײַ די מאָדערניסטן, די אימפּרעסיאָניסטן, אָנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט. דאָס האָט נישט געמיינט בלויז שטעלן זיך קעגן דעם אָנגענומענעם נאַטוראַליזם־רעאַליזם פון די 90ער יאָרן. דאָס אַליין איז געווען אַ געוואַגטער אַקט אין דער אַמעריקאַנער־ייִדישער ליטעראַטור אין יענע יאָרן. ענטין איז געגאַנגען נאָך ווײַטער. ער האָט געמאָנט ראָמאַנטיזם. זײַן

עסיי וועגן יידישן ראָמאַנטיזם (געדרוקט אין זאַמלבוך „טרוימען און ווירקלעכקייט", 1910) איז געווען אַ היסטאָרישער ארויסטריט קעגן די איינגעפונדעוועטע רעאַליזם־אַבערגלויבענישן פון זיין צייט. זיין עסיי וועגן סימבאָליזם („צווישן מזרח און מערב" זאַמלבוך „ליטעראַטור", 1910). האָט ער אויך געשריבן מיט דער כוונה צו באַפרייען די דעמאָלט־דיקע יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע פון שאַבלאָנען, זי זאָל ווערן „מער אימפּולסיוו, מער אַ קינד פון דער פרישער שאַפונגס־קראַפט". בעת דאָס וואָרט „דעקאַדענט" איז געווען אַ חוזק־וואָרט אין די היגע ליטעראַרישע קרייזן, האָט ער אויפגעהויבן דעם סימבאָליזם ווי אַ פאָן, אין נאָמען פון באַנייאונג. דער סימבאָליזם איז פאַר אים געווען אַ באַפרייענדיקער אַקט, און באַשטאַנען איז ער אין דעם: „אָנשטאָט בילדער גיט ער סימבאָלן; אָנשטאָט קלאָרן געדאַנק — סוגעסציאָן, אָנדייטונג; אָנשטאָט איינפאַכן געפיל — שטימונג. נישט קלאָרקייט גיט ער, נאָר פאַנטאַסטישע אומקלאָרקייט. די פאָרמע האָט ער לויז געמאַכט, אָפּגעלאָזן; די אַלטע קאָמעדיע, די אַלטע רעטאָריק, די אַלטע רעגלען אָנערקענט ער נישט". דער באַפרייענדיקער גייסט אין דעם סימבאָליזם באַשטייט אויך אין דעם, וואָס דער „סימבאָליזם האָט די וועלט אָנגעקליידט מיט גייסט, זי פאַנטאַזירט, אָנגעפילט מיט לעבן. דיזער גייסט האָט אַלעם צוזאַמענגעהעפט אין איין גרויסן לעבעדיקן װוּנדער, און דאָס טויטע איז געוואָרן לעבעדיק און דאָס וואַכעדיקע — אינטערעסאַנט".

און דער זעלביקער קעמפער פאַר מאָדערניזם איז געווען גאָר קעגן מאָדערניזם אין טעאַטער. אָט־די ביידע היפּוכדיקע צוגאַנגען האָבן זיך טאַקע גענומען פון זיין פאָרמאַליזם. וואָס שייך טעאַטער האָט ער זיך געהאַלטן ביי אוטיליטאַרישע פּרינציפּן, מחמת דער טעאַטער האָט עס געפאָדערט. און באַגרינדט האָט ער עס מיט פּעדאַגאָגישן פאָרמאַליזם, מיט אַ פאָרמאַליסטישער עסטעטיק. אָבער וואָס שייך ליטעראַטור — דאָרטן איז דער מהות אַן אַנדערער, דאָס יחידישע אינעם לייענער שפּילט די וויכטיקסטע ראָל ביים אויפנעמען ווערק. דאָ האָט זיין פאָרמאַליזם אים דערלויבט צו שאַצן עסטעטיש פאַרשיידענע ראָמאַנטישע, אימפּרעסיאָניסטישע און סימבאָליסטישע סטילן. דאָ האָט אויך גורם געווען דער פאַקט וואָס ער איז געווען אַ בעלעטריסט, מיט שטאַרקע סענטימענטאַלע נטיות.

און אזוי האָט אים געפירט די אוטיליטאַרישקייט פון זײַן דור — צו פאָרמאַליזם, און פון פאָרמאַליזם — צו רעלאַטיװקייט: רעאַליזם אין טעאַטער; און מאָדערנער ראָמאַנטיזם אין דער ליטעראַטור.

# געמיט, זשאַנער און ריטם

ווען מע לעבט זיך אַרײַן אין בעל־מחשבותעס שריפטן, ווערט מען דורכגענומען מיט זײַן שווערמוט, זײַן לאַנגזאַמען, טרויעריקן ריטם. ווען מען לעבט זיך אַרײַן אין זײַן שײנער שטימונגס־עסיי „ד״ר הערצל און אַנטאָן טשעכאָוו״, („וועלט אײַן — וועלט אויס״, ניו־יאָרק, 1916) געפינט מען אין דער דאָזיקער עסיי דעם שליסל צו זײַן געמיט. „יאָרנלאַנג — שרײַבט ער וועגן טשעכאָוון — האָב איך מיטגעזונגען די מעלאָדיע פון שטאַרבנדיקן קינסטלער, אין וועלכן עס האָט געקלונגען דאָס ליד פון אַ דור, וואָס מוז אויסשטאַרבן״. אין אַ פריִערדיקן אָרט שרײַבט ער: „מיט טשעכאָוון האָב איך געלעבט זינט איך געדענק זיך״. פאַר בעל־מחשבותן איז עס נישט געווען אַ ליטעראַרישער זשעסט צונויפצופירן די צוויי שטערן, וואָס האָבן „געלויכט איטלעכער אין זײַן וועלט, איטלעכער אין זײַן הימל״. פאַר אים זײַנען טשעכאָוום און הערצלס „אָפּגעטיילטע הימלען״ געווען „איין איינציקער הימל״. פון זינט בעל־מחשבות געדענקט זיך האָט ער געלעבט און געאָטעמט מיטן קראַנקן טשעכאָוו־געמיט. אין 1897, אויפן באַזעלער ציוניסטישן קאָנגרעס, האָט ער זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט הערצלען. נאָכדעם ווי ער האָט יאָרנלאַנג געלעבט אין אומעט און שטילער פאַרצווייפלונג, האָט ער, זינט דעם יאָר 1897 „זיך יאָרנלאַנג געפילט געטראָפן פון די שטורעם־פליגל פון אַ הערצל״. הערצל דער „מענטש מיט אַ קעניג־טרוים״, וואָס האָט זיך באַוויזן „אין אונדזער פינצטער ייִדיש וועלטל״, „האָט אַרײַנגעטראָגן ליכטיקייט אין מאַנכע ווינקלען פון מײַן מוח״. און ווען הערצל איז געשטאָרבן, האָט ער זיך דערפילט ווי אַן אָבל. „איך האָב אויסגעמיטן די גערטנער, וווּ מען האָט געשפילט מוזיק. איך האָב פון דאָס נײַ אַנטפּלעקט די אַלטע פאַרוואָרפענע ברעגעס בײַם טײַך ניעמאַן, וווּ איך פלעג יונגערהייט פירן שפּאַצירן מײַן

אומעט און טרויער, מײַנע פּראָטעסטן צו גאָט און צו לײַטן, מײַן צער און עגמת־נפש, מײַנע חלומות און דאגות. טשעכאָווס טויט האָט אים נאָך טרויעריקער געמאַכט. אין טשעכאָווס טויט האָט ער געזען די טראַגיק פון דער קינסטלערישער נשמה, פון דער שעפערישער פּערזענלעכקייט. אין טשעכאָוון האָט ער געפילט זיך אַליין. „און צי איז טשעכאָוו, די ריינע קינסטלערישע נשמה, נישט געווען דער קאָמערטאָן, וואָס שטאַרבט אָפּ פון ערשטן קלאַפּ אָן?"

אויף אַ בילדערישן אופן גיט ער איבער ווי אַזוי ער האָט אויפגענומען די ביידע טויטן. דער סימבאָל טשעכאָוו האָט געשטימט מיטן גרונטטאָן פון בעל־מחשבותעם קראַנקן געמיט; און בעל־מחשבותעם פּלוצימדיקע האָפענונג איז דאָך געווען — הערצל, „דער סימבאָל פון אַלע אונדזערע טיפסטע נאַציאָנאַלע חלומות,... דער שטורעם, וואָס דערשלאָגט די שוואַכע און דערפרישט די קראַנקע... די קראַפט, וואָס האָט געהויבן אונדזער געפאַלענע זעלבסט־אַכטונג און וואָס האָט אונדז אין אַ געוויסער היסטאָרישער עפּאָכע אויסגעגלײַכט דעם געבויגענעם רוקן".

הערצלס טויט זעט ער ווי די אָנגעצויגענע סטרונע, איבער וועלכער מע דאַרף אָט־אָט אַריבערפירן דעם שטאַרקן ענערגישן פידל־בויגן... אַ וועלט מענטשן וואַרטן מיט אָפענע אויערן און מײַלער און פּלוצים באַווײַזט זיך — „אָנשטאָט דעם בויגן, אַ טעמפּער מעסער און שנײַדט זי איבער אין סאַמע מיטן..."

טשעכאָווס טויט האָט זיך אים געמאָלן ווי אַ קאָמערטאָנס אָפּ־אָפּשטאַרבנדיקער קלאַנג. מע זעט שוין דאָס ציטערן. „נאָר דאָס אויער פילט, אַז עפּעס קלינגט אַזוי שטאַרבנדיק טרויעריק אין אַרומיקן שטח. דער טאָן ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער, ביז ער קומט צו דער גרעניעץ פון שטילקייט און גיסט זיך מיט איר צונויף. אויסהויכנדיק דעם לעצטן קלאַנג־אָטעם".

און אויב מע וויל פאַרשטיין בעל־מחשבותעם געמיט דאַרף מען זיך אָפּשטעלן אויף זײַן ווידוי: „איך שעם זיך נית אויסצוזאָגן... טשעכאָוו איז מיר געשטאַנען נעענטער ווי הערצל, כאָטש איך האָב

הערצלען געליבט מיט א פיל שטארקערן ברען ווי דעם ערשטן. מײַן ליבע און צובונד צו ביידן קען מען פארגלײַכן, ווי די טיפע ווארעמע ליבע פון א ברודער צו א ברודער און ווי דער לײַדנשאפטלעכער משוגענער צובונד פון א מאן צו זײַן געליבטער".

אייגנטלעך זיינען אט־די צוויי סימבאלן געווען די ברעגן, וואס צווישן זיי האט זיך באוועגט בעל־מחשבותעס לעבנס־ריטם: אן אפּשטארבנדיקער קלאנג, קינסטלערישקייט אין א פארצווייפלטער וועלט, און — האפענונג, ווען די מענטשלעכע טראגיק איז גרויס. אט אין דעם ליכט דארף מען פארשטיין בעל־מחשבותעס „טײַוואלאנישע" טענער, „איראנישע" מעשהלעך. דא האט געפונען אויסדרוק א טיפער קוואל — פארצווייפלונג. מע דארף אבער גלײַך צוגעבן — פארצווייפלונג אין א שטילן ליריקער, אין א קינסטלער־נאטור. ער האט זיך אויך אוועקגעטראגן אויף „שטורעם־פליגלען". אבער פליגלען ווערן שטענדיק צעבראכן „פון א בלינדן אידיאטישן שיקזאל". ער טרוימט און בענקט, הגם ער ווייסט — טרוימען און בענקשאפטן ווערן קיינמאל ניט מקוים. ווי מאדנע אויטאביאגראפיש קלינגען זײַנע שורות וועגן טשעכאוון: „אין טשעכאווס לירישע קונסט פילט זיך די יונגע נשמה פון א פאעט, וואס איז געפערלעך קראנק. זײַן הארץ איז נאך יונג אויף צו קענען ווארפן די חנוודיקע קאפריזן פון די לעבנס־פארבן, אבער ער איז פיזיש צו שוואך אויף צו קענען זיך באהעפטן צו דעם שפיל פון די לעבנס־פעדים".

און עס איז פארשטענדלעך פארוואס טשעכאוו „איז אים געשטאנען נעענטער" ווי הערצל. אין גרונט איז בעל־מחשבות געווען א לירישער קינסטלער, א שווערמוטיקער, מיט א קראנקן געמיט, א מעלאנכאליקער... דאך — מיט טרוימען און בענקשאפט...

זײַנע קינדהייט־עפיזאדן דערציילן אונדז וועגן צוויי אייגנשאפטן אין זײַן געמיט און אין זײַן שרײַבן: שווערמוט און ספקות. — ספקות פירן דעם גאטלאזן צו ציניזם, און דעם טרוימער, דעם מאמין — צום קריטישן טראכטן. פון איין זײַט איז ער געווען איבערגעוועלטיקט פון רעליגיעזן „אומעט און שוידער" און פון דער צווייטער זײַט — ער האט געוואלט דאס אלץ משיג זײַן, סובל זײַן.

זיינע ערשטע ביכער קריטיק( 1910) עפענען זיך מיט א ליד, מיט „א טײַוולאָניש לידל". דאָס איז א פּאָעטישע דערקלערונג וועגן אומשטערבלעכקייט. די קינסטלער וועלן שוין זײַן לאַנג טויט, ווען עס וועלן קומען די לעבעדיקע צײַטן. אָבער „קיינער וועט ניט קענען, ניין נישט קענען טויטן אײַער ליד, פול, פארפול פון נייט". און ווען עס וועלן קומען ווידער „טויטע צײַטן", „וועט מען זאָגן: „זיי האָבן אויפגעבליט" — און אַלע וועלן כאַפּן, כאַפּן טיפּיקייטן, וואָס ליגט באַהאַלטן אין אײַער, אײַער ליד". און דער פארצווייפלטער שמייכל זײַנער, דער כלומרשט „טײַוולאָנישער" באַדויערט טיף: „לעבן האַלבע צײַטן, האַלב באַגראָבן און האַלב געלעבט", — דאָס רופט מען אָן „אייביק". און „דאָמיט די מענטשן זאָלן דעם הײַנט אויף מאָרגן בײַטן, האָט גאָט געפונען, אוי, א ווײַל רעצעפּט". און דער גרונטטאָן איז דאָ, ווי אַלץ בײַ בעלמחשבותן: „האַלב באַגראָבן און האַלב געלעבט". און ער גלויבט: „טויטן די לידער וועט קיינער נישט קענען; אין די „טויטע צײַטן" וועלן זיי אויפלעבן". אָבער דאָס איז אַלץ ניט דער גאַנג פון לאָגיק. אזוי פילט א קראַנקער; א שטילער, פאַרצווייפלטער מענטש; א לירישער דיכטער.

עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס דער „שער" פון דעם קריטיקערס ווערק איז א פּאָעטישער. עס איז אויך ניט קיין צופאַל, וואָס זײַנע ערשטע זאַכן זיינען ניט .געווען קיין קריטישע, נאָר בעלעטריסטישע די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט, אגב, קיינמאָל ניט געדרוקט, איז געווען „עס קאָכט און עס רודערט אין שטעטל אפיקומן". געהערן געהערט עס צום יאָר 1895, ער האָט עס פאָרגעלייענט אין א סטודענטישן קרײַז. זײַן „ישראליק איז קראַנק" האָט ער אָנגעשריבן אין יאָר 1897, אין היידלבערג, הגם ער האָט עס ערשט אָפּגעדרוקט אין „יוד", דעם 13טן דעצעמבער 1900. און אין „יוד" איז עס געגאַנגען ווי א דערציילונג. איז זײַן ערשטע געדרוקטע זאַך געווען אַן אַרטיקל איבער מאָרים ראָזענפעלדן, וואָס איז דערשינען אין „יוד", דעם 1טן דעצעמבער 1889. אָבער זײַנע ערשטע ליטעראַרישע טריט האָט ער געשטעלט אין דער בעלעטריסטיק. ווען עס באַווײַזן זיך זײַנע ערשטע רעצענזיעס אין „יוד", אין יאָר 1900 (נומערן 3, 5, 21) דרוקט ער אין דערזעלביקער שריפט

דערציילונגען, צייטונג־שטימען, אויך א ליד (אונטערן פסעוודאָנים דר. אים. על.). צוזאַמענגענומען אין זייער צאָל גרעסער ווי די צאָל דרינ רעצענזיעס.

פאַר די וואָס קענען די יידישע פּאָעזיע אויף דער שוועל פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, וועלן זיכער דערפילן אַן עכטן פּאָעטישן געמיט אין בעל־מחשבותעס „פרילינגס־נאַכט" („דער יוד", דעם 26טן אפּריל 1800) :

## פרילינגס-נאַכט

א קלאָרע נאַכט, א בלאָע נאַכט...
מיר גייען ביידע גאַנץ באַזאַכט,
און אָטעמען איין די פרישע לופט;
מיר ריידן ניט און זיינען שטיל...
און זוכן ניט קיין וועג, קיין ציל...
דער פרילינג רופט... ער רופט... און רופט...

א שטילע נאַכט, א בלאָע נאַכט...
מיין האַרץ איז פול... איך קלער און טראַכט,
ווי ווייניק דאַרף דער מענטש צום גליק...
א ליבן פריינט, א טרייען פריינט,
א לויטער נאַכט, וואָס שטראַלט און שיינט,
א ריינעס האַרץ, א קלאָרן בליק...

פון מיט שטימונג איז אויך דאָס ליד:

## א גרויער טאָג

ווען נאַס און שמוציק איז די ערד,
צום הימל טו א בליק;
איז קאַלט דער הימל, גרוי פאַרשטערט,
בייג איין דעם קאָפּ צוריק...

ג. ב. מינקאוו

פארגעס אז ס'איז אַ הימל דא,
מאַד צו די אויגן, שלאָף!
און דאנק דעם טאג, און דאנק די שעה,
וואס טרײַבט דיך גיך צום סוף...

דער סוף איז מער נישט ווי דער טויט
אַ לעבן א ו נ ט ע ר דריערד...
ווען דא איז אַלץ מאט און טויט,
איז אפשר דארט פ אַ ר ק ע ר ט?!

(„דער יוד", דעם 27טן יוני, 1901)

דאָס „לײַדנשאַפט" האָט ווייניק שטימונג און מער פארצווייפלונג, אָבער כאראקטעריסטיש איז — „עס שטײַגט מײַן מוט, עס פאַלט מײַן מוט... איך וויל פון זיך אנטלויפן..."

## לײדנשאַפט

(געווידמעט ר. ג. ח.)

עס קאכט אין מיר דאס יונגע בלוט,
עס זעצט מיר אין די שלײפן,
און ווײַטער וואס נאר א מינוט
ווערט שווערער דאס באַגרײַפן...

עס קלאפט אין מיר דאס יונגע הארץ,
עס קעמפן די געפילן —
צי איז דאס פרייד, צי איז דאס שמערץ,
וואס לאזט זיך גארנישט שטילן?

עס שטײַגט מײַן מוט, עס פאלט מײַן מוט...
פארשטעלט זײַנען מיר די אויגן...
איך נערוון טוט זיך, טוט זיך, טוט,
שפאנט אן זיך ווי די בויגן!

## בעל־מחשבות

זאל פּילן שוין מײַן יונגער לײַב
דעם שיכּרות אײַער גרויסן;
דערלאַנגט אַ טראַג, דערלאַנגט אַ הײב
מײַן יונגן לײַב, דעם הייסן!

פאַרטרינקט מײַן זעל מיט העליש פרייד,
מיט גיפטיק ביטירע גאַלן!
דעם שאָטן ווײַזט מיר פון דעם טויט,
פון גליק די קלאָרע קוואַלן.

פאַרלאָזט מיך נישט אין דער מינוט —
איך וויל, איך מוז דורכפילן
פון אַלי דאָס בייז, פון אַלי דאָס גוט
די העכסטע טיפסטע צילן!

איך וויל... איך מוז... עס קאָכט דאָס בלוט,
עס זעצט מיר אין די שלייפן...
עס שטײַגט מײַן מוט, עס פאַלט מײַן מוט...
איך וויל פון זיך אַנטלויפן...

אין אַ סך עסייען, זײַנע, אין אַרטיקלען און פעליטאָנען אָטעמט שטילע פּאָעזיע. זיי דריקן זיך אויס אין אָפטע אינטערמעצאָס, ווי, אַ שטייגער: „אָבער עס קומען דאָך די שוואַכע מינוטן, ווען עס הייבט זיך אָן נישט ווילנדיק צו בענקען נאָך עפּעס... נאָך עפּעס אַ נס...״ („חנוכּה״); אָדער — „ווי דורך אַ כּישוף איז עס מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלטן טײַערן חפץ, ווי למשל, אַן אַלטער הענגלײַכטער פון טיטוסעס צײַטן. און אַזוי ווי אַלטע קעגנשטאַנדן האָבן ליב די האַלבע דונקלקייט פון אַ מוזיי — זיצט ער אין אַ זאַל, וואָס האָט קיינ־מאָל ניט געזען די גאַנצע זון, און ווו פלאַמען פון וועקסענע ליכט האָבן שטענדיק געוואָרפן זייערע לאַנגע ציטערדיקע שאָטנס״ („אַן אַלטער הענגלײַכטער״); אָדער — „ווי ביסטו רויק, איידל און שיין מײַן פאָלק,

אין די צײַטן, ווען עס ריידן אין דײַן הארצן די שטימען פון דײַן פאַר־גאַנגענהייט! ווי ביסטו צערודערט, צעוויייטיקט און מיאוס אין אַלע דײַנע באַוועגונגען, ווען דו גייסט אַרוים פון דײַן בית־המדרש־שטח אויפן פרעמדן מאַרק מיט דער דעה, צו דערקען א שטיקל חיונה!" („א מת מצוה").

מער ווי אַלץ פילט מען בעל־מחשבותעס לירישן אָטעם ניט אַזוי אין באַזונדערע ערטער, ווי אין זײַן גאַנצן אופן שרײַבן. עפּעס א לי־רישער אונטערטאָן, א פּאָעטיש געמיט לעבט אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן. און מערקווירדיק — אין דער קריטיק טרעט אָפּ זײַן פּאָעטיש געמיט ווי הינטער א פּאַרהאַנג, און זײַן אָרט פאַרנעמט — אַנאַליז. אָבער אין גאַנצן פאַרשווינדט עס ניט. אין זײַנע אַנדערע ווערק — חוץ דער קריטיק — פילט מען אײַנגאַנצן דעם פּאָעטישן אָטעם, פון א שטילן — צײַטנווײַז איראָנישן פאַרצווייפלטן לירוקער.

זײַן שטימונג, זײַן ליריזם פאַרציט א מין דינעם פּאָעטישן שלייער איבער זײַנע ווערק. דאָס שאַפט א נעפּלדיקע אַטמאָספער. אַזוי שאַפט דער זעלביקער ליריזם עפּעס, וואָס איז מאָדנע אומבאַשטימט. אַזוי איז עס אין זײַן גאַנצן שרײַבן — א חוץ אין קריטיק. צווישן זײַן קריטיק און די אַנדערע פּראָזע־ווערק איז די ליניע קלאָר און שאַרף געצויגן. אין דער קריטיק דאָמינירט בײַ אים דאָס ספּעקולאַטיווע, חקירה, אינטעלעקט. אָבער אין זײַנע אַנדערע ווערק הערשט מער שטימונג, בילד, דער פאַרגלײַך, די מעטאַפאָרע, די האַלב־רעזיגנירטע איראָניע. זײַן פּובליציסטיק איז אָפט א פעליעטאָניסטישע, אָפט אויך נאָענט צו דער־ציילונג אָדער עסיי. טיילמאָל זעט עס גאָר אויס ווי א ליד אין פּראָזע. און זייער אָפט לאָזט זיך נישט באַשטימען דער זשאַנער אין זײַנע פּראָ־זע־ווערק, אַחוץ פאַרשטייט זיך, קריטיק. ש. ניגער, וואָס האָט אָנגע־שריבן די גרינטלעכסטע און פאַרטיפסטע אָפּהאַנדלונג וועגן בעל־מח־שבותן, באַצייכנט בעל־מחשבותעס „געמישטע און דאָך האַרמאָנישע הויפּט־פאָרם" מיטן נאָמען: בעלעטריסטישע פּובליציסטיק. „דאָס איז ניט" — שרײַבט ניגער — „מאמרים אין דער געשטאַלט פון בעלעטרים־טיק. דאָס בעלעטריסטישע איז דאָ ווייניקער און אויך מער, ווי א פאָרם; ס'איז דער אָטעם פונעם אינהאַלט; ס'איז אַזאַ מין דענקען, אַזאַ מין

וועג צו דערוויַזן דורך באַוויַזן אַ זאַך, דורך באַוויַזן עס מיט דער הילף פון בילדער און פאַרגלײַכענישן, נישט געבן צו פאַר־שטיין, נאָר געבן צו פילן, דעם אַנדערן; און אַליין אויך אפשר מער פילן, ווי פאַרשטיין מיטן שכל, מער פילן דאָס פלייש און בלוט, איידער דעם סקעלעט פונעם געדאַנק"... און ניגער פאַרענדיקט מיט אַ זייער טרעפלעכער כאַראַקטעריסטיק: „ס'איז נישט אַ סטיל אַזאַ בילד־לעכער, ס'איז אַ בילדעריש, קינסטלעריש דענקען"

צוגלײַך מיט אָט־דעם בילדערישן סטיל, מיט אָט־דעם קינסטלע־רישן דענקען, פאַרמאָגט זײַן שרײַבן אַ קינסטלעריש פילן. און דאָס דערפילט מען אַ סך שנעלער אין זײַן פובליציסטיק, ווי אין זײַן קרי־טיק. אָט־דעם ליריש־בעלעטריסטישן חותם זעען מיר אין יעדן זשאַנר וואָס ער האָט געשריבן. און דערפאַר טאַקע איז אָפּט שווער דערקענען די זשאַנערן אין זײַן שרײַבן.

מיט פאַרשיידענע באַוואָרענישן קען מען זײַנע שריפטן (אחוץ די לידער) טיילן אויף קריטיק און פובליציסטיק.

אין זײַן קריטיק האָבן מיר: אַ) עטלעכע גרעסערע אַרבעטן — שטודיעס — און אַרטיקלען; ב) אַ קריטיקערס נאָטיצן; און ג) ליטע־ראַרישע געשפּרעכן. זיי איז גרינג צו דערקענען. די לענגערע שטודיעס זיינען גרינטלעכע אַנאַליזן. אין די נאָטיצן באַרירט ער אָן איינציקע גרונט־פראַגע. און די „ליטעראַרישע געשפּרעכן" זיינען טאַקע שמועסן, ווו דאָ און דאָרט ווערט באַרירט אַ פונקט, אַ שטריך, אַ געדאַנק.

אין זײַנע אַנדערע פּראָזע־ווערק איז שוין אַ סך שווערער דערזען וואָס־איז־וואָס.און דאָ דאַרף מען זײַן נאָך מער געוואָרנט ווי אין זײַנע קריטיקן. בדרך כלל לאָזן זיך זײַנע אַנדערע פּראָזע־ווערק טיילן אויף: אַ) דערציילונגען, ב) עסייען און ג) פעליעטאָנען.

אַ) דערציילונגען — דאָס זיינען, למשל די איראָנישע מעשהלעך — „ישראליק איז קראַנק"; „פּרשנדתא האָט זיך אָפּגעריסן פון דער תליה"; „דער נביא פון גאם"; „דער תכריכים־אינדזל"; „אַ שבעותדיקע מעשה".

פונקט ווי זײַנע דערציילונגען האָבן אַ מוסר־השכל — על־פּי רוב אַ ציוניסטישן, איז האָבן זײַנע פובליציסטישע אַרטיקלען — בעלעטריס־

טישע עלעמענטן. טיילמאָל באַגעגענען מיר אין זיי גאַנצע שטיקער וואָס וואָלטן זיך באַדאַרפט געפינען אין דערציילונגען. אין זײַן „מת מצווה" זעט מען עס זייער קלאָר. ער דערציילט דאָרטן ווי אַזוי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן „בעזשענצעס", פּליטים, באַדאַרפט ברענגען אַ ייִדן צו קבר ישראל. איז געווען אַן אָרט, אַ מהלך רב פון קאַסטראָמאַ, וווּ מע האָט לעבן שטעטל, מיט 25 יאָר פריער, אָפּגעגעבן אַ שטיקל קרקע פאַר אַ ייִדישן בית עולם. די ייִדן־פּליטים האָבן זיך איצט דערוווּסט וועגן דעם, איצט, ווען דאָס אומגליק איז געשען. און ווען עס איז געקומען צו תכריכים, קברנים, אַביסל ייִדן אָפּצוגעבן דעם נפטר זײַן רעכט — האָט מען אַלץ געפונען צווישן די פּאַרוואָרלאָזטע פּליטים. פון אַ זעקל ארץ־ישראל־ערד האָט מען זיך געמוזט, פאַרשטייט זיך, אָפּזאָגן. גאַנצע אָפּשניטן אין דער דאָזיקער פאַרצייכענונג זײַנען ריין־בעלעטריסטישע, למשל: „אַ נידעריקער בלײַערנער הימל, פון וועלכן עס טראָגן זיך ווײַסע נאַסע שנייעלעך, אַ ווײַט־ברייט פעלד, וואָס שלאָפט אונטער אַ געדיכטער ווײַסע פערינע; אַ קופּקע פויער־לעך מיט דאַרפישע מיידלעך, וואָס קוקן מיט שרעק און נײַגיר, ווי „זיי, די ייִדן", זיינען מקבר „זייערע" מתים; אַ הייפל טונקעלע סי־לועטן, מיט עטלעכע ליכט אין די הענט, וואָס באַלײַכטן אַ טיפן קבר, וועלכער איז שוין האַלב באַשאָטן מיט שניי... אַלע ווײַלע פאַלט אַרײַן אין דעם פלאַם פון ליכט אַן אויסגעמאַטערט ייִדיש פּנים, אַן אײַנגע־בויגענער רוקן, אַ פוס, וואָס איז האַלב פאַרטרונקען אינעם ווינטער־דיקן מבול".

די בעסטע דערציילונגען זיינען: „פרשנדתא האָט זיך אָפּגעריסן פון דער תליה" און „דער תכריכים־אינדזל".

ב) עסייען — צו זיי געהערן די שיינע עסייען „נאַציאָנאַל־ייִדישע טעג" (דאָס ווערטפּולסטע פון זיי איז „שבת"), טייל „אין צײַט־קאַראַהאָד", „אַרום דעם גרויסן שאָטן" און „אונטערן ראָד".

אויך אין זיי איז זייער ניכּר דער בעלעטריסטישער עלעמענט באַ־זונדערס דער פּאָעטישער. אין זײַן „שבת" באַמערקן מיר אַזעלכע שטעלן:

„צווישן הימל און ערד שוועבט די שבת־קעניגין. אַ גאַנצע

וואָך בלאָנדזשעט זי איינע אַליין, פון אַלעמען פאַרלאָזן צווישן די מיריאַדן שטערן. פאַרשמוצט און פאַרגרעבט, פאַר׳עסק׳ט און פאַרטאַראַראַמעט לויפט אַרום איר באַשערטער אויף אַלע גוייִשקע ירידן. מיט אומעט און מיט עקל קוקט זי אויף איר חתן וואָס האָט שוין פאַרלאָרן זײַן געטלעכן אַנבליק און וואָס איז שוין כמעט ניט צו דערקענען. אָבער אַט קומט דער זעקסטער טאָג אין וואָך, און ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם גאַנצן שמוץ, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אויף אים. אין זײַן שטוב באַווײַזן זיך די ערשטע סימנים פון ריינקייט ציכטיקייט און יום־טובדיקייט. די שבת־קעניגין הייבט ווײַטער אָן צו דערקענען איר באַשערטן און שוועבט צו צו דער ערד, וואָס האָט אויף אַ ווײַלע פאַרלאָרן דעם שווערן גראָען אויסזען, און אין די פאַלבן פון אירע קליידער טראָגט זי די בשמים־ריחות פון העכערע וועלטן, די שטילע מו־זיק פון מלאָכימשע פליגל, וואָס באַוועגן זיך אין אַ געטלעכן טאַקט״.

פּאָעטישע אויסגוסן לייענען מיר אין אַזעלכע אַרבעטן, ווי „אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן״:

„אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן גייט ניט אַליין דורך די גאַסן.

„גייט איר אַרויס אין די אַלייען, אָדער פאַרבלאָנדזשעט אײַך אין איינעם פון די גערטנער, וואָס פאַרנאַכט ווערט נאָך די ליבלעכע פינצטערניש געדיכטער און ליבלעכער, און די פּאָרלעך גיסן זיך צונויף מיט בוים, צווײַגן, בלאַט, נאַכט און שאָטן — נעמט עמיצן מיט זיך מיט...

„אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן גייט ניט איינער אַליין דורך די גאַסן.

„זײַט איר ניט גליקלעך, וועט איר ווערן נאָך צען מאָל מער אומגליקלעך.

„זײַט איר פאַרבענקט, וועט נאָך אײַער בענקשאַפט זיך טויזנט מאָל מער צעוואַקסן, וועט גרוים־ ווערן, ווי אײַער שאָטן פון דער נאַכט ווען דאָס ליכט פאַלט אויף אײַך פון אַ ווײַטן, ווײַטן לאַמטערן.

„זומערדיקע פאַרנאַכטן, וואָס פאַרא פײַניקער איר זײַט!”

טיילמאָל קלינגען זיי ווי לידער אין פּראָזע. און ניט נאָר באַזונדערע פּאַראַגראַפן, וואָס קענען אויסזען ווי לירישע אָפּנייגן, נאָר גאַנצע טיילן, עיקרדיקע טיילן. אויף זיי האַלט זיך אָפּט די גאַנצע עסיי, למשל, „דער וואַלד”:

„ווי שיין, שטיל און פּאָעטיש האָט מיר אויסגעזען דער וואַלד בײַטאָג!

„בײַ דעם בערגעלע, אויף וועלכן איך האָב זיך אַ בעט געמאַכט, האָבן אַזוי תמימותדיק שטיל געזשומעט אַלערליי ברואימלעך און רמשימלעך מיט פליגעלעך אויף די פּיצינקע קערפּערלעך.

„ווי שטאָלץ, זיכער בײַ זיך און צוגלײַך אַזוי ווײַבעריש־נערוועז האָבן זיך אויסגעשטעלט פאַר מיר די סכך־ביימער, די סאָסנעס און די אָסינעס (עספּן), און ווי שיין האָבן זיך אָפּגעשלאָגן די בלוטיק־רויטע וועלפישע יאַגדעס אַקעגן דעם ג ר י ן, אין דער הויך, און ג ר אָ ־ ב ר ו י נ ע ר פאַרב אונטער מײַנע פיס.

„די רויִקייט פון וואַלד האָט זיך צעגאָסן אין אַלע מײַנע גלידער און, אײַנדרימלענדיק, האָט זיך מיר צײַטנווײַז געדאַכט, אַז איך בין אַליין שוין כמעט אַ בוים, מיט אַ בוימישער נשמה און מיט אַ בוימישער רויִקייט אין אַלע מײַנע אברים”.

ג) פ ע ל י ע ט אָ נ ע ן — דאָס זײַנען פּובליציסטיש־ און זשורנאַליסטיש־געשטימטע אַרטיקלען. זיי צייכענען זיך אויס מיט בילדער, אָפּט מיט ליריזם. דאָס איז חל אויף די פעליעטאָנען, וואָס מע דערקענט זייער זשאַנער אויבנאויף, און סײַ אויף די, וואָס האָבן דאָס אויסזען פון טיפערע עסייען. צום ערשטן מין געהערן אַלע אַרטיקלען, וואָס זײַנען באַהויכט מיט איראָניע. צו דעם מין דאַרף מען צורעכענען אַזעלכע שריפטן, וואָס האָבן געקענט זיך דערהויבן צו אַן עסיי, און זײַנען אַראָפּגעפאַלן צו אַ פעליעטאָן („איראָנישע ליפּן”, „אַרום ליטעראַטן”, „קאַנגרעס־טיפּן”). צום צווייטן מין געהערן יענע עסייען, וואָס זײַנען גע־

בויט — בלויז אויף „שטריכן און געדאנקען", און אויף שטימונג („ייִדי־שער יחוס", „מע לייזט ניט", די גאנצע אָפּטיילונג „ארום אַ גרויסן שאָטן" און דער גרעסטער טייל פון בוך „אונטערן ראָד"). אָבער דאָס איבערצײַגנדיקע, אָדער אינטערעסאנטע אין זײַן פעליעטאָן איז ניט אַזוי דאָס קינסטלערישע טראַכטן, דאָס טראכטן אין בילדער, נאָר זײַן שווער־מוטיקער ערנסט, געמישט מיט פארנאַכטיקן ליריזם.

און דאָס איז זײַן סטיל: לירישע לאַנגזאמקייט, דורכגענומען מיט שווערמוט. קלאָרע זאצן און אַן אומבאַשטימט געמיט. זײַן מעלאַנכאָ־לישקייט איז צוגלײַך טרויעריק און דאָך פול מיט בענקשאַפט. אין איר איז ניטאָ קיין רעזיגנאַציע־שטימונג. זי איז אויך ניט אָנגעגליט מיט דערוואַרטונג. אין איר איראָניע פילן מיר ניט אַ הבל־הבלים שטימונג, נאָר די שטילע פארצווייפלונג פון אַ באַהאַלטענעם טרוימער...

## צײַט, סביבה, ירושה

דאָס מעלאַנכאָלישע לעבנס־געפיל איז געלעגן אין גרונט פון בעל־מחשבותעס כאראַקטער. דאָס האָט זיך אין אים נאָך מער פארטיפט, מחמת דרויסנדיקע השפעות: סביבה און צײַט. אין דער ייִדישער סבי־בה האָט ער זיך יאָרן שפּעטער אָנגעטראָפן אויף גרויסע געשעענישן — אויפשטײַג און אָפּטימיזם. אָבער די שטימונג אין דער ניט־ייִדישער סביבה איז געווען גאָר אַן אַנדערע. און זי האָט משפיע געווען אויף בעל־מחשבותן, יאָרן איידער ער האָט זיך באַוויזן צוריק בײַ די טויערן פון דער ייִדישער וועלט.

זײַן גאַנצער לעבנס־ריטם, זײַן קינסטלערישער טעמפעראַמענט, זיינען געווען איינס מיטן גאַנצן לעבנס־געפיל און קונסט־געפיל אין די 90ער יאָרן, סײַ אין רוסלאַנד סײַ אין דײַטשלאַנד.

פאַר בעל־מחשבותן איז עס נישט געווען קיין צופעליקער זאָג — „מיט טשעכאָוון האָב איך געלעבט זינט איך געדענק זיך". ווי טשעכאָוון, איז בעל־מחשבותן אויסגעקומען לעבן אין איבערגאַנגס־צײַטן. זײַן לעבן האָט זיך שטענדיק געפונען ווי צווישן מחיצות. פריִער — די „צוויי זעלן אין איין ברוסט". דאָס האָט געמיינט: זײַן פאָטערס אַנאַליטישע

נטיות און זײַן מוטערס עמאָציע און פֿאַנטאַזיע. נאָכדעם — דער איבער־גאַנג פֿון „מוסרניקעס" אין דער שווייצערישער רעאַל־גימנאַזיע און די אוניווערסיטעטן אין היידלבערג און בערלין. און בעת די רײַפֿערע יאָרן טרעפֿט ער זיך אָן אויף צווישנצײַט־שטימונגען, סײַ אין רוסלאַנד, סײַ אין דײַטשלאַנד. איין קולטור־עפּאָכע האַלט אין פֿאַרגיין, אַן אַנדערע קומט־אויף פֿאַרנעמען איר פּלאַץ.

טשעכאָוו איז געווען נישט נאָר אַ מײַסטער פֿון דער דערציילונג־קונסט. עס האָט געשטעקט עפּעס אין דעם, וואָס ער האָט אַנטוויקלט די מיניאַטור, וואָס ער האָט זיך שטענדיק פֿאַרלאָזן אויף דעם אַלגעמיי־נעם אײַנדרוק. אויב ער פֿירט אַרויס אַ פּרט אָדער עטלעכע פּרטים, טוט ער עס טאַקע כּדי שאַפֿן דעם אַלגעמיינעם אײַנדרוק. אַרומריידן אַן ענין, געבן לאָגישע אויסטײַטשונגען, ווי מיר זעען עס אין רעאַליסטישע ווערק, דאָס וואַרפֿט ער אָפּ. און זייער אָרט פֿאַרנעמען האַלב־טענער, רמזים, שאָטנס, נאָכט. דאָס אַלץ וועקט שטימונג, אומקלאָרע געפֿילן, דוכטענישן, אָנונגען. דאָס „טשעכאָווישע" האָט פֿאַר דער רוסישער אינטעליגענץ גע־מיינט — אַן איבערגעזעטיקטער, אַ פֿונאַנדערפֿאַלנדיקער רעאַליזם. דאָס האָט אָפּגעשפּיגלט די געפֿאַלענע שטימונג בײַ דער אינטעליגענץ נאָך דער רעאַקציע און פּאָגראָמען אין די 80ער יאָרן. פֿון איין זײַט האָבן די פּרי־צים פֿאַרלאָרן דעם באָדן אונטער די פֿיס. זיי זײַנען געוואָרן אויס הער־שנדיקער קלאַס. פֿון דער צווייטער זײַט האָט דער אויפֿקומענדיקער קאַ־פּיטאַליזם נאָך נישט באַוויזן ווערן דער געזעלשאַפֿטלעכער הויפּט־כּוח. און די רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ האָט באַטראַכטן דעם ביטערן מאַר־טירער־וועג אונטערן צאַרישן מוטוויל. נישט אַלע שטימען זײַנען דעמאָלט געווען שטאַרקע און האָפֿערדיקע.

און אין דער דאָזיקער שווערער סביבה לעבט דער דערווײַטערטער בעל־מחשבות. ער לעבט עס אַלץ איבער אין דײַטשלאַנד. און דאָרטן אין דײַטשלאַנד קומט פֿאַר אַ פּראָצעס, וואָס אין לעצטן סך־הכּל רופֿט ער אַרויס ענלעכע געפֿילן.

דער אינדוסטריעלער וווּקס אין די 70ער און 80ער יאָרן שטאַרקט דעם נאַטוראַליזם אין דײַטשלאַנד, שטאַרקט דעם גלויבן אין וויסנשאַפֿט, אין סיבה־און־ווירקונג, אין דעם נאַטור־וויסנשאַפֿטלעכן מאַטעריאַליזם פֿון

א העגעל און דעם ענגלענדער דארווין. אָבער אין די 90ער יאָרן פֿאַלט די האָפֿערדיקייט, עס פֿארשווינדן די האָפֿענונגען בײַם רוב פֿאָלק. עס ווערט קלאָר, נישט אַלע וועלן דערגרייכן דעם גן־עדן פֿון מאַטעריעלן לעבן. עס קומט פֿאָר א קלאַסן־דיפֿערענצירונג. עס שטאַרקט זיך דער אינדוסטריעלער עלנט און אומגליק צווישן די מאַסן אין די גרויסע וואקסנ־דיקע שטעט.

צו דעם קלײנבירגערס אַנטווישונג קומט־צו דעם פּראָלעטאַריערס ווײ־געשרײ. בײַ אַ טייל אינטעליגענץ ווערט אומזיכער דער באָדן אונטער די פֿיס. באַזונדערס איז צערודערט די קינסטלערישע אינטעליגענץ. מיר זעען ווי דער נאַטוראַליסט אַרנאָ האָלץ ווערט גאָר אַן אימפּרעסיאָניסט אין „בוך דער צײַט". זײַן „פֿאַנטאַסמוס", למשל, האָט שוין אין זיך קערנער פֿון אַ נײַער פּאָעטישער פּראַקטיק: פֿאַרצייכענען פּרטים, נישט רעאַליסטישע, וואָס בויען ביסלעכווײַז אָן אַ גאַנצן בנין, נאָר פֿאַר־בײַלויפֿנדיקע. אין אַ געוויסן מאָמענט ווערן אַזעלכע פּרטים אויפֿגעכאַפּט בלויז מיט די געפֿילן, אָן שום נאָכטראַכטן, אָן שום איבערטראַכטן. די זעלביקע וועלט— אײַנדרוקן, בײַטנדיקע אײַנדרוקן, יחידישע איבערלע־בונגען, שטימונג — דאָס אַלץ זעט מען אויך בײַ דעם פֿרײַערדיקן נאַטוראַ־ליסט יאָהאַן שלאַף, למשל, אין זײַנע „שטילע וועלטן". און אויב גער־האַרד האופּטמאַן האָט אַנדערש פֿאַרלאָזן דעם נאַטוראַליזם ווי האָלץ און שלאַף, איז אָבער קלאָר, אַז אין זײַן „האַנעלע", „מײַסטער היינריך", „און פּיפּאַ טאַנצט" ווערט די פֿאַקטועלעווירקלעכקייט פֿאַרוואַנדלט אין אילוזיעס און פֿאַנטאַסטיק. די גרופּע אַרום די „בלעטער פֿיר די קונסט" האָט נאָך קאָנסעקווענטער פֿאַרלאָזן די ווירקלעכקייט און איז אַוועק אין אַ סאָציאַלן עסטעטיזם. הן בײַ סטעפֿאַן געאָרגע, און הן בײַ האָפֿמאַנס־טאַלן, למשל, הייבט אָן דאָס יחידישע שפּילן די וויכטיקסטע ראָלע. סוביעקטיוויזם, פּאַסיווע באַציִונג צו געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען און דאָס גאַווהדיקע „איך", וואָס שטייט העכער און טורעמט איבער דעם אַלעם — דאָס איז געווען דער גרונט־טאָן אין די 90־ער יאָרן. און צו־זאַמען דערמיט קומט־אויף אַנטווישונג. מע ווערט פּאַסיוו, רעפֿלעקטיוו, אומזיכער. אומצוטרוי אין אייגענע כּוחות און מעלאַנכאָליע עסט דעם מענטשן, ווי בײַ שניצלערס העלדן. ווירקלעכקייט ווערט אויפֿגענומען סור־

ביעקטיוו. און די פאָרשטעלונג וועגן דער וואָר בײַט זיך מיט די שטימונ־נען אינעם יחיד.

אין אָט־די לעבנס־געפילן זעען מיר ווי ענלעך זיי זײַנען צו דער טשעכאָווישער שטימונג. זיי ביידע האָבן געווירקט אויף בעל־מחשבותן. פון דער נאַטור איז ער דאָך געווען אַ רעפלעקטיווער, אַן אײַנדרוקספולער, אַן אַנטווישטער, מיט קינסטלעריש בלוט אין די אָדערן. אָבער מער ווי אַלץ איז ער געווען אָנגעשטעקט מיט אַ מעלאַנכאָליקערם שטימונג. זײַן איראָניע, די שטילע איראָניע האָט דערציילט וועגן שטילער פאַרצווייפ־לונג. באמת, זי איז געווען — אַ מעלאַנכאָלישע איראָניע. אָבער דאָס איז נישט געווען בעל־מחשבותעס איינציקע כאַראַקטעריסטיק, הגם אין דעם איז געווען די עסענץ פון זײַן געמיט. און דאָס האָט זיך אָפגעשפּיגלט אין זײַן סטיל. געווען אָבער בײַ אים נאָך אַ כאַראַקטער־שטריך. דאָס מאַכט אונדז קלאָר זײַן נטיה צו קריטיק און, אין אַ געוויסער מאָס אויך, זײַן מעטאָד. ער רופט עס אָן: „אַ ליטווישע קאָפּ־קלאָרקייט". ער אַליין דערקלערט זײַן נעמען זיך צו קריטיק אויף אַזאַ אופן:

„מענטשן ווייסן אָפט נישט אויף דער עלטער ווי אַזוי איז געוואָרן מיט דער צײַט פון זיי דאָס, מיט וואָס מען האָט זיי געקרוינט דערנאָך, זייער ווייניק זעען באַוווסטזיניק דעם ציל פון זייער צוקונפטיקן וווקס. צום ווייניקסטן, זעען דאָס מענטשן פון קונסט און שיינער ליטעראַטור. בײַ וועמען אַ האַלב לעבן גייט אַוועק אין אַן אונטערבאַוווסטזיניקייט. קינסטלער און קינסטלערישע באַגאַבטע נאַטורן זײַנען ווי בינען, וואָס פליִען פון בלימל צו בלימל, זויגן אײַן אין אַ נחתדיקער פאַרטונקלטקייט אַלערליי זאַפטן און שמעקנדיקע ריחות, ווערן מיד און שלעפעריק, פאַלן אַרײַן אין מעלאַנכאָליע בײַנאַכט אין דעם טונקעלן בינענשטאָק, מיט אַ נישט־גוטקייט ברעכן זיי אוים זייער טאָג, וואָס מענטשן קרוינען דאָס אָבער מיטן נאָמען האָניק".

„אויך איך" — שרײַבט ער ווײַטער — „בײַ וועמען עס האָט געפּלאָ־קערט אַ ליטווישע קאָפּ־קלאָרקייט פון פאָטערס זײַט, בין געווען אַזאַ מין בינעלע פאַר 25 יאָר. פון מײַן מוטער, אַ פּוילישע, מיט אַ גרויסער פאַנ־טאַזיע, מיט אַ שטאַרקן לעבנסגעפיל... האָב איך געירשנט אַ פּראָדוק־טיוון, האַלב־באַוווסטזיניקן לעבן, און ווען איך האָב אַוועקגעוואָרפן מײַן

צילעוודיקע ציוניסטישע מגידות, צוליב שרײַבערײַ — האָב איך דאָס צו פאַרדאַנקען איר".

„עס קאָן זײַן" — איז ער מוסיף — „אַז פון דער טאָפּלטער ירושה איז אַרויס דאָס וואָס מען רופט דעאיסט, קריטיקער, נישט קיין ריינער קינסטלער". („פינף און צוואַנציק יאָר ליטעראַטור", מאָרגן־זשורנאַל, דעצעמבער 21, 1922).

די קולטור־אַטמאָספערע אין דער דעמאָלטיקער נישט־ייִדישער וועלט איז געווען נאָענט זײַן לירישן, מעלאַנכאָלישן כאַראַקטער. אָבער די נטיה צו קריטיק האָט דעם קינסטלערישן בעל־מחשבותן געפירט צו גאָר אַנדערע אײַנשטעלן און שטימונגען. אַ תשוקה צום פּרימיטיוו, האָט געשטאַרקט די דאָזיקע נטיה. אַזאַ תשוקה האָט אַרויסגעוויזן נישט איין איבערגעזע־טיקטער אייראָפּייער אין די 90ער יאָרן. אין דעם פּרימיטיוויזם און פאָלקיזם האָט מען געזוכט מעטאַל פאַר אייגענע בלוטן, וואָרצלען, וואָס קרעפטיקן דעם שטאַם, און אַ רפואה שלמה. שטאָט זיך גריבלען אין פּסי־כאָלאָגישע סיבות, האָט בעל־מחשבות געפונען פאַר דעם אַ פּשוטע דער־קלערונג. ער האָט זיך דערקלערט פאַר אַ „געבוירענעם פאָלקלאָריסט" (זע דאָרט), „וואָס זוכט כסדר דעם פאָלקס־פּרימיטיוו". דערפאַר האָט אים אינטערעסירט „די סביבה, פון וועלכער איך האָב זיך שוין דערווײַטערט און צו וועלכער איך וויל צוריק".

נאָך אַ געשעעניש האָט אין אים געשטאַרקט זײַנע קרעפטן, זײַן ווילן און זײַנע טרוימען. דאָס איז געווען דער ציוניזם.

פאַר אים האָט דער ציוניזם געשפּילט אַ טאָפּלטע ראָלע. אים פּער־זענלעך האָט אין דעם ציוניזם געלאָקט די האָפענונג, דער אידעאַל. אין פאַרבאָרגענע טיפענישן האָט זיך אין אים געוועקט דער ווילן בײַצוקומען זײַן מרה־שחורה, זײַן פּאַסיווקייט. „ישראליק איז קראַנק" איז געווען נישט נאָר דער נאָמען פון זײַן ערשטער מעשה, נאָר אויך דער סימבאָל; ער האָט זיך געוואָלט געזונט מאַכן — אין דער פאַרבאָרגנקייט, ישראליקן — אין דעם באַוווסטזײַן.

„עס ווילט זיך מיר אַ ליד — שרײַבט ער טאַקע אין דער דערמאָנ־טער מעשה (אַ חנוכה־פאַנטאַזיע), — אין וועלכע עס קלינגען געזונטע פרישע מענטשלעכע ברוסטשטימען, אַ ליד, וואָס מאַכט ציטערן די לופט

מיט א הייליקן קלאנג, וואס קלינגט ווי א געטלעכער שופר פון איין עק וועלט צום אנדערן !...״

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„און פרעג זיך אליין: וווהין גייסטו? וואס זוכסטו? וווהין טראגן דיך דיינע פיס? וואס האפסטו צו דערזען?

„אך! איך קען נישט, ווי אנדערע, באלעבן די אומעטיקע וועלט מיט טויטע העלדן. איך קען נישט, ווי אנדערע קוקן אין זייער געטלעכן פנים, הערן זייערע קלוגע רייד און זיך ווארעמען אן דעם פייער פון זייער גייסט! פאר מיר זיינען די קליינינקע לעבעדיקע מענטשעלעך טויט, און די טויטע העלדן זיינען אויך טויט. און איך לעב אין א וועלט פון פארטריקנטע נפשות, צעפאלענע ביינער און געלע צעלעכערטע שארבנס!

„וואס זוך איך? איך זוך די ליכטיקע זון, די גרינע שפראצנדע פעלדער, איך זוך דעם מענטשן, וואס האלט מלחמה מיט די כוואליעס פון קאכעדיקן ים. איך זוך א לעבעדיקן יידישן מתתיהו!״

און מתתיהו באווייזט זיך אין א ליכטיקן רינג. אים האט געריררט ישראליקס „מן המצר״ און ער איז געקומען. און מתתיהו פאדערט פון אים א גלייכן רוקן, א קלארן בליק, „אן אויג, אין וועלכן עס ברענט און פלאקערט א שטארקער גלויבן״. און דאס דאזיקע גלויבן גיסט ער ארײַן אין דעם קראנקן ישראליקן און ער הייסט אים גיין צו זיינע ברידער, טרייסטן זיי און דערציילן זיי, אז ער לעבט... „און א הייליקער גלויבן איז ארײַן אין מיין זעל״ — פארענדיקט בעל־מחשבות די דאזיקע פאנטאזיע...

מתתיהו איז געווען פאנטאזיע. אבער דער סימבאל, וואס איז אראפ־געקומען ווי א ווירקלעכקייט פאר בעל־מחשבות איז געווען טעאדאר הערצל. אים האט נישט אינטערעסירט צי הערצלס חלום איז געווען, ווי ער דריקט זיך אויס, „עקאנאמיש באגרינדעט״. אים האט אינטערעסירט די געשטאלט הערצל, דער מתתיהו־סימבאל, און דער חלום. א מיסטיש און אן עסטעטיש געגנום האט אנגעהויבן שטארקן די נישט־פעסטע יסודות אין דעם מעלאנכאליקער און איראניקער. און פארכאפט האט אים די הערצל־געשטאלט, ווייל ער האט דערפילט הערצלס „מיסטיש געפיל פון א געטלעכער שליחות״.

ווי דערמאָנט — אָט־די צוויי געפילן האָבן אים געבראַכט צום ציוניזם: אַ מיסטיש און אַן עסטעטיש געפיל. און מתתיהו־הערצל האָט פאַרקערפּערט ביידע קאַטעגאָריעס. „צו אַזאַ מיסטיציזם" — שרײַבט ער — „איז נישט מסוגל קיינער פון אונדזערע הײַנטיקע גרויסע ייִדן. און גראָד דער מיסטיציזם, אָט־דאָס געפיל פון אַ געטלעכער שליחות, האָט געמאַכט פון הערצל אַ פאָלקס־העלד, אַ לעגענדאַרע געשטאַלט".

די דאָזיקע געשטאַלט ווערט שפּעטער נאָך וויכטיקער פאַר בעל־מחשבות. די געשטאַלט ווערט פאַרוואַנדלט אין „אַ גרויסן שאָטן". „די שאָטנס פון גרויסע גײַסטער" — שרײַבט ער — „זײַנען אָפט וויכטיקער פאַר דער מענטשהייט, ווי די לעבעדיקע גשמיותדיקע קעפּ, הענט און פיס וואָס מאַכן פול אונדזער וועלטל מיט אַזאַ גערויש און געפילדער. און זייערע שאָטנס האָבן אַ מאָדנע טבע. נישט נאָר זיי ווײַזן אונדז שטענדיק דעם זומפּיקן אָרט, פון וואַנען מיר האָבן זיך אָפּגעטראָגן, פון וואַנען זיי האָבן אונדז אָפּגערוקט בשלום, — נאָר זיי מאָלן אויך מיט זייער שאָטן די וועגן פון אונדזער צוקונפט".

און „די וועגן פון אונדזער צוקונפט" האָבן געפירט בעל־מחשבות צוריק צו די טויערן פון ייִדישן לעבן, וואָס פון זיי איז ער פּופּצן יאָר געווען אין גאַנצן דערווײַטערט. „מיך האָט אינטערעסירט" — שרײַבט ער — „די אַפּאָסטאָלישע ראָלע פון אַ יונגן ציוניסט, וואָס גאַרט מער צו קריטיקירן די ייִדישע קעגנוואַרט און וואָס שטרעבט צו וועקן העראָאישע געפילן באַ אַ פאָלק שוסטער, שנײַדער און פעדלער, איידער אָנצוטאָן אויף זיך די עפּאָלעטן פון אַ ליטעראַט. איך האָב מער געוואָלט זײַן דער מגיד פון קלויז איידער דער פּשוטער מגיד מיט דער פּען".

ער איז געקומען „וועקן העראָישע געפילן", אָבער אים, דעם איבער־געזעטיקטן, דעם אין תוך נישט־צו־שטאַנדהאַפּטיקן אייראָפּייער, איז גאָר־נישט געפעלן אינעם ייִדישן לעבן. ער איז געווען אַ צוריקגעקומענער. ער האָט געוואָלט צוריק זיך אײַנוועבן אין דער מאַטעריע „ייִדיש לעבן", נאָר מאָדנע האָט אים דאָס לעבן אויסגעקוקט. „פאַר מיר" — שרײַבט ער — „איז דאָס ייִדישע לעבן געווען אַ מדבר דעמאָלט". ער איז געוואָרן ממש באַנײַט מיט פרישע כוחות. ער האָט אָבער „מיט אַ פאַרניכ־טונגס־שמייכעלע אויף די ליפּן אַרײַנגעלייגט אין חרם דעם אַלטן קליינ־

שטעטלשן חיבת־ציון און געמאַכט פון אחד־העמען חוכא וטלולא. ווערן א ליטעראַט — אזא תשוקה האָט ער נישט געהאַט. אַלץ האָט אים אָפּגע־שטויסן. קינסטלעריש געשטימט, באַקאַנט מיט קולטור־געדאַנקען, אייראָ־פּעישע, האָט ער אויך געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף דער יידישער פּרעסע און דער יידישער ליטעראַטור. „די חכמי־הפּען פון דער „המליץ״־פּעריאָדע האָב איך נישט ליב געהאַט. אויך מיין פאַרערטן פריינד נחום סאָקאָלאָוו, וואָס האָט פול געמאַכט מיט זיך די „הצפירה״, האָב איך נישט געשעצט. עס איז בכלל אין מיין פאַרשטעלונג געווען דעמאָלט די יידישע פּרעסע עפּעס אַן אָפּגעשטאַנען געקעכץ, אויף וועלכע עס לוינט אפילו נישט א ברכה צו מאַכן״. זיין חבר ד״ר יוסף לוריע, דער רעדאַקטאָר פון „יוד״, וואָס האָט אים שטאַרק אָנגערעגט צו שרייבן פאַר דער דאָזיקער וויכטי־קער שריפט. אַן דעם וואָלט בעל־מחשבות אפשר קיינמאָל נישט געוואָרן א יידישער קריטיקער.

עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן נאָך אויף א פּרט. די מיסטיק און עסטעטיק אינעם ציוניסטישן חלום האָבן אים אויפגעוועקט פון זיין „אייראָפּעישער״ אַפּאַטיע און מרה־שחורה. די דאָזיקע סטימולן האָבן אין אים געוועקט „עפּעס א חוש פאַר אַלץ, וואָס ס׳איז ניי, פאַר אַלץ, וואָס עס איז אָנהייב, א צוזאָג אויף עפּעס״. אויך דער דייטשישער אימ־פּרעסיאָניזם איז געווען עפּעס א נייער אָנהייב, א ניי לעבנס־און קונסט־געפיל. איז נישט קיין חידוש וואָס אויך בעל־מחשבות האָט דערפילט עפּעס ניים: ער איז געקומען נישט נאָר נעמען, נאָר באמת געבן. אָדער ריכטיקער געזאָגט — ער איז געקומען געבן, וואָס אין דעם האָט געשטעקט א מין נעמען פאַר זיך אַליין אַן עשירות, וואָס קומט פון געבן אַנדערע. מאָדנע צוריקגעשטאַנען האָט אים אויסגעזען דאָס יידישע לעבן. און וואָס פאַרא גרויסע מעגלעכקייטן זיינען געלעגן אָפּן פאַר נייע כוחות. ער האָט געוואָלט קומען אין באַריר מיט דעם סאַמע געדיכטן יידישן לעבן, איז ער אין 1901 געקומען אין ווארשע. האָט אים אַלץ דאָרטן אויסגעזען זייער אויסטערליש. צווישן די פּוילישע יידן אויף די וואַר־שעווער גאַסן איז ער אַרומגעגאַנגען, ווי א פרעמדער מיט א הויכער קולטור וואָלט אַרומגעגאַנגען צווישן אַצטעקן. ווי א גר האָט ער זיך געפילט. איז עס נישט קיין וווּנדער, וואָס ער האָט אויסגעקליבן דעם

פסעוודאָנים „גר צדק" (דעם פסעוודאָנים בעל־מחשבות האָט אים שפּעטער געגעבן — ד"ר יוסף לוריע). און ווי יעדער גר, וואָס קומט לערנען ייִדישקייט, האָט ער אויך געהאַט דאָס געפיל ווי ער איז געקומען צו „נעמען און געבן". „וועט איר דאָך פרעגן: פון וואַנען די העזה צו וועלן אויך געבן?" גיט ער אונדז דערויף אַן אינטערעסאַנטן ענטפער, וואָס באַלײַכט די „יונגע" בשעתו און אויך די גאַנצע תקופה:

„אַ סך באַדײַטנדערע פון מײַן צײַט זײַנען געווען פון דעם מין, וואָס קומען געבן. געבן דעם אמת פון ציוניזם, פון בונדיזם, געבן די אַפּשאַצונג פון דער פאָלקשפּראַך, געבן אַן ענטפער אויף דער ייִדישער צוקונפט. „מיט 25 יאָר צוריק — שרײַבט ער אין יאָר 1922 — האָט די השגחה אויסגעשאָטן מיט איר לײַטזעליקער האַנט אַ סך זאַפטיקע לעבנס־שטאַרקע זוימען ווי דאָס קומט נישט פאָר אין איטלעכן יאָרהונדערט. די 90ער יאָרן ביז די ערשטע צענדליקער פון 20טן יאָרהונדערט זײַנען געווען עפּאָכאַלישע. עס זײַנען געווען יאָרן פון אַ גרויסן מענטשלעכן וווּקס, אויך פון אַ ייִדישן פּלוצימדיקן וווּקס. די נשמות זײַנען אַראָפּ מיט אַ פּאַרטיקער ירושה, זיי זײַנען געבאָרן געוואָרן אין אַ זײַדן העמדל, און אַז מען איז רײַך באַלאָדן קומט מען געבן, יאָ, געבן!"

„מיר" — שרײַבט ער ווײַטער — „זײַנען געווען אין די 90ער יאָרן יונגע דודלעך, וואָס האָבן געהאַט די העזה מיט שטיינדלעך צו צעשמעטערן אַ גלית, אַ רוסישן צאַר, אַן אייביקע שנאה פון אַ וועלט קעגן אַ שוואַך, אַלט און אָפּגעקומען פאָלק".

און נאָך אַ וויכטיקע השפּעה האָט בעל־מחשבותן געשטאַרקט ווי אַ שרײַבער און קריטיקער. דאָס איז געווען חיים זשיטלאָווסקי.

„וועער ווייס? — שרײַבט ער אין זײַנעם אַ יובילײ־אַרטיקל וועגן זשיטלאָווסקין — „אפשר האָב איך אַ סך צו פאַרדאַנקען אָט־דעם טשיקאַווןן דאָקטאָר, וואָס איך בין געוואָרן אַ שטיקל ליטעראַט בײַ ייִדן".

אין די 90ער יאָרן, זײַנען דעם גרויסן ייִדישן עולם נאָך נישט באַקאַנט די אַלע טעאָרעטישע באַגרינדונגען און מחשבות וועגן סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע ווערטן אין אונדזער מאָדערנעם רענעסאַנס. דעם ערשטן בולטן סימן דערזעען מיר ערשט אין 1897, אין גרינדן דעם „בונד" און אין באַזעלער קאָנגרעס. אין יענער צײַט, באַטאָנט בעל־מחשבות, האָט זשיט־

לאָװסקיס באַציִונג צו יִדיש געמאַכט אויף אים אַ טיפֿן אײַנדרוק. אין אַ גרויסער מאָס האָט דאָס באַשטימט זײַן װעג — שרײַבן יִדיש. „זשיט־לאָװסקיס באַציִונג צו יִדיש איז געװען אַ מין נבואה, אַ נײַ פּלענצל, װאָס דער ערדאַרבעטער רײַסט עס אַרויס װי אַ שעדלעך גראָז". זשיט־לאָװסקי האָט משפּיע געװען כמעט דעם גאַנצן דור זײַנעם. אָפּגעריסן, אין בערן, שװייץ, פֿון יִדישן מאַסנלעבן, האָט ער געװירקט דורך די בערנער סטודענטן און אינטעליגענטן „װאָס זײַנען זיך ביסלעכװײַז צעפֿאָרן און פֿאַרשפּרייט דעם זאָמען, װאָס מען האָט אין זיי אײַנגעפּלאַנצט אין די ענגע זאַלן פֿון בערנער װיכוחים־אָװנטן". דירעקט אָדער אומדירעקט האָט זשיטלאָװסקי באַאײַנפֿלוסט אַ סך אידעאָלאָגן פֿון נאַציאָנאַלן געדאַנק, „בונד" און דער יִדישיסטישער באַװעגונג. ער האָט אויך סטימולירט יונגע כוחות אין זייערע ליטעראַרישע חלומות. און צװישן די בעלי־חלומות האָט ער באַװירקט, און שטאַרק באַװירקט, דעם „גר", דעם צו־ריקגעקומענעם בעל־מחשבותן. ער האָט אים באַװירקט נישט נאָר אינטע־לעקטועל, נאָר, װאָס איז נאָך װיכטיקער — עמאָציאָנעל. בעל־מחשבות דערציילט װי אַזוי עס איז פֿאָרגעקומען אין באַזעל, באַלד נאָך דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, די ערשטע יִדישיסטישע פֿאַרזאַמלונג, װאָס דוד פּינסקי האָט אָרגאַניזירט. און דאָרטן האָט ער געהערט פֿון זשיטלאָװסקיס מויל װערטער, װאָס ער האָט זײַן גאַנץ לעבן נישט פֿאַרגעסן, אַזוי טיף האָבן זיי זיך אים אײַנגעקריצט אין זכרון:

> „צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן" — דערציילט בעל־מחשבות — „האָב איך געהערט אין יאָר 1898 די װוּנדערבאַרע װערטער פֿון אַן אָנערקענטן, הויך־געשעצטן און געלערנטן מענטשן. װאָס האָט זיך שוין געמאַכט אַ נאָמען אין דער רוסיש־יִדישער און אויך אין דער דײַטשער און רוסישער סאָציאַליסטישער ליטע־ראַטור, אַז דײַטש און רוסיש זײַנען זײַנע „ברויט־שפּראַכן" און יִדיש — זײַן „האַרצן־שפּראַך".

װען ער איז שוין געװען אַ שרײַבער האָט ער זיך געפֿונען צװישן די דעמאָקראַטיקע „יונגע". „בין נישט װעלנדיק — שרײַבט ער — געװאָרן דאָס הינטעלע, װאָס האָט געבילט פֿרעמדע שבחים: ד"ר מ.

י. בערדיטשעווסקי, ה. ד. נאָמבערג, שלום אַש און אַנדערע פון די יונגע, וועלכע האָבן נישט געוווסט, אַז פון זיי הייבט זיך אָן אַ נײַע ייִדישע משפחה".

ער האָט זיך דערפילט איינס מיט די דערמאָנטע שרײַבער נישט נאָר מחמת דעם, וואָס זיי זײַנען אַלע געווען יונג און, ווי ער זאָגט, — דער אָנהייב פון אַ נײַער משפחה. ער האָט דערפילט אין זיי אַ קונסט־געפיל, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געלעבט אין אים. ווען מע באַטראַכט איצט די יונגע אין אָט־דער משפחה, זעט מען, ווי זייער רעאַליזם האָט זיך שוין אָנגעהויבן אויסוועפּן. אין זייערע ווערק האָט זיך באַוויזן אַ נײַע שטימונג, אַ ליריש אָוונטלעכע, אָן אומבאַשטימטע, אַ „טשעכאָ־ווישע". זיי זײַנען שוין געווען פּסיכאָלאָגיש און סענטימענטאַל, סוביעקטיוו און ראָמאַנטיש. אָט־די קרובהשאַפט האָט אים צוגעבונדן צו דער משפּחה, געמאַכט אים פאַר אַ מיטגליד, שפּעטער אויך פאַר אַ קעמפער.

„מיט יונגנטלעכער בייזקייט" — שרײַבט ער מיט יאָרן שפּעטער — „ מײַד איך אויס אַזוינע, וואָס ווילן נישט פאַרשטיין, אַז מיר זײַנען דאָ. דוד פרישמאַן, וואָס האָט שוין דעמאָלט זײַן גלאַנץ־צײַט געהאַט הינטער זיך, איז מײַן ליטעראַרישער שונא. מיר זײַנען געזעלשאַפטלעך שטאַרק באַפרײַנדעט, וואָרן אויך פרישמאַן, ווי אַ מענטש מיט אַ גרויסן קונסט־געשמאַק, קען נישט פאַרלייקענען טאַלאַנט, אָבער ליטעראַריש קעמפן מיר, וואָרן דוד פרישמאַן פאַרשווײַגט די יונגע און איז זיי ליטעראַריש מבטל..."

די אַלע דערמאָנטע גורמים האָבן בעל־מחשבותן געמאַכט פאַר אַ שרײַבער. אויף אַ נאַטירלעכן אופן, האָבן זיי אים געפירט צו קריטיק. „צוגלײַך" — שרײַבט ער — (ווען ער ווערט איינער צווישן די „יונגע") „האָט זיך אָפּגערופן אין מיר דער ליטוואַק דער אַנאַליטיקער, וועלכער זוכט די פּעדים, וואָס פאַרבינדן די יונגע משפחה מיט די עלטערע. דעמאָלט דערזע איך ר' מענדעלע מוכר ספרים, וואָס מען האָט שוין במעט פאַרגעסן". און אַזוי ווערט ער אַ קריטיקער.

זײַן לעבנס־ריטם, זײַן קונסט־געפיל העלפן אים שאַפן זײַנע טעאָרעטישע מחשבות וועגן קריטיק. אָבער זײַן חלום אויפצוטאָן עפּעס — שאַפן זײַן פּראַקטיק.

ג. ב. מינקאָוו

# געדאַנקען וועגן קריטיק

דער גרעסטער טייל אַרבעטן בעל־מחשבותעס באַשטייט פון מיניאַ־טורן: פובליציסטישער און ליטעראַרישער פעליעטאָן — געדאַנקען, שטריכן, שמועסן און האַלב־לירישע מעדיטאַציעס. די צאָל אויספירלעכע אַרבעטן איז נישט זייער גרויס. אפילו וועגן פּרצן האָט ער אונדז נישט איבערגעלאָזן אַן אָפּהאַנדלונג, וואָס זאָל זיין אויספירלעך לכל הדעות ווי וועגן מענדלען אָדער גאָר וועגן שלום־עליכמען. און אַז פּרץ האָט אים זייער שטאַרק אינטערעסירט דערינגען מיר עס אַרויס פון זיינע אייגענע רייד:

„חוץ פּרצן, — דערציילט אונדז בעל־מחשבות וועגן דער צייט ווען ער האָט אָנגעהויבן שרייבן — חוץ פּרצן האָב איך נאָך דעמאָלט נישט געזען קיין צווייטן, ביי וועמען יודישע ליטעראַרישע אינטערעסן זאָלן זיין די הויפּטזאַכע". אַביסל ווייטער שרייבט ער: „מער פון אַלץ אינטערעסירט מיך פּרץ, דער טאַטע פון דער נייער משפחה, וועלכער טוט אויך אָפּ אין זיין אונטערשטער באַוווסטזי־ניקייט אַ גרויסע אַרבעט, פאַר אונדז יונגע".

איז קיין וווּנדער נישט וואָס אויך וועגן דער פּראָבלעם „קריטיק" האָט בעל־מחשבות אונדז נישט איבערגעלאָזן קיין שום אויספירלעכע באַטראַכטונגען.

אַרויסדרינגען אַ קריטיקערס בליק אויף קריטיק פון אַ צופעליקן פובליציסטישן מאמר אָדער אַ צופעליקן זאַג, מיינט אַ ביסל איינשטעלן. דאָך — עפּעס קען מען לערנען אויך פון שיחת חולין. אַ פשיטא ווען מיר האָבן אַ דאָקומענט, ווו בעל־מחשבות וויקלט פונאַנדער זיין בליק אויף קריטיק.

מיר קענען עפּעס אַרויסדרינגען פון פיר מקורים: 1) זיין אַרטיקל „דער קריטיקער" (ב. 4.); 2) זיין אַרטיקל „קריטיק און לעבן"; 3) זיינע אַ באַמערקונג ווען ער האָט געשריבן וועגן ש. ניגערן (אין אַ רע־צענזיע וועגן די „ליטעראַרישע מאַנאַטשריפטן"); 4) אַ בריוו צו ש.

ניגערן (פאַרעפנטלעכט אין „טעאַליט"). דער דאָזיקער בריוו איז דער דאָקומענט, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס דערמאָנט.

אין זײַן אַרטיקל „דער קריטיקער", „אָנשטאָט אַן אײַנלייטונג" אין פערטן באַנד זײַנע שריפטן, געפינען מיר אַלגעמיינע באַגריפן וועגן קריטיק, גאַנץ טרעפלעכע פאַר זײַן צײַט. דאָס ווערטפולע אין דעם דאָזיקן אַרטיקל איז דער לאָגיזם. ער פירט דורך דעם געדאַנק וועגן צוויי מינים קריטיקער. איינעם איז באַשערט „צו זינגען דאָס לויב פון אַ יונגער, פרישער, לעבעדיקער און אָריגינעלער ליטעראַטור". דעם צווייטן מין איז באַשערט צו זײַן „בייז און ביטער".

דער ערשטער מין קריטיקער, טראַכט בעל־מחשבות, קומט־אויף צו־זאַמען מיט אַ נײַער ליטעראַטור. נישט נאָר ווען אַ ליטעראַטור איז יונג, נאָר ווען עס הייבט זיך אין איר אָן אַ נײַע עפּאָכע. אַזוי קען מען דער־קלערן זײַנע ווערטער, וואָס מיר האָבן פריִער דערמאָנט: „בין נישט ווילנדיק געוואָרן דאָס הינטעלע, וואָס האָט געבילט פרעמדע שבחים: ד"ר מ. י. בערדיטשעווסקי, ה. ד. נאָמבערג, שלום אַש און אַנדערע פון די יונגע, וועלכע האָבן נישט געוווּסט, אַז פון זיי הייבט זיך אָן אַ נײַע יִדישע משפּחה".

ער אַליין האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ קריטיקער פון אַ נײַער ליטע־ראַטור און אַ נײַער עפּאָכע. און, ווי מיר האָבן עס פריִער געזען, באַטראַכט ער זיך פאַר דעם „שבחים זינגער" פון דער „נײַער יִדישער משפּחה". זײַן מיינונג איז געווען: אין אַזאַ צײַט „באַקומט דער קריטיקער, וואָס שטייט אין איין ריי מיט די נײַע טאַלאַנטן, שרײַבער, דענקער און פּאָעטן, דעם הויכן פּלאַץ, צו וואָס עס דערהייבן זיך נישט די גוטע קריטיקער אין גע־וויינלעכן פלוס פון ליטעראַרישן לעבן".

זײַנע ראיות זײַנען: סען־בעוו פאַרנעמט אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור „נישט קיין קלענער אָרט" ווי זײַנע בני־דור טעאָפיל גאָטיע, וויקטאָר הוגאָ, מערימע, אַלפרעד דע מיוסע און אַנדערע, וואָס זײַנען מיט דער נײַער ראָמאַנטישער שולע געקומען צו פאַרבײַטן די פריִערדיקע קלאַסישע.

ער ווײַזט אויך אָן אויף דער ראָל, וואָס הערמאַן באַהר און אַלפרעד קער האָבן געשפּילט אין דײַטשלאַנד. דאָס איז געווען — ווען די מאָדערנע

שטרעמונגען האָבן פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין דער ליטעראַטור, אַ ראָל פון נישט קלענערן באַטײַט ווי עס האָבן געשפּילט אַרנאָ האָלץ, שלאַף און גערהאַרד האופּטמאַן.

ער גיט צו, מע קען געפינען גאָר וויכטיקע „געלערנטע און שאַרפזיניקע" קריטיקער אין פאַרשיידענע אַנדערע תּקופות. אָבער זיי שפּילן נישט די ראָלע ווי עס שפּילן יענע, וואָס קומען־אויף דעמאָלט ווען מען נייטיקט זיך אין זיי.

„עס איז זייער מעגלעך — שרײַבט ער — אַז חוץ ביעלינסקין זײַנען נאָך דאָ אין רוסלאַנד אַ סך געלערנטע און שאַרפזיניקע קריטיקער, ווי ער. זיי האָבן אָבער נישט געהאַט דאָס מזל געבוירן צו ווערן אין אַ צײַט, ווען דאָס יונגע באַשעפעניש (די נײַע ליטעראַטור) האָט זיך גענייטיקט אין אַ פרײַנד, אין אַ שטיצע, אין אַ צערטלעכער מוטער".

ביעלינסקיס גרויס פאַרדינסט שטעקט אין דעם „וואָס ער האָט מיט דער גרעסטער לײַדנשאַפט, מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט, מיט דער גרעסטער איבערראַשונגס־קראַפט געזוכט צו צווינגען דעם לייענער צו לייענען אַ פּושקינען, אַ גאָגאָלן, אַ דאָסטאָיעווסקין, אַזוינע שרײַבער, צו וואָס דער געוויינלעכער געבילדעטער לייענער האָט נאָך נישט געהאַט קיין צוטרוי".

די עובדא פון דעם ערשטן מין קריטיקער איז זײַן דאָס קול־מבשר. ער זאָגט אָן די האַלב־טויבע און פאַרפאַנצערטע מענטשן; עס קומט אָן אַ ליטעראַטור אָדער אַ נײַע תּקופה אין דער ליטעראַטור. דערמיט וועקט ער דעם אינטערעס אין פאָלק. ער צעברעכט די ווענט פון יריהו און באַפרײַט די פאַרמויערטע שטאָט.

און ווען עס איז שוין דאָ דער אינטערעס צו דער ליטעראַטור, דעמאָלט באַווײַזט זיך דער צווייטער מין קריטיקער. ער ווערט אַרויסגערופן פון דעם, וואָס „עס פעלט דער געשמאַק פאַר דער נײַער ווענדונג אין דער ליטעראַטור".

וועקן דעם אינטערעס צו ליטעראַטור איז בײַ בעל־מחשבותן וויכטיקער ווי אַנטוויקלען דעם געשמאַק בײַם פאָלק. „די קריטיקער פון

צווייטן מין — שרײַבט בעל־מחשבות — טוען אויך די אייגענע ארבעט, כאָטש אין אַ קלענערן אופן, ווי די ערשטע" (אונטערגעשטראָכן פון מיר — נ. ב. מ.). די אָנזאָגער פון ווערטן זײַנען בײַ אים וויכטיקער ווי די, וואָס פורעמען אינעווייניק די עצם ווערטן. אויסאיידלען דעם געשמאַק „פאַר דער נײַער ווענדונג אין דער ליטעראַטור" מיינט דערגרייכן נישט נאָר נײַע דערקענטעניש, נאָר אויך העכערע שטאַפלען שלימות.

עס איז אמת, בעל־מחשבות לאָזט פאַלן זײַטיקע באַמערקונגען, וואָס לערנען אונדז עפּעס. אין איין באַמערקונג לייקנט ער, אַז מבינות איז דער עיקר אין דער קריטיק. אויך זײַן האַלב־פּאָעטישן שטייגער דערקלערט ער אונדז: „דען די טיפּסטע באַדײַטונגסטע ראָלע פון קריטיקער צו אַלע צײַטן, איז נישט אַזוי די מבינות פון אים (זײַן מבינות), ווי דער וואַרעמער פאַרלאַנג, אַז דאָס גוטע, נײַע, פרישע און יונגע זאָל געפינען אַ סביבה פאַר זיך, ווו דאָס זאָל קאָנען אויפוואַקסן אין אַ גלײַענדער לופט און אונטער אַ ביסל זונענשײַן".

אין אַ צווייט אָרט שטעלט ער אויך אוועק „אַנדערע מעלות" פון קריטיקער אויף אַ נידעריקערן שטאַפּל: „אַלע גרויסע קריטיקער אין די פאַרשיידענע ליטעראַטורן האָבן, חוץ זייערע אַנדערע מעלות (אונטערגעשטראָכן פון מיר — נ. ב. מ.), איין איינציקע, וואָס מאַכט זיי אַזוי וויכטיק און טײַער. דורך זייערע אַרטיקלען און טאַלאַנטפולע אָפּהאַנדלונגען שאַפן זיי בײַ די לייענער אַן אינטערעס צו אַ יונגער ליטעראַטור, וואָס האָט צו קעמפן קעגן דער גלײַכגילטיקייט פון דער געזעלשאַפט".

אין אַ דריט אָרט, ריידנדיק וועגן ביעלינסקיס לײַדנשאַפטלעכן קאַמף צו צווינגען די רוסישע געזעלשאַפט, זי זאָל דערזען אַ פּושקינען, אַ גאָגאָלן, אַ דאָסטאָיעווסקין, באַמערקט ער: דערין און בלויז דערין איז געלעגן ביעלינסקיס פאַרדינסט אַ סך מער ווי אין דעם „וואָס ער האָט פאַרשטאַנען און געפילט אַ גוט קונסט־ווערק". (אונטערגעשטראָכן פון מיר — נ. ב. מ.)

אין אַ פערט אָרט איז פאַראַן אַזאַ באַמערקונג: „די קריטיקער פון ערשטן געבענטשטן מין האָבן נישט נאָר געקריטיקירט

(אונטערגעשטראָכן פון מיר — נ. ב. מ.), נאָר אויך באַשאַפן פאַר דער ליטעראַטור אַן אינטערעס אין אַזוינע קרײַזן, וווּ מע האָט געקוקט אויף ליטעראַטור ווי אויף אַן איבעריקער, נישט ערנסטער זאַך".

ווי מיר זעען פון די אַלע באַמערקונגען דאַרף קריטיק שפּילן אַ ריין קולטור־טרעגערישע ראָל, אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע ראָל. זי דאַרף דורכ־פירן אַ שליחות: וועקן דעם גלײַכגילט מצד דער געזעלשאַפט צו העכערע ווערטן. עס איז נאַטירלעך, ווען די געזעלשאַפט איז אָפּגעשטאַנען, טויב און פאַרגרעבט, מוז דער קריטיקער וועקן און מאָנען, עפענען די אויגן און ווײַזן דאָס שענערע און טיפערע אין לעבן.

במשך דרײַ צענדליק יאָר איידער בעל־מחשבות האָט זיך באַוויזן, זײַנען אין דער יידישער ליטעראַטור געווען קריטיקער. און יעדער קרי־טיקער האָט זיך געפונען אין דעם זעלביקן מצב און אין דער זעלביקער גלײַכגילטיקער סביבה ווי עס האָט זיך שפּעטער געפונען בעל־מחשבות. עס איז אָבער אויך אַ פאַקט, יעדער קריטיקער פון יעדער תקופה, אין יעדער ליטעראַטור, געפינט זיך שטענדיק אין אַ סביבה, וואָס איז גלײַכ־גילטיק צו די נײַע אידעען פון דער נײַער תקופה. איז קולטור־טרעגערײַ טאַקע אַ וויכטיקע עובדא. אָבער די קולטור־היסטאָרישע פונקציע אין דער קריטיק איז נישט די סאַמע וויכטיקסטע. אַנאַליזירן עצמדיקע ווערטן איז נישט ווייניקער וויכטיק. ווען דאָס וואָלט אַזוי שטענדיק געווען, וואָלטן מיר קיינמאָל נישט אויסגעפונען די טיפענישן און די עסטעטישע ווערטן פון שאַפן בכלל און פון איינציקע ווערק בפרט.

דאָס וואָרט „מבינות", וואָס בעל־מחשבות ניצט, און וואָס ער האָלט דערפון ווייניקער ווי „ליבע צו קונסט", איז אַ צו אַלגעמיין וואָרט. מבינות איז נישט בלויז מבינות־זאַגערײַ, נאָר עס קאָן אויך אײַנשליסן אין זיך דערפאַרונג, אידעען, אַנאַליז, עצם־תוך און עצם־ווערטן. עס קענען אויך זײַן אַזעלכע מבינים, וואָס קענען אין די פאַרבאָרגענע טי־פענישן געפינען און אויפהייבן פעדעם און לערנען אונדז פון וואַנען זיי קומען, וואָס זיי זײַנען, מיט וואָס זיי זײַנען פאַרבונדן און ווו זיי פירן.

די אַלע באַמערקונגען האָבן מיר אַרויסגעפירט אין פאָדערגרונט נישט כדי קריטיקירן בעל־מחשבותן אָדער אים עפּעס פאָרוואַרפן. מיר

זײַנען גאָר אויסן פֿאַרכאַפּן דעם װעג און נישט לאָזן די דאָזיקע באַמער־קונגען אויספֿורעמען בעל־מחשבותעס געשטאַלט װי אַ קריטיקער.

עס איז װיכטיק דערמאָנען — קולטור־טרעגעריש און אוטיליטאַריש זײַנען געװען: בעל־מחשבותעס דור און די דורות פֿאַר אים און נאָך אים. דאָס איז געװען אַ היסטאָרישער אימפּעראַטיװ אין דער אַנטװיקלונג פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט. דאָס האָט משפּיע געװען די ייִדישע קונסט און נאָך מער די ייִדישע פּובליציסטיק און קריטיק.

עס איז קלאָר, גרױס איז געװען דער קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער באַטײַט פֿון אַ ביעלינסקי, לעסינג, סען בעװ, הערמאַן באהר, אַלפֿרעד קער און אַנדערע. זײַנען זײ אָבער נישט געװען דאָס, װאָס זײ זײַנען געװען, בלויז מחמת זייערע קולטור־היסטאָרישע פֿאַרדינסטן. נישט דאָס האָט זײ אויסגעצייכנט װי קריטיקער. פּונקט פֿאַרקערט — זייערע טעאָ־רעטיש־פֿילאָסאָפֿישע אײַנשטעלענישן און זייער פּראַקטיק. דער קולטור־רעלער באַטײַט איז געװען אַ נאַטירלעכער פּועל יוצא פֿון דעם אַלעם.

אויך בעל־מחשבות װייס עס; אָבער דאָס איז בײַ אים, קענטיק, נישט געװען דער עיקר. על כּל פּנים אין די טעאָריעס װעגן דער עובדא פֿון קריטיק. װאָרן אין דער פּראַקטיק האָט ער, װי יעדער קריטיקער, געמוזט לערנען, טײַטשן, דערקלערן, אַרױסהייבן דעם קערן און װײַזן זײַן װערט און שייכותן. און אין אַזאַ פֿאַל מאַכט נישט אויס װאָס עס איז געװען זײַן קערן און װי אַזױ ער האָט עס געטאָן.

עס װאָלט געװען אַ טעות זיך שאַפֿן אַ מיינונג װעגן בעל־מחשבותעס באַגריפֿן װעגן קריטיק אויפֿן סמך פֿון די נאָר װאָס געבראַכטע מסקנות.

עס זײַנען פֿאַראַן בײַ אים נאָך צװיי קװאַלן, װאָס װײַזן אונדז אָן, אַז בעל־מחשבות האָט אויך געהאַט מיינונגען, און אינטערעסאַנטע מיי־נונגען פֿאַר זײַן צײַט און סביבה, װעגן דעם װאָס פֿאַר אַ קריטיק איז די װיכטיקסטע און אין װאָס באַשטייט דער קריטיקס פֿונקציע. מיר האָבן דאָ אין זינען צװיי מקורים, װאָס מיר האָבן פֿריִער אויסגערעכנט. דאָס זײַנען: אַ באַמערקונג אין אַ רעצענזיע װעגן די „ליטעראַרישע מאָנאַט־שריפֿטן", װאָס זײַנען אַרויס אין װילנע אין 1908 אונטער דער רעדאַקציע פֿון ש. ניגער, א. װייטער און ש. גאָרעליק. און נאָך אַ קװאַל, באמת אַ דאָקומענט: זײַנער אַ בריװ ש. ניגערן.

באַגריסנדיק און ליובנדיק ש. ניגערן ווי אַ נײַעם שטערן אין דער ייִדישער קריטיק, שרײַבט בעל־מחשבות: פון די ערשטע קריטישע אַר־טיקלען אָן האָט מען גלײַך געזען, אַז עס וואַקסט בײַ ייִדן אַ נײַער קרי־טיקער. „עס איז אָבער נישט געווען קלאָר, וואָס פאַר טיפּ קריטיקער, צי פון רוסישן מין אָדער פון דעם אייראָפּעיִשן". און ער איז גלײַך מוסיף: „צי וועט בײַ אים דאָס קונסטווערק זײַן נאָר אַ צוטשעפּעניש אום צו מאָלן די סאָציאַלע צושטאַנדן פון אונדזער הײַנטיקן לעבן, אָדער צי וועט זײַן הויפּטציל זײַן אַרויסצובאַקומען די נשמה פון דעם עצם קונסטווערק. אָדער קורץ גערעדט: צי וועט ער אונדז געבן סאָציאַלע קריטיק, אָדער עסטעטישע". און גלײַך גיט ער צו: „סאָציאַלע קריטיקער זײַנען דאָ בײַ אונדז אַ סך... עסטעטישע כמעט גאָרנישט". ער לויבט ש. ניגערן, ער איז „דער געבאָרענער עכטער ליטעראַטור־קריטיקער". אָבער ער באַמערקט אין קלאַמערן: „נאָר דער עסטעטישער איז דער עכטער."

אויבנאויף קען זיך אויסדאַכטן, עס איז פאַראַן אַ סתירה צווישן בעל־מחשבותעס קולטור־טרעגערישן באַגריף וועגן קריטיק און דעם עס־טעטישן. ש. ניגער איז גערעכט ווען ער באַמערקט: „בעל־מחשבות שרײַבט אָן אַ סדר, (וועגן אַ סכעמע איז נישטאָ וואָס צו ריידן)", הגם ניגער געפינט, אַז אין זײַנע מאמרים איז פאַראַן עפּעס מין קינסטלערישע גאַנצקייט. און בײַ בעל־מחשבותן גייען דורך אין זײַנע שריפטן צוויי מינים שרײַבן: פון איין זײַט לאָגישקייט, פון דער צווייטער זײַט — מיינונגען. אויבנאויף זעען זיי אויס ווי סתירות. זיי זײַנען אָפט אַ פועל יוצא פון זײַנע שטימונגען, פון זײַן לירישן צוגאַנג צו זאַכן.

מע דאַרף אויך נישט פאַרגעסן. בעל־מחשבות באַטראַכט די פונקציע פון קריטיק ווי אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע: וועקן דעם אינטערעס צו דער ליטעראַטור אָדער צו אַ נײַער תקופה, און — אַנטוויקלען דעם געשמאַק בײַם אומאַנטוויקלטן עולם. אָבער דאָס איז געלעגן אויך אין דער אַטמאָספעריע, וואָס האָט גענערט אַלע אינטעליגענטע כוחות אין די 90ער יאָרן. נאָכמער האָט עס אויפגעפלאַמט אין דער נשמה פון אַ „גר", אַן אייראָפּעער, וואָס איז געקומען צו זײַנע ברידער מיט אַ פלאַמיקער נאַציאָנאַלער האָפענונג, און וואָס איז געווען גרייט „צו געבן". דאָס,

וואָס האָט געשטאַרקט די בלוטן פון דעם מידן, אייראָפּעיִזירטן בעל־חלומות, דעם „שווערמער" און שיין־גײַסט, איז געווען טאַקע דער כוח, דער אָנזאָג פון אַ רענעסאַנס אין דעם יידישן פאָלקלעבן.

ווי אַלע אינטעלעקטואַלן אין זײַן דור איז בעל־מחשבות געקומען אָפּראַמען דאָס אַלטע, דאָס אומגליקלעכע, דאָס טויטע און העלפן וועקן און מאָנען, לערנען און פירן. דאָס איז געווען די ערשטע עובדא, דער מוז פון דער צײַט. אַלע אַנדערע גוטע זאַכן האָט מען באַדאַרפט אָפּלייגן אויף שפּעטער, ווען ליכט וועט אַרײַנדרינגען אין „קעניגרײַך פון פינצטערניש", ווען מע וועט אָנהייבן אונטערשיידן זאַכן, פאָרמען, ליניעס און געדאַנקען. דאָס אַלץ האָט פאַרמאָגט דער סטימולירנדיקער כוח, וואָס האָט אויפגעוועקט דעם „וועקער" בעל־מחשבותן. און דאָס איז געווען דאָס טאָגטעגלעכע ברויט אין דער קריטיק און פּובליציסטיק — קאַמף, זײַן שאַרף, קלאָר, אומדערשראָקן, אָנרופן זאַכן מיט די ריכטיקע נעמען און קעמפן פאַר געזעלשאַפטלעכע אידעען און מעטאָדן. אין הסכם דער־מיט האָט בעל־מחשבות פאָרמולירט זײַנע געדאַנקען וועגן קריטיק אין די ערשטע צוויי דערמאָנטע אַרטיקלען: „קריטיק און לעבן" און „דער קריטיקער".

אָבער די קינסטלערישע קולטור פון אייראָפּע האָט אויף אים געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה. אחוץ דעם ריין קולטור־טרעגערישן באַגריף וועגן דער עיבדא פון קריטיק האָט ער געהאַט טעאָריע וועגן דעם עצם פילאָ־סאָפיע פון קריטיק. און ווען עס איז געקומען צו ריידן וועגן קריטיק נישט ווי אַ באַדינערישע טעטיקייט, נאָר ווי אַ פונקציע פאַר זיך אַליין, האָט ער דערקלערט, אַז בלויז די עסטעטישע קריטיק איז די עכטע.

אָבער זײַנע באַמערקונגען וועגן „עסטעטישער קריטיק" זײַנען, צום באַדויערן, נישט אויספירלעך און נישט פּינקטלעך. דערפאַר איז נישט אינגאַנצן קלאָר, וואָס בעל־מחשבות האָט געמיינט צו זאָגן מיטן טערמין „עסטעטישע קריטיק". אין די דאָזיקע באַמערקונגען האָבן מיר צוויי גע־דאַנקען, וואָס איינס איז ווײַט פון צווייטן כרחוק מזרח ממערב. איין באַמערקונג איז: „עסטעטישע קריטיק" פאַרנעמט זיך מיט „אַרויסצו־באַקומען די נשמה פון דעם עצם קונסטווערק". די צווייטע באַמערקונג וועגן „עסטעטישער קריטיק" באַציט זיך שוין נישט אויפן קונסטווערק

גופא, נאָר אויף דער „קינסטלערישער נשמה" פונעם שרײַבער. „ש. ניגער — שרײַבט ער — ווי דער געבאָרענער עכטער ליטעראַטור־קריטיקער... האָט פּראַקטיק אויסגעשפּרייט פאַר אונדז די קינסטלערישע נשמה פון פּרצעס, נאָמבערגס און רייזענס ווערק". און גלײַך נאָכדעם רעדט ער שוין וועגן די שרײַבער גופא: „יעדער פון די דרײַ, וואָס זייער גײַסט איז פונקענווײַז צעשפּרייט און צעוואָרפן אין זייערע שריפטן, זײַנען בײַ אים אַרויסגעקומען אַלס גאַנצע פולע נשמות... מער פאַר אַלץ האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו כאַפּן דעם ריטם, דאָס לעבנסגעפיל פון נאָמבערגס קינסטלער־נאַטור. ווייניקער האָט זיך אים אײַנגעגעבן רייזען. אָבער אין איטלעכן אַרטיקל ניגערס פילט מען, אַז מע האָט דאָ צו טאָן מיט איינעם, וואָס האָט אַ פײַנעם חוש פאַר דער נשמה פון אַ ליטעראַרישן קינסטלער..."

איז ווי אַזוי דערקלערט מען אָט־די סתירות? עס איז באמת אַ שאָד, וואָס בעל־מחשבות האָט צוליב אַ טעות אין טערמינאָלאָגיע אונדז נישט קלערער געמאַכט זײַן בליק אויף קריטיק. דער טעות איז באַשטאַנען אין נוצן דאָס וואָרט „עסטעטישע קריטיק".

עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי פילאָסאָפיע פון עסטעטיק מיט אירע אייגענע פּאָסטולאַטן, דעפיניציעס און מסקנות. אָבער אַזאַ זאַך ווי עסטעטישע קריטיק איז נישטאָ, הגם די „נײַע קריטיק" רופט זיך מיט אָט דעם נאָמען. עסטעטישע דאָקטרינען קענען זײַן אַזויפיל וויפל עס זײַנען פאַראַן באַטאָנונגען פון „עסטעטישע" איבערלעבונגען. דאָס מיינט — בעת מיר באַוווּנדערן, שאַצן אָפּ אַ קונסטווערק, אָדער ווען מיר ווערן דערמיט דורכגענומען, אָדער ווען מיר פאַרטיפן זיך אין דעם. אין דער מאָדערנער עסטעטיק באַמיט מען זיך דערגרייכן פּינקטלעכע דעפיניציעס און דערקלערונגען. מאָדערנע עסטעטיק ווערט מער און מער דיסציפּלינירט, געגלידערט און אפילו סינטעטיזירט. זי פאַרמאָגט אַזויפיל פאַרשיידענע קעגנזײַטיקע מסקנות, אַזויפיל „טעאָריעס וועגן שיינקייט", אַז מען קען אויף דעם בשום אופן נישט אויפבויען יסודות פאַר „עסטעטישער קריטיק". איין יסוד וואָלט זייער גרינג געקענט אָפּלייקענען אַ צווייטן יסוד. און ווי עלאַסטיש עס זאָל נישט זײַן אַ קריטישער מעטאָד, מוז ער פאָרט זיך האַלטן מיטן כוח פון אַן אָנגענומענעם פּאָסטולאַט אָדער פון אַן

אַנגענומענער פֿאָרמולע. עסטעטיק ווי אַ פֿילאָסאָפֿיע איז אַבסטראַקט־טעאָרעטיש; קריטיק מוז אַלעמאָל זײַן קאָנקרעט.

באַקאַנט זײַנען: דער פֿילאָלאָגישער מעטאָד אין דער קריטיק, שטרענג־דאָגמאַטישער (בואַלאָ), דער ביאָגראַפֿישער (סען בעוו), מיליע־מעטאָד (טען), זשאַנער־עוואָלוציע (ברינעטיער), דער פּסיכאָלאָגישער, דער פֿאַרגלײַך־היסטאָרישער, דער סאָציאָלאָגישער, דער מאַרקסיסטישער, דער אימפּרעסיאָניסטישער, אינטויִטיוויסטישער (קונסט ווי אַן אויסדרוק — קראָטשע), דער פֿאָרמאַליסטישער אאַ״וו. אָבער אויסשליסלעך „עסטעטישע קריטיק״ איז נישטאָ.

איז טאַקע שווער צו טרעפֿן, וואָס בעל־מחשבות האָט געמיינט אונטערן וואָרט „עסטעטישע קריטיק״. אפֿשר האָט ער דערמיט געמיינט בלויז באַטאָנען דעם גרויסן אונטערשייד צווישן אוטיליטאַריש־געזעלשאַפֿטלעך־פּובליציסטישער קריטיק, און יענער קריטיק, וואָס אַנאַליזירט דעם עצם, דעם אינערלעכן ווערט, די פֿאָרם, דעם אינדיווידואַליזם פֿון ווערק גופֿא. מען קען אָנווײַזן אויף דעם עסטעטיש־פֿאָרמאַליסטישן מעטאָד (אײַכענבאַום, וויקטאָר שקלאָווסקי אין רוסלאַנד), אויף דעם עסטעטיש־דאָגמאַטישן (בואַלאָ). צי האָט אַמאָל בעל־מחשבות געמיינט קראָטשעס אָדער דילטייס אינטויִטיוויסטישע שולע? אָדער גאָר די אימפּרעסיאָניסטישע?

ווי אומפֿאַרשטענדלעך דאָס זאָל נישט אויסזען, בעל־מחשבות האָט געהאַלטן איפּאָליט טענס דעטערמיניסטישן, קולטור־היסטאָרישן מעטאָד ווי איינס און דאָס זעלבע, וואָס עס איז דער עסטעטישער מעטאָד. אין זײַן בריוו צו ש. ניגערן (קאָוונע, דעם 26טן אָקטאָבער 1908 — געדרוקט אין „טעאַליט״, פֿעברואַר 1924), באַמערקט ער טאַקע: „די טענעוסקע פֿאָרמעל איז די פֿאָרמעל פֿון דער הײַנטיקער עסטעטישער קריטיק״. ווען ער רעדט וועגן דעם, אַז דער טענישער מעטאָד קען האָבן אַ סך שאַטירונגען זאָגט ער: „די עסטעטישע קריטיק קען האָבן פֿילע שאַטירונגען״. און כמעט בײַם סוף האָט ער אַזאַ אויסדרוק: „דאָס איז אין קורצן, אַפֿאָריסטיש, מײַן קוק אויף קריטיק, אייראָפּעיִשע קריטיק, עסטעטישע קריטיק״. נאָך אַן אויסדרוק האָט ער: „אָבער די גרונטלאַגע פֿון דער עס־

טעטישער קריטיק איז אומעטום די אייגענע". געמיינט האָט ער דאָ ווידער טענס פּאָזיטיוויסטישע, קולטור־היסטאָרישע קריטיק.

נישט געקוקט אויף דעם טעות אין דער טערמינאָלאָגיע פאַרשטייען מיר אים אַזוי: די טענישע קריטיק (לויט זײַן מיינונג די „עסטעטישע קריטיק") איז די ריכטיקע, די ווײַט־גייענדיקסטע, ווײַל דער אָביעקטיווער מאָמענט שפּילט אין איר אַ גרויסע ראָלע. פאַר דעם אימפּרעסיאָניסטיש־געשטימטן בעל־מחשבותן איז עס אַ וויכטיקער מאָמענט. ער באַמיט זיך נישט נאָר טעאָרעטיש, נאָר אויך פּראַקטיש זיך האַלטן אויף דער ליניע פון אָביעקטיווקייט, אויף וויפל דאָס גיט זיך אים אײַן. ער האַלט, אַז די טענישע („עסטעטישע") קריטיק איז „עסטעטיש" נישט דערפאַר, „ווײַל זי שטעלט אַזוי הויך די ווערדע פון אַ קונסטווערק, נאָר דערפאַר, ווײַל זי איז רויִק אָפּגעמאָסטן אין אירע שעצונגען". ווײַטער באַמערקט ער: „עסטעטישע קריטיק איז די, וואָס האָט אַ רויִקן אָביעקטיוון פאַרהעלטנים צו יעדער ליטעראַרישער דערשײַנונג..." און ווען ער שטעלט זײַן קריטיק קעגן דער רוסישער, וואָס פון איר טיילט ער זיך אָפּ, ווײַל ער האַלט זי פאַר אַ פּובליציסטישע קריטיק, שרײַבט ער: „דאָס איז... מײַן קוק אויף קריטיק, עסטעטישע קריטיק, אין קעגנזאַץ צו דער פּובליציסטישער, וועלכע איז שטענדיק נישט אָביעקטיוו..."

דער אָביעקטיווער מאָמענט שפּילט בײַ בעל־מחשבותן זייער אַ וויכטיקע ראָל. ער האַלט עס פאַר דעם וויכטיקסטן יסוד אין דער קריטיק:

„דער קריטיקער האָט דאָס געפיל פאַר דאָס עכטע, פאַר די נאָלד פון אמתער קונסט. ער מעג פײַנט האָבן אַלס מענטש דעם שרײַבער, דעם פּאָעט, עס מעג אים זאָגאַר אָפּעקלען די אַרט פון זײַנע שאַפונגען: ער **מוז** אָבער ריכטיק רעאַגירן".

דאָס איז דער יסוד און דער אידעאַל פון אַ קריטיקער. מוז איז דאָס וואָרט, וואָס ער נוצט דערפאַר. ווי אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג — איז עס בײַ אים אַן אַבסאָלוט. אין דער פּראַקטיק אָבער ווייס ער, דאָס קען נישט דינען ווי אַן אַבסאָלוט. אין אַן אַרטיקל וועגן אברהם רייזענען, דריקט ער עס אויס זייער עניוותדיק:

„יעדער מענטש, ווי אָביעקטיוו ער זאָל נישט וועלן זײַן, טראָגט זיך אַרום מיט סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען. איך רייד

שוין נישט דערפון, אז איטלעכער האָט זײַנע גרענעצן, און נישט אַלץ איז אים געגעבן צו פאַרשטיין".

ווי מיר זעען איז צו זײַן אָביעקטיוו אַ פאַרבאַדינג, אַ מ ו ז, אין דעם באַוווסטזײַן פון קריטיקער. דאָס איז געווען בעל־מחשבותעס גרונט־געדאַנק. איז ווי פּאַרט זיך עס מיטן קריטיקערס סוביעקטיוויזם, ווי ער באַטאָנט אין זײַן אַרטיקל „דער קריטיקער". דאַרטן פאָדערט ער פון קריטיקער, זיי זאָלן דורכגענומען ווערן מיטן „וואַרעמען פאַרלאַנג", „אַז דאָס גוטע נײַע פרישע, און יונגע זאָל געפינען אַ סביבה פאַר זיך. ווו דאָס זאָל קאָנען אויסוואַקסן אין אַ גלײַענדער לופט און אונטער אַ ביסל זונענ־שײַן". ער האָט געפאָדערט, דער קריטיקער זאָל זײַן „דער פאַרליבטער", „דער איבערגעגעבענער ווייכער פריינד פון קונסט". די קריטיקערס דאַרפן זײַן „די געטרײַע איבערגעגעבענע מוטערס, וואָס טוליען צום האַרצן דאָס נײַ־געבוירענע שיין און שוואַך קינד".

נאָך מער איז אַ חידוש ווי אַזוי פּאָרן זיך בײַ בעל־מחשבותן זײַן מעלאַנכאָליש־שווערמוטיקע לירישקייט אין זײַן סטיל, דאָס מיינט סוביעקטיוון זעלן־ריטם — מיט זײַן פאָדערן אָביעקטיווקייט. אָדער גאָר זײַן קולטור־טרעגערישער באַגריף וועגן קריטיקערס ראָל — צו זײַן אַ קול מבשר און אַ לערער פון געשמאַק — מיטן טענישן דעטערמיניסטישן מעטאָד.

דאָס אַלץ לאָזט זיך דערקלערן נישט נאָר מיט דעם דואַליזם, וואָס האָט געלעבט אין בעל־מחשבותן, נאָר אויך מיטן דואַליזם, וואָס האָט עקסיסטירט צווישן זײַן כאַראַקטער און דער יִדישער ווירקלעכקייט, ווו ער איז געקומען „געבן", „וועקן". דאָס איז אויך געלעגן צווישן דער מידקייט, אימפּרעסיאָניסטישן אומבאַשטימטן אינטויִטיוויזם, מיט וואָס ער האָט זיך איבערגעזעטיקט אין אייראָפּע, און דעם אויפגייענדיקן חלום, וואָס ער האָט געזען אין דעם אויפבלי פון נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן בײַ יִדן. אין אַן איבערגאַנגס־צײַט האָט ער געלעבט אין אייראָפּע, ווען דער אימפּרעסיאָניזם האָט געהאַלטן אין פאַרבײַטן דעם פונאַנדערגעפאַלענעם נאַטוראַליזם. אין אַן איבערגאַנגס־צײַט האָט ער געלעבט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט צום יִדישן לעבן — דעם איבערגאַנג פון טראַדיציאָנעלן,

פאַרשטיינערטן לעבן, אין אַ נײַעם געזעלשאַפטלעכן אויפבלי, וואָס ער האָט געזען אין דעם אויפשטײַג פון נאַציאָנאַלן חלום.

אין אַ שטימונגפולער, לירישער נאַטור, וואָס לעבט צווישן מחיצות און שוועלן, מוזן פאַרקומען אַזעלכע סתירות, וואָס די שפּעטערדיקע דורות איז נישט גרינג צו דערקלערן. „דאָס איבערלעבן”, דאָס סוביעקטיווע, האָט געאָטעמט אין אים, — בעת זײַן שכל און געפיל האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָס אָביעקטיווע איז אַ מ ו ז אין דער קריטיק. דאָס אַליין איז אַ וויכטיקער מאָמענט אין בעל־מחשבותס געדאַנקען וועגן קריטיק. נאָך אַ וויכטיקער מאָמענט איז זײַן ווילן שאַפן ד י נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע י י ד י ש ע ק ר י ט י ק.

## די נאַציאָנאַלע קריטיק

נאָך זײַן געמיט נאָך איז בעל־מחשבות געווען אַ ראַציאָנעלער אינטואיציאָניסט. דער אײַנדרוק, וואָס ער האָט אַרויסגעקראָגן פון אַ ווערק — דאָס איז געווען דער עצם פון זײַן מיינונג וועגן דעם ווערק. דער דאָזיקער סוביעקטיווער אופן אויפצונעמען אײַנדרוקן האָט ער שפּעטער דערקלערט אַזוי, אַז דאָס האָט אויסגעזען אָביעקטיוו. און גורם דערצו זײַנען געווען: זײַן רויקער, שווערמוטיקער — ווען אַפילו באַהאַלטן־עמאָציאָנעלער — סטיל; און זײַן הסברה, זײַן לאָגיסטישקייט.

ער האָט אָבער אויך געמוזט אָננעמען די הנחות פון אָביעקטיווער קריטיק. ער האָט דאָך געחלומט וועגן שאַפן די נאַציאָנאַלע יידישע קריטיק. כדי נישט אַרײַנפאַלן אין אַ מין „טשעכאָווישן” יאוש האָט בעל־מחשבות זיך געשטיצט אויף אַ נייעם יסוד. דאָ איז געווען דער נײַער אויפגעוועקטער געדאַנק וועגן אַ נײַ יידיש לעבן. זײַן ציוניסטישער אני מאמין איז בײַ אים געווען אַ געפיל־זאַך. ער האָט אים געוואָלט אויסברייטערן אויף יעדער טעטיקייט אין יידישן לעבן. אין דער ליטעראַרישער „נײַער משפחה”, האָט ער זיך דערפילט ווי אַן אייגענער. ער האָט געחלומט וועגן באַנײַונג, ווי מיר האָבן עס פריער דערמאָנט — ער איז „געוואָרן דאָס הינטעלע, וואָס האָט געבילט פרעמדע שבחים: מ. י. בערדיטשעווסקי, ה. ד. נאָמבערג,

שלום אַש און אַנדערע פון די יונגע, וועלכע האָבן נישט געוווּסט, אַז פון זיי הייבט זיך אָן אַ נייַע ייִדישע משפּחה".

דער רענעסאַנס פון נאַציאָנאַלן ייִדישן באַוווּסטזייַן איז געווען זייַן רעטונג. ער האָט זיך געמיט בייַקומען זייַן אייגענעם אומעט, די אַנטווישונג אין דער אָט־נעכטיקער ייִדישער ווירקלעכקייט, די פולשטענדיקע אַפּאַטיע, אָבער אין די אונטערשטע קעלערן, אין זייַן אונטערבאַוווּסטזייַן, האָבן די אַלע כוחות נאָך געפירט אַ לעבן. מיט דעם אַלעם האָט געאָטעמט זייַן לאַנגזאַמער סטיל, דער כמעט־אַפּאַטישער מאַניער שרייַבן, דער פלעגמאַטישער ערנסט. אָבער אַלע כוחות זייַנע האָבן געפונען אַ מקום מקלט אין דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזייַן. אין לעבן האָט ער געזוכט זייַן אויפקום, אין דער ליטעראַטור האָט ער געלעבט מיט זייַן אויפקום. איז נאַטירלעך — אויך די פּראַקטיק האָט געזאָלט אַזוי זייַן. און פאַר בעל־מחשבותן איז אין די פּראַקטישע אויספירן געווען — די קריטיק. אויך זי, אָדער, בעסער געזאָגט, ערשט זי האָט געמוזט ווערן דער אינסטרומענט פאַרן נאַציאָנאַלן באַוווּסטזייַן. האָט דער תוך און די פאָרם באַדאַרפט ווערן — נאַציאָנאַלע קריטיק. און קיין בעסערע פאָרמולע ווי איפּאָליט טענס וועגן „ראַסע", האָט בעל־מחשבות נישט באַדאַרפט האָבן. טענס „ראַסע" האָט מען דאָך געטייַטשט פאָלק, נאַציע.

די שטימונג אין אים איז געווען אַן אימפּרעסיאָניסטישע. אָבער די ווירקלעכקייט האָט געאָטעמט מיט נאַציאָנאַלן טרוים. אין דעם טרוים האָט ער געלעבט. אין דעם טרוים האָט ער זיך געקלאַמערט מיט די לעצטע כוחות פון אַ דעקאַדענטישן אייראָפּעער.

טענס טייַטשן קריטיק קולטור־היסטאָריש איז ביי בעל־מחשבותן געוואָרן דער יסוד. דאָס האָט משפּיע געווען זייַן טראַכטן וועגן קריטישער מעטאָדאָלאָגיע. און עס איז אייַנטערעסאַנט צו זען ווי אַזוי בעל־מחשבות טייַטשט אויס טענס מעטאָד, און זייַן אייגענע נאַציאָנאַלע קריטיק אין ליכט פון טענישן מעטאָד.

אין אַ בריוו צו ש. ניגערן טיילט ער זיך גלייַך אָפּ פון דער רוסישער קריטיק. די רוסן מיינט ער, האָבן גאַנץ גוט געקענט דעם טענישן מעטאָד. זיי האָבן אים אָבער שלעכט געטייטשט און פאַלש אָנגעווענדט. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן טענס דריי יסודות: ראַסע, סביבה, מאָמענט.

ראשית, — זיי האָבן אינגאַנצן דורכגעלאָזן אין זייערע קריטיקן די פּראָבלעם ראַסע. צווייטנס, האָבן זיי מיליע „גענומען אין מגושמדיקן זין פון פּאָליטישן דרוק". דריטנס, טענהט בעל־מחשבות, האָבן זיי פאַלש פאַרשטאַנען — פּערזענלעכקייט. זיי האָבן גענומען פּערזענלעכקייט „נישט אַלס א מושל בעצמו מיט אַלערליי קאַפּריזן און אומבאַגרײַפלעכקייטן, נאָר אַלס „קריטיטשעסקי מיסליאַשטשאַיאַ ליטשנאָסט'" (קריטיש טראַכטנדיקע פּערזענלעכקייט) (לאַווראָוו, מיכאַילאָווסקי און די קלענערע, פּראָטאָפּאָפּאָוו, שעלגונאָוו אאַ"וו), „אַלס סאָציאַל־עטישע פּערזענלעכקייטן אין גײַסט פון ראַדיקאַלן ליבעראַליזמוס". דעריבער, מיינט בעל־מחשבות, איז די גאַנצע רוסישע קריטיק אַרויס אַזוי בלאַס. „עס איז מער געווען דערין פּובליציסטיק און סאָציאַל־פּאָליטישע בעל־דרשערײַ אַלס אַנאַליזן פון דעם און דעם קונסטווערק אָדער קינסטלער". ווען די רוסישע קריטיקער, גלייבט בעל־מחשבות, וואָלטן „גענוי באַנומען" דעם זינען פון טענס קריטיק, וואָלטן זיי דערגרייכט נאַציאָנאַלע קריטיק. וואָרן זיי וואָלטן „אין יעדן ווערק געזוכט און אַרויסגעשפּירט די טיפע וואָרצלען פון זייער נאַציאָנאַלן איך".

אינטערעסאַנט איז דאָ דער פאַל מיטן וואָרט „פּערזענלעכקייט". אין דער קריטיק טרעפן מיר דאָס וואָרט על פּי רוב בײַ דרײַ מינים שרײַבער: טאַקע בײַ פּובליציסטן, ווי די „רוסישע", וואָס האָבן נישט אויפגעהערט ריידן וועגן דער „קריטיש־טראַכטנדיקער פּערזענלעכקייט". שפּעטער — בײַ די אינטויִטיוויסטן. בײַ זיי האָט דער סוביעקטיווער עלעמענט באַשטימט דאָס לעבן פון דער פּערזענלעכקייט, הגם עס איז זייער שווער צו וויסן צי די אימפּרעסיאָניסטן האָבן געהאַט אין זינען טאַקע פּערזענלעכקייט אָדער אַן איינצלנע פּערזאָן ווי' א פּריוואַטע קאַטעגאָריע. צום לעצט ווערט דאָס וואָרט פּערזענלעכקייט באַנוצט אין דער פּסיכאָלאָגישער און פּסיכאָאַנאַליטישער קריטיק. דאָ מיינט עס, א מענטשנס אַלע דערפאַרונגען, פּראָבלעמען, ספקות, קאָמפּלעקסן און קאָנפליקטן — זײַן קאָמפּליצירטן צוזאַמענשטעל.

וואָס בעל־מחשבות האָט פאַרשטאַנען אונטערן וואָרט פּערזענלעכקייט איז אונדז גאַנץ קלאָר. ער האָט געטרוימט וועגן שאַפן נאַציאָנאַלע קריטיק, „דערשפּירן די טיפע וואָרצלען פון נאַציאָנאַלן איך". האָט ער

באַטראַכט די פּערזענלעכקייט ווי דעם סך־הכּל, בעסער געזאָגט, די לעבע־דיקע פאַרקערפּערונג, וואָס טראָגט אין זיך — ראַסע און מיליע.

אָבער „פּערזענלעכקייט" גייט נישט אַרײַן אין טענס דרײַ יסודות. איז עס שווער צו וויסן ווי אַזוי בעל־מחשבות האָט עס אויפגענומען אין שייכות מיט טענען. האָט ער דאָ איין טענישן יסוד נישט פאַרשטאַנען און זיך דעריבער טועה געווען, ווי דאָס איז געווען מיטן באַגריף „עסטע־טישע קריטיק"? צי ער האָט עס יאָ פאַרשטאַנען, נאָר עס אויסגע־טײַטשט אין די ליניעס פון אַ נאַציאָנאַלער טעאָריע?

בײַ טענען זײַנען די דרײַ יסודות אַוועקגעשטעלט אַזוי: ראַסע, סביבה און מאָמענט. דאָס לעצטע איז מ אָ מ ע נ ט און נישט פּער־זענלעכקייט. און וויפל מע זאָל נישט וועלן אַרײַנטײַטשן אין טענס מאָ־מענט פאַרשיידענע זאַכן, איז עס נישט מער ווי דער דרוק פון אַ פאָרויס־גייענדיקער אַנטוויקלונג. קלערער געזאָגט: די באַדינגונגען, וואָס אין זיי האָט אַ שרײַבער זיך געפונען, בעת זײַן טאַלאַנט האָט זיך אַנטוויקלט. „מאָמענט" בײַ טענען איז נישט דאָס זעלבע וואָס עס איז „פּערזענלעכ־קייט". דאָס זיינען באַדינגונגען הן היסטאָריש־אָביעקטיווע, הן פּער־זענלעך־ביאָגראַפישע. זיי זײַנען פאָרויסגייענדיקע באַדינגונגען. אין זיי האָט דער שרײַבער געלעבט בעת זײַנע שעפערישע אייגנשאַפטן האָבן זיך געהאַלטן אין אַנטוויקלען.

טען האָט אַליין זיך געמיט דערגאַנצן זײַן טעאָריע מיט יענע עלע־מענטן, וואָס דערקלערן אונדז פאַרשיידענע נייגונגען בײַ קינסטלער אָדער באַשטימטע נטיות, שייכותן און באַציִונגען, אָדער געוויסע פעיִקייט, וואָס אונטעריאָכט אַלע אַנדערע פעיִקייטן. ער האָט פאַר דעם באַשאַפן דעם טערמין — „די הערשנדיקע פעיִקייט", „פאַקיולטעי מעטרעס".

עס איז אפשר נישט וויכטיק באַטאָנען דעם פאַל ווי אַזוי בעל־מחשבות האָט צוגעשאַפן אָדער צוגעגעבן צו טענס פאָרמולע אַ נײַעם טערמין „פּערזענלעכקייט". וויכטיק אָבער איז, זיך קלאָר מאַכן ווי אַזוי בעל־מחשבות האָט געטײַטשט דאָס וואָרט „פּערזענלעכקייט" און עס אַרײַנגעפירט אין דער אַלגעמיינער טעאָריע וועגן נאַציאָנאַלער קריטיק.

ווען די רוסן — האָבן מיר אים געהערט טענהן — וואָלטן ריכטיק פאַרשטאַנען טענס פאָרמולע, וואָלטן זיי דערפילט די וואָרצלען פון דעם

נאַציאָנאַלן איך. „די סביבה וואָלטן זיי באַנומען אין זין פון היסטאָרישע אַנטוויקלטע נאַציאָנאַלע גרופּן". און „די פּערזענלעכקייט וואָלט געווען אַ נאַציאָנאַל־עטישע". ווען די רוסן וואָלטן דאָס דערגרייכט, בלויז דורך אָנווענדן טענס פאָרמולע אין דער קריטיק, „וואָלטן שוין באַ זיי דעמאָלט קיין צווייפל נישט געווען — ווער איז מער ווערט פאַר דער רוסישער ליטעראַטור — אַ ליעסקאָוו, צי אַ לעוויטאַוו, אַן אוספּענסקי, צי זלאַטאָוו־ראַטסקי, אַ דאָסטאָיעווסקי צי אַ טורגעניעוו, אַן א. ק. טאָלסטאָי, צי אַ פּ. ווײַנבערג.

דעם פּונקט „פּערזענלעכקייט", ווי אַ נאַציאָנאַלע קאַטעגאָריע, באַטאָנט בעל־מחשבות נאָך מער אין אַ ווײַטערדיקן פּאַראַגראַף. אַ קונסט־ווערק איז בײַ אים אַזאַ ווערק, ווו עס „שטעקט ... די קונסט פון אַ פּערזענלעכקייט, וועלכע איז דורכגעזאַפּט מיט ראַסע און מיליע", „מעג דער קינסטלער זײַן קאָנסערוואַטיוו, רעוואָלוציאָנער, אַ סטאַבילער טיפּ פון דער געזעלשאַפט, אָדער אַן איבערגאַנגס־טיפּ, זאָל אָדער פאַרהונגערט, מיד קראַנק, אָדער געזונט ווי אַ בער, באַנאַל און טריוויאַל, אָדער פאַרפײַנערט און פאַראיידלט".

דאָס וויכטיקסטע אין דער קריטיק און, נאַטירלעך, אין יעדן קונסט־ווערק איז די קאָלעקטיווע פאָלקס־נשמה. פאַרשיידענע טעמפּעראַמענטן בײַ פאַרשיידענע שרײַבער, מיט פאַרשיידענע זשאַנערן און קינסטלערישע אַטמאָספערעס, — אַלע ריידן זיי אויף איין שפּראַך. זיי ריידן אַזוי כל זמן יעדער איינער „איז דער אויסדרוק פון דער קאָלעקטיווער פאָלקס־נשמה". און דאָס איז דער יסוד אין דער נאַציאָנאַלער קריטיק.

מיר ווילן דאָ איבערגעבן אַן אינטערעסאַנטן ציטאַט זײַנעם און פאַרבײַטן דאָס פאַרגרײַזטע וואָרט „עסטעטישע קריטיק" מיטן וואָרט נאַציאָנאַלע קריטיק, וואָס דאָס האָט ער אייגנטלעך געמיינט:

> „גאָנטשאַראָוו, און שטשעדרין, דאָסטאָיעווסקי און טורגעניעוו, אוספּענסקי און סלעפּצאָוו, דאָס זיינען שטאַרקע געגנזעצע אין דער גאַנצער לעבנס־אויפפאַסונג — און דאָס זיינען זיי אַלע גרויסע קינסטלער, אַלע זיינען זיי דער טיפסטער אויסדרוק פון דער רוסישער נאַציאָנאַלער נשמה. דער זאַטער און ביטער בייזער, דער משוגענער, ווילד פּאַטעטישער און דער

סקעפּטישער פאַרפּומירטער מעלאַנכאָלישער סענסואַליסט, דער פאַר־
אומערטער, פאַרקלאָגטער, קראַנקער, נערוועזער, און דער רויקער,
געלאַסענער, שטילער אָפּלאַבער — געגוסמענטש — אַלע, אַלע
ריידן זיי פאַרן עסטעטישן (לייען: טענישן אָדער נאַציאָנאַלן —
נ. ב. מ.) קריטיקער איין שפּראַך: די שפּראַך פון ראַסע, פון
מיליע און פון דער רוסישער פּערזענלעכקייט. פאַרן עסטעטישן
(לייען: טענישן אָדער נאַציאָנאַלן — נ. ב. מ.) קריטיקער זיינען
זיי אַלע אַזוי ווייט גלייך אויף וויפל יעדער פון זיי איז דער
אויסדרוק פון דער קאָלעקטיווען פאָלקס־נשמה".
און ווייטער לייענען מיר אין דעמזעלביקן בריוו:

„קורץ, עסטעטישע (לייען: טענישע אָדער נאַציאָנאַלע —
נ. ב. מ.) קריטיק איז די, וואָס האָט אַ רויקע אָביעקטיווע פאַר־
העלטנים צו יעדער ליטעראַרישע דערשיינונג אויפן גרונט פון
דער סינטעזע, וואָס דער קריטיקער האָט פון זיין פאָלקס־נשמה,
אויפן גרונט פון דעם זאַמל־באַגריף וואָס ער האָט פון זיין צייט
און פון די עקזיסטירנדיקע נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייטן אַלס גאַנצע,
אָדער אַלס ברעקלעך, פּיצלעך".

נאָך קלערער טייטשט ער אויס די נאַציאָנאַלע קריטיק אויף אַזאַ
אופן:

נישט יעדער קריטיקער קען אָנווענדן טענס פאָרמולע אין דער
פּראַקטיק. יעדער קריטיקער ווענדט אָן יענעם טייל, וואָס פאַר אים האָט
ער „ווערטער און בילדער". איינעם געלינגט זיך פאַרטיפן אין דער
פּערזענלעכקייט פון קינסטלער, דעם אַנדערן אין דער ראַסע און דעם
דריטן אין דער סביבה. „אינעווייניק אָבער אין אים דאַרף לעבן אַ חוש
פאַר אַלץ". „אויך קינסטלער אין די ווערק זייערע זיינען דאָ האַלבע, פערטל־
דיקע, די נשמה אָבער איז אַ גאַנצע. דעם קינסטלערס ווערק איז נישט די
סומע פון זיין קינסטלערישן ערלעבנעס. דאָס אייגענע ביים קריטיקער".
וועגן זיך אַליין זאָגט ער: „איך גראָב זיך מער אין דער פאָלקס־פּסי־
כאָלאָגיע און מאַסנלעבן (מיליע)".

בעטנדיק ש. ניגערן ער זאָל לייענען זיינע אַרטיקלען אין „הצופה",

1904, וועגן שלום־עליכמען און אין „הזמן", 1905, שרײַבט ער: „און איר וועט זיך איבערצײַגן, אַז דאָ רעדט דער ראַסן און מיליע קריטיקער, דער נאַציאָנאַלער קריטיקער".

בויענדיק אויף טענס טעאָריע האָט ער קענטיק, פאַר זיך אַליין געשאַפן אַ סיסטעם — ראַסע סביבה און פערזענלעכקייט. ער אַליין האָט עס באַטראַכט ווי נאַציאָנאַלע קריטיק. און יעדער אַנדערע קריטיק, וואָס האָט נאָר גענומען אַ טייל פון אָט־דער טעאָריע, האָט ער אַרײַנגערעכנט אין דער זעלבער קאַטעגאָריע. מחמת זײַן אינטערעס אין דער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע און אין דער פאָלקס־סביבה אין ברייטן זין, האָט ער זיך אַליין באַטראַכט פאַרן נאַציאָנאַלן קריטיקער.

## זײַן קריטיק אין דער פּראַקטיק

ווען אַ דיכטער שרײַבט אַ ליד, פאַרשווינדן אין אים פּלוצים אַלע טעאָריעס, וואָס ער האָט מכוח פּאָעזיע. צו זײַן פינקטלעכער: דאָס געשעעט נאָך פריער איידער ער שרײַבט דאָס ליד. וואָך שײַך טעאָריעס, לאָזט זיך אויף אים אַראָפּ די שכחה, ווי נאָר עס קומט־אויף אין אים דער טאָן פון אַ שורה אָדער דאָס נעפּלדיקע אויסזען פון אַן ערב־בילד.

פאַרשן, שטודירן און שאַפן טעאָריעס וועגן פּאָעזיע — דאָס קומט זייער שטאַרק צוניץ דעם פּאָעט. נאָכמער — זייער אָפט זײַנען זיי די שליסלען, וואָס עפענען טויערן, וועגן און ווײַטקייטן, נישט נאָר פאַר דעם פּאָעט אַליין, נאָר פאַר דער פּאָעזיע. ווי טאַלאַנטירט דער פּאָעט זאָל נישט זײַן, איז אָן דעם אַלעם, שאַפט ער אָפט בלויז איבערחזרונגען. ער אַליין מעג נישט וויסן וועגן דעם. מחשבות וועגן פּאָעזיע קומען אויף אַ יי ד ע ר אָדער נ אָ כ ן שאַפן דאָס ליד און קיינמאָל נישט בשעתן שרײַבן. עס איז נאָך נישט געווען דער אמתער פּאָעט, וואָס זאָל קענען שרײַבן פּאָעזיע, און געדענקען דערבײַ אַלע טעאָריעס וועגן פּאָעזיע.

אַזוי איז עס אויך מיט קריטיקער. קריטיק איז מער אַן אינטעלעקטועלע טעטיקייט. דער פּראָצעס פון טראַכטן און אַנאַליזירן איז זײַן הויפּט־פּראָצעס. דאָך קען אויך דער קריטיקער זיך נישט אָוועקזעצן

שרײַבן וועגן אַ ווערק און דערבײַ גערענקען די טעאָריעס מכוח קריטיק. די אַלע טעאָרעטישע עקסקורסיעס און שטודיעס מאַכן טאַקע קלאָר זײַן אויג, זײַן געדאַנק. ער ווערט מער פּאַרטיפט, דורכדרינגלעך, פאַר־שטענדיק. דאָס שאַפט פאַר אים אַ הויכע ניוואָ. דאָס העלפט אים באַ־טרעטן נײַע דרכים, אויספאָרשן נײַע שטחים, באַלײַכטן נײַע תהומען. דאָס גייט אַרײַן טיף אין זײַן באַוווּסטזײַן. און אומבאַוווּסט באַנוצט ער זיך דערמיט און ווייס בשעת מעשה נישט וועגן דעם.

די אַלע טעאָריעס זײַנען עקסיסטירן נישט פאַר אים בשעתן שרײַבן. דערפאַר געפינען מיר בײַ קריטיקער, ווי בײַ אַנדערע שעפערישע מענטשן, אַזעלכע עלעמענטן, וואָס האָבן ווייניק וואָס צו טאָן מיט דער עצם טעאָריע, מיטן הויפּט־דרך פונעם קריטיקער. בשעתן שרײַבן שווימען זיי אַרויף אויף דער אויבערפלאַך. דאָס זײַנען סימנים אָדער אָנהייבן, נײַע מעגלעכקייטן פאַר אַ שפּעטערדיקן דור. דאָס זײַנען אַמאָל השפעות, וואָס לעבן אין דעם קריטיקער, נישט געקוקט אויף זײַנע טעאָריעס. דאָס זײַנען אַמאָל נייגונגען פון זײַן כאַראַקטער, וואָס שטימען נישט אײַנגאַנצן מיט זײַנע טעאָריעס. און אַמאָל זײַנען זיי זײַטיקע וועגן און סטעזשקעס, וואָס ווײַזן אָן ווי ברייט און פאַרשיידנאַרטיק איז דעם קריטיקערס גאַנ־צער מרחק אַרום דעם דרך המלך.

דאָס אַלץ איז חל אויף יעדן קריטיקער, באַזונדערס אָבער אויף פּיאָנע־רן, און יעדער ייִדישער קריטיקער ביז די ערשטע צענדליקע יאָרן אין הײַנטיקן יאָרהונדערט איז געווען אַ פּיאָנער. יעדער קריטיקער פון צעדער־בוימען אָן, האָט אײַנגעשריבן אַ נײַ קאַפּיטל אין דער ייִדישער קריטיק.

אחוץ דעם אַלעם שרײַבט אָפט אַ קריטיקער אונטער פאַרשיידענע תנאים, בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן און צופאַלן. עס ווירקן אויף אים פאַרשיידענע שטימונגען, פאַרשיידענע מאַטעריאַלן, וואָס פירן אים אָפט אַוועק פון זײַן הויפּט־דרך.

אים קומט אויס אַמאָל שרײַבן ממש זשורנאַליסטישע איבערזיכטן, צופעליקע „שטריכן, געדאַנקען און שמועסן", רעצענזיעס און פאַרצייכע־נונגען. באַזונדערס איז עס אַזוי ווען קריטיק איז דעם קריטיקערס טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונג.

דעריבער טרעפן מיר זיך אָן בײַ קריטיקער אויף נישט גאָר וויכטיקע

זײַטיקע אַרטיקלען, פעליעטאָנען, מעטאָדן און באַמערקונגען. זיי זײַנען גאָרנישט כאַראַקטעריסטיש פאַר אים. על פי רוב אָבער שטעלט ער זיך נישט אָפּ זיי באַהאַנדלען אויספירלעך, זיי ליגן מחוץ זײַן טראַכטן. דאָס מיינט, ער זעט זיי, אָבער ער לאָזט זיי דורך. ער איז נישט אַרײַנגעטאָן אין זיי, ער האַלט זיי נישט פאַר גענוג וויכטיק אָדער חשוב, זיך צו פאַרנעמען מיט זיי באריכות.

די אַלע נאָר־וואָס דערמאָנטע תנאים האָבן געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף בעל־מחשבותעס קריטיק. מע דאַרף נאָך דערצו צוגעבן, זייער אָפּט האָט ער געמוזט איבעררײַסן זײַנע קריטישע אַרבעטן און זיך פאַרנעמען מיט זײַן מעדיצינישער פּראָפעסיע אָדער מיט שרײַבן פּובליציסטיק. ער איז אויך געווען אַ מענטש מיט שטימונגען, אַן איבערגאַנגס־טיפּ. ער האָט זיך דאָך ליטעראַריש אויסגעבילדעט אויף די גרענעצן פון צוויי קונסט־שטראָמען — דעם אָפּגייענדיקן נאַטוראַליזם און דעם אָנקומענדיקן אימפּרעסיאָניזם. דעריבער וואַרפן זיך זייער שטאַרק אין די אויגן צוויי מינים פאָרמען בײַ אים: עטלעכע אויספירלעכע קריטיקן און אַ סך — שטריכן, געדאַנקען, רעצענזיעס, געלעגנהייט־אַרטיקלען, שמועסן און גלאַט מבינות־זאָגערײַ.

אין דעם ערשטן מין שטודיעס האָט ער זיך פאַרטיפט. אין זיי האָט ער אַנאַליטיש באַהאַנדלט אַן ענין, אים כאַראַקטעריזירט מיט באַווײַזן און טײַטשן.

אין דעם צווייטן מין האָט ער זיך באַנוגנט בלויז מיט אויפכאַפּן איינעם אָדער עטלעכע כאַראַקטעריסטישע שטריכן, אָדער דעם טאָן בײַ אַ שרײַבער.

אין דעם ערשטן מין, אין די עסייען, מערקט זיך אַ קערן, וואָרצלען. אַנדערש געזאָגט, מען פילט דאָרטן מער דעם קריטיקערס אינטעלעקטועלן חותם. אין דעם צווייטן מין דערפילן מיר, אָדער נאָך בעסער, מיר דערהערן, דעם קריטיקערס טאָן, די שטימונג. אין דעם ערשטן פאַל איז ער מער קלאַסיש, רויק אין זײַן שרײַבן. אין דעם צווייטן פאַל איז ער מער עמאָציאָנעל, און גאָר אָפּט אימפּרעסיאָניסטיש.

דער עיקר אין זײַנע קריטישע אַרבעטן, ווי אויך די זײַטיקע מיניאַטורן אָדער באַמערקונגען דינען אונדז אויף צוויי אופנים: איינס — זיי

פורעמען פאַר אונדז בעל־מחשבותעס געשטאַלטן און קלערן־אויף זײַנע געדאַנקען װעגן ליטעראַטור, באַזונדערס װעגן די קלאַסיקער. צװײ — זײ װײַזן אונדז אױך אַ סך אַנדערע קריטיק־מעגלעכקײטן, װאָס האָבן אין אים געלעבט. זײ האָבן זיך אַנטװיקלט בײַ אַ סך שפּעטערדיקע קריטיקער.

אין תוך אָבער האָט געשטימט בעל־מחשבותעס טעאָריע און פּראַקטיק. אין תוך האָט ער באַשאַפן יענע מיליע־קריטיק, װאָס ער האָט גערופן נאַציאָנאַלע קריטיק.

ער האָט זיך נישט געזעצט שרײַבן זײַן נאַציאָנאַלע קריטיק מיט דער באַשטימטער כװנה צו שרײַבן אַזאַ קריטיק. ער האָט געלעבט מיט די נאַציאָנאַלע געדאַנקען, געאָטעמט מיט זײ געװען דורכגענומען מיט זײ. נאַציאָנאַל לעבן איז געװען דער עיקר אין אַלע זײַנע מחשבות. און אויף אַ נאַטירלעכן אופן האָט ער זיך מיט קײן אַנדער זאַך נישט אינטערעסירט בעת ער פלעגט טראַכטן אין ליטעראַרישע טערמינען. און עס איז אויך נאַטירלעך פאַרװאָס דער עיקר אין זײַנע אָפּהאַנדלונגען איז במילא געװען: דערקלערן אַ שרײַבער דורך דער ירושה און סביבה; װײַזן אַ שרײַבער װי אַזוי ער דריקט אויס די פאָלק־פּסיכאָלאָגיע, װאָס האָט זיך אויסגעפורעמט אין די תנאים פון ירושה און סביבה. דאָס אַלץ האָט ער געשאַפן אין ליכט פון תחיה, װען נאַציאָנאַלע װידער־אויפלעבונג, האָט דעמאָלט פאַרכאַפּט זײַן גאַנצע נשמה.

דעריבער האָט ער נישט געקענט אויפנעמען פּינסקין. פּינסקיס ערשטע שאַפונגען האָט ער הויך געשעצט. פּינסקי איז אים געװאָרן פרעמד, װי נאָר ער האָט זיך אָװעקגעלאָזן אויף די װײַטע אידעען־װעגן. און פּינסקין דעם סימבאָליסט האָט ער אינגאַנצן נישט סובל געװען.

דעריבער האָט ער אויך אָפּגעזאָגט דאָס לעבן די מאָדערניסטן אין זײַן צײַט — די אנכים, שאָפּמאַנס און נאָמבערגס. אין זײערע פאַרשװינען און אין זײער גאַנצן אינדיװידואַליזם האָבן זײ נישט אַרויסגעבראַכט די פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, שטײגער־לעבן, ירושה, סביבה.

אויך רײזענען װעמען ער האָט הויך געשעצט האָט ער נישט אויפגענומען. ער האָט זיך מודה געװען: ער איז אומגערעכט צו רײזענען. און נישט געקוקט אויף דעם, װאָס ער האָט אויך „געשעצט און געאַכט"

זײַן טאַלאַנט, האָט ער אים נישט געקענט אויפנעמען. בעת תחיה, נאַציאָנאַלן אויפֿלעב, האָט רייזען געשילדערט, און מיט ליבשאַפֿט געשילדערט, דעם פּשוטן „קליינעם מענטשן". דעם „קבצנישן טיפּ". ער גיט אָן סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע סיבות פאַרוואָס ער קען פּאָליטיש־פּסיכאָלאָגיש נישט אויפנעמען רייזענען:

„אין די 90ער יאָרן איז געבוירן געוואָרן דער מאָדערנער ציוניזמוס דער בונדיזמוס צוגלײַך, מיט דער האָפענונג צו פאַרענטפערן די יידישע פראַגע אויפן אָרט, אין זין פון די שפּעטערדיקע אויטאָנאָמיסטן. און די שטימונג פון דער יידישער אינטעליגענץ איז צוגלײַך געווען אַ ראָמאַנטישע, אַן אוטאָפּיסטישע, אַ קריטישע, אָבער אָלערדינגס נישט קיין נאַטוראַליסטישע. ווייניקער פון אַלץ האָט מען זיך אינטערעסירט מיט דעם נאָענטסטן, פּשוטן לעבן".

דער בונדיסט, שרײַבט ער, האָט געחלומט וועגן אַ באַפרײַטן יידן אַ סאָציאַליסט וואָס האָט אויסגעגלײַכט דעם רוקן און פאַריאָגט פון זיך דאָס פּחדנות און שפלות, וואָס די געטאָ האָט אין אים געשאַפן. דער ציוניסט, ווידער, האָט געטרוימט וועגן אַ געזונטן ערד־אַרבעטער אויף די פעלדער פון ארץ־ישראל, ווי אין דער צײַט פון ישעיהו הנביא. די אויטאָנאָמיסטן האָבן געחלומט צו באַפרײַען דעם יידן פון אַלע באַגרענעצונגען, וואָס האָבן פון אים געמאַכט דעם געטאָ־יידן.

„אַלעמען אָבער — שרײַבט ער — האָט פאַרבונדן די פאַראַכטונג צום פּשוטן יידישן לעבן, ווי עס שילדערט זיך אין די מעשהלעך פון אברהם רייזען".

בעל־מחשבותעס צוגאַנג צו רייזענען, ווי מיר זעען, איז אַ ריין סאָציאַל־פּאָליטישער, אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער. ער גיט צו: רייזען האָט אַן „עכטן טאַלאַנט". אָבער בעל־מחשבות דער פּובליציסט, דער תחיה־מענטש, רעכנט זיך נישט נאָר מיט פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, ירושה, סביבה און לעבנס־שטייגער, וואָס אין דעם איז רייזען אינגאַנצן אײַנגעטונקען. ער רעכנט זיך אויך מיט זײַן „געפיל פאַר צײַט". „אפשר — שרײַבט ער — זײַנען מיר נישט גערעכט קעגן רייזענען — איך מיין

אפילו, אז מיר זײַנען אַוודאי אומגערעכט קעגן אים — אָבער אונדזער געפיל פאַר דער צײַט וואָס מיר לעבן דורך איצטער, דערלאָזט נישט קיין סימפּאַטיע פאַר אַ שרײַבער, וואָס זעט נאָר בײַ ייִדן דעם קבצן מיט זײַן קבצנישן געמיט, און איז בלינד פאַר די ליכטיקערע זײַטן פון זײַן אַלטער רײַכער נשמה".

און אויב בײַ פּינסקין זײַנען יאָ געווען תחיה אידעען, האָט זיי בעל־מחשבות אויך נישט אויפגענומען. ער האָט בלויז געזען ווי אַזוי די אידעען פאַרלאָזן דאָס שטייגער־לעבן.

אויף שלום אַשן איז ער אָבער מלמד זכות, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין אַשס ערשט ביכל „אין אַ שלעכטער צײַט", קומט צום אויסדרוק דאָס ייִדישע קבצנות און אָרעמשאַפט. ער געפינט בײַ אים דאָס, וואָס האָט געשטימט מיט דער צײַט: „שלום אַש — שרײַבט ער אין זײַן רעצענזיע — האָט אויף איטלעכן טריט אונדז געשילדערט דעם היפּוך צווישן דעם ייִדישן קליינשטעטלשן לעבן און דעם לעבן פון דער נאַטור אַרום" (אונטערגעשטראָכן אין טעקסט). נאָך מער נעמט אים שלום אַשס סענטימענטאַליזם: „דען ש. אַש זעט די נאַטור מיט די אויגן פון אַ ייִדישער מאַמע. אַלע זײַנע בילדער דערמאָנען אונדז אָן די (דער) ווייכקייט, גוטקייט און האַרציקייט, וועלכע מיר געפינען צווישן דער ייִדישער טרײַער מוטער און איר קינד".

ווי מיר זעען, מחמת דעם פּובליציסטישן עלעמענט, האָט בעל־מחשבות נישט איינמאָל פאַרזען עסטעטישע ווערטן. דאָס האָט אים דער־ווײַטערט אויך פון דער נאַציאָנאַלער קריטיק, — אויב נאַציאָנאַלע קריטיק האָט געמיינט זיך וואָרצלען אין ירושה און סביבה, זײַן געקניפּט און געבונדן מיט טיפערע פאָלקס־יסודות ווי „דאָס איז דאָס געפיל פאַר דער צײַט".

און דעריבער זײַנען בעל־מחשבותעס ווערטפולע און אינטערעסאַנט־סטע קריטישע אָפּהאַנדלונגען דווקא יענע, וואָס זײַנען געשריבן ווי נאַ־ציאָנאַלע קריטיק. צו זיי געהערן, ראשית, די סאַמע וואָגיקסטע אַרבעטן. און די בעסטע צווישן זיי איז די אָפּהאַנדלונג איבער מענדעלען. בעל־מחשבות קריגט אַרויס מיט דעם מליץ־מעטאָד, אַפילו עסטעטישע ווערטן,

הגם ער איז נישט באַזונדערס פאַראינטערעסירט אין זיי. מיר דאַרפֿן דערביי שטענדיק געדענקען: דאָס וואָרט עסטעטישע קריטיק האָט ער פֿאַלש געטייטשט. ער האָט עס אָנגענומען פֿאַר דער איפּאָליט טעגישע מיליץ־קריטיק.

מענדעלע איז ביי אים נישט נאָר דער ראשון הראשונים, וואָס מיט אים „הייבט זיך אָן אַ זשאַרגאָן־ליטעראַטור אין פֿולסטן זין פֿון וואָרט", נאָר דער, וואָס האָט דערהויבן די יידישע ליטעראַטור צו דער מדריגה פֿון ווערן „אַן אמתער שפּיגל פֿון פֿאָלקס־לעבן".

אין מענדעלען שעצט ער דעם קינסטלערס טיפֿן איינבליק, „ד אָ ס זען, זען מיט די אויגן". מענדעלע האָט „זיך פֿאַרטיפֿט אין דעם גייסט פֿון יידישן לעבן", „אים האָט נישט אַזוי אינטערעסירט דאָס לעבן אַליין, ווי די „יידישקייט", וואָס געפֿינט זיך איין אין לעבן". און ווי אַ קריטיקער, וואָס זיין הויפּט־געדאַנק איז נאַציאָנאַלע קריטיק, שרייבט ער: „בשעת אַנדערע קינסטלער האָבן געוואָלט פֿאַרשטיין און מיטפֿילן די אויסערלעכע סיבות, וואָס ווירקן אויפֿן יידישן לעבן, האָט אבראַמאָוויטש מיט אַ טיפֿן קלאָרן בליק געזוכט „דאָס פּינטעלע ייד", דאָס, וואָס איז שווערער פֿון אַלץ צו כאַפּן; דאָס „פּינטעלע וואָס אונטערשיידט איין פֿאָלק פֿון אַ צווייטן". און וויטער: „דאָס פּינטעלע" פֿון איטלעך פֿאָלק, ווי אויך דאָס פּינטעלע ייד... באַשטייט פֿון טויזנט קלענערע פּינטעלעך..."

אַ סך טיפֿער ווי דערקלערן די ירושה און די סביבה אין מענדעלעס וועלט איז בעל־מחשבותעס אויספֿיר וועגן מענדעלעס אופֿן שרייבן, דעם פּועל יוצא פֿון דער דאָזיקער ירושה און סביבה.

ער באַשרייבט ווי אַזוי די גרעסטע צאָל משכילים אין יענעם דור האָבן „פֿאַמעלעך געקירעוועט דעם עולם". זיי האָבן „זיך נישט דערוועגט אים אַ שלעפּ צו טאָן ביי דער טשופּרינע. זיי האָבן זיך געשטיקט אין זייערע ענגע ד' אמות, דורכגענומען מיט פּחד. און בעל־מחשבות קומט צום אויספֿיר: מחמת דעם אַלעם, „האָבן זיי איז זיך געגראָבן און זיך געגראָבן און זיך פֿאַרטיפֿט אין דעם שכל פֿון איטלעך זעמדעלע, וואָס איז געלעגן אין זייער שטח". מחמת דעם האָבן זיי די נאָענטסטע סיבות אָנגענומען „פֿאַר די הויפּט־סיבות פֿון יידישן אָרעמען לעבן". זייערע

השגות האָבן געקלעקט בלויז אויף איין אויספּיר: דעם פאָלקס אָבער־גלויבן און אַלע אומגליקן נעמען זיך דערפון, „וואָס דאָס פאָלק איז דער־ווייטערט פון פראָסטן פשט אין דער תורה, און קען נישט דעם לשון פון תנ״ך. איז ווי נאָר יידן וועלן אַוועקוואַרפן אַלע אָבערגלויבענישן, פּטור ווערן פון באָרד און פאות, ריידן דאָס לשון המדינה, „וועט ממילא... צעקראָכן ווערן די שנאה אַקעגן זיי און עס וועט זיך אָנהייבן פאַר זיי אַ לעבן ווי אין גן עדן״. בעל־מחשבות האַלט די דאָזיקע משכילים פאַר אַ דור פּעדאַנטן. ער זאָגט עס נישט. אָבער מיר פאַרשטייען: דער־מיט דערקלערט ער מענדעלעס פּעדאַנטישקייט.

אויף אַ זייער אינטערעסאַנטן אופן דערקלערט ער אויך מענדעלעס שוואַכע אַרכיטעקטאָניק, ווי אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיקער ירושה און סביבה:

„דעם שוואַכן דור משכילים האָט געפעלט דאָס קעלבל, מיט וואָס ער זאָל זיך קענען פאַכן קעגן די טאַטעס, און דעריבער קענען מיר נישט פאַרלאַנגען פון אַבראַמאָוויטשן, וועלכער איז אויסגע־וואַקסן אין אַזאַ פאַרחלשטער סביבה, אַז ער זאָל אַרויס קעגן די סתירות פון יידישן לעבן מיט הויך קול און מיט אַ כוח פון אַ גבר, וואָס פילט זיך געהויבן דורך די (דער) אינעווייניקסטע(ר) קראַפט פון שטאַרקע נייע אידעאַלן. מיר קענען נישט פאַרלאַנגען פון אים אַז ער זאָל זיין אַ גוטער אַרכיטעקטאָר, בעת דאָס לעבן האָט אים איינגעשפּאַרט אין ד׳ אמות, און אַליין איז עס צעפאַלן פאַר אים אין טויזנטער קליינע חלקים״.

מענדעלעס נטיה צו באַשרייבן פּרטים דערקלערט ער אויף אַ נישט ווייניקער אינטערעסאַנטן אופן ווי ער האָט דערקלערט מענדעלעס שלעכ־טע אַרכיטעקטאָניק:

„נישט מיט די אויגן פון אַן אַסטראָנאָם, וואָס זיצט אויף אַ הויכן טורעם און האָט נאָר צו טאָן מיט גאַנצע וועלטן — האָט געקוקט אַבראַמאָוויטש אויף דאָס לעבן... ער איז געווען אַ קינד פון אַ דור, וואָס האָט אָנגעשוואָלן פון חשבון העיבור, פון אַסטראָ־נאָמיע, וואָס האָט געהאַלטן זייגער־מאַכעריי פאַר די (דער) איי־

דלסטע(ר) מלאכה און וואָס האָט גלײַכצײַטיק געהאַט די קורצזיכ־
טיקע ראיה פון אַ באָטאַניקער, וועלכער רײַסט אַרויס אַ קליין
גרעזל און האָט אײביק צו טאָן מיט פּיצעלעך, פּיצעלעך מיט עט־
לעבע לעבנסקעמערלעך. איטלעך פּיצעלע פאָרשט אַבראַמאָוויטש
אויס מיט אַ גענויאיקייט פון אַ משכיל, וועלכער האָט ליב דקדוק
און מאַטעמאַטיק, אָבער סוף כּל סוף זײַנען די פּיצלעך פאָרט נישט
צוזאַמענגעוואַקסן אין איין געביי. אום צו זען אין די האַלב־טונ־
קעלע נעכט דעם גאַנג פון גאַנצע וועלטן, מוז מען צום באָטאַני־
קער נאָך זײַן אַ שטיקל אַסטראָנאָם...״

איז נישט קיין וווּנדער, מיינט בעל־מחשבות, וואָס בײַ מענדעלען
האָט איטלעך פּיצעלע געקראָגן אַ „דאָפּלטע באַדײַטונג״. דאָס מוז געשען
מיט יעדן איינעם, וואָס באַטראַכט פּיצעלעך „מיט די אויגן פון אַ באָטאַ־
ניקער״, וואָס ווענדט דערבײַ אָן „מאַטעמאַטיק און דקדוק״ און ווײַזט
אויף דעם גאַנצן „מאַטעמאַטישן שכל״ דערפון. האָט דען „דער מאַטע־
מאַטישער שכל הישר״ נישט פאַרלאַנגט בײַ די משכּילים „אין איטלעכן
פּרט צו זען דעם כּלל?״ אָבער דאָס לעבן „האָט זיי געוויזן צו ווייניק
פּרטים, אַז זיי זאָלן קענען אַרויסקריגן דעם כּלל״. זייער בילדונג, מיינט
בעל־מחשבות, האָט זיי געגעבן אַלגעמיינע כּללים פאַרן לעבן, און דאָס
ענגע לעבן האָט זיי געצוווּנגען זיך צוצוקוקן בלויז צו פּרטים. „און די
סתירה צווישן די שטרעבונגען פון זייער השכּלה־פילאָסאָפיע און דעם
לעבן האָט געבראַכט דערצו, דאָס זיי זײַנען געבליבן קרח מכּאן וקרח
מכּאן: די פּרטים פון לעבן האָבן זיי נישט געקענט באַנעמען קלאָר און
דײַטלעך אָן דעם כּלל. דאָס געזעץ, פאַר וועלכן די פּרטים טוען זיך
בייגן, איז אַרויס בײַ זיי אַ געקינצלטער, אַ שטיק פּילפּול, אַן אויסגעמאַ־
טערטע סברה, וואָס האָט באַוויזן זייער חריפות, אָבער נישט די בקיאות
פון די לעבנס־פּרטים״.

אָט אין דעם אַלעם זעט ער דעם טעם פאַרוואָס מענדעלען האָט זיך
אײַנגעגעבן מאָלן איינצלנע געשטאַלטן, טיפּן, „פּרטים פון יידישן כּלל״.
אַפילו די געשטאַלט מענדעלע „איז געצייכנט געוואָרן פון אים מיט אומ־
קלאָרע ליניעס, האָט פערציק פּנימער און זעט אויס אַ בריה אָן ביינער.

ווי א מענטש ביי דער נאַכט פאַר דער לבנה". דערפאַר אָבער האָט זיך אים איינגעגעבן שילדערן דאָס לעבן ביי די יידישע מאַסן, פון יידישן כלל. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, וואָס מענדעלע האָט אונדז נישט געגעבן קיין גאַנצן ייִד זעט מען אָבער אין יעדן ברעקל „אַרויסשיינען די נשמה פון דער גאַנצער יידישקייט".

די מעלות און חסרונות ביי גרויסע טאַלאַנטן זיינען זייער חשוב אין בעל־מחשבותעס אויגן. זייער מקור ליגט אין פאָלק גופא. ביי די קינסטלער קומען זיי אַרויס שאַרפער און בולטער. די קינסטלער דריקן אויס דעם פאָלקס גייסט. און אויב מע דערקלייבט זיך צום מקור פון וואַנען עס נעמען זיך דעם קינסטלערס מעלות און חסרונות, דערקלייבט מען זיך ממילא צום פאָלקס נשמה, מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות.

בעל־מחשבות גראָבט זיך טיף אין דער ירושה און סביבה פון דער יידישער עדה. און דורך דער ירושה און סביבה דערקלערט ער מענדעלעס סאַטירע. בעסער געזאָגט: בעת ער דערקלערט מענדעלעס סאַטירע, גראָבט ער זיך אין דעם פאָלקס ירושה און סביבה. ער טוט עס, כדי צו פאַרשטיין דעם פאָלקס גייסט.

די סאַטירע — באַמערקט ריכטיק בעל־מחשבות — שטאַמט פון די סתירות אין יידישן לעבן. נישט נאָר דעם פאָלקס טראַגעדיע שפּיגלט אָפּ די סאַטירע, נאָר מען הערט אין איר אויך דעם פאָלקס טיפן יאוש.

אויך ווען ער וויל דערקלערן מענדעלעס צוויי געפילן — פאַראַכטונג און רחמנות — זוכט ער דעם מקור פון די דאָזיקע געפילן. ער געפינט זיי ווידער אין דער ירושה און אין דער סביבה, אין יידישן פאָלקסלעבן, אין יידישער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע. און אויף אַ זייער אינטערעסאַנטן אופן דערקלערט ער דעם פאָלקס־גשמיותדיקע לעבן. ער געפינט עס אין „בוך פון פאַראַכטונג" — אין „פישקע דער קרומער". דאָס גייסטיקע לעבן געפינט ער אינעם „בוך פון רחמנות" — אין „ווינטשפינגערל".

וואָס פאַר אַן אייגנשאַפט ער זאָל נישט אָנרירן אין מענדעלעס קונסט, קומט ער שטענדיק צום מקור. ער געפינט עס איז פאָלקסלעבן. און וואָס פאַר אַן אייגנשאַפטן ער וויל דערקלערן אין פרצעס קונסט, זוכט ער עס אויך דערקלערן ווי אַ פועל יוצא פון ירושה און סביבה. אגב — אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן פרצן איז ער נישט אַזוי טיף און

אויספירלעך ווי ער איז עס אין זײַנע אַרבעטן וועגן מענדעלען און שלום־עליכמען.

ווען בעל־מחשבות טײַטשט די סיבות פאַרוואָס עס נעמט זיך בײַ שלום־עליכמען אַ מנחם־מענדל, אַ טביה, — פאַרטיפט ער זיך, ווי מיר קענען שוין דערוואַרטן, אין פאָלקס לעבן און אין פאָלקס פסיכיק. נאָכדעם ווי ער דערקלערט יעדן סימבאָל באַזונדער — דעם מנחם־מענדל און דעם טביה־סימבאָל — גייט ער איבער צו טײַטשן די סיבות. זיי האָבן דאָך געשאַפן אַזעלכע סימבאָלן. און ער דערלאַנגט צו די מקורות אין ייִדישן לעבן און ייִדישער פסיכיק. ער ווײַזט אונדז די וואָרצלען אין דעם מאָדערנעם ייִדישן הײַנט און דעם ייִדישן לעבן. זיי קלאַמערן זיך מיט די לעצטע כוחות אין די אַלטע מנהגים. וואָרן מנחם־מענדל איז בײַ אים „דאָס מאָדערנע גאַסן־ייִדנטום", בעת טביה דער מילכיקער איז בײַ אים „דאָס קאָנסערוואַטיווע ייִדנטום". זיי זײַנען די צוויי כוחות אין דער ייִדישער מאַסע: „איינער (מנחם־מענדל) איז דער אימפּעט, דער אַנדערער (טביה) איז די פאַרגליווערטע רו".

אָבער נישט בלויז אין דעם איפּאָליט טעניישן מעטאָד ליגט בעל־מחשבותעס תוכן, זײַן נאַציאָנאַלע קריטיק. ווען ער וואָלט זיך באַנוצט בלויז מיט די יסודות — ראַסע, סביבה און פּערזענלעכקייט — וואָלט עס געווען נישט מער ווי טענס וויסנשאַפטלעכער קולטור־היסטאָרישער מעטאָד. אָבער בעל־מחשבות איז געווען אַ מידער איבערגאַנגס־מענטש, צום טייל אַן אימפּרעסיאָניסט. ער איז געווען אַ יאושדיקער, אַ טשעכאָווישער אימפּרעסיאָניסט. האָט ער צוגעקראָגן פרישע בלוטן דורכן ציוניזם. דער דאָזיקער נײַער כוח איז געווען נישט נאָר די גאַראַנטיע פאַרן פאָלקס תחיה, נאָר אויך דער תמצית אין זײַן אייגן לעבן. ער האָט זיך פסיכיש געשטאַרקט, ער האָט זיך אַליין סטימולירט מיט דער נײַער אידעע, מיט דעם נײַעם חלום. ציוניזם איז בײַ אים געווען מער אַ פּסיכישער, אַן עמאָציאָנעלער ענין ווי אַ פּאָליטישער. איז אויך אין דער קריטיק האָט ער געזוכט דעם זעלביקן נײַעם באָדן אונטער די פיס, וואָס ער האָט געפונען אינעם תחיה־געדאַנק. אָט־דער דאָזיקער עלעמענט, מיט די קולטור־געשיכטלעכע יסודות — דאָס האָט אויסגעזען אין זײַנע אויגן ווי נאַציאָנאַלע קריטיק. איז דאָס אַ קונסט־קריטיק צי קולטור־אידעיִשע באַפאַר־

בונג? וועגן דעם האָט נישט געקענט טראַכטן אַ קריטיקער וואָס האָט געזוכט קודם כל דעם ווערקס סיבות. אים האָט ווייניקער אינטערעסירט דער אַריסטאָטעלישער מעטאָד — פונאַנדערגעמען דאָס ווערק גופא, ווי אַ קונסט־ווערק, אין טערמינען פון עסטעטיק.

בעל־מחשבותעס נאַציאָנאַלע קריטיק ליגט נישט דעריבער בלויז אין „ירושה, סביבה און מאָמענט", נאָר אויך אין זײַן פּובליציסטישן צוגאַנג, אין זײַנע פּובליציסטישע אויספירן, וואָס דאָס ווערק רופט אין אים אַרויס.

מענדעלע, למשל, איז בײַ אים דער גרעסטער טאַלאַנט פון דער השכלה־צײַט. און מענדעלעס גרעסטער פאַרדינסט, ווי שוין דערמאָנט, שטעקט אין זײַן דערגראָבן זיך צום „פינטעלע ייִד", וואָס באַשטייט פון אַן אַ שיעור פינטעלעך און פינטעלעך, „די טיפסטע וואָרצלען פון דער ייִדישע נשמה". איז טאַקע די, וואָס ווילן „אַרײַנדרינגען ביז צו די אַלטע וואָרצלען פון דער ייִדישער געטאָ־נשמה, וועלכע האָבן נאָך הײַנט אַ גרויסע ווירקונג אויף דאָס (דעם) לעבן פון ייִדישן פאָלק, און זוכן דעם קינסטלער, וועלכער האָט דאָס מיט זײַן פּאָעטישן בליק געזען און געמאָלט מוזן זיי זיך ווענדן צו ש. י. אַבראַמאָוויטש, ווי צום איינציקן, וואָס האָט טיפער פון זיי געכאַפּט דאָס פינטעלע ייִד, די טיפסטע וואָרצלען פון דער ייִדישער נשמה". אָבער די וואָס טענהן — אַז מענדעלע איז שוין פאַרעלטערט, „ווײַל ער שילדערט אַ וועלט, וואָס איז שוין אונטערגעגאַנגען, שילדערט אונדז אַ ן ע ד ה י י ד ן, אַן אומאָרגאַניזירטע מאַסע פון קבצנים, אַ פאָלק פון בעטלערס, וואָס לעבן מיט אַן עבר און ווייסן נישט פון קיין צוקונפט, בקיצור די פאַרצײַטיקע טויטע ייִדישקייט, — די וואָס טענהן דאָס, זײַנען גערעכט נאָר אַזוי ווײַט כל זמן זיי זוכן דעם קינסטלער, וועלכער זאָל זיך קאָנען דערהייבן צו אַ נאַציאָנאַלער אויפפאַסונג, צו נאַציאָנאַלע אידעאַלן" (אונטערגעשטראָכן פון מיר — נ. ב. מ.).

זײַן ציוניסטיש באַוווסטזײַן טראָגט בעל־מחשבות אַרײַן כמעט אין זײַן יעדער קריטישער אָפּהאַנדלונג, אויב ער באַרירט נאָר דאָרטן ירושה און סביבה.

אין זײַן עסיי וועגן שלום־עליכמען שמעלט ער זיך אָפּ אויף דעם

סאָציאַלן מאָמענט אין די טיפּן מנחם־מענדל און טביה. אין זייער שייַ־כות צום סאָציאַלן לעבן טרעפן זיך צוזאַמען די צוויי פאַרשוינען, די צוויי סימבאָלן, וואָס זיינען ווייַט איינער פון דעם אַנדערן כרחוק מזרח ממערב. „מנחם־מענדל, ווי טביה דער מילכיקער, זייַנען זיי, ווי באַ־קאַנט, ייִדן, וואָס לעבן אין גלות און האָבן אויסצושטיין אויף זיך אַ טאָפּלטן דרוק: דעם דרוק פון די רעגירנדע קלאַסן און די ספּעציעלע ייִדישע גזירות". די מנחם־מענדלס און די סביבה נעמען דאָס אָן ווי נאַטור־געזעצן, ווי אַ גזר מן השמים, קעגן דעם קען מען זיך גאָרניט ווערן. זיי קענען ניט חלומען וועגן עפּעס בעסערס, דורך אַ שאַרפן שינוי. „זי (די מאַסע) לעבט ווי אַ וואָרעם, וואָס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אין אַ דאַך־רינע און איז דערנאָך אַרונטערגעפאַלן פון דאַך אין אַ נאַסן רינ־שטאָק." אין דער דאַך־רינע האָט זי אַנדערש געלעבט און דאָ, אינעם רינשטאָק, פּאַסט זי זיך צו צום נייַעם לעבן.

„דאָס מאַסן־לעבן — שרייַבט בעל־מחשבות ווייַטער — ווי דאָס שילדערט אונדז שלום־עליכם, שטויסט אָפּ פון זיך איטלעכן געזונטן מענטשן. די טביהס לעבן מיט אַ טויטער פאַרגאַנגענהייט. די מנחם־מענדלס — ווי די ווערעם, וואָס לעבן מיט דער רגע. און ווי די ווערעם זיינען די מנחם־מענדלס נישט פאַראייניקט אפילו צווישן זיך. עס דרייט זיך אַ קנויל פון ווערעם, אָבער איטלעכער זוכט איבערן רוקן פון אַנדערן צוצוקריכן צו דעם ביסל נאַרונג, וואָס קלעקט קוים פאַר איינעם. אָפּגעשטאָרבן אַלע כללישע געפילן, עס גייט אַ בלינדער קאַמף און קיינער דערלעבט ניט קיין נצחון". און ער ענדיקט אַ ווייַטערדיקן פּאַראַגראַף מיט די ווערטער: „אויב די ייִדישע מאַסע באַשטייט פון מנחם־מענדלען און טביה דעם מילכיקער — טאָ אויף וואָס קאָנען מיר שוין האָפן?"

אין זייַנע אויספירלעכע אָפּשאַצונגען קומען אומעטום פּובליציס־טיש־געזעלשאַפטלעכע באַטראַכטונגען. זיי באַטאָנען דעם חורבן און די טויטע אַלטע וועלט. און אָפט ווערט אָפּן אַרויסגעזאָגט אָדער דורך רמזים אָנגעוווּנקען דער תחיה־געדאַנק. אָט אין דער באַטאָנונג, בעסער געזאָגט, אין דער דאָזיקער אַטמאָספערע און אין דעם דאָזיקן ליכט ווער־

רן געהאַלטן די אויספירן. אָבער ער דרינגט זיי אַרויס פון זײַן קולטור־היסטאָרישן צוזאַמענהאַנג אין דער קריטיק. דאָס, אייגנטלעך, האָט ער אָנגערופן נאַציאָנאַלע קריטיק. און דאָס האָט געשטימט מיט זײַנע אויסער־געוויינלעכע אינטערעסאַנטע און סטימולירנדיקע שטודיעס.

## אימפּרעסיאָניזם, סענטענצן און אַנאַליז

אין בעל־מחשבותעס קריטיק איז דער תוך טאַקע די נאַציאָנאַלע קריטיק, ווי ער רופט זי אָן. בעת אָבער ער דערקלערט די דאָזיקע קריטיק, רירט ער אָן ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט פאָרם און עסטעטישע ווערטן. און ער רירט זיי אָן אויף אַ זייער אינטערעסאַנטן אופן. זײַן קלאָר טראַכטן וועגן דעם קולטור־היסטאָרישן באַטייט פון דער ליטעראַטור פירט אים, „דעם ליטוואַק", צו לאָגישע, סיסטעמאַטישע אויסטײַטשונגען. אָבער זײַן אופן טײַטשן איז אַ בילדערלעכער, אַ בעלעטריסטישער, אַ באַריידעוודיקער. דאָס פירט אים אָפט צו שרײַבן אימפּרעסיאָניסטיש.

זײַן עסיי וועגן אברהם מאַפּו איז אינגאַנצן אײַנגעטונקען אין ליריק. אפילו — דאָס קאַפּיטל, וווּ ער באַשרײַבט מאַפּו'ס נאָענטסטע סביבה. „און ער האָט געבלאָנדזשעט צווישן זיי (קראָם, מאַרק און בית המדרש), ווי אַן אָפּגעריסענער קלאַנג פון אַ ווײַטער מעלאָדיע, ווי אַ ליד איבערן פּוסטן פעלד".

דער לירישער אונטערשטראָם איז געווען אַ מידער, אַ סקעפּטישער. געלעבט האָט אין בעל־מחשבותן, די אייראָפּעיִשע „לירישע גײַסט־רײַכקייט". זי איז אָפט אַרויפגעשווומען אין רגעם פון סתם באַגײַסטערונג, אָדער גרויסער זעלישער נאָענטקייט צום אָביעקט, וואָס ער האָט באַשריבן. אין אַזעלכע „לירישע" מאָמענטן האָט זײַן שיין־שרײַבן באַקומען אינגאַנצן אַ פּאָעטישן אויסזען. דאָ האָט ער פאַרלאָרן דאָס גלײַכגעוויכט פון זײַן שכל־הישר. אַזאַ פאַל איז זײַן ארבעט וועגן ז. שניאורן (אין 4טן באַנד). און הגם מע פאַרשטייט געננוי, וואָס ער וויל אַרויסברענגען וועגן שניאורן, טרעפט מען אין יענער אָפּהאַנדלונג אַזעלכע פּאָעטערייען:

„ווען די וואָלקנס אויפן הימל, וואָס פליסן און צעפליסן, וואָס קומען זיך צונויף און צעשיידן זיך באַלד, וואָס פילן אָפּט דעם טאַנץ פון די בליצן, וועלכע באַרירן אין זייער טאַנץ דעם צע־פּלאָסענעם זוים פון זייער לופטיקן גוף, וואָס קריכן און ווערן צע־קראָכן, וואָס ווערן טיוואָלאַניש געטראָגן פון דעם שטורעמווינט און ווערן דערביי צעריסן אין איינצלנע אַטאָמען, וואָס וואַרעמען זיך פויל ביי די שטראַלן פון אַן אונטערגייענדיקער זון און באַ־געגענען מיט אַזאַ שטילער מהיהדיקער פרישקייט די ערשטע שטראַלן פון מאָרגן — ווען די דאָזיקע וואָלקן וואָלטן מיטאַמאָל באַקומען לשון, — ווער ווייסט, וואָס פאַרא וווּנדערלעכע פּאָעזיע דאָס וואָלט געווען".

דאָס, וואָס ער האָט באמת געוואָלט דערקלערן, האָט ער געזאָגט אין ווייניקער ווערטער אין אַ ווײַטערדיקן פּאַראַגראַף: „טייליוויַז האָט שוין די וואָלקן־נשמה באַקומען אַ שפּראַך. דער רוסישער אַנטאָן טשע־כאָוו, דער פראַנצויז פאָל ווערלען זיינען די בעסטע ראיה דערפאַר".

אַזעלכע אימפּרעסיאָניסטישע שווענדערישע פּאָעטרייען, געפינט מען ביי אים לרוב:

„זיין פּאָעטישע פאַנטאַזיע איז אַ מעכטיקער וואַסערפאַל, וואָס טראָגט זיך פאַר אונדזערע בליקן מיט אַ ווילדן כוח, און דער־ביי איז יעדער טראָפּן פון דעם דאָזיקן וואַסערפאַל אַ שעמערירנדי־קער פּערל, האַרט און קאַנטיק, כאָטש אָנצוטאַפּן מיט די הענט".

אָדער:

„די געזונטע, הייסע עראָטיק, געזונט און הייס, ווי די גע־פילן פון אַ חיה, דרינגט דורך דעם פּאָעטישן וואַסערפאַל מיט גליִענדיקן פייער, און דער נערוועזער יוגנטלעך־אומגעדולדיקער קאַפּריזנער ריטם פון דעם דאָזיקן וואַסערפאַל נעמט צו פון אים די לאַנגווײַלע פון די געוויינלעכע וואַסערפאַלן, וואָס קלאַפּט אָפּ שטענדיק איין־איינציקע נודנע מעלאָדיע".

אמת, זיי ווירקן ניט אַזוי אָפּשטויסנדיק ווי די אומגעצוימטע אימ־פּרעסיאָניזמען ביי אַנדערע קריטיקער. אפשר איז עס מחמת דעם אַליין,

וואָס אַרום די דאָזיקע „אימפּרעסיאָניזמען" פילט מען ווי דער שרייַ־בער וויל זייַן מיושבדיק, הגם „פּאָעטיש". דאָך שאַפט זיך אַ געפיל — בעל־מחשבות איז ניט אינגאַנצן שטאַנדהאַפטיק, סטאַלירט. מע בלייַבט אונטערן אייַנדרוק: ער ווערט פאַרכאַפּט פון שטימונגען, קאַפּריזן און „גייַסטרייַכקייטן". דאָס זעט מען אין זייַנע אַרבעטן וועגן ביאַליקן, איינהאָרענען, שטיקער וועגן אַשן. זיי גייען אַריבער די גרענעצן פון „בילדלעכן דענקען", ווי ש. ניגער רופט עס אָן.

זייַן אימפּרעסיאָניזם ווערט אָבער געצאַמט דורך זייַן שפּראַך — פּליסן און טאָן. ער האָט זיך שטענדיק באַמיט שרייַבן אייַנגעהאַלטן, לאַנגזאַם. די מידקייט אין זייַן שפּראַך איז געווען אַ מין טרויעריקע מידקייט. אָבער זי האָט צוגעגעבן חשיבות זייַן ערנסטן טאָן. און דער ערנסט אין דעם טאָן איז געווען שווערמוטיק. ער האָט זיך ניט געצירט אין פינקלדיקע פּליטערלעך. בעל־מחשבות האָט זי געהאַלטן על פּי רוב אין דער מדריגה פון אַ פאָלקסשפּראַך. זי איז געווען לומדיש פאָלקס־טימלעך. אין דעם זינען איז ניגער גערעכט, ווען ער זאָגט: בעל־מח־שבותעס שפּראַך איז געווען פאָלקסטימלעך ווי מענדעלעס און שלום־עליכמס. און אַזוי איז עס טאַקע, ניט געקוקט אויף די דייַטשמעריזמען, וואָס האָבן זיך ביי אים אַרייַנגעכאַפּט. מע דאַרף אויך געדענקען: בעל־מחשבותן איז אָנגעקומען גאָר ניט גרינג איבערצושמידן זייַן רוסיש און דייַטש אויף ייִדיש. ער האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות האַלטן זייַן לשון ריין, ציכטיק, געסדרט. און דער געלאַסענער ריטם און טרויער האָבן צוגעגעבן חשיבות דער שפּראַך און דעם שרייַבער גופא. דעריבער האָט מען בשעתו ניט אַזוי שטאַרק באַמערקט זייַן ניט־באַלאַנסירטן אימפּרעסיאָניזם.

אָבער צוזאַמען מיט זייַן אימפּרעסיאָניזם, מיט די אויסברענגע־רייען האָט ער אַ סך אינטערעסאַנטע און וויכטיקע געדאַנקען אַרויסגע־זאָגט אין אַ געפּרעסטער פאָרם. און עס איז כדאַי אָנצוווייַזן אויף זיי:

„און דער קינפטיקער היסטאָריקער פון דער ייִדישער מאַ־סע אין רוסלאַנד וועט זיך ניט געגוג קענען אָפּדאַנקען פאַר די זייַטן אין „פּישקען", ווו אַבראַמאָוויטש מאָלט אונדז מיט אַן עפּי־

שער רויקייט פון אַ סאַטירישן האַמער דעם הקדש, די באָד און די יידישע קרעטשמע" (ב. 1, ז. 59).

„שלום-עליכם דער הומאָריסט, קאַריקאַטוריסט און צוגלייך דער ריינסטער נאַטוראַליסט" (ב. 1, ז. 104).

„לאַכט פון ראָמאַנטיק, פאַרגעסט אָבער ניט, אַז נאָר אַדאַנק דער היינטיקער ראָמאַנטיק הערן מיר זיך אויף צו פילן אַלס צי־ גיינער אָן אַ פאַרגאַנגענהייט, אָן אַ גזע". (דאָרט, ז. 240).

„איטלעכע פּאָעזיע האָט צו טאָן מיט צוויי הויפּט געפילן אין זייערע פאַרשיידענע מדרגות: מיט אַלערליי מדרגות פון דעם אחדות געפיל און דעם איינזאַמקייט-געפיל". (דאָרט, ז. 242).

„און איטלעכעס מאָל, ווען מיר ווילן אַרויסרופן אין אונדזער נשמה אַ בילד פון אַ גאַנצן פאָלקסלעבן מיט אַ ריי פון טיפע פאָ־ עטישע געפילן, וועלכע נעמען אַרום אַלעמען פון גרויס ביז קליין — מוזן מיר זיך אומקערן צו דער אַלטער פרומצייטיקער וועלט, וועלכע האָט געהאַט אַ ס ט י ל, אַ פ אָ ר ם און אַ טיפן בריי־ טן אינהאַלט". (דאָרט, ז. 144).

„ביאַליקס פּאָעזיע איז די העכסטע ליריק, וואָס וויל אָ ב־ י ע ק ט י וו אויסדריקן ניט נאָר דאָס ס ו ב י ע ק ט י וו ע ליידן, נאָר די ליידן און קוואַלן פון אַ גאַנץ פאָלק, וואָס איז צוגלייך זיין פאָלק". (ב. 4. ז. 58).

„איטלעכער פּאָעט, אַפילו דער ווייניק-באַגאַבטער, פאַרמט און העלפט ווייטער שאַפן די שפּראַך, וואָס איז אים געקומען בירושה. דער גרויסער פּאָעט אָבער גיט דעם שאַפונגס-פּראָצעס פון דער שפּראַך אַמאָל אַזאַ גוואַלדיקן שטויס, אַז אין אַ קורצער צייט פון עטלעכע דורות ווערט זי נישט צו דערקענען, מחמת דער נייער רייכקייט, די נייע אוצרות, וואָס זיינען איר צוגעקו־ מען". (דאָרט, ז. 63).

„די שפּראַך פון יעדן קיבוץ איז דאָס דינסטע לעצטע הייטל פון זיין נשמה". (ב. 3, ז. 36).

ווי מיר זעען האָט ער ניט שטענדיק געדאַרפט אָנקומען צו אימ־

פּרעסיאָניסטישע פּאָעטערייען. אמת, מען מוז צוגעבן, זײַן אויסברענ־גערישער אימפּרעסיאָניזם איז געווען דער עקסטרעם לגבי זײַן לירישן געמיט. אין אַ מעסיקער פאָרם האָט עס גראָד צוגעגעבן פײַנעם קאָלאָ־ריט און טאָן צו זײַן זייער וויכטיקער קריטיק. אין די דאָזיקע עטלעכע געבראָכטע סענטענצן זעט מען דעם היפּך לגבי זײַן „פרײַען" אימ־פּרעסיאָניזם — אַ געפּרעסטן סטיל און אַ פּינקטלעכן אופן טראַכטן.

אָבער דאָס ווערטפּולע, און באמת דאָס מערקווירדיקסטע, בײַ אַזאַ שטימונגספולן קריטיקער אין אַזאַ אימפּרעסיאָניסטישער אומבאַשטימ־טער עפּאָכע, איז זײַן אַרכיטעקטאָניק, אַנאַליז הסברה. אין זײַן הסברה דינט זײַן בילדערישער סטיל, ווי דער לעבעדיקער אָטעם אין אַ שיי־נער מחשבה.

עס איז אמת ש. ניגערס באַמערקונג: בעל־מחשבות שרײַבט „אָן אַ סדר", „וועגן אַ סכעמע איז נישטאָ גאָר וואָס צו ריידן". ער גיט אָבער צו: אין בעל־מחשבותעס יעדן מאמר איז „פאַראַן עפּעס אַ גאַנצ־קייט". דאָס פילט מען ווען מע פאַרטיפט זיך אין בעל־מחשבותעס גרע־סערע אָפּהאַנדלונגען. דאַרטן זעט מען, ער איז צו די באַרירטע ענינים ניט צוגעגאַנגען לײַכט. ער האָט זיי גוט דורכגעשטודירט, זיך דורכגע־דרונגען מיט זיי, געלעבט מיט זיי, ביז זיי זיינען ממש געוואָרן שטי־קער פון זײַן אייגן לעבן און געמיט. אין אָט־די אָפּהאַנדלונגען פעלט די אימפּרעסיאָניסטישע שווענדעריי. אין יענע אָפּהאַנדלונגען איז דאָ אַ טיפער ערנסט, אַפילו ווען עס לויפט דורך אַמאָל דורך די שור־רות אַ מידער שמייכל. מחמת דעם דאָזיקן ערנסט און מחמת דער פול־סטער קרובהשאַפט מיט די עצם ענינים, וואָס ווערן דאַרטן באַהאַנדלט, איז זײַן אַנאַליז אַ טיפער. ער גייט מיט אַ סדר, וויקלט פאַנאַנדער זײַנע דערקלערונגען בהדרגה. ער שאַפט יענעם גענוס, וואָס מען האָט פון ריינער אָרדענונג. צוגלײַך מיטן אַנאַליז קומט־אויף בײַ אים אַ געבוי, אַרכיטעקטאָניש געוווּיגן און געמאָסטן.

זײַן קינסטלערישע אַטמאָספערע, זײַן ליריזם, פילט זיך אומעטום. דעריבער אָטעמט זײַן אַנאַליז און זײַן אַרכיטעקטאָניק צוגלײַך מיט טיפן ערנסט און מיט טיפן לעבעדיקן געמיט. און דאָס גיט־צו אַ סך שיינקייט און שטימונג.

די וואונדערלעכסטע שטודיע זײַנע איז זײַן מענדעלע־עסיי. אויך זײַן שלום־עליכם־עסיי האָט אין זיך דעם זעלביקן צוימער ווי זײַן מענ־דעלע־עסיי. זײַן אויסרעכענען מענדעלעס חסרונות האָט אַ באַשטימטן סדר. ער אַנאַליזירט יעדן חיסרון, דערלאַנגט איטלעך מאָל צום מקור, צו דער טיפער פּאָלקס־פּסיכאָלאָגיע. פון דאָרטן שטאַמט דאָך דעם פּאָלקס און אויך מענדעלעס טבע. דאָס אַלץ שאַפט דעם אײַנדרוק, מע שטייט דאָ פאַר אַ פײַנעם אויסגעבויטן בנין. און עס איז ניט וויכטיק צי מע איז מסכים מיט זײַנע מחשבות צי ניט.

עס איז נייטיק אויך באַטאָנען, אין זײַן אַנאַליז איז ניט וויכטיק בלויז די הסברה אַליין, הגם דאָס איז זײַן הויפּט־כוח. בעל־מחשבות צייכנט זיך זייער אָפּט אוים מיט זײַן פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז. ער טײַטשט די פּסיכאָלאָגיע פון דער טעמאַטיק, ער טײַטשט די סיבות, למשל, פאַר־וואָס מענדעלעווירקט אויף אונדז א. א. וו. מיר מיינען דאָ באַטאָנען ניט בלויז זײַן אַנאַליז, נאָר דאָס טיפע באַוווסטזיניקע אַנאַליזירן זאַכן סיסטעמאַטיש, אַרכיטעקטאָניש. דאָסדאָזיקע באַוווסטזײַן — דאָס איז דאָס העכסטע און ווערטפולסטע, וואָס בעל־מחשבות האָט אונדז אי־בערגעלאָזן בירושה.

עס איז געניג אָנווײַזן אויף דעם לאָגישן סדר, וואָס ער פירט דורך אין זײַן עסיי „די לעצטע ליטעראַרישע עפּאָכע". און מיר מיינען דאָ ניט בלויז די סכעמע, נאָר דאָס בפירושע פאַנאַנדערוויקלען יעדן געדאַנק און אים באַהעפטן מיטן צווייטן. מיר מיינען — דאָס ווײַזן ווי אַזוי סי־בות ווירקן און וואָס קומט אַרויס פון דידאָזיקע ווירקנדיקע סיבות. און די אויסטײַטשונגען זיינען זייער אינטערעסאַנטע. אַפילו איצט, ווען אַ סך געדאַנקען זײַנע לעבן שוין אינעם אַלגעמיינעם געברויך, זיינען זיי נאָך אַלץ אַנטפּלעקעריש און רופן אַרויס באַוווּנדערונג. דאָס דערקלערערישע, בעסער געזאָגט, דאָס קייטלען די דערקלערערישע עלעמענטן, דאָס סדרדיקע אַנטוויקלען די הויפּט־טעמע, און אַפילו די סכעמע אַליין — זיי ווען אונדז ווײַזן ווי שכלדיק, פול מיט אָרדענונג און אַרכיטעקטאָניק עס איז געבויט זײַן ווערק. און דאָס אַלץ מחמת דעם סיסטעמאַטישן אַנאַליז.

פריִער וויקלט ער פאַר אונדז פאַנאַנדער די גאַנצע פּראָבלעם שייך

דער כלל־ישראל ליטעראַטור, וואָס דער עלטערער דור האָט פאַרפלאַנצט און קולטיווירט. נאָכדעם — די ליטעראַטור פון דער יידישער דיפע־רענצירטער פערזענלעכקייט, וואָס דער נייער דור שרייבער האָט גע־בראַכט מיט זיך. דער מעטאָד איז דאָ, פאַרשטייט זיך, דער קולטור־היס־טאָרישער, אָדער, ווי דאָס וואָלט געווען אויף זיין לשון — דער מעטאָד פון דער נאַציאָנאַלער קריטיק. די געדאַנקען זיינען אויסערגעוויינלעך גייסטרייך. ניט איינמאָל בליצן־אויף אַזעלכע טיף־מיינענדיקע באַמער־קונגען, ווי דאָס, וואָס דעם גאַנצן דור השכלה־שרייבער האָט ווייניק־וואָס אינטערעסירט דער עבר. זיי זיינען געווען פאַרנומען בלויז מיט זייער הווה און דעריבער זיינען זיי געווען ראַציאָנאַליסטן. אָדער: — „זיי האָבן ניט איינגעזען, אַז אין זייער פערזאָן הייבט זיך אָן אַ ביאָלאָ־גישער פּראָצעס, ווי ביי יעדן פּאַטריאַרכאַלן פאָלק, וואָס טיילט אויס פון זיך די קריטיש־דענקענדיקע פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ק יי ט". אָדער — „אין זייער ליידן (געמיינט האָט ער די עלטערע פאַרביטערטע שרייבער, וואָס האָבן סאַטיריזירט און איראָניזירט דאָס יידישע לעבן — מענדע־לע, שלום־עליכם, און טיילוויז פרץ — נ. ב. מ.) איז געווען אַ סך פער־זענלעכער עגאָיזם; ס'האָט זיי געפעלט יענע העכערע באַוווסטזיניקייט, וואָס פאַראיידלט אַזוי דעם שמאַרץ און הייבט עס אויף צו דער מדרגה פון אַ היסטאָרישן כלל־וויייטיק".

נאָכדעם ווי ער ווייזט דעם חילוק צווישן עלטערן און יינגערן דור שרייבער, באַטראַכט ער די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספערע, וואָס האָט זיך געשאַפן אַדאַנק די אידעען סאָציאַליזם און ציוניזם, די זעלבסטשטע־קייט פון דער יידישער געזעלשאַפט, „דעם ווילן צו לעבן און איבער־אַנדערשן די אַלטע פאָרמען, צו שאַפן נייע צילן פאַר דער צוקונפט". און מחמת דעם ווערט רייכער און סענסיטיווער זיין גייסט.

שפּעטער ווייזט ער אונדז די אידעען־אַטמאָספערע און די נייע קאָמ־פּליצירטע תנאים. זיי זיינען צוגעקומען צוזאַמען מיט די היסטאָרישע פאַר־ענדערונגען אין יידישן לעבן, ד. ה., „דער מאַטעריעלער און סאָציאַלער דרוק." ער שילדערט פאַר אונדז די נייע שלימזלניקעס — דעם עמי־גראַנט און דעם עקסטערן. פון זיי דאַרף קומען די באַפרייטע יידישע פערזענלעכקייט. דאָס פרייערדיקע לעבן, וואָס די קלאַסיקער האָבן פאַר־

האָסט, זעט גאָר אויס אין זייערע אויגן ווי אַן אידיליע. מע הייבט עס טאַקע אָן אַרומוועבן מיט אַ ראָמאַנטישער שיין. בעת דער פריִערדיקער דור שרײַבער האָט געזען אין די אַלטע לעבנספאָרמען „אַ רעאַקציאָנע־רע נאָר אַ לעבעדיקע קראַפט,״ זעט שוין דער נײַער שרײַבער „אין די ייִדישע לעבנספאָרמען קיין לעבעדיקע כוחות״. ער זעט ווי אַלץ שטאַרבט אָפּ. ער רינגלט זיי אַרום „מיט דער וואַרעמקייט פון מיטלייד און מיט דער טרוימעריי פון אַ ראָמאַנטישער ליבע״. און פונקט ווי דער דאָזיקער נײַער דור האָט געזען, ווי אַזוי „דער צעפאַלנדיקער ייִדי־שער אָרגאַניזם האָט זיך אַטאָמיזירט״, אַזוי האָט ער זיך דער־פילט איינזאַם ווי „אַן איינצלנער פאָדעם אין צעפאַלענעם געוועב״.

דאָס קאָמפּליצירטע, פאַרפּלאָנטערטע ייִדישע לעבן האָט אַרויס־גערופן פאַרשיידענע נײַע ליטעראַרישע פאָרמען. בעל־מחשבות שילדערט זײַנע אינטערעסאַנטע געדאַנקען מכוח די דאָזיקע פאָרמען. ער בויט דערבײַ די ווענט, וואָס ער שטעלט אויף די פריער־דערמאָנטע יסודות: ער באַטראַכט די לירישע פּאָעזיע, די קליינע נאָוועלע (וואָס איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר דער אַטאָמיזירטער פערזענלעכקייט), די מיניאַטור, די דראַמאַטישע קונסט, די „עסטעטישע קריטיק״ (וואָס אין אַ ווײַטערדיקן אָרט רופט ער עס אָן — די קינסטלערישע קריטיק), די „סטילמעסיקע פּובליציסטיק״.

ער באַטראַכט דאָס אַלץ אין אַ געהעריקן סדר. ווײַזט ער אָן דער־בײַ, ווי די זעלביקע סיבות האָבן אַרויסגערופן צום לעבן: דעם פּראָפע־סיאָנעלן ליטעראַט, קאָלעקטיווע מעצענאַטן, און „די געטין פון רום״.

ווײַטער אַנטוויקלט ער פאַר אונדז, אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן, די גאַנצע שטימונגען און ריכטונגען: דעם טיפּן ראָמאַנטיזם (אַ ספּעצי־פיש ייִדישער ראָמאַנטיזם; ניט נאָר עבר־ראָמאַנטיק, נאָר אויך צוקונפט־ראָמאַנטיק, ווי דאָס איז געווען די נײַע באַציִונג צום חסידיזם), די רעאַ־ליסטישע און די „גראָב־נאַטוראַליסטישע״ דיכטונג, דער פּסיכאָלאָגי־שער אַנאַליז, דער סימבאָליזם.

אויך אויסטײַטשונג וועגן די נײַע קינסטלערישע יסודות באַטראַכט ער אין אַ סדר: ריטמישע פערזן, פּייזאַזש, באַציִונג צו שטוביקע בהמות. און איבער דעם אַלעם בויט ער דעם דאַך, כדי צו פאַרענדיקן דעם

גאנצן בנין. ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם שפּראַכן־קאַמף. ער ווײַזט ווי אזוי עס האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין ספּעציפישע באַדינגונגען, פאַר און נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע.

מחמת דעם סיסטעמאַטישן אַנאַליז, איז די דאָזיקע פּרעכטיקע אַרביטעקטאָניק ניכר אין זײַנע אַרבעטן איבער מענדעלע, שלום־עליכמען, אין דער אַרבעט „מעמואַרן־ליטעראַטור"; אויך אין די אָפּהאַנדלונגען: דער יידישער טעאַטער, צו דער יידישער טעאַטער־פראַגע, און די „דרײַ שטעטלעך".

בעל־מחשבותעס פאַרדינסטן זיינען באמת גרויסע. באַזונדערס — ווען מען נעמט אין באַטראַכט די טראַגישע בין־השמשות צײַט ווען ער האָט זיך אויסגעפורעמט ווי קינסטלער און קריטיקער. ער האָט דאָך געלעבט אין צוויי מחיצות. איין מחיצה — דער איבערגאַנג פון זיכערן אין אומבאַשטימטן, פון נאַטוראַליזם אין אימפּרעסיאָניזם. די צווייטע מחיצה, פונקט אַ פאַרקערטע — ווען דער פײַנפילנדיקער מידער סקעפּטיקער ווערט באַלעבט מיט אַ נײַער אידייע, דעם יידישן רענעסאַנס.

און אין אָט־די דאָזיקע צוויי איבערגאַנג־צײַטן ראַנגלט זיך, אין אַ כמעט נײַער יידישער סביבה, אַ טשעכאָווישער ליריקער און דערצו נאָך אַ קלאָרער אַנאַליטישער קאָפּ.

אין זײַן גאַנצער קריטיק איז דער באָדן, ווו אַ לאָגישער ראָמאַנטיקער האָט געוואָלט גובר זײַן דעם מידן און רעזיגנירטן ליריקער אין זיך. און גובר זײַן האָט ער געוואָלט מיט אַ טרויס, מיט נאַציאָנאַלער תחיה. דאָס האָט ער צוגעגעבן דער קולטור־היסטאָרישער מיליע־קריטיק.

איז דעריבער זײַן קריטיק דורכגעדרונגען מיט אַ מידער געלאַסענער טאָנאַליטעט, מיט אַ שווערמוט. זי אָטעמט מיט ספקות. דאָך — עכט און טיף־ערנסט.

אַ פּיאָנער איז ער מיט זײַן נאַציאָנאַלער קריטיק. אַ פּיאָנער איז ער, וואָס ער האָט אַ סך זאַכן צום ערשטן מאָל קלאַסיפיצירט. ווען איינער באַנוצט זיך מיט אַ פריער־אויסגעאַרבעטער קלאַסיפיקאַציע, איז עס ניט שעפעריש. דאָס איז בלויז: מעכאַניש איבערחזרן אַ פרעמדנס פּראַצע. אָבער דער, וואָס טראָגט אַרײַן קלאַסיפיקאַציע אין אַן ענין — צום

ערשטן מאָל, דער איז שעפעריש אין זײַן אויפטו. וואָרן שאַפן נײַע קלאַ־
סיפיקאַציע, מיינט דערקענען ווערטן, און אַזוינאַך שאַפן נײַע באַגריפן.

אויך אַ סך אָריגינעלע אויסטײַטשונגען זיינען בײַ בעל־מחשבות
געווען ראשונדיקע. ער האָט זיי קולטור־היסטאָריש פאַרטיפט. דערבײַ
האָט ער אָנגעוויזן אויף עסטעטישע ווערטן.

און דאָס אַלץ האָט ער אויסגעדריקט — אין זײַנע אויסגעהאַלטענע
אָפּהאַנדלונגען. און אויסגעדריקט האָט ער זיי מיט אַ לאָגישן סדר, מיט
אַ געפיל פאַר העכערער אָרדענונג, אין אַ סטיל, וואָס איז געווען אָנגע־
זאַפּט מיט ליריזם.

# צווישן פובליציסטיק און קריטיק

ש. ניגער האָט אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע קאַריערע אין יאָר 1906 מיט פובליציסטישע אַרטיקלען. אַ צײַט פאַר דעם — פון 1903 אָן — האָט ער אָנגעשריבן עטלעכע פּראָקלאַמאַציעס און אויפרופן פאַר דער ס.־ס. פּאַרטיי (סאָציאַליסטן־ציוניסטן). ער איז געווען אַ פירנדיקער מיטגליד אין יענער פּאַרטיי. דער אינטערעס אין געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען און אידייען איז געווען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צײַט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905. מיט דעם דאָזיקן אינטערעס האָט ממש געאָטעמט די גאַנצע אינטעליגענץ, די גאַנצע יוגנט. אַלץ האָט מען אויפגענומען פובליציסטיש, אידעיִש.

עס איז באמת שווער זיך פאָרשטעלן אַ יונגן קריטיקער אין יענע טעג אָן דער דאָזיקער השפּעה, אָן דעם חותם פון יענער צײַט. ווען די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע איז דורכגעפאַלן זיינען פאָרגעקומען שינוים אין די שטימונגען בײַ דער אינטעליגענץ. אינײנעם דערמיט — אויך אַן אַנדער בליק אויף קונסט. אַזוי האָט אויסגעזען אויבנאויף. אין דער אמתן איז דער „ניצלעכקייט"־באַגריף וועגן קונסט געבליבן ווי געווען, כמעט די גאַנצע אינטעליגענץ האָט זיך געהאַלטן בײַ דעם דאָזיקן באַגריף.

די איינציקע שטים, וואָס מוסרט די ייִדישע אינטעליגענץ און ווײַזט איר דעם אונטערשייד צווישן „קולטור־טרעגעריי און קולטור", געהערט שמואל ניגערן. סוף 1907, דעצעמבער, שרײַבט ער אַ שאַרפן אַרטיקל וועגן דער ייִדישער אינטעליגענץ, טאַקע אונטערן נאָמען „קולטור־טרעגערײַ און קולטור", געדרוקט אין צווייטן זאַמלבוך „דער

שטראל", 1908. ער נעמט אראפ דעם שלייער פון דעם גאנצן טומל ארום דעם ענין „נוצלעכקייט", קולטור און שעפערישקייט. „אזא שבע האט די אינטעליגענץ — שרײַבט ניגער — ווען זי שאפט קולטור־ווערטן, דאן טראכט זי ווייניק וועגן זייער פארשפרייטונג. דער גײַסט פון שאפן איז אריסטאקראטיש און איינזאם. ער איז ארײַנגעטאן אין זיך און באנוגט זיך מיט זיך, ער שטרעבט ניט צו אנדערע: אנדערע שטרעבן צו אים..." און וועגן קולטור־טרעגעריי שרײַבט ער דארטן ווייטער:

„דאס פארשפרייטן די קולטור, — איר דעמאקראטיזירונג, ווערט דער לעצטער ציל, דער אידעאל פון דער אינטעליגענץ דאן, ווען זי איז זיך מיאש פון שאפן, ווען זי איז זיך מיאש פון זיך, דאן טראכט זי וועגן אנדערע. ווען עס ווערט א רחמנות אויף איר, דאן קריגט זי רחמנות צו די ארומיקע". און ווייטער: „און איך האלט עס פאר א כלל: ווען עס הערט אויף די פארטיפונג, די אינטענסיווע אנטוויקלונג פון דער קולטור, דאן הייבט זיך אן איר פארברייטערונג, איר עקסטענסיווער וווקס. ווען די אינטעליגענץ פארגעסט אן איר ווײַטסטן ציל — די קולטור, דאן פארליבט זי זיך אין איר נאָענטסטן צוועק — די קולטור־טרעגערײַ".

און ער רופט די אינטעליגענץ צו א באנײַט לעבן. קולטור און קולטור־שאפונג איז נייטיק ממש ווי לופט צו אטעמען. א פאלק קען אן דעם ניט לעבן. „מיר מוזן אפהיטן די פאן פון קולטור, ניט פון קולטור־טרעגערײַ, — פון קולטור, אלס ציל, ניט אלס מיטל, פון קולטור אלס שאפונג, ניט אלס פארמיטלעריי, פון קולטור אלס היים פאר אונדזער גײַסט".

אין יענער צײַט זיינען געווען נאך אויסנאמען — די וואס זיינען אינגאנצן אוועק דינען דעם גאט אפאלא און דעם אייגענעם עגא. די אוטיליטארישע פאדערונג האט ביי א סך שרײַבער, באזונדערס ביי די ליריקער, זיך אנגעהויבן אײַנשטילן. אין דעם אומהיימלעכן בין־השמשות זיינען אויפגעקומען „לירישע" אנטוישונגען, שפאגל־נײַע — בארעכטיק־

טע — „סוביעקטיוויזמען”. אָבער די ניצלעכקייט־טעאָריע איז ניט אין גאַנצן פאַרשוווּנדן. זי איז בלויז געוואָרן ווייניקער בולט, ווייניקער מאַנעריש. געמיינט האָט מען פון דער מדרגה „נוצלעכקייט פאַרן פאָלק” איז מען אַריבער אויך צו אַ מדרגה קונסט־פּראָבלעמען גופא, צו עסטעטיק, אין דעם פילאָסאָפישן זינען פון וואָרט. אין דער אמתן איז מען אַריבער צו דער מדרגה — מאָנען דאָס רעכט צו באַטראַכטן דאָס שאַפן ווי אַ ציל פאַר זיך, מאָנען דאָס רעכט זיך באַשעפטיקן מיט קונסט־פּראָבלעמען. אין דער אמתן האָט דעמאָלט — און מיט קליינע אויסנאַמען אויך איצט — גאָר ניט עקסיסטירט אַזאַ אַטמאָספערע, אַזאַ דערקענטעניש, וואָס זאָל שאַפן נאָרמאַלע, גינסטיקע באַדינגונגען פאַר עסטעטישבאַוווּסטזיניקער קריטיק. פאַרוואָר, מע איז נישט צוגעקומען אפילו צום באַגריף עסטעטיק. צום באַדויערן, דער גרעסטער טייל יידישע אינטעליגענץ נעמט עס אָן, עד היום הזה, ווי אַן ענין, וואָס האָט צו טאָן מיט „שיינע פליטערלעך”. דעמאָלט איז מען טאַקע נישט אַריבער צו עסטעטישע פּראָבלעמען, צו פילאָסאָפישע קונסט־פּראָבלעמען, נאָר צו אַ מין עטעריש־ראָמאַנטישער פאָרשטעלונג וועגן קונסט. נישט קיין עסטעטיק איז דאָ געווען, נאָר אַן „אימפּולס”־ראָמאַנטיק. נאָך מער — דער צוגאַנג צו קונסט איז לכתחילה געווען אַ טעאָלאָגישער. פאַר אַלע קונסט־דערשיינונגען האָט מען, מן הסתם, געהאַט איין ענטפער, אַ מין שם המפורש: „גייסט”, אָדער „נשמה”.

עס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט אויסצופאָרשן אָט די סתירה: זיין ראַציאָנאַליסטיש, לאָגיסטיש אין געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, און אין דער זעלביקער צייט — פּרימיטיוו און טעאָלאָגיש אין קונסט־פּראָבלעמען.

ווען מען באַטראַכט די דאָזיקע אַנטוויקלונג אין יידישער קריטיק, זעט מען ווי עס האָט אַנדערש גאָר ניט געקאָנט זיין. ש. ניגער האָט זייער טרעפלעך כאַראַקטעריזירט אַלע יידישע קריטיקער ביז בעל־מחשבות. נאָך זיין מיינונג האָט איין טייל זיך פאַרנומען מיט „מבינות־זאָגעריי”. דער צווייטער טייל — אַליין קינסטלער, ווי יעקב דינעזאָן, שלום־עליכם, פּרץ א״א — האָבן גענומען פאַר „מעסטערס” זייער אייגן שרייבן. אָבער אַלע זיינען זיי געווען אוטיליטאַריער, אין פּשוטן זינען

אָדער אין באַקליידן אַ פריער־צוגעטראַכטע אידעע. ביי י. י. לערנערן און שפּעטער ביי י. ח. ראַווניצקין זעען מיר אַנאַליז, ביי לערנערן — אַפילו עסטעטישע ווערטן. אָבער אַ מאָראַלישער דראַנג האָט זיי געטריבן צו שרײַבן קריטיק. זיי האָבן זיך געגערט פון אוטאַליטאַרישע כוונות — „ברענגען נוצן דעם פאָלק". אויך פאַר בעל־מחשבותן האָבן עקסיסטירט עסטעטישע ווערטן. ער האָט זיך אָבער ניט קאָנצענטרירט אויף זיי. באמת איז בעל־מחשבות געווען מער לירוקער ווי עסטעטיקער. ער איז געווען אַ לירישער מיליע־קריטיקער. ער האָט אין זײַן מיליע־קריטיק געזען נאַציאָנאַלע קריטיק. אויך אין נאַציאָנאַלער קריטיק זיינען געלעגן אוטאַליטאַרישע יסודות און ווערטן.

אין אָט־דער צײַט, מיט אַזאַ הינטערגרונט איז אויפגעקומען דער קריטיקער ש. ניגער.

עס וואָלט געווען קענען זײַן צײַט און סביבה, ווען ער וואָלט, פריער פאַר אַלץ, ניט געהאַט קיין אינטערעסן ווי עס האָט אַ פּובליציסט און אַ פּובליציסט־קריטיקער. דער תוך פון זײַנע ערשטע פּובליציסטישע אַרבעטן, ווי דער תוך פון זײַן גאַנצער פּובליציסטישער טעטיקייט, האָט די זעלביקע כאַראַקטער־שטריכן ווי זײַן קריטיק. דער חילוק ליגט אין די פאַרשיידענע מאַטעריאַלן: אין איין פאַל — געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען; אין צווייטן פאַל — קונסטווערק.

ווי אַלע ערנסטע פּובליציסטן נוצט ניגער דער פּובליציסט דעם אָפּקלייבערישן, דעם סעלעקטיוון מעטאָד. ער וויל צוערשט צוקומען צום תוך, צו די הויפּטשטריכן פון אַ געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס אָדער גע־שעעניש. נאָכדעם ציט ער אונטער אַ סך הכל. דאָס זעלביקע טוט ניגער אין דער קריטיק.

דער ערנסטער פּובליציסט פילט שטענדיק, ווי ער טראָגט אויף זיך אַ געוויסע אחריות. צו זײַן וואָרט הערט מען זיך צו, און זײַן וואָרט פורעמט די עפנטלעכע מיינונג. דער זייער ערנסטער פּובליציסט פורעמט אָדער קולטיווירט אין זיך געוויסע אייגנשאַפטן. שרײַבן ערנסטע אחד־ריותדיקע פּובליציסטיק מיינט: נאָכגיין אַ געוויסן גרונט־מעטאָד. דער עיקר האָבן מיר אין זינען צוויי עלעמענטן: קאָנען אָפּשאַצן, און האָבן אַ שטאַנדפּונקט. פאַראַנטוואָרטלעך אָפּשאַצן אַן ענין פאָדערט אַ געוויסן

גראַד ישוב־הדעת. קומען צו אַ מסקנא, צו אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן שטאַנד־פּונקט, קומט מען אויך אַ דאַנק די זעלביקע אייגנשאַפֿטן. און עס מאַכט ניט אויס ווי אַזוי יעדער פּובליציסט נוצט עס שפּעטער אויס: דינאַמיש, ראַשיק, אַגרעסיוו, אָדער אַפּאַטיש, סקעפּטיש, שטיל, מילד; דעפּעטים־טיש אָדער רופֿעריש; ניכטער־דערקלערעריש אָדער „ליריש". פֿאַרלאָזן אינגאַנצן אָט די עלעמענטן קען ער ניט.

אויך ניגערס פּובליציסטישע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן אונטערן צייכן: אָפּשאַצן, און קלאָר מאַכן זײַן שטאַנדפּונקט. ער האָט די דאָזיקע אייגשאַפֿטן ניט באַדאַרפֿט קולטיווירן. זיי האָבן געלעבט אין זײַן כאַראַקטער, אין זײַן טעמפּעראַמענט. צו אָט־די שטריכן קומט־צו דער פֿאַרבאָרגענער עמאָציאָנעלער עלעמענט. אָט־דער עלעמענט באַווירקט זײַן בליק און מעטאָד — ווי אַזוי אָפּשאַצן זאַכן און ווי אַזוי קלאָר מאַכן זײַן שטאַנדפּונקט. די דאָזיקע פֿאַרבאָרגענע עמאָציאָנעלע נטיה, האָט אים ניט דערלויבט זײַן אַגרעסיוו, „שאַרף־געשניטן". זי האָט אים אויך אָפּגעהיט פֿון ווערן „אויסשליסלעך" איין־ליניק. בלויז אין די ערשטע צײַטן, אין זײַן יוגנטלעכן שרײַבן, איז ער צומאָל געווען אַגרעסיוו און שאַרף.

פֿאַר אַ פּובליציסט איז ניט גוט צו „לאָזן פֿרײַ" זײַנע „אימפּולסן". עס איז אויך ניט גוט פֿאַר אים זיך פֿאַרנעמען אויסשליסלעך מיט פֿאַקטן, און דערבײַ ניט באַלײַכטן זיי מיט אַן אייגענעם שטאַנדפּונקט. פֿאַקטן אַליין זײַנען אין ערגעץ נישט קיין מזל־ברכה, אַפֿילו ניט אין ווי־סנשאַפֿט. פֿאַרן ערנסטן און פֿאַראַנטוואָרטלעכן פּובליציסט זיינען זיי אוודאי טויטע זאַכן. דער פּובליציסט מעג זיך טאַקע ניט האָבן דעם וויסנשאַפֿטלערס באַזונדערע אייגנשאַפֿטן. ער נעמט אָבער אָן דעם ווי־סנשאַפֿטלערס אויספֿירן, און די דאָזיקע אויספֿירן מוז ער פֿאַרטיפֿן, באַווײַזן אין אַ באַשטימט ליכט. אויך — בויען אויף זיי אַן אייגענעם שטאַנדפּונקט, אַן אייגענע פֿאַרטיידיקונג און פּראָפּאַגאַנדע. און דאָס אַלץ דערגרייכט מען אַדאַנק אַ טיפֿערן ישוב הדעת, אַ טיפֿערער לאָגיק. אָט אין דעם ליכט ווירקט ניגער דער פּובליציסט.

פּובליציסטיק באַגרענעצט זיך ניט אויסשליסלעך מיט אַקטועלע, פּאָליטישע אָדער קולטור־פּראָבלעמען. פּובליציסטיק טרעט זייער אָפֿט

אריבער די גרענעצן פון איר אייגענעם געביט, זי קומט אויף אין פּאָעזיע, דראַמע און ראָמאַן. זי קומט אויך אויף אין קריטיק. אין רוסלאַנד, למשל, איז שוין אין די 60־ער יאָרן אויפגעקומען אַ פּובליציסטישע קריטיק. אין די 70־ער יאָרן איז די רוסישע ליטעראַ־טור געווען זייער שטאַרק באַפאַרבט מיט פּובליציסטיק. איז ניט קיין ווונדער, וואָס אַט־דער זשאַנער האָט געשאַפן יענעם געמיט־צושטאַנד אויך אין דער יידישער ליטעראַטור, ביי יידישע שרייבער און דער גאַנ־צער יידישער אינטעליגענץ. אַט־דער וועלט־ און קונסט־באַנעם האָט דאָך זיי אַלע משפיע געווען.

נאָך ניגערס ערשטע פּובליציסטישע אַרטיקלען באַווייזט זיך זיין ערשטע קריטישע אַרבעט — וועגן שלום אַשעס „משיחס צייטן". איז די דאָזיקע אַרבעט ניט אַנדערש ווי פּובליציסטישע קריטיק אין פולן זינען פון וואָרט. ניגער האָט עס טאַקע לכתחילה געשריבן ווי פּובליציס־טיק, און ניט ווי ליטעראַטור־קריטיק. אַפילו דער נאָמען איז אַ ריין־פּוב־ליציסטישער — „די טראַגעדיע פון גלות". באַלד נאָך אַט־דער אַרבעט פאַרנעמט ער זיך אויף אַן אַנדער וועג. ער באַהאַנדלט שוין ליטעראַטור ווי אַ ליטעראַרישן פּראָדוקט. אָבער ליטעראַרישע קריטיק האָט נאָך ניט געמיינט — אויסשליסלעך קינסטלערישע קריטיק. צופיל איז דער רוסיש־יידישער אינטעליגענט און שרייבער געווען געקניפּט און געבונדן מיטן גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן און מיטן פאָלקס־לעבן. האָט ביי אים ניט געקלעקט קיין אינטערעס זיך אָפּצוגעבן מיטן גאַנצן פאַרצווייגטן קאָמ־פּלעקס קונסט־פילאָזאָפישע פּראָבלעמען. זיי האָבן צו טאָן מיט די מיס־טעריעזע שייכותן צווישן אינהאַלט און פאָרם אין סאַמע טיפסטן זינען: אינסטיקטיוו באַנעמען דערשיינונגען און זיי אָפּשאַצן. זיך אָפּגעבן מיט אַט־די פּראָבלעמען וואָלט געמיינט — פאַרלאָזן דאָס ווירקלעכע, פאַר־טרייבן דעם לעצטן שאָטן „ניצלעכקייט". געווען אָבער אַזעלכע, וואָס זיי האָט ניט געקענט באַפרידיקן די פּובליציסטיק ביים שאַצן שיינע לי־טעראַטור. ווי ניגער, האָבן זיי אָפּגעוואָרפן דעם ריין־פּובליציסטישן מע־טאָד. און זייער קריטיק איז געוואָרן אַביסל טיפער. די פּראָבלעמען, וואָס דאָס ווערק שטעלט אַרויס, האָבן זיי אָנגעהויבן שאַצן ליטעראַריש. זיי האָבן אין דעם ווערק אויך געזוכט און אַרויסגעהויבן אידעען.

פון איין זייט לעבט אין ניגערן דער אינטערעס צו פּראָבלעמען, אי־דעען. פון דער אַנדער זייט וויל ער דערהייבן די פּראָבלעמען און אי־דעע צו אַ העכערן דמיון. זיי בלייבן אָבער שטענדיק באַפאַרבט מיט זיין אייגן ליכט, פאַרב און געפילן. אַזוינאַך אינטערעסירט ניגערן די ייִדי־שע ליטעראַטור ווי אַ געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקט, אַ קולטור־קאָמפּלעקס, אַ גייסטיקע באַלעבאַטישקייט. אין אים לעבט אָבער אויך דער פאַרבאָרגע־נער אימפּרעסיאָניסט. ער וויל אויסדריקן זיינע אייגענע איינדרוקן, זיין אייגענע „זעל־באַוועגונג". און מיט אַ מאָדנער שלימות האָבן זיך די צוויי אייגנשאַפטן פאַראייניקט אין אים: אַ קונסטווערק באַווירקט אים שטאַרק, און דאָך בלייבט ער מיושבדיק.

ניט געקוקט אויף זיינע געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן היט זיך ניגער אויס פון דער פּובליציסטישער קריטיק. ער האַלט פּובליציסטישע קריטיק פאַר איינזייטיק, פונקט ווי עס איז די „עסטעטישע" קריטיק. דאָס ער־שטע פירט צו אויבנאויפיקן „אינהאַלטיזם", ווי ניגער דריקט זיך אויס. דאָס צווייטע פירט צו פאָרמאַליזם. דער סינטעז פון די ביידע (און פאַרשיידענע אַנדערע) איז דאָס, וואָס צו דעם שטרעבט — אין ני־גערס טערמינאָלאָגיע — די קינסטלערישע קריטיק. קינסטלע־רישע קריטיק, גלויבט ניגער, זוכט די גאַנצקייט אין דעם עצם־תוך הינ־טער דער פּלוראַליטעט אין יעדן שאַפן, פונקט ווי די געשטאַלט־טעאָריע אין פּסיכאָלאָגיע זוכט די גאַנצקייט הינטער דער פּלוראַליטעט אין דעם מענטשן.

## פיל־מעטאָדן סיסטעם

כללים עקזיסטירן ניט פאַר ניגערן. דאָס זעט מען איין, ווען מען קוקט זיך צו ווי אַזוי ער רופט זיך אָפּ אויף ווערק. פאַר אים עקזיסטירט בלויז דער איינדרוק, וואָס אַ ווערק לאָזט איבער אויף אים. אָבער פאַר־גלייכן אים מיט פאַרשוועגדערישע אימפּרעסיאָניסטן טאָר מען ניט. ער ווערט ניט אויפגעברויזט מיט איבערגעטריבענע באַגייסטערונג, אָדער מיט איבערגעטריבענעם האָס. ער צעגיסט זיך ניט אין „ליריזם", אָדער אין איבערגעטריבענע מיסטישע ספּעקולאַציעס און דוכטענישן. ער

ווערט ניט קינסטלעריש „אויסבראַנגעריש", אָדער עפּנטלעך סענטימענ־טאַל. ער איז לאָגיש, שכל־הישרדיק. דאָך — זײַן אויפנעם, שטימונג, און דער עיקר, ווי אַזוי ער טײַטשט אוים און שאַצט אָפּ ווערק בײַם זיך מיט יעדן באַזונדערן ווערק, וואָס ער באַטראַכט. אײַנדרוקן געוועל־טיקן איבער אים, ערשט נאָכדעם קען ער זיי לאָגיש אויסבעסערן און אויסשטעלן. פון איין זײַט איז ער סוביעקטיוו; פון דער אַנדערער זײַט איז ער מיושבדיק.

דאָס סוביעקטיווע באַשטייט אין לאָזן זיך באַאײַנפלוסן, אין דעם עצם אויפנעמען די פּלוראַליטעט פון אײַנדרוקן. דער שרײַבער, אָדער דאָס קונסטווערק, אָדער אַ גאַנצע תקופה רופן אין אים אַרויס אַן אַ צאָל אײַנדרוקן. אָבער מיושבדיק זוכט ער אַן עיקר־אײַנדרוק, אַ צענטראַ־לן אײַנדרוק. דאָס לאָזט פילן — דעם תמצית פון דער ליטעראַרישער דערשײַנונג. און דאָס ברענגט אַרויס זײַן קריטישן אָפּרוף. דער דאָזיקער אָפּ־רוף שאַפט פון זיך אַליין, קלײַבט אַליין אויס די נייטיקע מעטאָדן. נאָכ־מער — די אופנים ווי אַזוי אָנצוווענדן די דאָזיקע מעטאָדן.

דעריבער קען מען ניט אונטערפירן אַלע זײַנע אַרבעטן צו אַ באַ־שטימטן מעטאָד. און נאָך אַ סיבה — ער איז דער פּראָדוקטיווסטער ייִדישער קריטיקער, וואָס די ייִדישע ליטעראַטור האָט ווען געהאַט. און וואָס פּראָדוקטיווער ער ווערט, קומען מער פאַרשיידענע מעטאָדן אָדער מעטאָדן־געוועבן. מען מוז דערבײַ קלאָר באַטאָנען, עס ענדערן זיך בײַ אים ניט אַזוי די מעטאָדן ווי דער אופן ווי אַזוי ער באַנוצט זיך מיט די דאָזיקע מעטאָדן.

אין אַ סך קריטישע אַרבעטן זײַנען געפינען זיך פאַרשיידענע מע־טאָדאָלאָגישע אָנווענדונגען. דאָ דיקטירט זײַן אייגענער גוסט, זײַן שטי־מונג. דעריבער קען מען געפינען עטלעכע מעטאָדן אין איין און דער זעלביקער אַרבעט. זיי זײַנען אָבער שטענדיק פאַרבונדן מיט אַן אינער־לעכער לאָגיק.

אַחוץ די נאָרוואָס אויסגערעכנטע שוועריקייטן קומען צו נאָך אַנ־דערע. זײַן פּלאַץ — היסטאָריש — אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער קריטיק האָט אויף אים אַרויפגעצוווּנגען אַזעלכע אַרבעטן, וואָס אין אַ רײַכערער ליטעראַטור וואָלט ער זיך מיט זיי ניט געדאַרפט פאַרנע־

מען. די דאָזיקע ארבעטן — פאַרשיידן אין מין און מעטאָד — צווינגען זיך ארויף — פריִער אָדער שפּעטער — אויף יעדן פּיאָנער. אין מערסטע פאַלן — און זיי זיינען אומצייליקע — האָט ניגער דער ערשטער אויפ־געאַקערט קרקע בתולה און אַנדעקט אוצרות אין דער ייִדישער ליטעראַ־טור און אין ייִדישן ליטעראַרישן געדאַנק. סײַ ליטעראַטור־היסטאָריש, סײַ אָפּשאַצנדיק איז ער געווען און געבליבן אַ פּיאָנער איבער גרויסע שטחים ייִדישע ליטעראַטור, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מע האָט גע־שריבן קריטיק פאַר אים. און אַ פּיאָנער קען ניט זײַן אויסקלײַבעריש. ער ווערט זייער אָפט געצווּונגען אָפּראַמען שטיינער, טאָן פאַרשיידענע צוגרייט־אַרבעטן, איידער ער שטעלט זיך בויען אַ בנין. ער ווערט בבחי־נת וואַסער־טרעגער און האָלץ־העקער, ליים־קנעטער און ציגל־טראָגער, בעת ער איז בכוונה געקומען גאָר ווי אַן ארכיטעקט. דער פּיאָנער איז זייער אָפט אַ שעפּערישער כוח. פאַרשיידענע עובדות, פאַרשיידענע ווערק און עפּאָכעס באַשטימען זייער אָפט זײַנע פילפאַכע מעטאָדן. דאָך איז פאַראַן אַ געוויסע גאַנצקייט בײַ ניגערן, דעם פּראָדוקטיווסטן און פאַרשיידנאַרטיקסטן ייִדישן קריטיקער.

אויבנאויף, און בלויז אויבנאויף, קענען זײַנע הנחות אויסזען ווי די באַקוועמסטע, ניט פּינקטלעכע. צומאָל אָבער פונקט פאַרקערט, — ווי די שווערסטע און אויך די געפערלעכסטע. זיי קענען אויסזען ווי די באַקוועמסטע דערפאַר, ווײַל זיי וואַרפן אָפּ יעדע דאָגמע. ניגער נעמט אויף בלויז יענע הנחות, וואָס זײַנען אים נייטיק פאַר דערקלערן געוויסע דערשײַנונגען. ער ווערט אָבער ניט זייער קנעכט. ער וואַרפט זיי אָפּ אַזוי שנעל ווי ער דאַרף זיי מער ניט האָבן. זיי קענען אויסזען ווי ניט פּינקט־לעכע, ווײַל ער האַלט זיך ניט שטענדיק אין זיי, דאָס מיינט בײַ די זעלביקע מעטאָדן. זיי זעען אויס ווי די שווערסטע, ווײַל ער איז דערבײַ אויסגעהאַלטן, פאַראַנטוואָרטלעך. און אַמאָל, אמת, זייער זעלטן, קען זיך מאַכן, זיי זאָלן אויך אויסזען ווי די געפערלעכסטע, ווי דאָס זיינען די „פרײַע“ אימפּרעסיאָניסטישע אינטערפּרעטאַציעס אין דער קריטיק.

מעגלעך, דעם גרעסטן חורבן אין ווערטן־אַנאַליז האָט אַרײַנגע־בראַכט די „גײַסטרײַכע, אינטויִטיווע“, די „פרײַע“ אימפּרעסיאָניסטי־שע קריטיק. אָט־די „פרײַע“ קריטיק האָט זיך געוואָלט שטעלן איבער

אינערלעכער געזעצמעסיקייט. זי האָט געוואָלט צערײַסן אַלע דיסציפּלין־פּונקטן. זי האָט אָבער באַוויזן אירע „מעלות״: כאָאָס, קאַפּריז, ווילקיר און לירישע פֿאַרפֿלאַכונג. און ניט איינמאָל האָט זי פֿאַרטיידיקט אירע פֿולשטענדיק־קעגנזעצלעכע סתירות מיט די ווערטער: „שטימונג״, „קונסט״, אָדער גאָר, „גײַסט״. ווען אָט די „מעלות״ פֿורעמען זיך אויס אין אַ מעטאָד, ווערט אַזאַ מעטאָד מעכאַניסטיש „שטימונגספּול״, אַנטי־קינסטלעריש מחמת אָן העכערן שכל; גײַסטלאָז — מחמת זינלעך, סענסועל. די אומשעפֿערישקייט, וואָס טרעט דאָ אַרײַן, ווערט פּונקט דאָס פֿאַרקערטע פֿון דעם, וואָס מען רופֿט „אימפּולס״, „אינטואיציע״ און „שטימונג״.

ניגער אַליין גלייבט, אַז דער „רעסעפּטיווער״, פּעמענינער אימפּרעסיאָניזם, איז ניט אַזוי געפֿערלעך, ווי עס איז דער אַגרעסיוו־מאַסקולינער, — דאָס מיינט, ווען דער קריטיקער צווינגט זיך אַרויף אויפֿן שרײַבער אָנשטאָט ווערן פֿון אים באַצוווּנגען.

אָבער אַחוץ דעם האָט אויך ניגערס מיושבדיקייט, טעמפּעראַמענט, אייגנאַרטיקע חב״דישע דערצײַונג אים אָפּגעהיט פֿון אָט דער הפקרות. זײַן פֿאַרבאָרגענער עמאָציאָנאַליזם האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז די „פֿרײַע״ אימפּרעסיאָניסטישע קריטיק איז ניט קיין מוז פֿאַר אַן אימפּרעסיאָניסט. אויך די דאָגמע האָט ער אָפּגעוואָרפֿן. ער האָט זיך אַפֿילו געשטעלט קעגן איר. ער האָט עס ניט איינמאָל קלאָר און דײַטלעך אויסגעדריקט. די דאָזיקע פּראָבלעם, די סכנה פֿון דער פּראָבלעם, האָט ניט איינמאָל באַשעפֿטיקט זײַן געדאַנק. ער האָט קריטיק פֿאַר אַ קונסט און דער קריטיקער דאַרף האָבן פֿרײַהײַטן, פּונקט ווי דאָס דאַרף האָבן דער קינסטלער. ער האַלט, ווי אַלע אימפּרעסיאָניסטן, אַז אײַנדרוק איז בײַ יעדן איינעם אַן אַנדערער און אַז ער איז אַנדערש אַפֿילו בײַ דעם זעלביקן מענטשן אין פֿאַרשיידענע צײַטן אָדער פֿאַרשיידענע צושטאַנדן. דאָך איז אין אים פֿאַראַן אַן „אינערלעכע קאָנטראָל״. זי לאָזט אים ניט ווערן „פֿרײַ״ פֿון יעדער אחריות.

„דאָס הייסט, פֿאַרשטייט זיך, ניט, — שרײַבט ניגער וועגן אָט דעם געדאַנק — אַז ס׳איז „הפקר אַ וועלט״, און מען קען

טײַטשן און פּשטלען אַ קונסטווערק, ווי אײנעם פּאַלט אײַן. נײן, חס וחלילה! אַ געוויסער תּוך, אַ געוויסע סובסטאַנץ איז דאָ אין יעדן ווערק, וואָס באַשטימט די אַלגעמײנע ריכטונג, די ראַם פאַר די פאַרשײדענע אויפפאַסונגען און קאָמענטאַרן, אָבער אין די ראַמען, אין די גרענעצן פון דער אַלגעמײנער ריכטונג, זײַנען דאָ אָן אַ שיעור מעגלעכקייטן — און יעדער פאַרווירקלעכט זײ אויף זײַן אופן, לויט זײַנע השגות. אַזוי ווי עס איז אין דער שאַפונג פון קונסט, זײַנען דען נישטאָ אין איר קײן באַשטימטע, כאָטש ניט שטענדיק פאַר אונדז, קלאָרע געזעצן״? (ש. ניגער, לעזער, דיכטער, קריטיקער, ב׳ 2, ז׳ 362).

ניגערס טעאָריע איז — ניט צו לאָזן זיך פאַרשקלאָפן פון קײן שום טעאָריע. און די טעאָריע איז צו אים געקומען ניט מחמת „פרײַהייט פון גײַסט״, נאָר מחמת אַ טיפער איבערצײַגונג, אַז „אַ קונסטווערק קען מען בכלל ניט אויסשעפּן מיט קײן שום פאָרמעל״. אין קעגנזאַץ צום „שטימונגספולן״ אימפּרעסיאָניזם איז ניגערס אימפּרעסיאָניזם אַ פאַראַנטוואָרטלעכער, אַ געזעצטער, אַ לאָגישער און אַ קאָנסערוואַטיווער. אין זײַן עסיי וועגן בעל־מחשבותן — אגב, די גרינטלעכסטע און טיפסטע אַרבעט וועגן אָט־דעם אינטערעסאַנטן פּיאָנער — באַגרינדט ניגער זײַן פיל־מעטאָדישקייט:

„קונסטווערק קען מען בכלל ניט אויסשעפּן מיט קײן שום פאָרמעל. עס איז אַ סך הכל פון אַלע כוחות, וואָס דער קינסטלער האָט אינעווייניק אין זיך און פון אַלע ווירקונגען, וואָס קומען פון דרויסן. און ווען מיר געניסן דאָס ווערק פון אַ קינסטלער, געניסן מיר עס אויך מיט אַלע אונדזערע חושים און מיט אונדזער גאַנצן וועזן. עס איז נאָך ניט אויסגעטראַכט געוואָרן אַזאַ אַפּאַראַט, וואָס זאָל קענען אויף אַ ווײַלע אָפּשטעלן אין אונדז דעם עסטעטישן לעבן אָדער פאַרשטאָפּן אויף אַ ווײַלע דעם קוואַל פון אונדזער עטישן באַוווסטזײַן, אָדער אַזוי פּאַראַליזירן אויף אַ געוויסער צײַט אונדזער אינטעלעקט. ווען מיר שאַפן און ווען מיר געניסן קונסט, שאַפן מיר עס און געניסן מיט אונדזער גאַנצן יש, מיט

אַלע אונדזערע פעיִקייטן און מיט דער גאַנצער פילפאַכער אַסאָ־ציאַטיווער טעטיקייט פון אונדזער פסיכיק. דער אידעאַל פון קינסטלערישער קריטיק איז דערפאַר ניט עסטעטישע, ניט עטישע, ניט פילאָזאָפישע און ניט קיין שום ספּעציאַליזירטע און קינסט־לער־איזאָלירנדיקע קריטיק, נאָר אַזאַ, וואָס זאָל אונדז געבן דאָס אינדיווידועלע בילד און דעם אייגנאַרטיקן סינטעז, וואָס דער קריטיקער האָט פון דעם ווערק אין זײַן גאַנצקייט, אין דער איינ־הייט פון זײַנע פאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן". (דאָרט, ז' 559.)

ניגערן זעט אויס יעדע ספּעציאַליזירטע קריטיק איינזײַטיק, הגם ניצלעך, ווי עס איז ניצלעך יעדע ספּעציאַליזירטע טעטיקייט. און אַ ספּע־ציאַליזירטע קריטיק איז· דעריבער ניט קיין אידעאַלע קריטיק. איז זײַן חלום וועגן קריטיק געווען — קענען אויסנוצן אַלע מעגלעכע צוגאַנגען. אויסנוצן זיי טיילווײַז, אינגאַנצן אָדער סינטעטיש. זײַן מיינונג איז, אַז „סוף כל סוף זיינען אין דער קריטיק, אַזוי ווי אין דער קונסט, אַלע מי־נים גוט, חוץ די לאַנגווײַליקע".

דער קריטיקער־דאָגמאַטיקער האָט אַ פאַרטיקע רשימה כללים. נאָך די כללים נאָך באַשטימט ער צי אַ קינסטלער האָט געשאַפן אַ קונסטווערק צי ניט, און ווי ווײַט איז דאָס קונסטווערק פולקום. דער קינסטלער האַלט ניגער, שאַפט סײַ־ווי ניט לויט באַשטימטע פּרינציפּן און כללים. יעדער קינסטלער אַנטדעקט פאַר זיך אַליין זײַנע אייגענע כללים. און אויך — ניט איידער ער שאַפט, נאָר בעת, אָדער נאָכן שאַפן. און דער קינסטלער בײַט זיי אַזוי אָפט, ווי אָפט עס בײַט זיך דער שטאָף. דאָס פאַרטראַכטן אַ ווערק און דער וועג צום אויסדרוק. מיט אַנדערע ווערטער, דער קינסטלער מוז זײַן פרײַ. נאָך פּינקטלעכער: דער קינסטלער איז בפירוש פרײַ. און אַזוי פרײַ דאַרף אויך זײַן דער קריטיקער.

דערפאַר גלויבט ניט ניגער אין יענער קריטיק, וואָס נוצט איין פאַר־רויסגעשריבענעם מעטאָד. ער אַליין דערלאָזט אַ סך מעטאָדן. אַזאַ קריטיק פענטעט ניט דעם קריטיקערס הענט און פיס. זי איז פרײַ, און זי מוז זײַן פרײַ, זי זאָל קענען זיך אונטערגעבן יעדן אײַנדרוק, יעדן ווערק, פּונקט ווי דער קינסטלער גיט זיך אונטער יעדער ווירקונג אין דער דרויסנדיקער

וועלט. און ניגער האָט פאַר דער פּיל־מעטאָדן־סיסטעם אַן אייגענער דע־פיניציע. אַזאַ קריטיק רופט ער אָן: די אימאַנענטע קריטיק.

נאָך זײַן מיינונג נאָך איז די אימאַנענטע קריטיק ניט נאָר וויכטיק, נאָר אומבאַדינגט נייטיק, צוליב צוויי סיבות. ראשית, אַזאַ קריטיק גיט דעם קריטיקער די פרײַהייט אויפצונעמען פאַרשיידענע מינים ווערק פון פאַרשיידענע עפּאָכעס און טעמפּעראַמענטן. שנית, אַזאַ קריטיק געפינט זיך אין דער זעלביקער מדרגה ווי קונסט. אין זײַנע אַרבעטן וועגן קריטיק רעדט ער טאַקע אָפט וועגן אָט־דער קונסט וואָס הייסט קריטיק.

דער קינסטלער — גלויבט ניגער — איז פרײַ, דער קינסטלער שאַפט און וואַרפט־אָפּ פּרינציפּן און כללים נאָכן געפיל נאָך. אַ באַשטימטער שאַפונג־פּראָצעס זאָגט אים אונטער וואָס צו טאָן אין אַ באַשטימטן מאָ־מענט. דער קריטיקער — דרינגט ניגער — געפינט זיך אויך אין דער זעלביקער בחינה. וואָרן דער קריטיקער איז אַ קינסטלער. אמת, ער גיט צו, דער קריטיקער איז אַן אַנדער מין קינסטלער. נאָך ניגערן נאָך דאַרף מען צו קריטיק האָבן „גאָר באַזונדערע פעיִקייטן, אַנדערע ווי די, וועלכע עס האָט דער אייגנטלעכער קינסטלער" (דאָרט. ז' 377).

און ווײַל ניגער האַלט קריטיק פאַר אַ קונסט, שפּילט בײַ אים אין קריטיק אַ ראָלע יענער איראַציאָנאַלער עלעמענט, וואָס מיר רופן אָן — דער שאַפונגס־כוח. יענע קריטיק, וואָס גיט אונדז בלויז פאַקטן, דרויסנדי־קע אמתן, איז ניט קיין קריטיק. דעם מהות פון אַ ווערק אַנטפּלעקט זי ניט זי אַנטפּלעקט ניט פאַר אונדז דעם אמת, וואָס איז דעם ווערקס עצם־תוך. פאַקטן און דרויסנדיקע אמתן גיט אונדז די וויסנשאַפט. די וויסנ־שאַפט רעדט צו אונדזער שכל. מיר דאַרפן פון איר שטענדיק עפּעס אַרויס־דרינגען, און זי אַליין איז „אויסדרינגעדיק", דעריוואַטיוו. אָבער „אין קונסטווערק, ווי אויך אין די ווערק פון אמתע פילאָסאָפן — לייענען מיר בײַ ניגערן — זוכן מיר ניט די פאַקטן און דרויסנדיקע אמתן, נאָר יענע וווּנדערלעכע אַנטפּלעקונג פון מענטשלעכן גײַסט, וואָס מיר רופן אָן שאַפן, יענעם כוח, וועלכער ווישט אָפּ די גרענעצן פון עפּאָכעס, וועלכער רײַסט אַראָפּ פון לעבן זײַנע אַלע מאַסקעס און ווײַזט אונדז זײַן אמת און שטענ־

דיקן געזיכט". (דאָרט ב' 2, ז' 54). דאָס זעלביקע פאָדערט ניגער אויך פון קריטיק.

איינע פון דעם קריטיקערס ערשטע עובדות איז, זעלבסטפאַרשטענד־לעך, אויפנעמען ווערק. און אויב מע נעמט־אויף ווערק, קומט דאָ אין שפּיל — די פעיקייט אויפצונעמען דערקענטעניש אינטויטיוו. אויך — טאַלאַנט מיטצושאַפן. יעדערער „לייענט" אים פון אַ ווערק אַזויפיל וויפל ער איז פעיק אין דעם אַריינצולייענען. נאָר אין מאַטעריעלן לעבן איז, „אַ נעמער ניט קיין געבער", גייסטיק קאָן מען אַנדערש ניט נעמען סיידן מע גיט. מ'מוז ווערן אַ שותף למעשה בראשית, אויב מע וויל פאַרנעמען גאַנס אָדער אַ מענטשנס שאַפונג" (דאָרט, ב' 2. ז' 19). דער מיטשאַפער, דרינגען מיר אַרויס פון זיינע רייד, דאַרף זיין טאַלענטירט. און ער איז טאַלענטירט, אויב ער איז אַ מיטשאַפער.

דער שעפערישער לייענער לייענט אַריין, דערלייענט, דערשאַפט עפּעס צום קינסטלערס ווערק. ער ווערט אַ שותף למעשה בראשית. און דערשאַפן דערשאַפט ער דורך זיין אינטואיציע, וואָס דעם קינסטלערס ווערק האָט אין אים אויפגעוועקט. ער דערשאַפט עס אַדאַנק דעם רוח הקודש, וואָס האָט גענידערט אויף אים. אָט־דעם שותף למעשה בראשית אינספּי־רירט דעם קינסטלערס ווערק. ער איז, זאָגט ניגער, „דער בעסטער, דער אַקטיוועסטער, דער שעפערישסטער פון אַלע לעזער" (דאָרט ב' 1. ז' 394). און אויב אָט־דער מיטשאַפערישער און דערשאַפערישער לייענער וויל אויסדריקן זיין דערשאַפערישקייט, זיין מיטשאַפן, מוז ער — טאַקע צוליב דעם — זיין אַ שרייבער, און כדי געבן פולן אויסדרוק און ריכטיק אַרויס־ברענגען די דינסטע ניואַנסן, ווי אויך דאָס קאָמפּליצירטע מיטשאַפן, מוז ער זיין אַ טאַלענטירטער שרייבער, אַ שרייבער בחסד עליון.

דער קינסטלער נעמט אויף דערשיינונגען, וואָס קומען פאָר אין לעבן. דער קריטיקער נעמט אויף דערשיינונגען וואָס ער געפינט אין ווערק. ביי־דע אָבער מוזן אויסדריקן זייערע איינדרוקן. דער שעפערישסטער לייענער, וואָס איז געוואָרן אַ שרייבער, — ד"ה דער קריטיקער, — דאַרף...

„מער ווי אַלע אַנדערע באַרייכערן און באַפרוכפּערן דאָס ווערק, וואָס ער לייענט".

„עס דאַרפן זיין אין אים אַנטוויקלט ביזן העכסטן גראַד די

צוויי וויכטיקסטע פעיִקייטן, וואָס זיינען נייטיק פאַר יעדן קונסט־גענוס: די אויפנעמס־פעיִקייט, די פעיִקייט זיך אַרייַנצולעבן אין אַן אַנדערנס שאַפונגס־וועלט, און די אויפטו־פעיִקייט, די פעיִקייט אַליין שעפעריש זיך אויסצולעבן אין אַט דער וועלט. ער דאַרף קאָנען, מיט אַנדערע ווערטער, אָפּגעבן זיך דעם אַנדערנס גייַסט, לאָזן זיך באַאייַנפלוסן פון אים און ער דאַרף צו גלייַכער צייַט קאָנען זייַן אַליין אַ געבער און אַ באַאייַנפלוסער". (דאָרט, ב' 2, ז"ז 394־395).

ניגער גלויבט: אַלע קריטיקער מוזן „האָבן אי אַ שרייַבערישע, אי אַ לייענישע באַדייַטונג. ניט נאָר מוזן זיי אַלע עפּעס אויפטאָן מיט זייער שרייַב־קונסט; זיי מוזן באַנעמען אָדער אויף אַ נייַעם אופן אויסטייטשן די אָדער יענע זייַט פון דעם אַנדערנס אויפטו".

דער קריטיקער איז, אַזוינאָך, אַ קינסטלער, וואָס מוז זיך קענען „אָפּגעבן דעם אַנדערנס גייַסט", זיך „לאָזן באַאייַנפלוסן פון אים". ער מוז קענען „זייַן אַליין אַ געבער און אַ באַאייַנפלוסער" — ווייַל ער איז ווי יעדער קינסטלער: אַן אויפנעמער און אַן אויפטוער. דעריבער קען מען וועגן דעם קריטיקער ניט ריידן ווי וועגן אַ פּוסק־אחרון. ער שאַפט ווי עס שאַפט יעדער קינסטלער. און אויב מע שרייַבט אים צו יענע טאָטאַליטאַרישע מאַכט, יענע טיראַנישע קראַפט, וואָס קען אומברענגען אָדער עטאַבלירן טאַלאַנטן. איז עס ניט מער און ניט ווייניקער, ווי אַ סימן פון פּרימיטיווער קונסט־קולטור, פּרימיטיוון בליק אויף קריטיק. ניגער ווערט ניט מיד צו באַטאָנען: דער קריטיקער איז ניט מער אָבער אויך ניט ווייניקער ווי אַ קינסטלער. דער קינסטלער איז שעפעריש אין איין מין ווערק און ווייניקער שעפעריש אין אַן אַנדער מין ווערק. אַזוי איז אויך דער קריטיקער. אויב אַ קינסטלער נעמט ניט אויף שעפעריש אַ דערשיינונג, קען ער די דאָזיקע דערשיינונג ניט געשטאַלטיקן ווי ס'גע־הער צו זייַן. דאָס זעלביקע איז אויך מיטן קריטיקער. אויב דער קריטי־קער נעמט ניט אויף שעפעריש אַ דערשיינונג קען ער אין אַזאַ געגעבע־נעם פאַל ניט מיטשאַפן. ער קען זייַן אייַנדרוק דעמאָלט ניט געשטאַל־טיקן. און ניגער ברענגט אַ בייַשפּיל וועגן בעל־מחשבותן: „פאַר אים

(פאַר בעל־מחשבותן —נ. ב. מ.) האָט מען אויך געשריבן בײַ אונדז וועגן מענדעלע און שלום־עליכמען, אָבער קיינער האָט ניט געשריבן אַזוי אינטערעסאַנט ווי ער; פאַרוואָס? ווײַל קיינער האָט די צוויי שריפט־שטעלער ניט געלייענט אַזוי שעפעריש, ווי ער. זעט איר, פּרצן האָט ער שוין ניט געלייענט מיט יענעם גרויסן אינטערעס, וואָס ער האָט גע־האַט צו די שילדערער פון דעם יידישן כּלל־לעבן, איז אויך זײַן שרײַבן וועגן אים ניט אַזוי פּרוכטבאַר..." (דאָרט, ב. 2, ז' 396).

אַט־דער פּונקט, וואָס ניגער באַטאָנט שטענדיק, איז זייער אַ וויכ־טיקער. נאָך זײַן מיינונג נאָך איז דער קריטיקער ניט קיין שופט, ניט קיין פּאַרורטיילער, נאָר אַ קינסטלער, וואָס שאַפט און וואָס מאַכט באַקאַנט זײַנע לעזער „אי... די עצם רעזולטאַטן פון זײַן לייענען, אי... דעם אופן, ווי ער מאַכט אונדז באַקאַנט... אַט די רעזולטאַטן" (דאָרט, ב' 2, ז' 397). און נאָך אַ וויכטיקער פּונקט: מע דאַרף ניט זײַן מסכּים מיטן קריטיקער, פּונקט ווי מע מוז ניט זײַן מסכּים מיטן קינסטלער. עס קענען זײַן אַזויפיל מיינונגען אויסטײַטשונגען, אײַנדרוקן וועגן אַ ווערק וויפל עס זיינען דאָ קריטיקער, ד"ה שעפערישע לייענער וואָס זיינען געוואָרן שרײַבער. שרײַבט ניגער וועגן דעם:

„מיר קאָנען זיך האָבן אונדזערע אייגענע אײַנדרוקן פון שעקספּירן, אונדזער אייגן בילד פון מענדעלען אָדער שלום־עלי־כמען, אָבער דאָס פּאַרמינערט ניט אויף אַ האָר דעם ווערט, וואָס עס האָבן פאַר אונדז טענס אײַנדרוקן פון שעקספּירן אָדער בעל־מחשבותס בילדער פון מענדעלען און שלום־עליכמען. עס זיינען דאָ אַזויפיל שעקספּיר־וואַריאַנטן און אַזויפיל וואַריאַציעס פון פּושקינען אָדער היינען אָדער פּרצן, וויפל עס זיינען דאָ בײַ זיי אינטערעסאַנטע לעזער. פאַרוואָס זאָלן מיר זיך באַנוגענען מיט דעם, וואָס מיר אַליין האָבן איבערגעלעבט און איבערגעטראַכט, ווען מיר האָבן געלייענט שעקספּירן, פּושקינען אא"וו? לאָמיר זיך באַקענען מיט די געפילן און רעיונות, און אידייען־פאַרבינ־דונגען און טרוימען, וואָס אַנדערע האָבן געהאַט, ווען זיי האָבן געלייענט די דיכטער" (דאָרט, ב' 2. ז' 397).

בײַ דעם קריטיקער, דאַרף מען, נאָך ניגערס מיינונג נאָך, זוכן דאָס, וואָס מע זוכט בײַם קינסטלער: ניט פּסק־דין, נאָר דעם „טאַלאַנט צו מאַכן אַרויסלייכטן זײַן (דעם קריטיקערס) אינעווייניקסטן גײַסטיקן לעבן, אַרויסלײַכטן אַזוי, אַז מענטשן זאָלן עס קענען און וועלן זען".

ניגערן אינטערעסירן ניט פּיסאַרעווס אָדער טענס טעאָריעס און מעטאָדן. ער באַוווּנדערט אָבער: „דעם פײַער, ברען און טעמפּעראַמענט" (בײַ פּיסאַרעוון), און די בילדערישקייט, פאָרם, קלאָרע געדאַנקען און מײַסטערשאַפט (בײַ טענען). זייערע סיסטעמען לאָזן אים קאַלט. אים נעמט דאָס קינסטלערישע אין זייער קריטיק. איז וואָס זײַנען ניגערס פּסק־דינים אין דער קריטיק? ווען מע קוקט אויף קריטיק ווי ניגער, זעט מען אײַן, אַז זײַנע אורטיילן זײַנען ניט קיין אורטיילן. זיי זײַנען ניט מער ווי: אײַנדרוקן פון אַ שעפערישן לייענער, וואָס איז געוואָרן אַ שרײַבער.

זײַן קינסטלערישקייט האַלט ער אין ראַמען. דאָס מוז אויך טאָן יעדער קינסטלער, וואָס וויל ניט אַרײַנפאַלן אין כאַאָס. אין דעם ליגט די גרענעץ צווישן ניגערן און יענע „קינסטלערישע" אימפּרעסיאָניסטן, וואָס האָבן אַראָפּגעוואָרפן אַלע צאַמען, אָפּגעווישט אַלע גרענעצן און געלאָזן פרײַ דעם „גייסט", פון זייער אייגענער „אינטויִציע". ניגער איז אַ מיושבדיקער אימפּרעסיאָניסט, אַ קאָנסערוואַטיווער אימפּרעסיאָניסט. זײַן קאָנסערוואַטיזם — אפשר מער ווי זײַן אימפּרעסיאָניזם — איז דאָס ווערטפולע אין אָט־דעם אינטערעסאַנטן און פאַרדינסטפולן דעקאַן אין דער ייִדישער קריטיק. זײַן קאָנסערוואַטיזם און זײַן דיס־ציפּלין — דאָס איז דאָס סאַמע ווערטפולסטע, דאָס סאַמע ערנסטע און טיפסטע, וואָס זײַן אומגליקלעכער, דעפּיטיסטישער כאַאָטישער „צײַט־גײַסט", ווי אויך זײַן קינסטלערישער טעמפּעראַמענט האָט געקענט גע־בן אַן אימפּרעסיאָניסט.

ווען מע וואָס וועלן נעמען ניגערס אַ ווערק און אויסטיילן פון דעם געוויסע מעטאָדן זײַנע, וואָלט ער געוווּן דער ערשטער צו פּראָטעסטירן קעגן דעם. וואָרן אַ קריטיש ווערק, פּונקט ווי אַ קינסטלעריש ווערק, איז אַן אָרגאַנישער איינס פאַר זיך אַליין, אַן איינס, וווּ עס לעבן אַן אָרגאַניש, איינהייטלעך לעבן — אַ סך עלעמענטן. אין דעם איז ניגער גערעכט.

כדי אײַנזען זײַן פּיל־מעטאָדן סיסטעם, בעסער געזאָגט, זײַן פּיל־מע־טאָדן פּרײַקייט, — די פאַרשיידענע פּאַרטראַכטונגען און באַהאַנדלונגען — איז כדאי אָנװײַזן אויף איינצלנע פּעדעם. דאָס װעט זיכער זײַן גע־קינצלט, היפּאָטעטיש און נישט פּינקטלעך. דאָך װעט עס אונדז געבן אַ קלערער בילד װעגן די אופנים װי אַזוי ער באַהאַנדלט װערק.

## אויפן װעג צו אידעיִשקייט

זײַן ערשטע ליטעראַטור־קריטישע אַרבעט איז דערשינען אין װיל־נער „ד אָ ס װ אָ ר ט" נומער 1, דעם 18טן (31טן) מאַי, 1907. אין דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג האָט ער געשריבן װעגן שלום אַשעס דראַמע „משיחס צײַטן". די אָפּהאַנדלונג האָט געהייסן: „װעגן דער טראַגעדיע פון גלות", און דאָס אונטערקעפּל — „געדאַנקען מכוח „משיחס צײַטן" פון שלום אַש". אָט־די ערשטע אַרבעט, — אַ מין בריק צװישן פּובלי־ציסטיק און ליטעראַטור־קריטיק — האָט צוערשט אַרויסגעװיזן איין עלעמענט ניגערס, די אידעיִשע קריטיק. אים האָבן דאָרטן אינטערעסירט ניט אַזוי די עסטעטישע און ליטעראַרישע װערטן אין שלום אַשעס דראַ־מע, װי קלאָר מאַכן געדאַנקען מכוח דעם טראַגישן גלות. אַשעס „משיחס צײַטן" האָט אים בלויז געדינט װי אַ מיטל. אַדאַנק דעם האָט ער געקענט בולט אַרויסברענגען זײַן דורס „פאַרבאָרגענע טיפעניש". זײַן דור האָט דאָך געטראָגן „דעם יאָך פון זײַן באַזונדער גלות". „דאָס לעבן אין גלות — שרײַבט ניגער — באַהאַלט אין זײַנע פאַרבאָרגענע טיפענישן אָן אַ שיעור טראַגישע מעגלעכקייטן. און יעדע קונסט־געשטאַלט פון אַשעס װערק איז אַ גלגול פון װעלכער ס'איז איינער פון די דאָזיקע מעגלעכ־קייטן". און װײַטער שרײַבט ער: „די נשמה פון גלות — דער אייביקער שמערץ פון דעם אייביקן װאַנדערער — איז שטאַרקער װי דער טויט, און שװאַכער, אָבער טיפער, װי דאָס לעבן. אין זײַן גאַנצער אומענד־לעכקייט קאָן דער טראַגישער סוד פונעם גלות־שמערץ קיינמאָל ניט נתגלה װערן און יעדע סימבאָלישע פיגור פון „משיחס צײַטן" איז נאָר איין ניצוץ פון דער גלות־טראַגעדיע: איינע פון אירע שמערצלעכע לע־בערלעבקייטן, איינע פון אירע װונדן, איינער פון איר בלוטיקע װידער־

שפּרוכן...". דאָס ווערק האָט אויך אים געווירקט ווי קונסט, דערפאַר גיט ער זיך אָפּ דערמיט. אָבער די פאַרבאָרגענע שרײַפלעך און שייכותן אין ווערק גופא אינטערעסירן אים ניט. ווי שפּעטער כמעט אין אַלע זײַנע אַנדערע אַרבעטן נעמט ער אָן אַ געוויסן פּאָסטולאַט. אויב אַ ווערק ווירקט האָט ער אין זיך ממילא קינסטלערישע שלימות. און אָפּגעבן זיך באַזונדער מיט פאָרם און אַנדערע טעכנישע אָדער עסטעטישע פונקציעס איז וויכטיק פאַר ספּעציאַליסטן, וואָס האָבן ניט אין זינען דעם ווערקס טיפערע גאַנצקייט און די אידייע. דעם לייענער אינטערעסירט אוודאי ניט אַזעלכע עקסקורסיעס. דעריבער נעמט ניגער אָן די ריין־טעכנישע אָדער וויסנשאַפטלעכע גלידערונג ווי אַן ענין פאַר וויסנשאַפטלער, אָבער ניט פאַר קריטיקער. קריטיקער דאַרפן „מיטשאַפן" און אַרויסברענגען דעם עצם געדאַנק דעם סאַמע תוך דעם גײַסט פון ווערק. און אויב עס זיינען ערגעץ־ווו אינעם ווערק פאַראַן ערטער, וואָס האָבן ניט קיין שלימות אין זיך, באַווײַזט עס איין זאַך. דאָרטן הינקט אונטער דאָס קינסטלערישע, און אויף דעם דאַרף מען אָנווײַזן. און ניגער ווײַזט אָן אין אַזעלכע פאַלן אויף יענע ערטער, ווײַל זיי לאָזן ניט באַנעמען „דערפילן" די האַרמאָניע אין דעם ווערקס געדאַנק.

אַשעס „משיחס צײַטן" האָט ניגערן אָנגערעגט און אַרויסגערופן אין אים מחשבות און רעיונות וועגן דער „טראַגעדיע פון גלות". און אָט־די מחשבות און רעיונות ברענגט ער אַרויס אין זײַן ערשטער קריטישער אַרבעט. ער הייבט אַרויס די „סימבאָלישע פיגורן" אין דער גלות־טראַגעדיע, און דורך די פיגורן, דורך אָט־די פּערזאָניפיקאַציעס, גיט ער איבער די אידייען, וואָס יעדע פיגור שטעלט מיט זיך פאָר.

די קראָקעווער סטודענטקע יוסטינע, למשל פאַרקערפּערט אין זיך די אַסימילאַציע. איז פאַר ניגערן פאַרקערפּערט זי אַן אידייע: די קולטור־עסטעטישע אַסימילאַציע.

> „אין אונדזער שייִנער ליטעראַטור — שרײַבט ניגער — טרעט די אַסימילאַציע, אין דער געשטאַלט פון יוסטינען, צום ערשטן מאָל אַרויס ניט אַלס אַ קאַריקאַטור און ניט אַלס אָביעקט פון אַגיטאַציע, נאָר אַלס אַן ערנסטע טראַגישע פּראָבלעם.

דאָס איז שוין ניט קיין פראַגע וועגן צופּאַסן זיך צוליב אוטיליטאַרישע צוועקן, דאָס איז ניט קיין געזעלשאַפטלעכע אָדער קולטור־פראַגע, דאָס איז אַ פּראָבלעם פון דער אינדיווידועלער נשמה..." און נאָך אַן אינטערעסאַנטן אַנאַליז פון אָט־דער טראַגישער פּראָבלעם, אַ פּראָבלעם, וואָס איז געווען אַקטועל אין יענער צייט, קערט זיך ניגער ווידער אום צו דער פּערזאָניפיצירטער אידעע. „יוסטינע איז דער סימבאָל פון דער נאַטירלעכער, פון דער געזונטער, פון דער קולטור־עסטעטישער אַסימילאַציע; פון דער אַסימילאַציע, וואָס ווערט געבוירן אין דער נשמה און ניט אין קעשענע, וואָס דינט ניט זייטיקע צילן, נאָר זיך זעלבסט; פון דער אַסימילאַציע, וואָס בענקט נאָך אַ ברייטן, רייכן און „געזונטן" לעבן... אָבער יוסטינע איז אַ טראַגישער סימבאָל, ווייל די „געזונטע אַסימילאַציע איז ערשט אַ טראַגעדיע..."

אויף אַן ענלעכן אופן אַנאַליזירט ניגער יעדע פּערזאָניפיצירטע אידעע אין דער „גלות־טראַגעדיע": חיימען, דעם סאָציאַליסט, דעם רעוואָלוציאָנער; משהן — דעם גלותיסט; בן־ציונען — דעם ציוניסט; אַנדזשעיען — דעם טראַגישן סקעפּטיקער אויפן שיידוועג; ר' חננען — די פאַרקערפּערונג פון אמונה; אאַ"וו. די אַלע אַספּעקטן פון דער טראַגעדיע ווייזט אונדז ניגער אויף אַ זייער אינטערעסאַנטן און אָריגינעלן אופן.

הינטער די באַזונדערע „סימבאָלן"־אידעען וואָס ניגער שילדערט און טייטשט אויס, הויערט די הויפּט־אידעע: די טראַגעדיע פון גלות. ווו ס'איז דאָ אַ פּגם אין די אידעען אָדער אין דער הויפּט־אידעע, דאָרט פעלט פאַר ניגערן קינסטלערישע שלימות. שטעלט ער זיך אָפּ אויף דעם. איז כמעט ביים סוף עסיי (קאַפּיטל 10) ווייזט ער אָן אויף אַשעם חסרונות. ער ווייזט אָן ווו „אַש הערט אויף צו זיין אַ דיכטער און ווערט אַ פּשוטער אויסטראַכטער". טייל פיגורן, ווי יוסטינע, משה, אַנדזשעי, ר' חנן — גלויבט ניגער דערגרייכן „די מדריגה פון קונסט־סימבאָלן". ניט געקוקט אויף זייער „טענדענציעז־סימבאָלישן אינהאַלט", האָבן זיי „ניט פאַרלאָרן זייער קינסטלעריש־רעאַלע פאָרם". און

זייער אינטערעסאַנט — אידעיש — דערקלערט ניגער פאַרוואָס אַנדערע פיגורן זיינען ביי אַשן אַרויס „אַזוי בלאַס, אַזוי קאַרג, אָן פאַרבן, אָן בלוט און אָן לעבן". דאָס איז דערפאַר „וואָס דער שורש פון זייער נשמה ליגט אין דער נעפּלהאַפטער וויטקייט פון דער צוקונפט, ווי חיים, אָדער אין דער וויטער פאַרגעסענער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע דאַרף ערשט אין דער צוקונפט ווידער געבוירן ווערן", ער גיט אויך אָן אָביעקטיווע סי־בות: „די שטראַלן פון דעם קינסטלערס רוח־הקודש איז שווער אַריינ־צודרינגען" אין פיגורן און דערשיינונגען, וואָס האַלטן אין ווערן; און דעם „חסרון, וועלכער ליגט אין אַשן זעלבסט, אין דער באַגרענעצקייט פון באַאָבאַכטונגס־טאַלענט".

די חסרונות, ווי ניגער זעט זיי, האָבן טאַקע אַ שייכות מיט פּראָב־לעמען עסטעטישע. ער אַנאַליזירט אָבער ניט דאָס ווערק עסטעטיש, נאָר אידעיש. ווי פריִער באַמערקט — ער נעמט אָן דאָס וואָס ווירקט, דאָס וואָס איז אויסגעדריקט. אויב דאָס איז אויסגעדריקט, האָט עס אין זיך עסטעטישע ווערטן. און דאָס איז פאַר אים זעלבסטפאַרשטענדלעך. איז איבעריק וועלן עס באַווייזן. אויב אָבער אַ זאַך ווירקט ניט, איז עפּעס פאַר דעם געניסער ניט האַרמאָניש און דער לייענער, דער קריטיקער־לייענער ,דאַרף זיך שוין דאָ אָפּשטעלן און אָנווייזן אויף די סיבות. סיידן, — סיידן די גאַנצע זאַך איז אים פרעמד, און ער נעמט זי אינגאַנצן ניט אויף. אין דער קריטיק איבער „משיחס צייטן" שטעלט זיך ניגער אָפּ בלויז אויף יענע חסרונות, וואָס דערלאָזן ניט באַנעמען, דערפילן די האַרמאָניע פון דעם ווערק אידעע. גענויער — אים גייט ניט אין דער עסטעטישער אָדער פאָרם־האַרמאָניע פאַר זיך גופא, נאָר אין דער גאַנ־צער אידעע־האַרמאָניע.

דער זעלביקער מעטאָד מערקט זיך אויך בעת ניגער באַהאַנדלט שלום אַשעס „ג אָ ט פ ו ן נ ק מ ה" (דאָס וואָרט, 1907, נומ' 12, ווילנע). אויך דאָרט איז ניגער דער אידעיִשער קריטיקער. ער טייטשט אויס יענע אידעען־טענער, וואָס דאָס ווערק האָט אין אים אַרויסגערופן. שלום אַשעס „ג אָ ט פ ו ן נ ק מ ה" באַווירקט דעם לייענער־קרי־טיקער, ווי זאַכן בכלל באַווירקן קינסטלער. דאָס ווערק ווירקט אויף אים דערמיט, וואָס עס איז אידעיש. איז דאָס נעמט ער אויף ווי דער

קריטיקער־קינסטלער. און אָט־דאָס אויפגענומענע דריקט ער אויס ווי יעדער קינסטלער דריקט אויס זײַנע אײַנדרוקן און דערפאַרונגען.

ווען מען קוקט זיך צו צום געזעלשאַפטלעכן מאָמענט אין דער אידישער קריטיק, קען מען זייער גרינג דערבליקן די זעלביקע פעדעם ווי אין דער פּובליציסטיק. נאָכמער: די אידישע קריטיק האַרמאָנירט מיטן אימפּרעסיאָניסט. און ער קען זי קינסטלעריש אויפנעמען. דער פּובליציסט נעמט אויף פּאַרטיקע וויסנשאַפטלעכע אויספירן, פּאַרטיקע סך־הכלען. ער פּאַרטיפּט זיי, טײַטשט זיי און ווײַזט זיי אין ליכט פון זײַן קינסטלערישקייט און טעמפּעראַמענט. דאָס זעלביקע איז אויך מיטן אימפּרעסאָניסט — אמת, מיטן פּאַראַנטוואָרטלעך־מיושבדיקן. ער נעמט אויך אויף אײַנדרוקן ווי סך־הכלען. און ער אויך דריקט זיי שפּעטער אויס, איבערגעשפּאַנטע אין זײַנע עמאָציעס.

דאָ האָט מען באמת צוויי עלעמענטן. זיי האָבן געלעבט נאָענט איינער צום צווייטן, — אין דער זעלביקער אַטמאָספערע. מחמת דעם האָבן זיי געפונען אַ זעלטענעם סינטעז אין דעם יידישן אימפּרעסיאָניזם ווי ער האָט זיך באַוויזן אין רוסלאַנד (דעמאָלטיקן פּוילן און ליטע אַרײַנגערעכנט) אין די יאָרן נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. פּונקט פּאַרקערט האָט אויסגעזען דער פּריוואַט־אינדדיווידואַליסטישער אימפּרעסיאָניזם אין אַמעריקע. די צוויי עלעמענטן אין דעם יידישן אימפּרעסיאָניזם אין רוסלאַנד, זיינען געווען: געזעלשאַפטלעכע פּאַראַנטוואָרטלעכקייט און אינדיווידואַליסטישע אינטערפּרעטאַציע. בײַ טייל אימפּרעסיאָניסטן אין יענער עפּאָכע איז עס געלעגן אויבנאויף. בײַ די טיפערע איז עס געלעגן פאַרבאָרגן. צו די לעצטע געהערט ש. ניגער. ווי פאַרבאָרגן זיי זײַנען ניט געווען בײַ ניגערן, קען מען זיי זען אין דעם סכום אינטערעסן זײַנע. און — אין דעם אינדיווידואַליסטישן, סוביעקטיוון אויפנעמען און אויסדריקן, ד"ה איבערשאַפן און אינטערפּרעטירן, די דאָזיקע אינטערעסן. אין ניגערס שעפּערישן אויפנעמען און אויסטײַטשן דערשיינונגען פּילט זיך יענער קינסטלערישער כוח, וואָס מיר רופן אָן: אינטואיציע.

בולט זעט מען עס איז זײַנער אַן אינטערעסאַנטער קריטישע אַרבעט (1907) אונטערן נאָמען „פּריער און איצט" (געדרוקט אין „שמועסן וועגן ביכער" ניו־יאָרק 1922, ז"ז 61—68). אָט אין דער אַרבעט,

אין א פריער אָפּהאַנדלונג זײַנער — ליגט דער אינדיווידואַליזם ניט אַזוי אין דער סוביעקטיווער אינטערפּרעטאַציע ווי אין פּשוט אויפהייבן די פאָן, און אָנהויבן א קאַמף פאַר דער פרײַהייט, פאַר דער שאַפנדיקער פרײַהייט פון קינסטלער. היסטאָריש איז דאָס געווען דער ערשטער רוף אין דער יידישער ליטעראַטור צו באַפרײַען די קונסט. זי טאָר ניט זײַן בלויז באַדינעריש. איר צוועק טאָר ניט זײַן אויסשליסלעך אוטיליטאַריש. די קונסט דאַרף זײַן אומאָפּהענגיק, אָרגאַניש. זי דאַרף זײַן א פרײַע שאַפונג, אָן א פאָרויס־באַשטימטן צוועק און מיטל.

געשריבן האָט ניגער די דאָזיקע שורות בשעת עס האָט נאָך גע־ווירקט בעל־מחשבותעס מיליץ־קריטיק. ניגער טרעט אַרויס קעגן די פּענטעס אין דעם „פּאַרהיסטאָרישן פּעריאָד פון דער נײַער יידישער לי־טעראַטור". ער טרעט אַרויס קלאָר און דײַטלעך פאַר דעם קינסטלערס פרײַהייט: „ווי דעם מענטשנס פּערזענלעכקייט, אַזוי קאָן אויך די לי־טעראַטור, איר אייגנסטע און אינטימסטע שאַפונג, זיך פרײַ און ברייט אַנטוויקלען נאָר ווי א ציל פאַר זיך אַליין".

דאָס גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט נאָך דעמאָלט גוט געדענקט די נעכטיקע משכילים אָדער די נאַציאָנאַליסטישע בעל־תשובה־ניקעס. זיי זיינען, דאָס געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם „ווייניק פּרוכ־פּערדיקן פּעריאָד אין דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע". די עקסיסטענץ־רעכט פאַר דער יידישער ליטעראַטור האָט מען געזען „ניט אין איר, נאָר אויסער איר". די יידישע ליטעראַטור האָט באַדאַרפט העלפן אויסבילדן, רעוואָלוציאָניזירן דאָס פאָלק, אָדער אים באַפרײַען. עס איז געווען א געוואַגטער שריט מצד ניגערן אַרויסצוגיין אין יענער צײַט קעגן דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט מיט א קריטיק קעגן איר, מיט א נײַעם אני־מאמין, שיר ניט א קונסט־פאַר־קונסט אני־מאמין. געוואַגט איז אָבער געווען ניט דער אַרויסטריט גופא, נאָר דאָס באַנעמען, זען און אורטיילן פאַרשיידענע פונקציעס אין פאַרשיידענע עפּאָכעס. דאָס האָט געמיינט — זײַן אינטעלעקטועל געוואַגט. „אי די העברעישע, אי די יידישע ליטעראַטור — שרײַבט ניגער — אויף וויפל זי האָט עקזיס־טירט, האָט געהאַט דעם ציל צו קריטיקירן אָדער קאָנסער־ווירן. אָבער ניט צו שאַפן. אי דער העברעישער, אי דער יידישער

שרײַבער פּלעגט צאָלן די חובות פון זײַן משכילישן, נאַציאָנאַלן און געזעלשאַפטלעכן געוויסן, אָבער ניט פאַרווירקלעכן זײַן רעכט אויף שאַפן. אין דעם „טעמפּל" פון דער יידישער ליטעראַטור זיינען די יידישע שרײַבער געווען די קרבנות, ניט די כהנים..."

אין אָט דער פריער ארבעט ניגערס ליגן פאַרלייגט אַ סך שטריכן פון זײַן שרײַבן. אינטערעסאַנט איז דאָ דער נײַער באַנעם אין יידישער קריטיק, אָדער דער געוואַגטער אַרויסטריט. אינטערעסאַנט איז דאָך דער אַנאַליז. מע דאַרף געדענקען — אַנאַליזירן איז, פון ראַוואַניצקין אָן, נאָך אַלץ געווען אַ נײַע זאַך אין דער יידישער קריטיק. אין אַנאַליזירן געוויסע ליטעראַרישע תקופות אָדער זייערע קוואַלן, — אין דעם האָט ניגערן נאָך קיינער ניט איבערגעשטיגן. אין אָט־דעם מין אַרבעטן זײַנען קען מען דאָס זען. אויך — אין זײַן סעריע „וועגן דעם אָנהייב פון דער נײַער יידישער ליטעראַטור" (צוקונפט, יוני, יולי, אויגוסט, סעפּטעמבער, 1944).

„דער פלאַכער, טרוקענער, מתנגדישער ניהיליזם פון ליליענבלומס „חטאת נעורים" — לייענען מיר בײַ דעם דעמאָלט יונגן קריטיקער — איז פונקט ווי דער קליינלעכער נאַיווער, בטלנישער „רעוואָלוציאָניזם" פון ברוידעסעס „הדת והחיים" ניט פעיִק געווען צו פאַרשטיין און צו פילן די זעלבסטשטענדיקע, ריין־שעפערישע באַדײַטונג פון דער יידישער ליטעראַטור. אויף אונדזערע שרײַבער האָט דאָן אַ געוויסע ווירקונג געהאַט דער „ניהיליסטישער" רעאַליזם, די „באַזאַראָווטשינע", וואָס האָט אין די זעכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט אויפגעבליט אין דער רוסישער פּובליציסטישער קריטיק; נאָר די יידישע „באַזאַראָווס", די יידישע „פּיסאַרעווס" זיינען ניט געווען קיין אַנטי־עסטעטיקער. — בײַ אונדז זיינען ניט געווען קיין „עסטעטיקער", קיין פּושקינס און קיין ביעלינסקיס, און ס'איז ניט געווען קעגן וועמען צו קעמפן; אונדזערע פּיסאַרעווס זיינען, פשוט, געווען ניט קיין עסטעטיקער. און נאָך אַן אונטערשייד איז געווען צווישן דעם יידישן „ניהיליזם" און דעם רוסישן. די רוסישע „ניהיליסטן"

האָב אין דער רוסישער ליטעראַטור געגלויבט, האָבן זי געליבט און געשעצט; אויב זיי האָבן געקוקט אויף איר ווי אויף אַ נוצ־ לעכן געווער און ניט ווי אויף אַ זעלבסט־צוועק, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל אַט דער אוטיליטאַרישער שטאַנדפּונקט האָט געשטימט מיט זייער אַלגעמיינער עסטעטישער אָדער, ריכטיקער, אַנטי־עסטעטישער טעאָריע. דער ייִדיש־משכּילישער „ניהיליזם" האָט געקראָגן גאָר אַ באַזונדערן בייגעשמאַק דורך דער ספּע־ ציפישער באַציִונג פון די משכּילים צו דער ייִדישער ליטעראַטור, ווי צו אַ צייטווייליקער פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, ווי צו אַ ליטעראַטור, וואָס האָט ניט און דאַרף ניט האָבן קיין צוקונפט, ווי צו אַ ליטעראַטור וואָס קיינער גלויבט ניט אין איר און קיינער ליבט זי ניט..." (שמועסן וועגן ביכער, ז"ז 63—64).

וואָס פאַר אַ פונקציע קונסט האָט אין ניגערס אויגן קען מען זען אין זיינע ווייטערדיקע רייד. ער רעדט דאָרטן מכּוח דעם ווי טראַגיש עס איז די ייִדישע ליטעראַטור, געפּענטעט אין אוטיליטאַרישע קייטן:

„שטאַרק האָט זיך די לאַגע ניט געביטן אויך שפּעטער, אין די אַכציקער יאָרן, ווען נאָך דער „קריטישער" עפּאָכע איז אין דער אידעאָלאָגישער ייִדישער וועלט אָנגעשטאַנען דער פּעריאָד פון „אָרגאַנישער" נאַציאָנאַלער אַרבעט, פון „קליינע מעשׂים" און נאָך קלענערע אידייען, דער פּעריאָד פון פּשרות און חרטה, צע־ קראָכנקייט און סענטימענטאַליזם, אַנטוישונג און ראָמאַנטיק, נאַ־ ציאָנאַליסטישע קרעכצן און אַסימילאַטאָרישן „על־חטא" — דער פּעריאָד פון „יהדות־נאַציאָנאַליזם", ישוב ארץ־ישׂראל, שׂפה ברורה און אַלע אַנדערע „היסטאָרישע" און ניט היסטאָרישע אָפּגעטער. אויך אין דעם פּעריאָד האָבן די אינעווייניקסטע שאַפונגס־קרעפטן פון דער ייִדישער ליטעראַטור נאָך ניט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם הויקער פון פאַרשיידענע זייטיקע ריין־אַגיטאַטאָרישע כּוונות. אויך דאָן איז די ייִדישע ליטעראַטור נאָך באַטראַכט געוואָרן — אין בעסטן פאַל — ווי אַ פאַקטאָר פון נאַציאָנאַלער אויפ־

לעבונג, ניט ווי אַ פאַקט פון נאַציאָנאַלן לעבן. מיט דעם נאַציאָנאַלן קולט, ניט מיט דער נאַציאָנאַלער קולטור איז פאַרבונדן געווען די ייִדישע ליטעראַטור. העברעיִש, וואָס מ'האָט געשריבן אַמאָל צוליב השכלה און „מענטשלעכקייט", האָט מען איצט גענומען שרײַבן לשם ייִדישקייט און נאַציאָנאַליזירונג, פונקט ווי ייִדיש האָט מען געברויכט צוליב דעמאָקראַטיזם אָדער דעמאָקראַטיזירונג... עס האָט זיך געביטן דאָס „ציל" פון ליטעראַטור, זי אַליין איז קיין ציל ניט געוואָרן..." (דאָרט, ז' 64).

ניט נאָר אַ געוואַגטן אַרויסטריט האָבן מיר דאָ, ניט נאָר תקופה־אַנאַליז, נאָר אויך אַ קונסט־פילאָסאָפיע. מע וועט אָבער אַרײַנפאַלן אין אַ טעות, אויב מע וועט אָננעמען די אויבנגעבראַכטע רייד ווי ניגערס אַ „קונסט־פאַר־קונסט טעאָריע". אַנטי־געזעלשאַפטלעכע, אַנטי־פאָלקישע שטימונגען האָבן אין אַ גרויסער מאָס געקענט אויפקומען אין דעם ייִדישן אימפּרעסיאָניזם אין אַמעריקע. אַזוי איז עס געווען בײַם גרעסטן טייל „יונגע". אין ייִדישן לעבן האָט דעמאָלט געהערשט מוטוויל, „קאַלאָניאַלע זיטן", אַלגעמיינער הפקר, און אויך אימפּרעסיאָניסטישער הפקר. אָבער אין אייראָפּע איז דאָס ניט מעגלעך געווען. צו נאָענט און המשכדיק איז געווען די פריִערדיקע טראַדיציע. מע איז געווען צו בלוטיק געקניפּט און געבונדן מיט די אויפגעקומענע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן און מאַסן־פּאַרטייען. צו בלוטיק, צו טראַגיש, האָט מען געפילט אין זיך די דורכגעפאַלענע רעוואָלוציע. אַ גרויסן באַפרײַונגס־טרוים האָט מען דערטרונקען אין טײַכן ייִדיש בלוט. און דאָס האָט אַנטפּלעקט אַ מוראדיקן תהום. די אַנטרונענע, די טראַכטנדיקע צווישן זיי, האָבן געזוכט טרייסט אין טאָן תשובה, האָבן געזוכט אַן ענטפער אין איראַציאָנעלקייט. זיי זײַנען אַוועק טיפער און טיפער אין זיך אַליין, אין גע־פיל־לעבן. אָבער אָפּרײַסן זיך אינגאַנצן פון פאָלקסלעבן האָבן זיי ניט געקענט און ניט געוואָלט. זיי האָבן געלעבט ווי אַנטלאָפענע פון פאַרטייען, צוזאַמענגעבראָכענע טעאָריעס, אָבער ניט פון פאָלקס־געדיכטעניש. עס האָבן זיך געביטן די באַציִונגען צו טעאָריעס, געזעלשאַפטלעכע דאָגמעס, רעוואָלוציאָנערע טרוימען און לאָזונגען, אָבער ניט די באַציִונג צום פאָלק. און עס איז ניט קיין צופאַל וואָס די ליטעראַ־

רישע מאַנאַטשריפטן — דער מבשר פון אַ נײַעם רענעסאַנס — האָבן רעדאַקטירט בלערליי נעכטיקע פּאַרטיי־אידעאָלאָגן פון פאַר־שיידענע פּאַרטייען: ש. ניגער — אַ פריִערדיקער טעריטאָריאַליסט; אַ ווייטער — אַ פריִערדיקער בונדיסט; און ש. גאָרעליק — אַ ציוניסט. זיי האָבן פאַרלאָזן די פּאַרטייען, אָבער ניט דאָס פאָלק. פאַרקערט — אין דער אויפוואַכונג פון פאָלקסמאַסן זעט גאָר ש. ניגער די אויפוואַ־כונג פון עסטעטישע ווערטן.

„אַדאַנק דער אויפוואַכונג פון די פאָלקסמאַסן — לייענען מיר ביי אים — ווערט די ייִדישע גאַס בכלל לײַטישער, אייראָפּעיִשער, לעבנס־דורשטיקער און, ממילא, עסטעטישער... עס וואַקסן אויס נײַע קולטור־באַדערפעניש, „דער אײַז צעגייט"... דער ייִדי־שער שאַפונגס־גײַסט דאַרף זיך שוין ניט פאַרענטפערן פאַר זײַן „אומניצלעכער עקזיסטענץ"... דער ייִדישער „מחבר" דאַרף שוין מער ניט אָפּריכטן קיין גלות און „וואָגלען און וואַנדערן" אויף דער דאַרער „קליאַטשע", מיט ר' מענדעלעס „טאָרבע" אויפן רוקן, איבער די ייִדישע בתי מדרשים, הקדשים, בית־עלמינס און קהל־שטיבער, און זײַן אַן עבד־כנעני בײַ דער השכלה אָדער בײַ דער „נאַציאָנאַלער אידעע": ער איז שוין אַליין דער מקור פון ליכטיקייט, דער סימבאָל און די פאַרקערפּערונג פון דער „נאַציאָ־נאַלער אידעע"... די ליטעראַטור האָט אָוועקגעוואָרפן דעם מלמדישן טייטל, מישט זיך ניט אין זײַטיקע זאַכן, אין קהלשע געשעפטן, האָט זיך באַפרײַט פון די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע צילן. אין איר אייגענער „קונסט־רעפּובליק" גיט זי זיך אָפּ אירע אייגענע שאַפונגס־טרוימען, איר אייגענע נשמה־אַנטפּלעקונגען. די ייִדישע ליטעראַטור איז מער ניט קיין מזבח, וווּ דער שרײַבער ברענגט זיך פאַר אַ קרבן, די ייִדישע ליטעראַטור איז געוואָרן אַן „אייביק־שטראַלנדיקער טעמפּל, וווּ ער (דער קינסטלער) איז אַליין אַ כהן, אַליין גאָט..." (דאָרט, ז' 67).

עס איז אַ טעות אָנצונעמען ניגערס קונסט־אויטאָנאָמיע פאַר אַ „קונסט־לשם־קונסט" טעאָריע. צוליב דער „פרײַהייט פון דער קינסטלע־

רישער פּערזענלעכקייט״ זאָגט ער נישט אָפּ דער ייִדישער ליטע־ראַטור איר „סאָציאַל־פּעדאַגאָגישע באַדײַטונג״. „די קונסט — גלויבט ניגער — באַלײַכט מיט אירע שטראַלן די פאַרבאָרגנסטע טיפענישן און פינצטערסטע געהיימנישן פון דער אינדיווידועלער און קאָ־לעקטיווער נשמה״ (דאָרט). און הגם די קונסט שטעלט זיך נישט קיין פּראַקטישע געזעלשאַפטלעכע צילן צו זײַן אויסשליסלעך „נוצלעך״, „איז זי אומבאַוווּסט פאַר זיך אַליין, אַן אָרגאַן פון געזעלשאַפטלעכן באַוווּסט־זײַן, אַ װעגװײַזנדיקער שטערן פאַר דער סאָציאַלער פּראַקטיק. . .״ אָבער דער דאָזיקער ווערט איז ניט קיין פאָרויס־באַשטימטער ציל, אויך ניט קיין אימפּולס־פּראַגע, נאָר אַ רעזולטאַט פון קינסטלערס שאַפן.

אָט די אידייע וועגן דער אינדיווידועלער און קאָלעקטיווער נשמה, אָט דער געדאַנק, אַז דער רעזולטאַט פון פרײַען קינסטלערישן שאַפן קען זײַן אַ וועגווײַזער פאַר דער סאָציאַלער פּראַקטיק. אָט די אידעיִשקייט גייט דורך דורך אַלע ניגערס ווערק. און נאָך אַ זאַך — דורך איר שאַפן קען די קינסטלערישע פּערזענלעכקייט ווען דאָס געזעלשאַפטלעכע באַ־וווּסטזײַן. בײַ ניגערן איז עס באַזונדערס בולט אין יענע ווערק, ווו ער באַהאַנדלט אידעען, און ווײַזט זיי אונדז דורך זײַן פּערזענלעכער אויס־טײַטשונג.

אין ניגערן געפינען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג יענע ווערק וואָס דריקן קינסטלעריש אויס אידעען, פּראָבלעמען, אָדער זיי רעגן אָן אויף אי־דעיִשע קאָמפּלעקסן. זיי ווען אין אים אויף יענעם כוח, וואָס מאַכט אים פאַר אַ מיטשאַפער. אָבער אידעיִשקייט אַליין איז אַ צו אָביעקטיווע קאַטע־גאָריע. דאָס אַליין וואָלט ניט געווירקט אויף דעם קריטיקער. בלויז איין מין אידעיִשקייט ווירקט זייער שטאַרק אויף ניגערן. זי דאַרף זײַן סוב־יעקטיוו־וואַרעם באַפאַרבט, לײַכט מיט פײַכטן ליריזם און באַפרידיקן זײַן אייגענעם גוסט.

ניט דאָ איז דאָס אָרט זיך אַרײַנלאָזן אין חקירות: צי איז די אידעע אין ווערק דער באַגלויבסטער עדות וועגן דעם קינסטלערס שעפערישקייט, אָדער — די פאָרם (ניט ווי אַ פיקסירטער פורעם, נאָר ווי דער אָטעם פון דעם קינסטלערס זעל־באַוועגונג). מיר זײַנען דאָ פּאַראיטערעסירט צו דערקלערן ניגערס אידעיִשע קריטיק. און מיר זיינען אויסן אַרויס־

ברענגען אַזאַ רעיון: ווען מע פּאַסט־אויף קינסטלעריש אַן אידעע, אַ פּראָבלעם, איז דאָ ניט שייך וואָס פאַר אידעע, וואָס פאַרא פּראָבלעם דאָס איז, ניט די אָדער יענע אידעע שפּילט דאָ אַ ראָלע, נאָר די איי־דעוּשקייט ווי אַ קינסטלערישע קאַטעגאָריע. זי דאַרף אַנטפּלעקן אַזאַ תּמצית, וואָס מע זעט ניט מיטן נאַקעטן אויג, וואָס מע נעמט ניט אויף בלויז מיט חושים. און קיין שום סטיל, קיין שום קונסט־געפיל איז ניט אַזוי מסוגל אויפנעמען אידעוּשקייטן סוביעקטיוו, ווי דאָס איז דער אימ־פּרעסיאָניזם. פאַרשטייט זיך, ניט דער פּריוואַט־אינדיווידואַליסטישער אימפּרעסיאָניזם. אין דעם אימפּרעסיאָניסטישן אויפנעם שפּילט אַ ראָ־לע דעם אויפנעמערס גייסט, זיין טעמפּעראַמענט, צי ער איז אָדער פאַר־טיפט, צי ער איז לייכטזיניק אָדער שטאַנדהאַפטיק. און אין דער קריטיק, באַזונדערס אין דער מיושבדיק־אימפּרעסיאָניסטישער קריטיק, איז יע־דע קינסטלערישע דערפאַרונג אַ פּראָבלעם: אַ גײַסטיק־פּסיכאָלאָגיש־ליטעראַטור־היסטאָרישע, אָדער אַן עסטעטישע, בכן שליסט אין זיך איין די אידעוּשע קריטיק אַלע מעגלעכע פּראָבלעמען, אַלע דערפאַרונגען און אַלע אָנרעגונגען. זי איז אימפּרעסיאָניסטיש, אימאַנענט. און ווייל זי לעבט זיך איין אין יעדער אידעע, אין יעדער דערפאַרונג, אין יעדן אָנ־רעג — איז זי פּלוראַליסטיש.

## וואַריאַציעס אויסטייטשונג

עס איז זייער אינטערעסאַנט זיך צוקוקן צו ניגערס מעטאָדן אין זיינע עסייען וועגן אונדזערע קלאַסיקער, באַזונדערס אין די עסייען וועגן מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ, ווי זיי זיינען דערשינען אין זיינע בי־כער „וועגן יידישע שרייבער" (1910). די דאָזיקע דריי אַר־בעטן זיינען עד היום די גײַסטרײַכסטע עסייען וועגן די דריי שרייבערס.

ווי דאָס איז דער ציל פון יעדן קריטיקער, איז אויך ניגערס ציל אין די אַלע דריי עסייען — דערקלערן דעם קינסטלערס תּמצית. די וועגן, אָבער, צו דעם דאָזיקן ציל, זיינען פאַרשיידן, פאַרשיידן אין קאָמפּלעקס און אין מעטאָד.

די עסיי וועגן מענדעלע האַלט זיך אויף די ליניעס פון ליטעראַטור־

געשוּבּטע אין הסכם מיט עסטעטישע פּרינציפּן. די עסיי וועגן פּרצן גע־הערט איינגאנצן צום געביט פון שאפונגס־פּסיכאלאגיע. און דער עסיי וועגן שלום־עליכמען געהערט צו ביידע: ליטעראטור־געשיכטע און שאפונג־פּסיכאלאגיע.

דאס כאראקטעריסטישע לפי ניגערן, אין מענדעלעס מאטעריאל און אין זיין פורעמען דעם מאטעריאל שטאמט פון דעם סאמע געדיכטן פון יידישן לעבן: און מענדעלע וויַיזט עס אונדז בשלימות. דאס איז מענדעלעס גרעסטער קונסט־אויפטו. אחוץ דעם האט מענדעלע באשאפן נאך צוויי קונסט־ווערק, — ניט פון „דער השכלה, וואס איז מער ניט, ווי אן אידעאלאגישע אפשפיגלונג פון לעבן", נאר פון „לעבן זעלבסט". די צוויי קונסט־ווערק זיינען: מענדעלעס שפּראך, וואס „זי איז אליין ביי אים א שאפונג"; און די געשטאלט „מענדעלע". מיט אנדערע ווערטער: מענדעלעס מאטעריאל, פאָרם, שפּראך און אייגענע געשטאלט קומען פון די טיפסטע פאלקס־גרונטן. דארטן ליגן פארבארגן זיינע ווארצלען. מענדעלע האט ניט געקענט ווערן מענדעלע אן דער סביבה, — און ירו־שה. דאס מיינט — אן דער דורותדיקער ירושה און אן דער סביבה, — ניט געזעלשאפטלעכקייט, נאר לעבן גופא.

דא באנוצט זיך ניגער מיט היפּאליט טענס מעטאד. אין גרונט האט אים קיינמאל ניט „געגומען" דער דאזיקער מעטאד: ראסע (ירושה), מיליע (דאס לעבן גופא) און דער מאמענט (דאס אינטימסטע). ווייבאלד דער דאזיקער מעטאד קען אים דינען צום בעסטן, לאזט זיך ניגער אוועק אויף טענס דרכים. אבער אין מענדעלע־פאל איז ניגער אוועק אף אט־א די דרכים צוליב א קלארן טעם. דורך מענדעלעס ספּעציפישער איינגע־ווארצלטקייט, מחמת זיין ספּעציפישע ליטערארישע נטיה און שליחות, פירט דער דאזיקער מעטאד „ניט נאר צום אינעווייניקסטן, סביבהשן, נאר אויך צום מער אינטימען — פּערזענלעכן קוואל פון מענדעלעס שאפן" (דארט ב' 1, ז' 10). און דאס איז שטענדיק ניגערס שטרעבונג: זיך דערשלאגן צום קינסטלערס אינטימסטן, פּערזענלעכן שאפונגס־קוואל.

אין אזא פאל איז דאס גלייכסטע אויפצונעמען דעם אויטאביאגרא־פישן עלעמענט אין מענדעלעס שאפן. און דאס האט ניגער דערפילט.

און דורך אט דעם עלעמענט קומט ער צו צו מענדעלעס „מער אונטיקען און פערזענלעכן קוואל".

ווען ניגער וויל ארויסברענגען מענדעלעס ספעציפישן רעאליזם, דעם נעא־משכילישן רעאליזם, מוז ער אנאליזירן דעם באזונדערן מין מענדעלעס משכילישקייט. דאס איז א משכילישקייט אין אן איבערגאנג צייט. זי האט גאר געפירט מענדעלען קעגן דער השכלה. און ניגערס אנאליז גופא ווייזט אונדז ווי מענדעלעס ערשטע טריט צו השכלה זיינען געווען: אן א קריזיס, אן א מלחמה מיט די ארומיקע, און אן דער ראמאנטיק, וואס אין א מלחמה. ס'איז ניט געווען אין מענדעלען די באוווסטע „פארביטערונג", וואס אנדערע משכילים אין יענער צייט האבן געטראגן אין זיך. מענדעלע האט ניט איינגעטיילט די מענטשן אין „חשוכים", „מורדי־אור" און אין משכילים, „נאורים". ער האט זיי איינגעטיילט „אויף אונטערדריקער און אונטערדריקטע, אויף ערלעכע און ניט ערלעכע". דאס לעצטע האט גורם געווען, וואס מענדעלע „האט... איינגעפירט אנשטאט דעם רעליגיעזן, דעם סאציאל־עטישן שטאנדפונקט". כדי דאס אלץ ארויסצוברענגען, מוז ניגער זיך באנוצן מיט דער מיליע־טעאריע: ירושה און סביבה.

און ווען ניגער פירט פאר אונדז ארויס די געשטאלט „מענדעלע", מוז ער צו דעם אויסגערעכנטן מוסיף זיין מענדעלעס געלאסנקייט און זיין לעבנס־חכמה, זיין פקחות אין דערקענען מענטשן, זיין ליבע צום „דרך הממוצע". אבראמאוויטש, שרייבט ניגער, „איז דער היפוך פון ראמאנטיק, ער איז ניכטערקייט, קלארקייט; ער איז געבוירן געווארן מיט אן אויג, וואס זעט דאס קלענסטע, דאס ווייטסטע, אפילו זיך אליין זעט ער גוט (ווי הויך דארף מען זיך שטעלן צו זען זיך!)" „ער (ה״ח מענדעלע) האט געשאפן א נייעם טיפ משכיל, ער האט געשאפן מענדעלען: א משכיל, וואס בלייבט א יבעוויניק, אין דער יידישער מאסע; א משכיל א רעאליסט, א משכיל א סקעפטיקער, א הומאריסט (סארא אומגעריכטע צונויפפארונג!). אין אים זיינען פאראן סתירות. ער זאגט אליין, אז אין אים זיצן צוויי מענדעלעך; אבער ווו האט איר געזען א פארשטעלטן, וואס זאל זיין הארמאניש? און מענדעלע איז א פארשטעלטער. שוין אט־די סתירות גופא, אויב איר ווילט, איז א נייעם

אין דער השכלה־ליטעראַטור זײַנען ניטאָ קיין מענטשן מיט סתירות; דאָרט איז ניטאָ קיין קאָמפּליצירטקייט... מענדעלע האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור די אינעווייניקסטע סתירה, דעם אינעווייניקסטן קאַמף, ער איז געקומען מיט ספקות, וועלכע האָבן זיך דעם משכיל ניט געחלומט אפילו..." (וועגן יידישע שרײַבער, ב' 1, ז' 9).

און כדי אונדז ווײַזן דאָס אַליץ האָט ניגער זיך ווידער געמוזט נעמען אַנאַליזירן די השכלה, נאָכמער — „דאָס לעבן זעלבסט", און אויך די ירושה, דאָס אַליץ האָט פאַר אים ברייט געעפנט דעם וועג צו דעם „פאַרזענלעכן קוואַל פון מענדעלעס שאַפן".

דאָס, וואָס ניגער האָט געטאָן מיט „מענדעלע"־געשטאַלט, האָט ער אויך געטאָן מיט דער „מענדעלע־שפּראַך". דאָס דאָזיקע זעלטענע קונסטווערק האָט מענדעלע געשאַפן פון דעם אומציכטיקן, אומגליקלעך־פאַרווילדעוועטן קאָבצאַנסק. אין מענדעלעס הענט איז עס אָן אַנטפּלעקונג: זי איז זויבער, פאַרמאָגט מאָס און איז עטיש. אַזוי האָט ניגער אויך געטאָן מיט מענדעלעס מאָלן די נאַטור. אַזוי איז אויך מיט דער אידייע סאָציאַלער פּאַטאָס, און מיט דער אידייע נאַציאָנאַלער פּאַטאָס, וואָס מענדעלע האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור. און צו דעם אַלעמען פירט ניגער זײַנע וועגן דורכן מיליע־מעטאָד.

מיט דעם דאָזיקן מעטאָד באַנוצט זיך ניגער דאָ ניט בלויז פאַר אויסמאָלן דעם גאַנצן הינטערגרונט פאַר דער „מענדעלע־געשטאַלט" און פאַר מענדעלעס שאַפן. דער עיקרשט וויל ער אויפדעקן יענע פאַרבאָרגענע טיפענישן, וווּ עס ליגן פאַרבאָרגן מענדעלעס וואָרצלען. אָט פון די וואָרצלען פירט אונדז ניגער צו עסטעטישע באַטראַכטונגען, צו מענדעלען דעם קינסטלער.

ווען ניגער אַנאַליזירט און דערקלערט מענדעלען דעם קינסטלער, ווײַזט ער אונדז ווי אַזוי מענדעלע איז צוגעקומען צו יענע טיפע קוואַלן, פון זיי האָט זײַן פּען „געשעפּט איר חיות". דאָס זײַנען געווען — דאָס פאָלקס־לעבן און די נאַטור. ניגער ווײַזט אונדז פאַרוואָס מענדעלע איז „אַ גרויסער קערפּער־שילדערער", אַ טיפער פּסיכאָלאָג, אַ קינסטלער־סטיליזאַטאָר, אַ שפּראַך־שאַפער, אַ שילדערער און אַ מאָלער, אַ סאַטיריקער און אַ הומאָריסט...

אין אַט־דער וווּנדערלעכער מענדעלע־אַרבעט פירט אונדז ניגער פון דער מיליע — צום קינסטלער, צו זײַן „מער אינטימען, פּערזענלעכן קוואַל". דריקט דאָך קונסט אויס די קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט. ניגער האָט דערפילט מענדעלעס גאַנצקייט. ער האָט געזען אין אים אַ טיף־פאַרוואָרצלטע, פאַרענדיקטע געשטאַלט. ער האָט אויך באַנומען דאָס קינסטלערישע שליחות פון אַט־דער געשטאַלט. ניגער געהערט ניט צו די „וויסנשאַפטלעכע" קריטיקער פון טענס חדר. ער האָט אָבער אינטואיטיוו דערפילט, אַז אין מענדעלע־פאַל וועט אים צום בעסטן דינען טענס „וויסנשאַפטלעכער" מיליע־מעטאָד. און דערפילט האָט עס ניגער דער אימפּרעסיאָניסט, ווײַל זײַן קריטיק איז די אימאַנענטע קריטיק. דאָס אימאַנענטע, דאָס אינערלעכע אין יעדן ווערק, זאָגט אים אונ־טער וואָס פאַר אַ מעטאָד איז דער פּאַסיקסטער פאַר דעם באַטרעפנדיקן ווערק. און אין מענעדעלען האָט דער אימפּרעסיאָניסט, דער „פרײַער" קריטיקער ניגער געזען אַ פאַרענדיקטע שאַפונג. דעריבער האָט ער אונדז טאַקע געקענט געבן אַ גאַנץ בוך וועגן מענדעלען, איינס פון די גאָר־ווייניקע פאַרענדיקטע גרויסע ליטעראַטור־מאָנאָגראַפיעס, — אַן אַרבעט אַ סאָלידע און אַ מאָנומענטאַלע.

פּרצן אָבער האָט ניגער אַנדערש אויפגענומען. האָט ער דערפאַר אויך גענוצט אַן אַנדער מעטאָד. ניגער בלײַבט שטענדיק געטרײַ זײַן קונסט־געפיל, זײַן אויפנעם־אינסטינקט. וואָס פאַר אַ מעגלעכקייטן דער מאַטעריאַל וועט פאַר אים אַנטפּלעקן, אַזאַ מעטאָד וועט ער אינטואיטיוו אָננעמען. זעען מיר אין זײַן אַרבעט איבער פּרצן גאָר אַן אַנדערן צו־גאַנג.

אויך פּרצן, דעם אומרויִקן פּרצן, דערפילט ניגער ווי אַן אימפּרעסיאָניסט. און אימפּרעסיאָניסטיש זײַנען ניגערס ערשטע אַקאָרדן אין דער פּרץ־עסיי.

„וועלער — שרײַבט ניגער — עס זוכט דעם ברענפּונקט, ווי אַלע, סײַ די העלע, סײַ די בלאַסע שטראַלן פון אונדזער ליטעראַ־טור אין דער הײַנטיקער צײַט קלייבן זיך צונויף, — בלײַבט שטיין בײַ פּרצן... וואָס האָט אויף פּרצן קיין רושם נישט געמאַכט?

וואָס האָט אים נישט פּרוכטבאַר געמאַכט? און וועלכע אידעען־בלום, וואָס ער האָט, ווי די בין, זי געזויגן, האָט ער, אויך אַזוי ווי די בין, נישט באַפּרוכפּערט?" „די גרונט־מאָטיוון פון זיין שאַפן איז פּונקט אַזוי שווער צו געפינען, ווי די גרונט־ריכטונג זיינע... צו וואָסער ריכטונג אין דער יידישער ליטעראַטור געהערט פּרץ? אָבער נישט אין דער יידישער ליטעראַטור דאַרף מען זוכן די ריכטונג פּרצעס, נאָר פאַרקערט, אין אים — די ריכטונגען פון דער נייער יידישער ליטעראַטור; אין אים איז דער אָנהייב פון זיי אַלע כמעט; פּרץ איז אַ יידישע ליטעראַטור־געשיכטע אין מיניאַטור... דען נישט נאָר דער אינהאַלט איז ביי אים אַ רייכער און אַ פאַרשיידנאַרטיקער, — אויך די פאָרם". (דאָרט ז' 135).

דאָ איז שוין ניטאָ דער מיליע־מעטאָד, וואָס ניגער האָט אַזוי אינטערעסאַנט באַנוצט אין דער מענדעלע־אַרבעט. דאָ באַהאַנדלט ניגער פּרצעס „השכלה און חסידות, קריטיק און ראָמאַנטיק", זיין סטיל — דעם אַריסטאָקראַטישן און דאָך דעמאָקראַטישן, זיינע „פאַרשיידענע ריטמען און פאַרשיידנסטע מאָטיוון: סאָציאַלע און פּסיכאָלאָגישע, רעליגיעזע און פילאָסאָפישע". פּרצעס אינהאַלט איז „אַ רייכער און פאַרשיידנאַרטיקער". שטעלט זיך ניגער אָפּ אויף פּרצעס פאָרמען. ער אַנאַליזירט פּרצעס עפּיק, ליריק און דראַמע. ער שטעלט זיך אָפּ אויף דער עסטעטיק פון אָט־די פאָרמען, באַזונדערס, ווי אַזוי פּרצעס טעמפּעראַמענט האָט זיי באַווירקט.

אָבער זיך אָפּגעבן בלויז מיט עסטעטישע עסקורסיעס — דאָס אינטערעסירט ניט ניגערן. ביי אים איז עס בלויז אַ מיטל ווי אַזוי צוקומען צו דער אידעע — פּרץ. דורך אָט־דעם עסטעטישן אַנאַליז קומט ער צו דער „פּסיכאָלאָגישער זייט פון דער פּילזייטיקייט" — פּרצעס פּילזייטיקייט. און דאָס ווערט אַ ווייטערדיקער, שטאַפּל פאַר זיין אַנאַליז. ער דעקט אויף דעם דיכטערס גרויסע מעלות. אין יענער היסטאָרישער צייט אין אונדזער ליטעראַטור־אַנטוויקלונג איז פּרץ געשטאַנען „אין דער וועלט מיט אַן אָפענעם אויג און אַן אָפענעם אויער". ער האָט געזען

„אַלע פֿאַרבן", געהערט „אַלע קלאַנגען", „וואָס קומען פֿון אַרום". ער „כאַפּט זיי ניט אויף פֿרעמדע, קאַלטע, ווי זיי זיינען, ער נעמט זיי אַרײַן אין זיך, זיי ווערן זײַנע — מאַכן זיי רײַכער, פֿאַרביגער זײַן אייגן בילד, פֿאַרוועבן זיך מיט זײַן אייגענער מעלאָדיע..."

ניגער, דער קאָנסעקוואַטיווער אימפּרעסיאָניסט, ווײַזט אונדז אויך ווי אַזוי אין אַט דער מעלה, אין אַט דער אימפּרעסיאָניסטישער מעלה, „שטעקט דאָך אַ געפֿאַר". ער ווײַזט אַן ווי פּרץ קען זיך ניט קאָנצענטרירן. מ'זעט עס אין פּרצעס „איינציקע ווערק, אַזוי ווי אין זײַן שאַפֿן בכלל". ניגער פֿירט אַרויס פּרצעס אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך, זײַן ליבע צו שילדערן, ניט ווי אַזוי אַ זאַך ווערט, נאָר ווי „אַזוי זי ווערט מגולגל". דערבײַ ברענגט ניגער פּרצעס באַקאַנטע ווערטער: „מיט די אייגענע ציגל קען מען שטעלן אַ שול און אַ קלויסטער, אַ פּאַלאַץ און אַ תּפֿיסה, און גאָר אַ הקדש". און ניגער איז מוסיף: „און ער (פּרץ) ווײַזט אונדז אַלץ, וואָס פֿונעם ציגל קען ווערן, אַלע גלגולים זײַנע..." אָבער דאָס אינטערעסאַנטסטע אין ניגערס מסקנא: „אויף דער קראַפֿט פֿון אַסאָציאַציעס, אויף דעם אינעווייניקסטן זכרון פֿון מוח און נשמה, מער ווי אויף דעם אויסווייניקסטן געדעכעניש פֿון ראיה און שמיעה — האַלט זיך דער גאַנג פֿון זײַנע געדאַנקען, פֿון זײַן פֿאַנטאַזיע. די ריינע פּלאַסטיק פֿון דער פֿאָרם לײַדט בײַ אים דעריבער פֿון די אָנגעוואָרפֿענע, ניט נאָר גוט־באַהאָפֿטענע פּלאַסטן פֿונעם אינהאַלט". (דאָרט, ז' 144) און אויף אַן אימפּרעסיאָניסטישן אופֿן גיט ניגער איבער פּרצעס שאַפֿונגס־פּראָצעס.

ניגער שטעלט זיך אָפּ אויף פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן אין פּרצעס שאַפֿן. ער באַקענט אונדז מיטן „אָרגאַנישן פֿעלער" אין פּרצעס טעכניק. ער באַקענט אונדז אויך מיט דער מעלה אין דעם דאָזיקן „אָרגאַנישן פֿעלער", וואָס זעט אויס ווי אימפּראָוויזאַציע. און פֿון די פּסיכאָלאָגישע דערקלערונגען פֿירט אונדז ניגער, דורך עסטעטישע אַנאַליזן, צו די דרײַ וויכטיקע עלעמענטן אין פּרצעס ווערק. זיי זיינען: דאָס אינטעלעקטואַליסטישע, דאָס עטישע און דאָס ראָמאַנטישע. אויך די דאָזיקע קינסטלערישע אידעען אַנאַליזירט ניגער עסטעטיש און פֿאָרמעל.

דער מעטאָד אין דער דורכדרינגלעכער פּרץ־עסיי געהערט, בכן,

אײַנגאַנצן צום געביט עסטעטיק, ער האָט קיין שייכות ניט מיטן מיליע־מעטאָד אין דער מענדעלע־אַרבעט.

ווען ניגער שרײַבט וועגן שלום־עליכמען, איז דער מעטאָד ווידער אַן אַנדערער. אין דער שלום־עליכם־עסיי געפינט מען אין דעם מעטאָד דרײַ מינים: דעם ליטעראַטור־היסטאָרישן; דעם עסטעטישן — צו דערקלערן דעם ליטעראַטור־היסטאָרישן מין; און, צום לעצט, דעם מיליע־מעטאָד, ווייל דער ליטעראַטור־היסטאָרישער מאָמענט איז אויך אַ מיליע, אמת, אַ ליטעראַרישע מיליע.

זייער אינטערעסאַנט איז, ווי אַזוי ניגער דעקט אויף פאַר אונדז די קוואַלן, וואָס האָבן געגערט שלום־עליכמען, דעם מערקווירדיקן „לע־בעדיקן, גייעוודיקן פּנקס". און נאָך אינטערעסאַנטער איז די סיבה, פאַר וואָס גראָד אין דער שלום־עליכם אַרבעט איז ניגער געווען פאַראינטע־רעסירט אין די קוואַלן, אין די ליטעראַרישע קוואַלן. ניט צופעליק קומט ניגער צו אָט־דעם ליטעראַטור־היסטאָרישן מקור.

שלום־עליכמס אייגענע קוואַלן זעט ניגער אין שלום־עליכמס, „פאַנ־טאַזיע און אין דעם זעלטענעם זכרון", אין זײַן אָפן אויג און אָפן אויער. און שלום־עליכמס וועלט זעט ניגער אין דער וועלט „כתריאלעווקע ייִדע־לעך".

ניגער ווייס גאַנץ גוט דעם אָנגענומענעם כּלל: „פאַר דעם, וואָס וויל מיט אַן אמתן גענים דעם דיכטער, איז וויכטיק ניט דאָס פרעמדע, נאָר דאָס אייגענע וואָס אין אים". דאָך ווײַזט ער אָן אויף ד ר ויס נ־ דיקע השפּעות. זיי „קענען אונדז ווײַזן דעם וועג, וואָס פירט צו דעם א י נ ע ר ל י כ ס ט ן קוואַל פון זײַן (שלום־עליכמס) שאַפן". און דאָ ווענדט ניגער אָן דעם ליטעראַטור־היסטאָרישן מעטאָד. אָבער ניגער איז דאָ ניט אויסן צו באַלײַכטן אַלץ ביבליאָגראַפיש אָדער ליטע־ראַטור־היסטאָריש. ער וויל דאָ קלאָר מאַכן דעם ענין — קולטור־היס־טאָריש (דעם ייִדישן לײַנערעס מצב), און — עסטעטיש (דעם מהות אין די השפּעות).

די השפּעות אויף שלום־עליכמען — ווײַזט אונדז ניגער — זײַנען געקומען פון שרײַבערס „וואָס זײַנען ווײַט איינער פון אַנדערן, ווי מערב פון מזרח, און וואָס עס איז שווער זיי גאָר צו דערמאָנען איינס לעבן

דעם אנדערן אין א „להבדיל" — דאָס זיינען: מענדעלע מוכר ספרים און... שמ"ר."

אין שמ"רן האָט שלום־עליכם געזען דעם אבן־נגף אויפן וועג צום יידישן לייענער. ער הייבט־אויף א מלחמה קעגן אים און דעם בולוואַר־געשמאַק בכלל. דורך דעם „האָט ער (שלום־עליכם) געוואָלט צוגרייטן דעם לעזער — לייענען מיר ביי ניגערן — צו זיין אייגענעם (ד"ה שלום־עליכמס) איינפאַכן נאַטורלעכן, נאַטוראַליסטישן שטייגער שרייבן, און, פאַרקערט דורך די ביישפּילן פון זיין אייגענעם שניט צו שרייבן — פאַר־מיאוסן נאָך מער די שונד־שרייבער..."

און אָט־די קולטור־היסטאָרישע טעמים ברענגען ניגערס עסטעטישע דערקלערונגען.

ראשית, מחמת זיי, מוז ער אונטערשיידן צווישן „ראָמאַניסטן, וועל־כע דערציילן מעשות, וואָס ניט געשטויגן און ניט געפלויגן, און אים (שלום־עליכמען), דעם „היסטאָריקער", דעם ר ע אַ ל י ס ט וואָס „מוז אָפּהיטן דעם אמת".

צווייטנס, צו דער עסטעטיק: די מיטלען און די באַגרענעצונגען אין א ספּעציפיש־יידישן ראָמאַן („א ראָמאַן אָן א ראָמאַן" אָדער א ראָמאַן מיט א פּאַרצייטיקער, פרום־שטעטלשער יידישער ליבע).

דריטנס, מחמת קולטור־היסטאָרישע טעמים זעט ניגער אין שלום־עליכמס „א י נ ע ו ו י י נ י ק ס ט ן סטיל, א מענדעלע־טענדענץ", און אין זיין „א ו י ס נ ו ו י י נ י ק ס ט ן סטיל, א שמ"ר־טענדענץ".

פערטנס, די זעלביקע טעמים רופן אַרויס אין ניגערן אינטערעסאַנטע מחשבות וועגן הומאָר בכלל און שלום־עליכמס הומאָר בפרט, וועגן הומאָר און קאָמיזם וועגן דעם „כתריאלעווקער קאָמיזם" ביי שלום־עליכמען.

פינפטנס — ווייזט אונדז ניגער ווי אזוי שלום־עליכם האָט אויסגע־דריקט דעם כלל־ריטם און וואָס איז מאָמענטאַן אין פּרט, אין דער גרוי־סער גאַלעריע כתריאלעווקער טיפּן.

אָנגעהויבן האָט דאָ ניגער מיטן ליטעראַטור־היסטאָרישן מעטאָד. אין דעם פאַל איז עס געווען א מין ליטעראַטור־מיליע הינטערגרונט. אָבער פון דעם הינטערגרונט האָט ער אונדז געפירט צו עסטעטישע ווערטן. און די דרכים זיינען געווען קולטור־היסטאָרישע און ליטעראַטור־היסטאָרישע.

אַנדער מעטאָד איז שוין מער סינטעטיש ווי דאָס זײַנען די מעטאָדן, וואָס ניגער נוצט אין די אַרבעטן וועגן מענדעלע און פּרץ.

צווישן ניגערס אַנדערע מעטאָדן מערקט זיך צום בולטסטן נאָך אַ מעטאָד. מע קען אים אָנרופן — „וואַריאַציעס אויף אַ טעמע". דער דאָזיקער מעטאָד קומט אים אונטער זייער אָפט ווען ער שרײַבט וועגן פּאָעזיע און פּאָעטן. בײַ דעם מיושבדיקן קריטיקער ניגערן ווערט עס ניט פֿאַרוואַנדלט אין „פֿרײַע" אימפּרעסיאָניסטישע ראַפּסאָדיעס. אַ „גײַסטרײַכער" קריטיקער לאָזט זיך דאָרטן אַוועק אויף די פֿליגלען פֿון דעם „וווּנדערלעכן" ליריזם, ער ווערט — אין מערסטע פֿאַלן — „זיס און שמאַכטנדיק" פֿאַרטראָגן אין מעלאָדיעס פֿון „וווּנדערלעכער פֿאַרגעסונג" אָדער פֿון „וווּנדערלעכן געַנוס". דער קאָנסערוואַטיווער אימפּרעסיאָניסט ניגער שרײַבט זײַנע „וואַריאַציעס אויף אַ טעמע" גאָר אַנדערש. ער טרעט ניט אָפּ אויף אַ רגע פֿון דער טעמע. ער רײַסט זיך ניט אָפּ פֿון דעם וועגקס וואָרצלען. ער בינדט אין איין געוועב זײַנע לירישע אויסטײַטשונגען. ער מאָלט — מערסטנס שפּילט ער פֿאַר אונדז אויס — „וואַריאַציעס" אויפֿן סמך פֿון עיקר־טענער, פֿראַזעס און בילדער. ער געפֿינט זיי בײַם דיכטער בעת ער טײַטשט פֿאַר אונדז זײַן ווערק. אַזוי אַרום שאַפֿט ער דעם דיכטערס געשטאַלט. ער שילדערט אויך דעם דיכטערס שטימונג.

ווי ניגער האָט ליב אויסשפּילן דאָס, וואָס רירט מען אָן זײַנע געפֿילן, וואָס „טרעפֿט אַרײַן" אין זײַן גוסט.

פֿריער ווי אַלץ נעמט־אויף ניגער די עיקר־טענער, די טענער, „די דאָמינאַנטע". מיט זיי שפּילט ער אויס דעם פּאָעטס וועלט. מיט אַנדערע ווערטער — ער שאַפֿט־מיט. דאָס איז, אייגנטלעך, דעם קריטיקערס מיטשאַפֿערישע אויסטײַטשונג. אַזוי נעמט־אויף ניגער קריטיק־קונסט.

ווי מיר האָבן נאָר וואָס באַמערקט איז ניגערס וואַריאַציעס־אויסטײַטשונג ניט ווילד „פֿרײַע". די דאָמינאַנטע מענער שפּילט ער טאַקע אויס פֿרײַ. ער לאָזט זיך אָבער נישט אַוועק סתם אין דער וועלט בעת ער שפּילט אויס די עיקר־טענער, האַלט ער זיך אָן אין אַ געוויסן „פּסיכאָלאָגישן" פֿאַדעם. דאָס פֿירט אים צו ווײַטערדיקע און שפּעטער ווידער צו ווײַטערדיקע וואַריאַציעס. אַזוי שאַפֿט ער די אויסטײַטשונג.

ער מאַכט קלאָר דעם אומקלאָרן און „ציטנוויז, דעם פאַרבאָרגענעם תוך פונעם פּאָעט".

ס'איז כדאי באַטראַכטן למשל, ניגערס אַן אַרבעט וועגן דוד איינהאָרנען (די יידישע וועלט, 1913). מען זעט דאָרט קלאָר ווי ניגער איז צוגלײַך פרײַ און דאָך געבונדן אין זײַנע „וואַריאַציעס אויף אַ טעמע".

הייבן הייבט ער אָן אין אַזעלכע פאַלן מיט אַ פּראָבלעם, מיט אַן אידעע. זי קען זײַן אַ קולטור־היסטאָרישע, אַ ליטעראַטור־היסטאָרישע, אַ פּסיכאָלאָגישע. אין דער עסיי וועגן איינהאָרנען הייבט ער אָן מיט אַ פּראָבלעם שאַפונג־פּסיכאָלאָגיע — פאַרשטייט זיך, האַלב־ליריש אויסגעדריקט. ער פאַרפירט אַ שמועס וועגן וואָר און חלום; וועגן זכרון — דעם פאַדעם וואָס פאַרבינדט דעם דיכטערס וואָר און זײַן ווערק, און וואָס דורך אים „קומט צו רינען בלוט אין דער פּאָעזיע"; וועגן פאַנטאַזיע וואָס שמידט איר געשטאַלט; אא"וו.

נאָכן שמועס וועגן פּראָבלעמען אין שאַפונגס־פּסיכאָלאָגיע, גייט ער איבער צו דעם קינסטלערס פּסיכאָלאָגיע. זייער כאַראַקטעריסטיש איז ניגערס אַ באַמערקונג מכוח דעם, צי ער דאַרף זיך אַרײַנטראַכטן אין דיכטערס לעבן, צי אין דיכטערס טרוים. עס פאַרשטייט זיך, אין דעם אויסוואַל הענגט אַפּ אויך דער מעטאָד. ווי אַן אימאַנענטער קריטיקער נעמט ער אָן דאָס, וואָס דער מאַטעריאַל זאָגט אים אונטער. אין איצטיקן פאַל זאָגט אים דער מאַטעריאַל אונטער אַ וויכטיקן פּרט. איינהאָרנס ליד איז זעלטן־ווען אַ זכרון־ליד. זײַן ליד איז מייסטנס אַ טרוים־ליד. דעריבער דאַרף ער דערקלערן דעם דיכטערס פּאָעזיע ניט ווי זי איז אין הסכם מיט דער וואָר, נאָר מיטן טרוים.

ניגער זוכט אויס אָדער כאַפּט־אויף אַן עיקר־טאָן, אַ דאָמינאַנטן טאָן, אין איינהאָרנס לידער. דער טאָן רעדט שטענדיק וועגן דעם דיכטערס טרוים. צו פאַרשטאַרקן זײַן טעזיס, ווײַזט אונדז ניגער דעם איינציקן אויסנאַם אין איינהאָרנס לידער אין יענער צײַט. „בלויז אין איין שיר, וואָס טראָגט טאַקע דעם נאָמען „זכרונות" דערציילט ניגער, איז פאַראַן אַן אַנצוהערעניש אויף העלע לעבנסשילדערונגען". נאָכדעם קומט דער שיר. עס איז אויך מעגלעך, אַז דעם לידס נאָמען — „זכרו־

נות" — האָט ניגערן אָנגערעגט אָנצוהייבן די עסיי מיט אַ שמועס וועגן זכרון און וועגן בת־הדמיון. נאָכדעם — צופירן דעם שמועס צו זײַן הנחה־טעזע און דעם אויסנאַם, וואָס באַקרעפטיקט זײַן טעזע.

ניגער ווײַזט אויף: אויב אין איינהאָרנס אַנדערע לידער דערמאָנט זיך דער דיכטער „אָן עפּעס אַזוינס, וואָס מיט אים איז געשען, איז ער אויך ניט זיכער, אַז ס'איז געשען טאַקע אין דער אמתן".

„... און אפשר האָט דאָס מיר מײַן איינזאַמע פאַנטאַזיע גענאַרט,
און דאָס איז נאָר אַ בילד, אַ צויבערבילד געווען".

(איינהאָרן: שטילע געזאַנגען ז' 17.)

און דאָ וואַריאירט ניגער מיט ציטאַטן און באַמערקונגען וועגן אָט־דעם איינהאָרנישן טרוים. ער פירט, אייגנטלעך, אַלץ צו דער לעצטער שורה אין דער ציטאַטע „אַזוי ווי אַ טרוים אויפן וואָר". און אָט־די שורה ווערט פאַר אים ווידער אַן אויסגאַנג־פונקט. און ער שפילט ווײַטער זײַנע וואַריאַציעס אויף דער דאָזיקער טעמע:

„אַפילו די געליבטע — שרײַבט ווײַטער ניגער — איז אַ טרוים, ניט קיין וואָר. אַ קינד פון דער מוזע, ניט אַליין אַ מוזע. ער באַזינגט ניט די געפונענע און טרויערט ניט נאָך דער פאַרלאָרענער: ער טרוימט וועגן דער, וואָס ער זוכט: זײַן וואָרט איז ליבע, נאָר: בענקשאַפט. ער זינגט זײַנע שטילע געזאַנגען לכבוד:

„דער בלאַסער בת־מלכה, נאָך וועלכער איך בענק
און וויל זי נישט קיינמאָל געפינען;
פאַר דער, וואָס איך פלעג אין די זילבערנע נעכט
די האַרציקסטע מעשהלעך שפּינען".

(דאָרטן, ז' 3)

דאָ פאַרבינדט ניגער זײַנע פריערדיקע טענער מיטן לעצטן אַקאָרד אין דער נאָרוואָס אויסגעשפּילטע ציטאַטע. און דער אַקאָרד איז: — „די האַרציקסטע מעשהלעך שפּינען". און מיט אָט־דעם אַקאָרד שפּינט ניגער ווײַטער זײַנע וואַריאַציעס:

„האַרציקע מעשהלעך, לעגענדעס, חלומות, וויזיעס — דאָס זיינען די לידער זײַנע (איינהאָרנס). און דאָס איז איינער פון די סמנים, וואָס שיידט זיי אָפּ פון די געדיכטן פון אַנדערע ליריקער. וואָרעם די מעשה־

לעך, וואָס ער, איינהאָרן, דערציילט, זיינען ניט קיין טעמעס פאַר אים (ווי טעמעס נעמען מעשהלעך אויך אַנדערע דיכטער): די מעשהלעך איז דער תוך, ניט נאָר די פאָרם פון זיין ליריק..."

ניגער שפּילט דאָ אויס וואַריאַציעס אויף דער טעמע מעשהלעך, לע־גענדעס, ביז דער קלאַנג ציטערט אויף אין אַ נייער ציטאַטע:

„אַך, זיי, מיין געליבטע, אַ צאַרטע לעגענדע —"

אָדער ניגער פירט אַרויס אַן עיקר־טאָן, אַ דאָמינאַנטע:

„זיי ווייט און געהיים און פאַרחלומט..."

און נעמט עס ווידער ווי אַ טעמע:

„ווייט און געהיים און פאַרחלומט זיינען אַלע גע־שטאַלטן, אַלע זעונגען, וואָס ער זעט..." אא"וו.

און אָט זיינען די עיקר־טענער אין דער גאַנצער עסיי, די אויסגאַנג־פּונקטן און טעמעס פאַר ניגערן: איינהאָרן איז דער דיכטער פון טרוי־מען; טרוים און וואָר; מעשהלעך און לעגענדע איז דער תוך פון זיין לי־ריק; ווייט און געהיים און פאַרחלומט. פון „טרוים" גייט ניגער אַריבער צו ווייטערדיקע עיקר־טענער: „בענקשאַפט און טרויער" און „אַ צער פון טויזנט דורות ליגט אויף מיר." און ווען עס קומט צו אָט־דעם אַקאָרד, שפּילט ניגער וועגן „יתום" און „יורש":

„אָבער געוויינט האָבן זיי ניט, זיינע אויגן: שטיל איז זיי־ער טרויער. וואָרעם ניט טרויער פון אַ י ת ו ם, וואָס איז געבלי־בן אין דער וועלט עלנד און פאַרלאָזן און אָן אָנשפּאַר אין לעבן, איז זיין טרויער. נאָר דער טרויער פון אַ י ו ר ש, וואָס אוצרות, פון זיינע עלטערן געזאַמלט און אָפּגעהיט, זיינען איבער־געגאַנגען אין זיין רשות, און עס טוט אים נאָר באַנג, און עס שרעקט אים די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, די הייליקע אחריות, וואָס די שעה פון טויט האָט אַרויפגעלייגט אויף אים, דעם איבערגע־בליבענעם... אַ ציטערניש נעמט דורך זיין נשמה, אַז ער גיט אַ טראַכט וועגן די, וואָס וועלן קומען נאָך אים און פאַרנעמען זיין אָרט... צי וועלן זיי ניט פאַרשוואַרצן די ירושה? דער כוס פון

טרערן, די שטילע זאך פון אונדזער קרבן, איז אונדז איבערגעגעבן געוואָרן צו היטן — צי וועלן מיר אים היטן?" אא"וו.

און אַזוי קומט ניגער צו ווײַטערדיקע אַקאָרדן: שוואַרץ, ווי די נאַכט; עלעגישקייט און תפילה; „אַליין צווישן די חורבות".

מיר האָבן דאָ אָנגעוויזן אויף די עיקר־טענער, עיקר־אַקאָרדן, טע־מעס. אויף זיי האָט ניגער געשפּילט זײַנע וואַריאַציעס. מיר האָבן עס ניט געטאָן, כּדי איבערגעבן די סבֿעמע, די גרונט־עלעמענטן אין דער עסיי איבער איינהאָרנען אויך ניט — כּדי ווײַזן וואָס אייגנטלעך כאַפּט אויף ניגער און ווי אַזוי ער שאַפֿט־מיט. מיר האָבן זיי דאָ בפּירוש גע־בראַכט כּדי ווײַזן די פּרײַע „וואַריאַציעס אויף אַ טעמע". אָבער נאָך וויכ־טיקער איז באַטאָנען ווי אַזוי די וואַריאַציעס זײַנען געבונדן צו טעמעס, ווי צו גרונט־עלעמענטן אין דעם דיכטערס פּאָעזיע. און דאָס פֿירט ני־גער פֿאַר אונדז אַרויס. אין די דאָזיקע טענער, אַקאָרדן און טעמעס וועבט ער אַרײַן — פֿון צײַט צו צײַט — קריטישע באַמערקונגען. און לסוף פֿאַרענדיקט ער די עסיי מיט אַ ספּעקולאַטיוון שמועס, ענלעך צום שמועס אין אָנהייב־עסיי. און דאָס אַלץ שאַפֿט דעם אײַנדרוק פֿון אַ פֿעסטערער, פֿאַרענדיקטער קאָמפּאָזיציע.

די אַלע מוסטערן געבראַכטע פֿון די פֿיר שרײַבער דינען ניט ווי פּאַקטישע מעטאָדאָלאָגישע אײַנטיילונגען. זיי דאַרפֿן ניט אויפֿווײַזן באַשטימטע מעטאָדן אין ניגערס קריטיק. פֿאַרקערט, זיי דינען נאָר צו באַווײַזן ווי זײַן קריטיק איז ניט געבונדן צו קיין שום אויסדער־ווײלטער, באַשטימטער דאָגמע. צו אילוסטרירן דעם טעזיס קען מען ברענגען נאָך און נאָך מוסטערן, כּמעט אַלע זײַנע קריטישע אַרבעטן. יעדער מוסטער וועט אונדז עדות זאָגן וועגן אַן אַנדער מעטאָד אָדער אַן אַנדער קאָמפּלעקס מעטאָדן. דאָס אַלץ וועט אונדז שטענדיק ווײַזן די גרענעצן און די געביטן, ווו עס באַוועגט זיך ניגערס קריטיק. זיי וועלן אונדז אָבער אויך ווײַזן ווי אַזוי אין די גרענעצן גופא בײַטן זיך אָפּט די באַזונדערע טײלן, די באַזונדערע פֿעדעם און קאָלירן אין איין און דעם זעלבן געוועב. פֿאַראַן אָבער אין אָט־דער בײַטעניש אַ געוויסע לאָ־גיק, אַ באַשטימטער סדר. דרײַ זאַכן שפּילן דאָ אַ ראָלע. ראשית, דער

איינדרוק, וואָס דאָס ווערק אָדער דער שרייבער לאָזט איבער אויף אונ־
גערן. צווייטנס, ניגערס טאַלאַנט און געמיט־צושטאַנד איז אויפצונעמען
אָדער ניט אויפנעמען געוויסע ווערק אָדער שרייבער. דריטנס, יענער
שפּעציפישער ענערגיע אָדער שפּעציפישער טאָנירונג, וואָס איז גורם ניט
געהעם אויסדרוק. ווייל פאַרשיידענע ווערק דער דיכטער נעמט־אויף,
אַזויפיל פאַרשיידענע איינדרוקן ווערן געבוירן אין דעם קינסטלערישן
קריטיקער. דאָס איז, אייגנטלעך, דער אופן ווי אַזוי ניגער נעמט אויף
ווערק און שרייבער. ער זוכט ניט באַאיינפלוסן דעם שרייבער אָדער דעם
לייענער. ער וויל ניט אַרויפצווינגען אויף אים זיין מיינונג און משפּט. ער
זוכט אויפצונעמען ווערק, איבערגעבן אונדז די מסעות פון זיינע איינ־
דרוקן, בעתן פּראָצעס, דעם מיטשאַפן־פּראָצעס. איז איטלעך ווערק זאָגט
אים אונטער אַן אַנדער מעטאָד אָדער אַן אַנדער מעטאָדן־סינטעז. ווי
מיר זעען איז אַט די אימאַנענטע קריטיק שטענדיק פּלוראַליסטיש.

די בוזאַצט נעבראַכטע פאָרמולירונגען וועלן אונדז קלאָר מאַכן
ניט נאָר זיינע קריטישע אַרבעטן. מע קען זיי אויך דערקלערן מיט אַנ־
דערע מוסטערן, למשל, זיין סטיל. אין דעם פאַל קען מען זען נאָך בול־
טער דעם אומבאַוווסטזיניקן שטראָם אין זיין שרייבן.

# סטיל

זיין סטיל איז אַ קאָנסערוואַטיווער, אַ מיושבדיקער, אַן אָפּגעהי־
טער. ער איז אָבער אויך אימפּרעסיאָניסטיש־נאָכגעביק. ער איז ניט
אַגרעסיוו. בלויז אין פּאָלעמיקעס איז די ליניע פון זיין סטיל צעטנווייז
אַן אָנגעצויגענע און אַ שאַרפע. געוויינטלעך איז זי אַ ווייך־פליסנדיקע.
ניגער איז לירישער־באַהערעוודיק, באַזונדערס — ווען אַ ווערק רירט־אָן
זיין האַרץ. אַט דער סטיל איז ביי ניגערן אויך אַ מין אימאַנענטער, אַ
פּלוראַליסטישער.

מיט יעדער נייער טעמע בייט זיך ביי אים ניט דער סטיל גופא.
דערויף איז ער צו אויסגעהאַלטן און צו קאָנסערוואַטיוו: עס בייט זיך
בלויז — דער עמאָציאָנעלער כאַראַקטער פון זיין סטיל: באַפאַרבונג,
מעלאָדיע, טעמפּאָ און טאָן. גורם דערצו איז דאָס ווערק אָדער דער

שרייבער, וואָס ער באַהאַנדלט בשעת מעשה. פאָרט פונדעסטוועגן בלייבט ניגערס סטיל שטענדיק ניגעריש.

ווען מען לייענט למשל, זיין אַרבעט וועגן ל. שאַפּיראָ, פילט מען די גאַנצע צייט אין ניגערס סטיל אַ נערוועזע באַוועגלעכקייט. עס פילט זיך, אייגנטלעך, ווי דער קריטיקער — אין זיין מיטשאַפן — איז אין גאַנצן דורכגענומען מיטן שרייבערס סטיל. ער אַליין כאַראַקטעריזירט שאַפּיראָס סטיל ווי „אַ נערוועז־הייקן אימפּרעסיאָניסטישן שטייגער שרייבן". און אַזאַ שטייגער שרייבן פילט מען דורכויס אין ניגערס עסיי וועגן שאַפּיראָ. אָט איז ניגערס אַ פּאַראַגראַף:

„און ווער איז דאָ דער קרבן? דער אַלטער ייִד? דער רעוואָלוציאָנער אין „ב ר י ל ן" — דער „ייִדישער גזלן", וואָס טרעפט נאָר, ווער ער שיסט אין דעם אייגענעם קאָפּ? דער שגץ, דער ר ו צ ח מיטן קינדערשן געזיכט? ווער האָט די „מענטשלעכע געשטאַלט", די מענטשלעכע ווערדע פאַרלאָרן? ווער איז פון זינען אַראָפּ? דער מענטש איז פון זינען אַראָפּ. אַלץ איינס, ווי רופט מען אים, אַלץ איינס, וואָס ער טוט, וועמען ער טויט, — זיך, צי אַן אַנדערן. ער טוט עס ניט מיט דעם אייגענעם ווילן. פון דבוק, פון גלגול ווערט ער געטריבן, ווי פון ווינט אַ שטרויעלע פון דעם, וואָס איז אויף זיך אַליין קיין בעל־הבית נישט, איז נאַריש גערעכטיקייט צו פאָדערן. נאָך דעם ערשטן שטורעמדיקן וואַנזין וועט אַזוי ווי ביי דעם זעכציאָריקן פאַגראָמשטשיק, קומען דער צווייטער, דער מידער, דער ש ט י ל ע ר וואַנזין: מיר וועלן קוקן אין זיך און בייסן די פינגער. אַנישט — וועלן מיר טאָן דאָס אייגענע, וואָס דער מענטש מיטן צלם: — „ביי מיר האָט זיך אויסגעריסן", דערציילט ער, „אַ ה ו י ך ג ע ל ע ב ט ע ר. מײַן פוס האָט זיך אַליין אויפגעהויבן און אַ בריק געטאָן דעם פאַרבלוטיקטן פּגר, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעדרייט אויף דער ערד, ווי אַ צעטראָטענער וואָרעם"; איז עס אַכזריות? ניין ס'איז אַזאַ אַרט משוגעת, אַ לאַכעוודיק, שפּאַטעוודיק, פאַראַכטעוודיק משוגעת; כאַאָס האָט געבוירן כאַאָס". (וועגן ייִדישע שרייבער, ב' 2, ז"ז 95־96).

דער סטיל איז דאָ מיט אַ צוק, אַ מין סטאַקאַטאָ־סטיל. ער איז נערוועז. דער לויף ווערט יעדע עטלעכע ווערטער פאַרהאַלטן דורך אָפּ־שטעלצייכנס. זײַן עמאָציאָנעלקייט שטעקט אין די פּראַגעס, אין די איבערחזורונגען, אין אַקצענטירן דורך סינאָנימען.

מירן נעמען איצט אַ בײַשפּיל, ווו ניגער נוצט אויך אָפּשטעל־צייכנס גאַנץ אָפט, נאָך יעדע עטלעכע ווערטער. און דאָך איז דער סטיל דאָ „אַ מידער", אַ לאַנגזאַמער, „אַ שטילער". און ווען מיר שטויסן זיך אָן אויף אַזאַ „מידן", לירישן סטיל בײַ ניגערן מיינט עס, ער שרײַבט וועגן אַ שרײַבער, וואָס פאַרמאָגט טאַקע אַזאַ סטיל. דער בײַשפּיל, וואָס מיר נעמען איצט, געפינט זיך אין ניגערס עסיי איבער נאָמבערגן:

„דאָס איז דער ריטם פון לעבן, וואָס האָט זיך אײַנגעמידט צו זוכן זיך אַ ציל און האָט זיך באַרויִקט, אָדער זוכט זיך צו באַ־רויִקן. דאָס איז דער ליריזם וואָס האַלט שוין נאָענט בײַם עפּאָס. עס בענקט זיך נאָכן שטילן ברעג, און דער ים, וואָס האָט אַמאָל געשטורעמט האַלט בײַ ווערן אַ דערינערונג: דער ליריזם פון דער דערינערונג. ער איז ווייך, און זײַן ווייכקייט איז אַ שטילע, אַ מי־דע. קוקט זיך צו צו זײַן סטיל: אַ נאַטירלעכער סדר, אָן אימפּעט, אָן מוזיק (מוזיק איז די שפּראַך פון דער לײַדנשאַפט, דער ניר־וואַנאַ־גײַסט ווייס ניט פון לײַדנשאַפטלעכקייט), אָבער אין אים איז פאַראַן אַ ריטם, — דער ריטם פון דער געלאַסנקייט, וואָס איז אַ מתנה ניט אַזוי פון דער נאַטור, ווי פון דער ביטערער קלוגער דערפאַרונג. וואָס לערנט, אַז מענטשן און לעבן פאַרדינען ניט, מע זאָל זיי שטאַרק אַכטן אָדער פאַראַכטן, זיי פאַרדינען נאָר, מע זאָל מיטלײַד צו זיי האָבן און מע זאָל פון זיי נישט פאַרלאַנגען צופיל.

„קוקט זיך צו צום סטיל: עס קאַפּען אַראָפּ פון פּען רויִק און מיד, ווי פאַרשפּעטיקטע טרערן, קילע, קײַלעכדיקע טראָפּנס, קאַ־פּען אַראָפּ בהדרגהדיק איינער נאָך דעם אַנדערן, אַלע אין איין מאָס, אַלע מיט איין קלאַנג. קיין פּלוצלונגער אַקאָרד, קיין איין אומגעריכטער בליץ, וואָס דעקט פּלוצלונג אויף אַ וועלט, נאָר

װײכע בלײכע ליכטפּאַסן, װאָס לעשן זיך נאָך אײדער איר באַ־
מערקט זײ, אױפֿן קילן אָװנט־הימל נאָך אַ הײסן זומערטאָג;
נאָר װײכע ליכטפּאַסן, װאָס זאָגן אָן, אַז ערגעץ װײַט, װײַט שטור־
רעמט אַ געװיטער, נאָר אַהער װעט ער נישט קומען: איר מעגט
רויִק זײַן.

„נאָר אַמאָל איז עס די קילע, שטילע ליכטיקײט, װאָס
טריפֿט פֿאַרטאָג אין פֿעלד, װוּ דו זוכסט דײַן װעג. די זון איז נאָך
נישט אױפֿגעגאַנגען, מיט קרומע װעגן קומען אָן די שטראַלן, צי־
טערנדיק, פֿון ערגעץ װײַט, װי פֿון אַ פֿרעמדן לאַנד, װאָס ליגט
אױף יענער זײַט פֿון האָריזאָנט —

אױף דער גרענעץ פֿון טױט און לעבן —" (דאָרטן, ז"ז 83־84).

דער פּסיכאָלאָגיזם איז דאָ פֿאַראַן פּונקט װי ער איז פֿאַראַן אין
דעם פֿריער־ציטירטן פּאַראַגראַף איבער שאַפּיראָן. דאָ פֿעלן די פּראָ־
נעס, די נערװעזע פּראַגעס. אױך פֿעלן דאָ די איבערחזרונגען. און אױב
זײ זײַנען פֿאַראַן, זײַנען זײ גאַנץ װײַט אָפּגערוקט אײנער פֿון אַנדערן
אין אָנהײב ציטאַטע פֿילט זיך שױן די דערװײַטערטע און װײַט אָפּגע־
רוקטע איבערחזרונג; צװישן „דאָס איז דער ריטם פֿון לעבן..." און
„דאָס איז דער ליריזם..." איז פֿאַראַן אַ גאַנץ לאַנגער בײַזאַץ. אַזױ
זײַנען אױך די צװײ איבערחזרונגען „קוקט זיך צו צו זײַן סטיל..."
אין צװײ ערטער, אָפּגעטײלט װײַט אײנער פֿון צװײטען. און אױב
עס זײַנען פֿאַראַן איבערחזרונגען נאָענט אײנער צום צװײטן „קאַפּען
אַראָפּ בהדרגה אײנער נאָך דעם אַנדערן, אײנער גלײַך צום אַנדערן, אַלע
אין אײן מאָס, אַלע מיט אײן קלאַנג", קומען זײ אָבער צום סוף זאַץ,
אַ זאַץ, װאָס זײַן אָנהױב גרײַט שױן צו צום שטילן, רואיקן גאַנג. אָבער
דאָס װיכטיקסטע װאָס שאַפֿט דאָ דעם נאָמבערג־ניגער סטיל איז דער
פֿלוס, דער ריטם אין נאָמבערגס װערק, פֿאָלגלעך, אױך אין ניגערס גאַנ־
צער עסײ װעגן נאָמבערגן. און הערשן הערשט דאָ די מידע, די אוממאַכט־
לירישקײט.

און אַט װעלן מיר נעמען אַ פֿאַרקערטן בײַשפּיל. מע קען דאָרטן
נישט געפֿינען קײן שמץ מידער לירישקײט. אין דעם זעלבן שטײגער איז

געשריבן די גאַנצע עסיי. דער אָפּשניט געהערט דער עסיי איבער ווייסנ־בערגן:

„ווייסנבערג פּ ר י י ד י ק ט נישט קיין לעבן און קיין גלויבן — דעם קינסטלערס זאַך איז נישט פּ ר י י ד י ק ן דאָס גוטע און דאָס שיינע, נאָר עס ש אַ פ ן; — און ווייסנבערג ש אַ פ ט עס, פון זײַן גאַנצן וועזן ווייעט מיט לעבן און גלויבן אין לעבן. ער פּ אָ ע ט י ז י ר ט נישט די געזונטקייט און די פעסטע מוס־קולן, נאָר אין זײַנע ווערק גופא, אין זײַן בוי און שניט, פילט זיך אַ געזונטקייט און עפּעס אַ געבוירענע מוסקולהאַפטיקע קרעפ־טיקייט". (דאַרט, ז' 42).

עטלעכע ווערטער זײַנען דאָ געדרוקט אונטערגעשטראָכן. זיי געפי־נען זיך אין אָריגינאַל. ווי מען זעט, זײַנען זיי בפירושע איבערחזרונגען. דאָך דינען זיי ווי אַקצענטן. דאָ פעלט דער נערוועזער צוק ווי אין דער עסיי איבער שאַפּיראָן. אויך דער ליריש־מידער טאָן ווי אין דער עסיי איבער נאָמבערגן. דאָ איז ניגער, ווי ווייסנבערג אַליין, „מוסקול־האַפטיק קרעפטיק". זײַן סטיל האַלט זיך אויף לאַקאָנישע באַהויפּטונ־גען, אויסגעדריקט דרייסט, זיכער. און דאָס פילט זיך אין דעם גאַנצן „בוי און שניט" פון ניגערס עסיי.

נאָך דער עסיי איבער ווייסנבערגן איז כדאי צו באַטראַכטן די עסיי איבער שלום אַשן. מען דערפילט גאָר אַן אַנדער סטיל. פריער האָבן מיר געפילט ווייסנבערגס „מוסקולהאַפטיקע קרעפטיקייט". און דאָ פילט זיך די ענלעכקייט צו שלום אַשעס סענטימענטאַלע „מאַמע"־שורות:

„און אַשעס שרעק? ס'איז ס'געפיל פון קינד, וואָס כאַפּט זיך אויף ביינאַכט. אַרום איז פינצטער; דערשפּירט ער נעבן זיך דער מאַמעס אָטעם, הייבט עס ווידער אָן צו דרעמלען און צו שמייכלען...

„דער מאַמעס אָטעם... איז עס נישט אַשעס וואָרט? איז פאַראַן נאָך איינער, וואָס זאָל זײַן אַזוי צערטלעך, ווי ער? איז פאַראַן נאָך אַזאַ וואָרט, וואָס זאָל דערמאָנען אַזוי אָפט, ווי דאָס

ווארט מאמע? אפילו דער 'גנב' ביי אים... בענקט נאך א מוטערס הארץ...

„— דאס יידישע פאלק האט א מאמען — די מאמע רחל — האב איך געהערט אים אמאל זאגנדיק מיט התפעלות. דעם יידישן פאלק איז גוט — האב איך געלייענט אין זיין ווייכן, חנעוודיקן, חלומענדיקן בליק: — עס האט א מאמען, וואס וויינט, ווען אים טוט וויי, בעט פאר אים און טרייסט אים. און ווי אפט דערמאנט ער זי אין זיינע ווערק, אט די מאמע רחל!"

ס'איז ווייל באקאנט פרצעס אימפרעסיאניסטיש־לאקאנישער סטיל. אין די עטלעכע וויטערדיקע פאראגראפן דערפילן מיר ווי אזוי ניגער האט זיך אינגאנצן ארייננגעלעבט אין פרצעס אופן שרייבן:

„ער קען די פראסטע, געזונטע 'יאדערדיקע' שפראך פון בעל־עגלה און טרעגער, די קללות און געשרייען פון דער מארק־יידענע, די גראבע וויצן פונעם שניידער־יונג, — נישט ווייניקער באקאנט איז אים אבער דער זוהר־לשון, די איידעלע, שארפע, קורצע, רמזים פון מקובלים, לומדים און גוטע יידן. ער האט געשילדערט די קעלער־שטוב — און די הויכע פענצטער. דאס פרימיטיווע פאלקס־ליד און די טיפע תורה פון חסידות —ביידע זיינען קוואלן פון זיין שאפן... דעם אלטן יידישן נביא און... היינען — ביידע האט ער נאכגעזונגען. און דען נאר זיי?" (דארט, ז' 138)

„די נייע אידייע ברענגט אים נישט א נייעם אמת, נאר נייע שפייז פארן אינטעלעקט; זי צעשטערט די רו, זי שאפט באוועגונג, זי צינדט אן פייערלעך אין די אויגן — דאס איז איר פארדינסט; מוז זי נאך אמת זיין? די עסטעטישע נאטור ליבט די פעסטע פארם, די אינטעלעקטואליסטישע — דעם פליסיקן אינהאלט; דער עסטעט קלייבט נחת פון דעם, וואס איז געווארן, דער אינטעלעקטואליסט — דערפון, וואס האלט אין ווערן". (דארט, ז' 150)

„פרץ, דער גראער קאפ מיט די הייסע, יונגע אויגן, איז נישט די זון, ער איז אבער דער ברענפונקט פון דער יידישער ליטערא־

טור, דער ברענפונקט, ווּ אַלע שטראַלן קלייבן זיך צונויף, סײַ די העלע, סײַ די בלאַסע... ער האָט די אונטערשטע שורה ביי זיך נאָך ניט אונטערגעצויגן... ווײַל ער פירט נישט איינעם, נאָר אַ פולע חשבונות, — ער האָט ניט געשאַפן איין ריכטונג, נאָר פראַגמענטן פון פאַרשיידענע ריכטונגען. ער געהערט נישט צו איין תקופה, נאָר צו פאַרשיידענע תקופות...״ (דאָרט, ז׳ 174)

און אָט זעען מיר אַן אָפּגלאַנץ פון מענדעלעס שטייגער שרײַבן. אגב, כמעט די גאַנצע מענדעלע־אַרבעט זײַנע איז דורכגענומען מיט יענעם מענדעלע־לשון, וואָס אין אים „איז פאַראַן דאָס ט י פּ י ש ע, די ע ס ע נ ץ פון דער פאָלקסשפּראַך, כאָטש זי איז ניט קיין פאָלקסשפּראַך, נאָר אַ קולטיווירטע, ס ט י ל י ז י ר ט ע ליטעראַטור־שפּראַך״. (דאָרט, ז׳ 36):

„דאָס, וואָס זײַן פאָטערס הויז איז פול געווען תמיד — ׳דער אַרײַן, יענער אַרויס׳, — דאָס האָט אַבראַמאָוויטשן קינדווײַז שוין געגעבן די מעגלעכקייט צוצוקוקן זיך צו כל־ערליי פאַרשוינען, צו כל־ערליי מינים ייִדן און ייִדענעס, צוצוהערן זיך צו זייערע רייד, אַכטונג צו געבן אַף זייערע תנועות. שוין קינדווײַז האָט אַבראַמאָוויטש אַרויסגעוויזן די שאַרפקייט פון זײַן אויג און די הנאה, וואָס ער האָט פון נאָכקרימען, פון מאַכן אַן אָנשטעל״.

„אין איינער פון די דאָזיקע שולן האָט געלעבט ייִנגלווײַז אויך שלום יעקב. דאָ, אינעם ׳בית־היוצר לנשמת האומה׳, אינעם ווערקשטאַט פון דער פאָלקס נ ש מ ה, האָט ער אַרײַנגעזויגן אין זיך דעם פאָלקס־גײַסט און טראַדיציע, דאָ האָט ער די ק ל י אַ־ט ש ע, די כנסת ישראל, אין דער געשטאַלט פון אַ פּרינץ געזען, דאָ האָט ער געלעבט אַ לעבן פול רוחניות, אַ לעבן, וואָס האָט קיין שייכות ניט צו דער ווירקלעכקייט און צום חושך און צום דלות פון דער ווירקלעכקייט... בעת ער איז אַרײַנגעטאָן געווען אין חומש, איז ער אַרומגערינגלט געווען מיט „ווײַנגערטנער, טייטלען, פײַגן, מילגרוימען און אייլבירטן, פּינסנהאָלץ און באָקסנביימער״. פון לעבעדיקע מיני באַשעפענישן האָט ער געוווּסט: „אַ ווילדער, אַ

לינדעגוואָרם און אַ פּיפּערנאָטער, אַ לעמפּערס, אַ אינד, וואָס טוט טון גלוסטן אויף קוואַלן וואַסער, אַ שור הבר און אַ טירקל־טויב״. ער איז אויסגעוועזן אין ארם נהרים, אין כנען, אין מצרים, אין פּרס ומדי, אין שושן הבירה, דאָרט און נאָך מדינות, פון הודו ביז כוש, אויך אין דער וויסטעניש און מדבריות, און אָנגעזען און אָנגעהערט זיך דאָרט זייער פיל וווּנדערלעכע זאַכן. דער תלמוד, דער פאַרצײַטיקער ריז, „דער עוג מלך הבשן פון דער וועלט־ליטעראַטור״, ווי מענדעלע רופט אים אָן אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע, דער תלמוד איז אין זײַנע אויגן געווען עפּעס אַ יריד אויפן הימל, עפּעס קויפט מען און מען פאַרקויפט, און מען בײַט, און מע שרײַט און מע דין־תורה׳ט זיך... דער תנא־קמא און אַנדערע וווּנדערלעכע אומבאַקאַנטע נעמען האָבן אויפגעלעבט אין זײַן פאַנטאַזיע...״ (דאָרט ז״ז 14—15).

כמעט אין ניגערס אַלע קריטישע ארבעטן שפּיגלט זיך אָפּ דעם באַהאַנדלטן שרײַבערס פּאַרב, מעלאָדיע, טאָן אָדער אַפילו סטיל. ניגערס ניט זייער שטאַרק־באַמערקטער עמאָציאָנאַליזם האָט גורם געווען זײַן ספּעציפישן אויפנעמען דערשיינונגען. ער נעמט זיי אויף על פּי כאַראַקטער. אָדער ער נעמט זיי אינגאַנצן ניט אויף. ער איז פאַרשלאָסן פאַר דעם, וואָס ער קען ניט אויפנעמען. מחמת דעם, וואָס ער נעמט אויף יעדע דערשײַנונג אַנדערש, איז ער פּלוראַליסטיש, סיי אין אויפנעם און סיי אין אויסדרוק.

דער בעסטער אופן סומירן ניגערס קריטיק, איז דורך דערקלערן זײַנע הויפּטשטריכן:

ניגערס קריטיק איז אַ קאָנסערוואַטיווע, ווײַל זי איז אַן אידעישע; זי איז אַן אימפּרעסיאָניסטישע, ווײַל זי איז אַן אינטויִטיווע; זי איז אימאַנענט, ווײַל זי ווערט געפורעמט פון יענע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען — אין ניגערס אויגן — אימאַנענט אין יעדן ווערק אָדער אין יעדער דערשײַנונג באַזונדער; זי איז פּלוראַליסטיש, ווײַל זי דערלאָזט אַזויפיל מעטאָדן און קאָמבינאַציעס וויפל זי דאַרף האָבן בײַ יעדער געגעבענער געלעגנהייט.

אין ניגערס כאַראַקטער ליגט דער סינטעז — צו זײַן קאָנסערוואַטיוו און אימפּרעסיאָניסטיש, פרײַ און מיושבדיק, אינטואיטיוו און שׂכל־הישר־דיק. שפּעטער אין לעבן האָט ער זיך זיכער אָנגעטראָפן אויפן זעלביקן סינטעז בײַ די פראַנצויזישע אימפּרעסיאָניסטן־קריטיקער, באַזונדערס בײַ לעמעטר און רעמי דע גורמאָן. אָבער מער ווי אַלץ האָט אויף אים געווירקט די פּריסטע השפּעה. דאָס איז געווען דאָס ליטווישע חסידות, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט אין חב"ד (חכמה, בינה, דעת). דער זעלביקער סינטעז, וואָס מע געפינט אין ניגערס קריטיק, זעט מע אויך אין דעם חב"ד. פון דעם אור־אור־ערשטן מקור קומט־אויף דאָס גאַנצע באַשאַף אין אַלע זײַנע תוכנם און פורעמס. אָבער מיר באַגרײַפן זיי ניט ווי זיי זיינען אין דער אמתן, נאָר ווי זיי ווײַזן זיך פאַר אונדזערע אויגן. דאָס מיינט, מיר נעמען־אויף זאַכן נאָכן אײַנדרוק וואָס זיי לאָזן איבער אין אונדז. פון דאַנען נעמט זיך, אייגנטלעך, ניגערס גלויבן, אַז דער קריטיקער נעמט־אויף ווערק, פונקט אַזוי ווי דער קינסטלער נעמט־אויף דאָס לעבן, — דורך אײַנדרוקן. און דערפון נעמט זיך זײַן גלויבן: קריטיק איז אַ קונסט.

די נאָרוואָס געבראַכטע רייד ווײַזן אונדז ווי אַזוי ניגער נעמט־אויף באַגריפן. ער וואָלט ניט אויפגענומען אויסשליסלעך דעם, לאָמיר זאָגן, קלאַסישן אידעאַליזם, דערהויפט קאַנטס. ער וואָלט אָבער, פון דער צווייטער זײַט, אויך ניט אויפגענומען אויסשליסלעך ספּענסערס עוואָלוציע־טעאָריע פון קונסט. ניגערס סינטעטישער בליק לאָזט זיך באַטראַכטן ווי אַ מין אידעאַליסטישער עוואָלוציאָניזם. פאַר אים, ווי מיר זעען אין זײַנע אַרבעטן, האָט קונסט אַן אייגן לעבן, אַן אייגן באַוווסטזײַן, אַן אייגענע האַרמאָניע. און דאָך איז זי ערגעץ־ווו סאָציאַל אין איר מקור, איר עובדא און איר עצם. קונסט — ווי ווײַט זי זאָל ניט אַוועק פון לעבן — וואָרצלט זיך דאָך אין לעבן. דעריבער איז ניגער געקניפט און געבונדן מיט דער טראַדיציע און מיטן קאָלעקטיוו. אין זײַנע אויגן באַשטייט דער גרעסטער זינען פון קונסט אין שאַפן עסטעטישע געפילן פון אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. פאַראַן ווערטן, וואָס

## נ. ב. מינקאָוו

זיינען אינדיווידואַליסטיש שטאַרק באַפאַרבט. ווען דער שאַפנדיקער יחיד איז גרויס און טיף געניוס, טראָגן זיינע ווערטן אין זיך אַ וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אידעע.

## פון דעם זעלבן מחבר

לידער, פארלאג אינזיך

אונדזער פיערא (לידער), פארלאג יידיש לעבן

מסעות פון לעבן שאטן (לידער), פארלאג יידיש לעבן

ביים ראנד (לידער), פארלאג באדן

א שטערן בליט (לידער), פארלאג מ. וואקסער, מיט דער מיטהילף פון דוד איגנאטאוו ליטעראטור-פאנד.

יידישע קלאסיקער פאעטן, פארלאג באדן

סיסטעם און רעלאטיוויטעט אין פאעזיע (וועגן מיכל ליכטן), פארלאג יידיש לעבן

אברהם רייזען (דער דיכטער פון ליד), פארלאג באדן

אליה בחור און זיין בבא-בוך, פארלאג מ. וואקסער

גליקל האמעל (1645-1724), פארלאג מ. וואקסער
מיט דער מיטהילף פון דוד איגנאטאוו ליטעראטור-פאנד

זעקס יידישע קריטיקער (א. צעדערבוים, י. י. לערנער, י. ח. ראווניצקי יואל ענטין, בעל־מחשבות, ש. ניגער), פארלאג „יידבוך".

## אין דרוק

ליטערארישע וועגן (עסייען: — מענדעלע—, אברהם גאלדפאדן,
י. ל. פרץ, דוד פינסקי, יוסף ראלניק, ה. רויזענבלאט,
א. לעיעלעס, בערנארד לואיס), צבי קעסטעל-פאנד
ביי דער קולטור-קאמיסיע פון יידישן צענטראל-
קאמיטעט אין מעקסיקע

# אין פאַרלאַג „יידבוך“ איז ביז איצט דערשינען:

**י. ל. פרץ — דריי חסידישע דערציילונגען**
אַלבום־פאָרמאַט — לוקסוס־אויסגאַבע, געכתיבהט פון קינסטלער משה פיינגענבלום.

**ח. ש. קאַזדאַן — מעטאָדיק פון דער יידישער שפראַך און ליטעראַטור**
(אויספאַרקויפט)

**י. י. טרונק — כעלעמער חכמים (יידן פון דער קליגסטער שטאָט אין דער וועלט)**
לוקסוס־אויסגאַבע, מיט קאַריקאַטורן געצייכנט פון י. שלאָס.

**י. י. טרונק — אַלבום קאַריקאַטורן**
טיפן לויט כעלעמער חכמים. צייכענונגען י. שלאָס.

**שלמה סיימאָן — אַמאָליקע יידן**
געקליבענע דערציילונגען פון אַ שיינער תקופה.

**פראָפ. ליבמאַן הערש — אויף דער גרענעץ פון צייטן.**
געקליבענע אַרטיקלען אויף יידישע טעמעס.

**יצחק פערלאָוו — אין אייגענעם לאַנד**
דערציילונגען פון לעבן אין מדינת ישראל.

**י. י. טרונק — דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט**
פאָלקסטימלעכער ראָמאַן פון לעבן פון הערשעלע אָסטראָפּאָלער.

**שלמה סיימאָן — תוך־יידישקייט.**

**ם. ב. מינקאָוו — זעקס יידישע קריטיקער.**

---

ווענן אַלע ענינים פון פאַרלאַג זיך ווענדן:
Editorial "IDBUJ"
B. Sur Mer 671 Buenos Aires Rep. Argentina

# פ ר ע ס ע  ש ט י מ ע ן

אין „קענעדער אדלער" פון 21טן יאנואר 1952, שרייבט מלך ראוויטש
וועגן דעם בוך „כעלעמער חכמים" וואס איז דערשינען
אין פארלאג „יידבוך":

## אַ בוך, וואָס באַרויִקט די נערוון...

ווען איך וואָלט געווען אַ דאָקטער און אַ נערוון־דאָקטער דערצו, וואָלט איך אַלע מײַנע פּאַציענטן פאַרשריבן איבערצוליינען דאָס דאָזיקע בוך: מחבר — י. י. טרונק, טיטל — „כעלעמער חכמים", אָדער ייִדן פון דער קליגסטער שטאָט אין דער וועלט — מעשיות פון דעם כעלעמער פּינקס, וואָס מען האָט ניט לאַנג צוריק געפונען אויף אַ בוידעם פון אַ מקווה — פאַרלאַג „איד־בוך" בײַ דער געזעלשאַפט ייִדישוועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע, בוענאָס אײַרעס 1951 — סך הכל 352 זײַטן, צייכענונגען פון יחזקל שלאָס פון ניו־יאָרק, די הילע געצייכנט דורך ב. צ. קאָזאַק.

יאָ, ווען איך בין אַ דאָקטער, וואָלט איך זיי פאַרשריבן דאָס דאָזיקע בוך, אויף זייערע נערוון. און אַזוי ווי איך האַלט, אַז מען טאָר נישט פריידיקן וואַסער, ווען מען טרינקט אַליין ווײַן — האָב איך לעצטנס מיר אַליין פאַרשריבן דאָס דאָזיקע בוך און עס האָט אויסגעצייכנט געווירקט אַף מײַנע אייגענע נערוון... אגב, וואָלט איך אין אַמעריקע נאָך איין צוועק פאַרפאָלגט: וואָרעם דאָקטער און נישט דאָקטער, אַלץ איינס וואָלט איך דאָך געווען אַ ייִדישיסט — און אויך פון דעם שטאַנדפּונקט וואָלטן מײַנע פּאַציענטן באַקומען אַ טײַער מאכל. מחמת דאָס ווערק איז שפּראַכלעך טיילווײַז נאָך ליבער און האַרץ־אייגענער ווי עס איז אינהאַלטלעך. אין מײַנע אויערן און לויט מײַן ייִדיש שפּראַך־געפיל

— טעותים זיינען מענטשלעך — איז דאָס בוך אַ מוסטער און מײַס־טערהאַפט געשריבן. ממש קלאַסיש.

יאָ, נאָך אַ טעכנישער אגב — איך זאָל אים נישט פאַרגעסן שפּע־טער: די ביכער פון י. י. טרונק זיינען לרוב צונויפגעשטעלט אין קליי־נע קאַפּיטלעך און זיינען געדרוקט מיט אַ סך פרישער פּאַפּירענער לופט צווישן איין קאַפּיטל און צווייטן און דאָס מאַכט דאָס לייענען זייער לײַכט און אָנגענעם. אין צײַטן פון פּאַפּיר־מאַנגל וואַרפט זיך דאָס באַזונדערס אין די אויגן... יאָ, אויך דאָס איז גוט פאַר די נערוון. עס לייענט זיך טעכניש אויך גרינג. עס איז אויך גוט פאַר די אויגן.

מעשיות זיינען אין בוך פאַראַנען זיבעצן און יעדע מעשה איז אײַנ־געטיילט אין אפשר זיבעצן קליינע קאַפּיטלעך. דער הויפּטהעלד פון אַלע מעשיות איז — געוויינלעך — רב יוסף לאַקש, דער פּרנס חודש פון בעלעם. און די ערשטע מעשה איז טאַקע די מעשה, וואָס האָט זיך מיט אים אַליין פאַרלאָפן אין דער נאַכט פון חנוכה. אוודאי זיינען די מייסטע מעשיות גענומען פון בעלעמער פאָלקלאָר און באַקאַנטע מע־שיות זיינען זייער חוט השדרה. אויף וויפל בעלעמער געשיכטעס קענען נעבעך האָבן אַ חוט השדרה... עס זיינען אָבער פאַראַנען געשיכטעס, וואָס זייער קערן איז גענומען פון אַן אַנדערער וועלט און י. י. טרונק האָט זיי נאָר אָנגעטאָן בעלעמער קאַפּאָטעס און זיי אַרײַנגעשטעלט קיין בעלעם. אַזוי איז למשל די גאַנץ שיינע, אָבער שוין גאָרניט נאַרישע מעשה וועגן בערקע מיט דער קאַטערינקע, וואָס האָט גאָר אַ שייכות צו רב יהושיעלע קוטנער, דעם עלטער־זיידן פון י. י. טרונק (מיר ווייסן עס פון זײַנע ביכער „פּוילן“).

אַ גאָר שיינע מעשה איז די מעשה נומער 9 וועגן בעלעמער שרײַ־בער און זײַנע מחלוקתן. כאָטש די מעשה איז אוודאי און אוודאי נישט קיין בעלעמער און זי איז גאָר אַ פּאַראָדיע אויף דעם ליטעראַרישן וועל־טל אין יידישן ניו־יאָרק — זיינען מיר גערן מוחל דאָס צוטשעפּען דאָס דאָזיקע וועגעלע צו דער בעלעמער בויד... אין דער מעשה דער־ציילט אַן אַנאָנימער בעלעמער וועגן די שרײַבער פון פּינקס בכבודם ובעצמם. ווי אַזוי זיי רײַסן זיך פאַר אַ שטיקל כבוד, ווי אַזוי זיי האָבן נעבעך מורא פאַר אַ קריטיקער, און ווי אַזוי דער דאָזיקער שבתי מבין האָט געזאָגט בע און מע אין זײַן מבינות און ווי אַזוי ער האָט קיינמאָל גאָרנישט דערזאָגט און ווי אַזוי עס איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקה צוליב דעם און ווי אַזוי רב יוסף לאַקש איז געקומען אײַנשטילן די קריגעריי

און געזאָגט די קלאַסישע ווערטער: — כנראה, ווי עס קוקט אויס, זענט איר — שרײַבער — נעבעך די איינציקע נאַראָנים אין דער קלוגער שטאָט כעלעם. און דאָ — פֿאַרענדיקט דער מחבר מיט זײַן אייגענער מאָראַל: עס ליגט מיר אויף דער צונג זייער אַ גראָטענער מוסר־השכל, נאָר איך וועל נישט אײַנרײַסן מיט די כעלעמער שרײַבער... די בעסערע מעשיות אין בוך ווערן טאַקע פֿאַרענדיקט מיט אַ שיינעם מוסר־השכל. טיילמאָל אָבער איז די מעשה אַ צעצויגענע — זיי זיינען אַלע אַ קליין ביסל צעצויגן — און דער מחבר האָט פּשוט נישט קיין מוסר־השכל אויף צו פֿאַרענדיקן די מעשיות. אַזוי איז עס באַזונדערס אין די געשיכטעס בײַם סוף פֿון בוך, למשל: דער כעלעמער מלמד וואָס איז געוואָרן אַ גזלן — און — צוויי כעלעמער חכמים וואָס גייען אָפּנאַרן די נאַרישע וועלט.

אַזוי ווי איך נעם אָן, אַז די סוזשעטן פֿון די כעלעמער מעשיות זײַנען אַלעמען וווּיל באַקאַנט, קען איך מיר פֿאַרשפּאָרן זיי דערציילן. מ'דאַרף דאָך קיינעם נישט דערציילן ערשט ווי אַזוי כעלעם האָט זיך דערטראַכט צו אַ בית־הקברות, אָדער ווי אַזוי כעלעם האָט אַרײַנגענאַרט די לבנה אין פֿאַס אַרײַן. וויכטיק איז אין אָט די זאַכן ווי אַזוי זיי ווערן דערציילט. אין דעם זינען האָט י. י. טרונק דערגרייכט ממש דעם מאַקסימום. עס איז גוט פֿאַר דערוואַקסענע און גוט פֿאַר יוגנטלעכע און גוט פֿאַר קינדער אַפֿילו.

בײַ גרויסע טרינק־סעודות פֿון ראַפֿינירטע טרינקערס — האָט מען מיר דערציילט (איך האָב קיינמאָל אַזאַ סעודה נישט מיטגעמאַכט) — איז אַ מנהג צו דערלאַנגען בײַם סאַמע סוף שוין אַ פּשוט און ריין און קאַלט גלאָז וואַסער... אָט ווי די דאָזיקע גלאָז וואַסער ווירקט אויף מיר טרונקס בוך וועגן די כעלעמער חכמים נאָך די לײַדנשאַפֿטלעכע, טראַגישע, קאָמפּליצירטע ווערק אין דער יִדישער ליטעראַטור פֿון דער לעצטער צײַט. און ווען עס וואָלט נישט געווען קעגן גוטע ליטעראַרישע מאַניערן צו מאַכן וואָרט־שפּילן מיט דעם נאָמען פֿון אַ מחבר, וואָלט איך געזאָגט: אַ דערקוויקנדיקער טרונק... זוכן אין פּרימיטיוו אַן אויסוועג פֿון קאָמפּליצירטע סיטואַציעס, זוכן אין דער נאַרישקייט אַ לייזונג פֿון צו קלוגע רעטענישן איז אַזוי אַלט ווי די וועלט פֿון מענטשלעכן גײַסט... און עס זיינען מער ווי לײַכט צו פֿאַרשטיין די אימפּולסן, וואָס האָבן טרונקן דעם עסייִסט און בעלעטריסט מיט אַ פֿילאָזאָפֿישן פּאַרנעם געבראַכט צו שרײַבן הונדערטער בלעטער אויף כעלעמער טע־

מעם. נישט נאָר איז כּעלעם אַ באַרוּיִקונג פון די נערוון פון דעם לייענער און פון דעם רעצענזענט, נאָר אויך פון דעם מחבר. און ווײַל ער האָט זיי געשריבן מיט אַ פול און סענטימענטאַל האַרץ און מיט אַ מידן קאָפּ, זיינען זיי אַרויסגעקומען אַזוי באַהאַרצט און באַ׳חנט. און אַ שאָד, וואָס איך קען אין דער קורצער רעצענזיע נישט ציטירן אַ גאַנץ קאַפּיטל צוליב באַווײַזן די שפּראַך־שיינקייט. נאָר צו וואָס דאַפסטו מיר — ליב־בער לייענער — גלויבן אויפן וואָרט? צא ולמד, פאַרשאַף דיר, אָדער לײַ דיר דאָס בוך און איבערצײַג דיך אַליין.

Hecho el depósito que marca la Ley 11.723
INDUSTRIA ARGENTINA

